# DOS ERFURTER PROGRAM

Karl Kautsky



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

ק. קאַוטסקי.

# דאס ערפורטער פראָגראַם.



פרייז 30 קאָפּ.

פערלאַג „די וועלט".

ווארשא.

„פערלאַגס-דרוקעריי", פאַנסקא 20.

ЭТЮДЫ ФУНЪ ПОЛИТИШЕ ЭКОНОМІЕ,

т. е. ОЧЕРКИ и ЭТЮДЫ по ПОЛИТ. ЭКОНОМІИ.

1906.

# פערלאג „די וועלט“

## עס זיינען ארויס פון דרוק:

1) ד. פינסקי—דיינטיגע יונגע לייט (מאנאלאג) . . . פרייז 1 קאפ׳
2) ה. ד. נאמבערג און ד. פינסקי—ערב יום כפור
מען וועקט . . . . . . . „ 2 „
3) ד. פינסקי—די פאמיליע צבי . . . . „ 12 „
4) מ. דיקשטיין—פון וואס איינער לעבט . . „ 5 „
5) מ. שיפעל—די עקאנאמישע איבערקערנישען און
די ענטוויקלונג פון דער סאציאלדעמאקראטיע „ 5 „
6) לעווין—אין א פינסטערער נאכט (ערצעהלונג) . „ 2 „
7) פ. יושקעוויטש—וועגן וואהלרעכט . . . „ 7 „
8) *.*—דער קליינבירגערליכער סאציאליזמוס אויפ׳ן יודי-
שען בארען . . . . . . . „ 4 „
9) *.* — ערצעהלונגען אויס דער געשיכטע פון דער
ערשטער פראנצויזישער רעוואלוציע . . „ 6 „
10) ק. קאוטסקי—דאס ערפורטער פראגראם . . „ 30 „
„ „ „ „ אין 6 חלק־
טען, יעדעס העפט . . . . . . „ 5 „
11) בעללאמי—אין הונדערט יאהר ארום . . . „ 25 „
12) פ. לאסאל—רעכט און מאכט (דער עיקר פון א קאנסט) „ 6 „
13) „ די ארבייטער און די געזעלשאפטליכע
קלאסען (דאס ארבייטער פראגראם) . . „ 3 „
14) פ. עזיס—צדקה (ערצעהלונג). . . . . „ 2 „
15) ק. קאוטסקי—קאנזום-פעראיינען . . . „ 6 „

ק. קאַוטסקי.

דאס

# ערפורטער פראָגראַם.

(עטיודען פון פאָליטישע עקאָנאָמיע).

פערלאַג „די וועלט".



ЭТЮДЫ ФУНЪ ПОЛИТИШЕ ЭКОНОМІЕ, т. е. ОЧЕРКИ и ЭТЮДЫ по ПОЛИТ. ЭКОНОМІИ.
Издательская Типографія", Панская 20.
Варшава, 1906.

# אינהאלט פערצייכנים.

V דער קלאַסען־קאַמפֿ

# הַקְדָמָה

## צו דער לעצטער אויסגאַבע:

עס זענען אַוועק צעהן יאָר זינד עס זענען אַרויס די ערשטע דייטשע אויסגאַבען פון דיזער שריפט. דאָס זענען געווען צעהן יאָהר פון גרויסע געזעלשאַפטליכע ענדערונגען, פון טיעפע טהעאָרעטישע מחלוקות. נאָר פון דעסטוועגען האָב איך איבערקוקענדיג דיזע שריפט פון דאָס ניי, זעהר וועניג געפונען וואָס צו ענדערן, די גרויסע ויכוחים האָבען אונז קיין שום נייע טהעאָרעטישע וועגען ניט געעפענט, און אונזערע אַלטע מיינונגען האָבען זיי ניט אונטערגעגראָבען. די נייע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען בעדייטען אָבער אַ ענערגישען פאָרט־שריט פון יענער ענטוויקלונג, וועלכע עס פיהרט צום סאָציאַליזמוס דורך די (פערשאַפונג פון די קלאַסען־קאָנטראַסטען און דורך דעם וואַקסען פון דער אויפגערייצקייט פון פראָלעטאַריאַט.

דער עיקר אויף צוויי ערשיינונגען איז אין דעם פרט כדאי אָנצוווייזען, איינע פון זיי איז דאָס, וואָס די פעראייניגטע שטאַטען זענען אויסגעוואַקסען און געוואָרען אַ'ן אינדוסטריע־מלוכה, אַ מלוכה, אין וועלכער די אינדוסטריע קען זיך שוין מעהר ניט בענוגענען מיט'ן מאַרק פון דעם אייגענעם לאַנד, ווי גיך ער זאָל ניט וואַקסען, און פראָדוצירט אויף אַזאַ אופן פאַר'ן וועלט־מאַרק אויף אַ גרעסערען טהייל פון איהרע פראָדוקטען. די פעראייניגטע שטאַטען האָבען דורך דעם מיט איין מאָל פערנומען דעם ערשטען אָרט צווישען די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות. די אינדוסטריע פון די פעראייניגטע שטאַטען האָט אַזאַ גוטען יסוד אין דעם מאַרק פון איהר אייגענעם לאַנד, ווי קיין איין אַנדערע מלוכה פון דער וועלט. פון דעם קאַלטען ערד־גאַרטעל ביז צו די טראָפּי־קעס ציהען זיך די פעראייניגטע שטאַטען, זיי פראָדוצירען אַליין עד־בלי־די אַלע וויכטיגסטע רויהע מאַטעריאַלען—אייזען, קוילען, באַוועל א. ז. וו. ווי אויך די געלד־מעטאַלען, זילבער און גאָלד, ענדליך אַלע לעבענס־מיטלען. די צאָהל פון איהרע איינוואָהנער איז גרעסער, איידער

אין אַ וועלכער עס איז אייראָפּעאישער קולטור־מלוכה, כמעט אַזוי גרויס ווי דײַטשלאַנד און ענגלאַנד צוזאַמען. נאָר רוסלאַנד (מיט דעם גאַנצען שטח, וועלכען זי האָט אין אַזיען) קען זיך נאָך איהר גרויס, נאָך דער צאָהל אײַנוואָהנער, נאָך דער רײַכקײַט אין רויהע מאַטעריאַלען און לעבענס־מיטלען פערגלײַכען מיט די פעראייניגטע שטאַטען, אָבער ניט קוקענדיג אויף איהרע נאַטירליכע רײַכקײַט, זענען איהרע געזעל־שאַפטליכע רײַכקײַט נאָך זעהר קליין אין פערגלײַך מיט די אַמעריקאַני־שע. ווארום דער אַמעריקאַנישער אַרבייטער און בויער געהערט צו די אַרבייטער, וועלכע שטעהען העכער פאַר אַלע איבעריגע, ער שטײַגט אַריבער נאָך זײַן פערדינסט נאָך אַלע זײַנע גענאָסען פון אייראָפּאַ חען דער רוסישער אַרבייטער און בויער, וועלכער איז אָבגעשטאַנען אין זײַן ענטוויקלונג, דערשלאָגען און אויסגעזויגען דורך אַ דערשטיקענדע זעלבסטהערשונג, געהט אויס אין שרעקליכסטען עלענד, און ניט ער קען אַרויסטרעטען אויפ'ן וועלט־מאַרק, ווי אַ פּראָדוצענט, וואָס זאָל קענען אויסהאַלטען די קאָנקורענץ, ניט ער קען בעשאַפען בײַ זיך אין לאַנד אַ רעכטען מאַרק פאַר דער אייגענער אינדוסטריע, ווי אַ קאָנסו־מענט, וואָס זאָל זײַן אין שטאַנד ווי געהעריג איז צו קויפען.

אין דער אייגענער צײַט געפינען מיר אין די פעראייניגטע שטאַטען אַ קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, וועלכער איז שטאַרקער און מעכ־טיגער, איידער דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס פון אַ וועלכען עס איז אַנדערען לאַנד. דאָרטען שטעהען איהם ניט, ווי בײַ אונז, אויפ'ן וועג ניט קיין רעשטען פון פעאָדאַלען און אַבסאָלוטיסטישע קלאַסען, ניט קיין רעשטען פון דעם פעאָדאַלען אַרט דענקען. דער פעאָדאַל איז געוועזען ניט נאָר דער בעל־הבית און דער עקספּלואַטאַטאָר, נאָר אויך דער בעשיטצער פון זײַנע אונטערטהאַנען. אונזערע ראַדיקאַלסטע ליבעראַלען (וועניגסטענס אין דײַטשלאַנד) פּאַנטאַזירען וועגען אַזאַ סאָציאַלען שלום, אין וועלכער דיזער פעאָדאַלער אידעאַל זאָל מקוים ווערען און דער קאַפּיטאַליסט זאָל זאָרגען ווי אַ פּאַטער פאַר זײַן שכירות־אַרבייטער. דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליסט איז פרײַ פון אַזעלכע פעאָ־דאַלע הלומות. פאַר איהם איז דער שכירות־אַרבייטער קיינמאָל קיין אַנדער זאַך ניט געוועזען, ווי נאָר אַ פערקויפער פון אַרבייטס־קראַפט. פון דער אַנדער זײַט אָבער איז איהם אויסגעקומען אַ סך וועניגער, איידער דעם אייראָפּעאישען קאַפּיטאַליסט, צו קעמפּפען מיט אַ אויפ־געריצטען פּראָלעטאַריאַט. קיין פּראָלעטאַריאַט איז אַזוי ניט צונויפ־

געמישט פון פערשידענע פעלקער און ראַסען, ווי דער אַמעריקאַנישער, פון וועלכען דער גרעסטער טהייל בעשטעהעט פון אירלענדער, דײַטשען, יודען, אונגאַרען, סלאַווען, נעגערען, היגעזער — און וועלכער האָט ביז מיט אַ קורצער צײַט צוריק געהאַט פאַר זיך אַ אָבפירונגס־קאַנאַל, וואָס פלעגט אָבציהען פון איהם גראַדע זײַנע ענערגישסטע עלעמענטען דאָס איז דער מורא־דיג גרויסער ערד־שטח פון מעריב־זײַט, וועלכער עס האָט אַ סך פראָלעטאַריער זעהר לײַכט געגעבען די מעגליכקײַט צו ווערען פערמעגענדע בויערען און וועלכער עס האָט ניט דערלאָזען דערצו, אַז די בויערען זאָלען אַרײַנגעשלײַדערט ווערען אין פראָלעטאַריאַט.

דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליסט, וועלכער ווייס ניט פון קיין שום אַריסטאָקראַטישע און ביוראָקראַטישע אפּטרופּסים, וועלכער איז פרײַ פון פעאָדאַלען און קליין־בורזשואַזנע אײַנשמועסונגען און „אידעלע געפיהלען“, און האָט קיין שום מורא ניט פאַר דעם פראָלעטאַריאַט, שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָב און איז פיעל ענערגישער אידער אַ וועלכער עס איז אַנדערער קאַפּיטאַליסט. די גרויס און די רײַכקײַט פון זײַן לאַנד גיבען איהם אָבער אויך די מעגליכקײַט צו ווערען רײַכער און מעכטיגער אידער אַ וועלכער עס איז אַנדערער קאַפּיטאַליסט.

דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזמוס האָט דערביי שוין היינט דערגרייכט די ראָלע פון אַ אָנפיהרער אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנקורענץ־קאַמפף פון דער וועלט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער איז נאָך לפי ערך אַזוי יונג; די צענטראַליזאַציאָן פון קאַפּיטאַל האָט ער געטריבען ביז צום העכסטען גראַד, די איצטיגע מאָנאָפּאָל־ווירטשאַפט האָט ער ענטוויקעלט דורך קאַרטעלען און טרעסטען אויף'ן פאָלקאָממענסטען אופן. ער איז דער גאַנצער בעל־דעה איבער דעם ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס פון זײַן לאַנד און גרייט זיך אַרײַנצומישען אין דעם ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס פון אויסלאַנד און צו קריגען אויך איבער איהם אַ דעה. ער האָט פערטריבען שפּאַניען פון דעם לעצטען רעשט פון איהרע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ, האָט פערנומען די פיליפּינען און וועט מן הסתם אין גיכען קענען אָנהייבען דעם קאַמפף פאַר דער מאָנאָפּאָליזירונג פון די בערג־לענדער, וועלכע עס בעגרענעצען דעם צפון טהייל פון שטילען ים. דערביי סטאַרעט ער זיך צוצוציהען צו זײַנע מאָנאָפּאָלען וואָס גרעסערע מאַסען פון דער ענגלישען אין דײַטשען קאַפּיטאַל, וואו ער קען זיי נאָך ניט מאַכען זיך אונטערטהעניג.

דער אמעריקאנישער קאפיטאל ברײנגט א סכנה פאר די פעלקער פון אײראפא ניט נאר װי א קאנקורענט, נאר אויך װי אין עקספלואטאטאר. ער קען, אפשר שוין אין דעם משך פון א צעהנדליג יאהר, בעקומען א ריזען־מאכט און ארױסרופען אין אײראפא די שרעקליכסטע געגענװירקונגען. ער קען אנצינדען דעם װילדעסטען קלאסען־קאמפף. איבער די קאנקורענץ פון די אמעריקאנישע לעבענס־מיטלען האט אין די לעצטע צװײ צעהנדליג יאהרען אזױ שטארק אױפגערודערט די פערשלאפענע און קאנסערװאטיװע אגראריש קלאסען און האט זײ געמאכט פאר „מורדים“, װעט די פערפלײצונג פון אײראפא מיט אמעריקאנישע פראדוקטען און אמעריקאנישע קאפיטאל האבען די זעלבע װירקונג נאך אין א גרעסערען ערך אויף דער אינדוסטריעלער בעפעלקערונג, װעלכער עס איז פיעל בעװעגליכער און היטציגער.

דיזע פערפלײצונג קען דער עיקר װירקען אויף צװײ װעגען. ערשטענס דורך דעם, װאס זי װעט פערשארפען דעם קלאסען־קאנטראסט צװישען די קאפיטאליסטען און ארבײטער און, א הוץ דעם, דורך דעם, װאס זי װעט פערשטארקען דעם חשק אריבערצופיהרען די גרויסע אינדוסטריע־און טראנספארט אונטערנעהמונגען אין די הענד פון דער מלוכה. קודם־כל טרײבט זי די קאפיטאליסטען פון אײראפא זיך צו בעגעהען מיט די ארבײטער מיט דער זעלבער אכזריות, װי זײערע חברים אין אמעריקא. די טרעסטען און קארטעלען זענען א גרויסע סכנה ניט נאר פאר די קאנסומענטען, נאר אויך פאר די ארבײטער, װען זײ האבען ביז אהער ניט אויף א סך אראפגעזעצט די שכירות פון זײערע ארבײטער אין אמעריקא, ערקלערט זיך דאס דער עיקר מיט דעם, װאס דאס רוב פון זײ זענען אויסגעװאקסען אין דעם לעצטען בליהונגס־משך, װען די געשעפטען זענען געגאנגען זעהר גוט, און עס האט ניט געלוינט צו פערפיהרען מיט די ארבײטער סכסוכים, װען יעדער פערלארענער ארבײטס־טאג האט פערקלענערט דעם רוח. ערשט אין דער צײט פון קריזיס קענען זײ בעװײזען, אויף װי פיעל זײ זענען אים שטאנד אבסאלוט אראפצודריקען די שכירות. אבער מיר דוכט זיך, אז זײ האבען שוין אין דער גוטער צײט װעניגסטענס לפי ערך פערקלענערט די שכירות, מיט דעם, װאס זײ האבען ניט דערלאזען, אז די שכירות זאלען װי געהעריג שטײגען.

איבער מען מעג נאר גלויבען דער אמעריקאנישער סטאטיסטיק, אויף װעלכער מען קען זיך, אמת, ניט זעהר פערלאזען, אבער װעלכע

עס פֿערלײַקענט דעם אמת אַודאי ניט כּדי צו בעווײַזען ווי שלעכט עס איז די עקסיסטירענדע געזעלשאַפטסאָרדנונג, האָבען זיך אין די לעצטע צעהן יאָהר די אַמעריקאַנישע שׂכירות בּכלל פֿערקלענערט, פֿון 1890 ביז 1900 איז די צאָהל פֿון די אַרבּײַטער אין דער אַמעריקאַנישער אינדוסטריע געוואַקסען פֿון 4, 251, 613 ביז 5, 310, 598, אַלזאָ אויף 25%; די סומע פֿון די שׂכירות איז, פֿערקעהרט, געוואַקסען פֿון 1, 891 מיליאָנען דאָלאַר ביז 2, 323 מיליאָנען, נאָר אויף 23%. די דורכשניטליכע שׂכירות זענען אַלזאָ אַבסאָלוט געפֿאַלען פֿון 445 ביז 437 דאָלאַר. אין עטליכע געגענדען און אינדוסטריע-צווײַגען האָט זיך דיזע פֿערקלענערונג פֿון די שׂכירות בעזונדערס געוואָרפֿען אין די אויגען. אַזוי זענען אין דעם שטאַט ניו-יאָרק די דורכשניטליכע שׂכירות פֿון די זעטצער פֿאַר דעם משך פֿון 1890—1900 געפֿאַלען פֿון 775 ביז 664 דאָלאַר—אויף 111 דאָלאַר, די דורכשניטליכע שׂכירות פֿון די אַרבּײַטער אין די שוכוואַרג-פֿאַבריקען—פֿון 432 ביז 388 דאָלאַר. דער קריזיס פֿון 1893 האָט שטאַרק אַראָבגעזעצט די שׂכירות; די אויפֿבליהונג וועלכע עס האָט זיך אָנגעהויבען פֿון 1895 אָן האָט ווידער געבראַכט אַ פֿערהעכערונג פֿון די שׂכירות, אָבער דיזע פֿערהעכערונג איז, ווי עס ווײַסט אויס, ניט גענוג שטאַרק געוועזען, אַז זי זאָל קענען אויפֿהייבען די שׂכירות ביז צו דער מדרגה, אויף וועלכער זיי זענען געשטאַנען אין 1890, ווײַל די טרעסטען האָבען נאָך ניט אַזוי אַלגעמיין געהערשט, און דערבּײַ זענען די פּרײַזען פֿון די לעבענס-מיטלען זינד 1890 גרעסער געוואָרען.

לויט נאָך אַנדערע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלען האָבען זיך פֿון 1897 ביז 1900 די שׂכירות פֿערהעכערט דורכשניטליך אויף 5% אין דער זעלבער צײַט זענען אָבער די פּרײַזען פֿון די לעבענס-מיטלען גרעסער געוואָרען אויף 30-40 פּראָצענט. און דאָס בעווײַזט אַז די לאַגע פֿון די אַמעריקאַנישע אַרבּײַטער איז פֿיעל שלעכטער געוואָרען.

אויב דאָס זענען די רעזולטאַטען פֿון אַ זעלטענעם בליהונגס-משך פֿון דער אינדוסטריע קען מען זיך פֿאָרשטעלען וואָס פֿאַר אַ שלעכטע ווירקונג דער קריזיס וועט האָבען, און וואָס עס וועט דאָרטען פֿאָרקומען, ווען בײַ אונז נאָכגעמאַכט ווערען אויף'ן פּלײַסיגסטען אופֿן. עס וועט זיך אומעטום אָנצינדען אַ פֿערשטאַרקטער קאַמפּף געגען דעם אַרבּײַטער-קלאַס.

אָבער דורך דער אַראָבדריקונג פֿון די שׂכירות וועלען די אייראָפּעאישע קאַפּיטאַליסטען ניט בײַקומען די אַמעריקאַנישע קאָנקו-

רענץ, וועלכע עס איז ניט וועניג געפעהרליך גראדע צוליעב דעם, וואָס די לעבענס־בעדינגונגען פון דעם אַמעריקאַנישען אַרבייטער זענען פיעל העכער פון דעם אייראָפּעאישען אַרבייטער. וועלכע מיטלען בלייבען נאָך אַ הויך דעם? דער שוטץ־צאָל? ער איז שוין אָבער אַרויסגעטריבען געוואָרען אַזוי הויך, ווי ווייט עס איז נאָר געגאַנגען, און ביי יעדער ווייטערער פערהעכערונג קומט אויס צו האָבען צו טהון ניט נאָר מיט אַמעריקאַ, נאָר מיט דער גאַנצער איבעריגער וועלט. און אַ צאָל־קאַמפּף קען נאָך מעהר פערשטאַרקען דעם קריזיס. אַזוי וועט סוף כל סוף קיין אַנדער עצה ניט בלייבען, ווי נאָר אַריבערצופיהרען אין די הענד פון דער מלוכה יענע צווייגען פון דער אינדוסטריע און פון דעם טראַנספּאָרט, וועלכע עס שטעהען אין סכנות איבער דער אַמעריקאַנישער קאָנקורענץ און דעם אַמעריקאַנישען קאַפּיטאַל, כדי די קאָנקורענץ זאָל אויף זיי קיין שליטה ניט האָבען. די וואַקסענדע ריזען־מאַכט פון די אונטערנעהמער־בונדען אין דעם אייגענעם לאַנד צווינגט אויך אַריבערצופיהרען די פּריוואַטע מאָנאָפּאָלען אין מלוכה'שע אָדער געזעלשאַפטליכע כדי צו צוברעכען זייער דעספּאָטישע הערשאַפט. וויל מען אָבער אָנווענדען דיזען מיטעל אויף אַזאַ אופן, אַז דער פון זאָל ניט אַרויסקומען קיין נייער שאָדען און קיין נייע לאַסט פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט, דאַן מוז פערשטאַרקט ווערען זיין פּאָליטישע מאַכט.

אַזוי מוז די אַמעריקאַנישע קאָנקורענץ אין יעדען פאַל פיהרען דערצו, אַז דער קאַמפּף פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר דער פּאָליטישער מאַכט וועט אין אייראָפּאַ ווידער אַרויסטרעטען אויף'ן ערשטען אָרט, אַז די פעראייניגונג פון פּראָלעטאַריאַט אין אַ זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע פּאַרטיי וועט ווערען נויטיגער איצטער ווען עס איז פאַר זיין אייגענעם קיום און פאַר דעם געזעלשאַפטליכען פּאָרטשריט.

אָבער דאָס, וואָס די אַמעריקאַנישע אינדוסטריע איז אויסגעוואַקסען אין אַ'ן אַרויספיהרענדע אינדוסטריע, מוז אויך אין אַמעריקאַ זעלבסט פערשאַרפען דעם קלאַסען־קאָנטראַסט צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, וואָרום דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַל דאַרף איצטער אויסהאַלטען די קאָנקורענץ ניט נאָר אויף'ן אינעווייניגסטען מאַרק, וועלכער איז בעשיטצט דורך אַ הויכען שוטץ־צאָל, נאָר אויך אויף'ן וועלט־מאַרק, וואו די בעדינגונגען צו אָבזעטצען סחורות זענען פיעל ערגערע. אין דער אייגענער צייט קומט צום סוף דער קאַפּיטאַל פון פרייע ערד אין דעם ווייטען מעריב, וועלכער עס האָט ביז אַהער אָבגעצויגען אַזוי פיעל

ענערגישע אַמעריקאַנישע אַרבײַטער פון זײַער קלאַס. אין אַמעריקאַ פאָהרט מען איצטער װעניגער, די פרעמדע עלעמענטען װערען אין דעם אַמעריקאַנישען פראָלעטאַריאַט קלענער. דאָס אַליין ברײַנגט דערצו, אַז דער אַרבײַטער־קלאַס װערט דאָרטען מעהר פעראײַניגט און פײַנדליכער צום קאַפּיטאַל. און אַזױ זעהען מיר טאַקי, אַז די ידיעות פון אַמעריקאַ זענען אין די לעצטע יאָהרען פיעל בעסער פאַר'ן סאָציאַליזמוס אײדער נאָך מיט 10 יאָהר צוריק. די סאָציאַליסטישע בעװעגונג פון דער נײַער װעלט איז שוין מעהר ניט קײן הוילע בעװעגונג פון עמיגראַנטען, זי װערט װאָס װײַטער אַליין מעהר אַ'ן ענגליש־אַמעריקאַנישע בעװעגונג.

אין דער צײַט, װען דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַל ענטװיקעלט אין מעריב אַזאַ טהעטיגקײַט, װעלכע רעװאָלוציאָניזירט די דרײַ ערדטהײלען—אַמעריקאַ, אַזיען, אייראָפּאַ—זעהען מיר אין מזרח די אויפװאַכונג פון דעם רוסלענדישען פראָלעטאַריאַט. דאָס איז די צװײטע גרעסטע ערשײַנונג, װעלכע עס הײַנט גיט דער פּאָליטישער לאַגע פון דער װעלט גאָר אַ'ן אַנדער געשטאַלט, אײדער מיט 10 יאָהר צוריק. אָבער אַ קוראַט װי די ענטװיקלונג פון אַמעריקאַ, אַזױ גיט מיר אויך דיזע ערשײַנונג קײן שום גרונד ניט צו ענדערען די מײנונגען, װעלכע זענען איבערגעגעבען געװאָרען אין דעם ערפורטער פּראָגראַם.

---

# I.

# דער אונטערגאַנג פון דעם קליינבעטריעב.

## 1. קליינבעטריעב*) און פריוואַט-אייגענטום.

אַנדערע רעכענען, אַז ס'איז פון זיי אַ גרויסע חכמה, ווען זיי ענטפערען אונז: „אֵין כָּל חָדָשׁ תַּחַת הַשֶּׁמֶשׁ", עס איז ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון; אַזוי ווי עס איז היינט, אַזוי איז אַלע מאָל געוועזען, און אַזוי וועט שטענדיג זיין. ס'איז ניטאָ קיין אונרייכטיגערע און נאַרישערע זאַך, ווי דיזע מיינונג. די נייערע וויסענשאַפט בעווייזט אונז, אַז קיין זאַך שטעהט ניט אויף איין אָרט, אַז אין דער געזעלשאַפט, ווי אויך אין דער נאַטור קען מען בעמערקען אַ שטענדיגע ענטוויקלונג.

מיר ווייסען היינט, אַז נאָר פערצייטען האָט דער מענש געלעבט, פונקט אַזוי ווי אַנדערע לעבעדיגע בעשעפענישען, בלויז דערפון, וואָס ער פלעגט אויסקלויבען אַזעלכע זאַכען, וועלכע געפינען זיך אין דער נאַטור פאַרטיגערהייט; אָבער שפּעטער האָט ער אָנגעהויבען אויסצוטראַכטען איין געוועהר נאָכ'ן אַנדערען, איין ווערקצייג נאָכ'ן אַנדערען, איינס בעסער און פאָלקאָמענער פאַר'ן אַנדערען. ער האָט זיך גענומען האַפּען פיש, פאַנגען חיות, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעלערענט האָדעווען בהמות און צוגעוועהנען זיי צו דער שטוב; צום סוף האָט ער אָנגעהויבען צו בעאַרבייטען די ערד, צו זייען און צו אַקערען, און צו בעשעפטיגען זיך מיט פערשידענע מלאכות, און דאַן האָט ער זיך שוין גענומען בעזעצען זיך אויף שטענדיג אויף איין אָרט, אַלץ גיכער איז געגאַנגען אָט די ענטוויקלונג, און צום סוף האָט זי היינט — אין דער צייט פון דאַמפף

*) בעטריעב הייסט אַן'אונטערנעהמונג—אַן'אינדוסטריעלע, לאנדווירטשאַפטליכע אָדער סוחרישע.

און עלעקטרע — אָנגעהויבען געהן אַזוי געשווינד, דאָס מיר קענען זי זעהן מיט אונזערע אויגען, אַפילו ניט פערגלייכענדיג אונזער צייט מיט די פריהערדיגע צייטען. און דאָ געפינען זיך נאָר לייט, וועלכע זאָגען אונז מיט אַמינע פון קליינע מענשען, אַז ס'איז ניטאָ קיין שום נייעס אונטער דער זון!

ניט אַלע מאָל אַרבייטען אויס די מענשען זייערע לעבענס־מיטלען אויף דעם זעלבינען אופן, די אַרט, דער אופן, ווי די מענשען ציהען זייער תּוּנה, דער אופן, ווי די מענשען בעשאַפען (פראָדוצירען) די פראָדוקטען, וואָס זיי דאַרפען צום לעבען, העננט אָב פון דער אַרומיגער נאַטור, פון דעם אָרט, וואו זיי געפינען זיך: ער איז אויף די בערג אַנדערש, ווי אין טהאָל, אויפ'ן בּרעגים אַנדערש, ווי אין די סטעפען. ער העננט אָבער אויך אָב פון דעם וועלכע ווערקצייג, וועלכע רויע מאַטעריאַלען די מענשען האָבען בקיצור, פון די מיטלען, מיט וועלכע זיי קענען זיך בענוטצען צו זייער אַרבייט, צו זייער פראָדוקציאָן, ד. ה. פון זייערע פראָדוקציאָנס־מיטלען, בעת אָבער די אַרומיגע נאַטור ווערט געוועהנליך נאָר ניט פערענדערט, אָדער אַזוי ווענינ, אַז קוים וואָס מען בעמערקט עס, ווערען די פראָדוקציאָנס־מיטלען שטענדיג אַלץ בעסער און פאָלקאָמענער. זיי ענטוויקלען זיך. זיי זענען אין דער פראָדוקציאָן דער עלעמענט, וועלכער פערענדערט זיך.

די מענשען האָבען אָבער קיינמאָל ניט פראָדוצירט איינציגוויַיז, נאָר שטענדיג צוזאַמען אין גרעסערע אָדער קלענערע געזעלשאַפטען. די פאָרמען פון דיזע געזעלשאַפטען זענען שטענדיג געווען אָבהענגיג פון דעם פראָדוקציאָנס־אופן, וואָס האָט אין יענער צייט געהערשט, פון דער אַרט, ווי די מענשען פלעגען אויסאַרבייטען (פראָדוצירען) זייערע לעבענס־מיטלען.

די געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג איז, אויף אַזאַ אופן, צוגעפאַסט צו דער ענטוויקלונג פון דער פראָדוקציאָן.

די פאָרמען פון דער געזעלשאַפט און די בעציהונגען צווישען איהרע מיטגליעדער זענען אָבער פעסט צוזאַמענגעבונדען מיט די פאָרמען פונ'ם אייגענטום, פאַר וועלכע די געזעלשאַפט האַלט און וועלכע זי פערהיט. האַנד אין האַנד מיט דער ענטוויקלונג פון דער פראָדוקציאָן געהט, דעריבער, אויך אַן ענטוויקלונג פון דעם אייגענטום.

מיר וועלען דאס קלאר מאכען דורך א ביישפּיעל, וואס מיר וועלען נעהמען פון דער בויערלי‏כער ווירטשאפט.

יעדער תּקיפ׳ער בויער פערנעהמט זיך אין זיין בעל-הבית׳ישקייט מיט צוויי זאכען: ער בעארבייט די ערד און האלט בהמות. ביי׳ם בהמות האדעווען איז אומעטום אין דייטשלאנד ביז מיט הונדערט יאהר צוריק — און אין א סך ערטער נאך איצט אויך — איינגעפיהרט געווען ארויסצושיקען בהמות פיטערען זיך אויף די פעלדער; איבער דעם איז נייטיג געווען, אז די פעלדער זאלען זיין שותפות׳דיגע, זאלען געהערען צו דער גאנצער קהלה; עס וואלט טאקע קיין שום זינען ניט געהאט, ווען יעדער בויער וואלט אבטיילען פאר זיך זיין אייגען שטיקעל פעלד, וואלט עס בעזונדער ארומצוימען און וואלט האלטען אנ׳אייגענעם פאסטוך צוליעב זיינע עטליכע בהמות א. ז. וו. דעריבער זעהט מען טאקע, אז דארטען, וואו ס׳איז איינגעפיהרט געווארען צו האדעווען די בהמות אויף די פעלדער, האלט דער בויער זעהר שטארק דערפאר, אז די פעלדער זאלען געהערען צו דער גאנצער קהלה, און דער פאסטוך זאל זיין א קהל׳שער.

אנדערש איז עס מיט דער פעלד-ארבייט, ווען זי פיהרט זיך אהן מאשינען און נאר מיט די פשוט׳ע ווערקצייג פון דער בויערישער ווירטשאפט. ביי אזעלכע בעדינגונגען איז ניט נייטיג און אויך ניט ניצליך פאר דער פראדוקציאן, אז אלע פעלדער פון א גאנצער קהלה בויערען זאלען בעארבייט ווערען בשותפות דורך אלע מיטגליעדער פון דער קהלה. די איינפאכע ווערקצייג פון דער בויערליכער ווירטשאפט ברענגען מיט, אז יעדער איינצעלנער בויער בעארבייט א קליין שטיקעל ערד, איינער אליין, אדער נאר צוזאמען מיט עטליכע מענשען (מיט א גרופּע, ווי צ. ב. ש. דאס געזינד פונ׳ם בויער). ביי אזעלכע בעדינגונגען וועט די ערד-בעארבייטונג פיעל בעסער געהן און אליץ מעהר איינטראגען, וואס פרייער דער בויער וועט קענען בענוטצען זיין שטיקעל ערד; דער בויער וועט אליץ מעהר אבהיטען די ערד, וואס זיכערער ער וועט זיין, אז דאס, וואס ער וועט פון איהר ארויסנעהמען דורך זיין פלייסיגע ארבייט און דורכדעם, וואס ער וועט זי אויסבעסערען, וועט געהערען איהם אליין. אין אנהויב פון איהר ענטוויקלונג איז פאר דער ערד-בעארבייטונג געווען נייטיג דער קליינבעטריעב. אבער, כּדי עס זאל זיך

קענען שטאַרק ענטוויקלען, מוזען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען געהערען דעם איינצעלנעם בויער און ניט דער גאַנצער קהלה.

מיר זעהען דעריבער, אַז ביי די אַלטע דייטשען, צום ביישפּיעל, האָט דאָס קהל'שע ערד-איינענטום, וואָס האָט ביי זיי געהערשט, כל זמן זיי האָבען געצויגען זייער הזנה דער עיקר פון בהמות האָדעווען (און יאַגד), אָנגעהויבען אַליין מעהר צו פערשווינדען און אָבצוטרעטען דאָס אָרט פאַר פּריוואַט-איינענטום אין דעם זעלבען ערך, ווי די קליינבויערליכע ערד-בעאַרבייטונג האָט אָנגעהויבען צו שפּיעלען אַליין אַ גרעסערע ראָלע. פון דער צייט אָבער, וואָס מען האָט אָנגעהויבען צו האַלטען די בהמות אין שטאַלען, אָנשטאָט צו פיטערען אויף די פעלדער, איז געוואָרען אַ סוף צום קהל'שען איינענטום אויפ'ן לאַנד. אין אינדיען האָט זיך, פערקעהרט, איינגעהאַלטען דאָס קהל'שע איינענטום איבער דעם, וואָס מען מוז בשותפות בעזאָרגען די וואַסער-לייטונגען, וועלכע זענען נייטיג צו די רייז-פעלדער.

אַזוי איז איבער דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, איבער די פאָרטשריטע פון דער לאַנדווירטשאַפט אין אייראָפּא דער בויער געוואָרען פון אַ קאָמוניסט — אַ פאַנאַטיקער, אַ ברענענדיגער אָנהענגער פון פּריוואַט-איינענטום.

דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דעם קליינעם בויער, איז אויך ריכטיג אַנטקעגען דעם האַנדווערקער. די האַנדווערק פאָדערט ניט, אַז אַ גרויסע צאָהל בעלי-מלאכות זאָלען אַרבייטען בשותפות. יעדער אַרבייטער פון דעם פאַך פּראָדוצירט פאַר זיך. — אָדער גאָר איינער אַליין, אָדער מיט איינעם ביז צוויי געזעלען, וועלכע געהערען צו זיין הויזגעזינד. ווי אין דער בויערליכער לאַנדווירטשאַפט, אַזוי פיהרט אויך אין דער האַנדווערק יעדער איינצעלנער אַרבייטער אָדער יעדע איינצעלנע אַרבייטער-פאַמיליע אַ בעזונדערען וואַרשטאַט, אַ בעזונדערע ווירטשאַפט, און דעריבער פאָדערט אויך די האַנדווערק, פּונקט ווי דער קליינבעטריעב אין לאַנדווירטשאַפט, אַז די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, וועלכע זענען נויטיג צו דער אַרבייט, און אויך די פּראָדוקטען פון דער אַרבייט זאָלען זיין דעם אַרבייטערס פּריוואַט-איינענטום, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן קענען זיך אין דער האַנדווערק אינגאַנצען ענטוויקלען דעם אַרבייטערס קרעפטען, די פעהיגקייטען זיינע. אין דעם קליינבעטריעב הענגען אָב די פּראָדוקטען, וואָס דער אַרבייטער איז אים

שטאַנד אויסצואַרבייטען פון זיינע אייגענע מעלות, פון זיין געשיקט־קייט, פון זיין גערולד און פלייסיגקייט און דערפאַר רעכענט ער אַז אַלץ, וואָס ער אַרבייט אויס, דאַרף איהם אַליין געהערען. ער קען אָבער אין דער פראָדוקציאָן ניט ענטוויקלען אַלע זיינע פעהיג־קייטען, ווען ער איז פערזענליך ניט פריי און ווען ער האָט ניט די מעגליכקייט צו בענוצען די פראָדוקציאָנס־מיטלען, ווי ער וויל און ווי פאַר איהם איז בעסער, ד. ה. ווען זיי זענען ניט זיין פריוואַט־אייגענטום.

דאָס האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איינגעזעהן און האָט אין איהר פראָגראַם בפירוש אויסגעדריקט, אַז דאָס פריוואַט־אייגענטום אויף די פראָדוקציאָנס־מיטלען איז דער יסוד, דער פונדאַמענט פונ׳ם קליינבעטריעב, אָבער אין דער זעלבער צייט ערקלערט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון דער בורזשואַ־זער געזעלשאַפט פיהרט מיט דער נאַטירליכער נויטווענדיגקייט צו דעם אונטערגאַנג פונ׳ם קליינבעטריעב.

לאָמיר זעהן, ווי קומט פאַר אָט די ענטוויקלונג

## 2. סחורה און קאַפיטאַל.

אָנגעהויבען האָט די בורזשואַזע געזעלשאַפט אַרויסצוואַקסען פון דער בויערליכער לאַנדווירטשאַפט און פון דער מלאכה.

נאָר אין אָנהויב פלעגט דאָס הויזגעזינד פונ׳ם בויער בעפריע־דיגען אַלע זיינע בעדערפעֶנישען דורך זיין אייגענער אַרבייט. דער בויער מיט זיין געזינד פלעגען פאַר זיך אַליין אויסאַרבייטען אַלע עסענוואַרגען, געניסמיטלען און קליידער, וואָס זיי האָבען געדאַרפט; זיי האָבען זיך אַליין געמאַכט זייערע ווערקצייג, אַליין געבויט זייער הויז א. ז. וו. זיי פלעגען אויסאַרבייטען אַזוי פיעל פראָדוקטען, וויפיעל זיי האָבען געדאַרפט, אָבער ניט מעהר. מיט דער צייט אָבער האָבען זיי — דורך די ווייטערע ענטוויקלונג פון דער לאַנדווירט־שאַפט — געקראָגען די מעגליכקייט אויסצואַרבייטען מעהר פראָדוק־טען, ווי זיי האָבען פאַר זיך אַליין געדאַרפט. דורכדעם זענען זיי בעקומען אין שטאַנד אויסצוביטען די איבריגע פראָדוקטען

אויף אַזעלכע זאַכען, וועלכע זיי האָבען גאָר ניט — אָדער וועניג געקענט אויסאַרבייטען און וועלכע זיי האָט זיך דאָך געוואָלט האָבען, ווי צ. ב. ש. ציהרונג. געוועהר אָדער אַ ווערקצייג. דורכדעם וואָס מען האָט אָנגעהויבען אויסצואַרבייטען רויע פּראָדוקטען, זאַנען זיי געוואָרען *סחורות*.

*סחורה* ווערט אָנגערופען אַזאַ פּראָדוקט, וועלכען מען האָט ניט בדעה צו פערנוטצען אָדער צו בענוטצען דאָרטען, וואו מען האָט איהם געמאַכט, נאָר וועלכען מען האָט בדעה אויסצובייטען אויף אַן אַנדערען פּראָדוקט, וואָס מען אַרבייט אויס אין אַן אַנדערע בעטריעב. די ווייץ, וואָס דער בויער האָט אויסגעאַרבייט פאַר זיך, פאַר זיין געזינד, רעכענט זיך ניט פאַר קיין סחורה, די ווייץ אָבער, וועלכע ער אַרבייט אויס אויף צו פערקויפען, איז אַ *סחורה*. פערקויפען — דאָס איז אייגענטליך ניט מעהר, ווי אויסצובייטען אַ געוויסע סחורה אויף אַזאַ מין סחורה, וועלכע יעדער נעהמט גערן און וועלכע ווערט אויף אַזאַ אופן געלד, צ. ב. ש. גאָלד.

דער בויער, ווי מיר האָבען געזעהן, הויבט אָן ביסלעכווייז אויף אַ געוויסער מדרגה פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, צו פּראָדוצירען סחורות. דער האַנדווערקער אינ'ם זעלבסטשטענדיגען קליינבעטריעב פּראָדוצירט לכתחלה נאָר סחורות: ער פערקויפט ניט בלויז די פּראָדוקטען, וואָס בלייבען איהם איבער פון זיין אייגענעם געברויך, נאָר ער פּראָדוצירט דער עיקר נאָר אויף צו פערקויפען.

כדי מען זאָל קענען בייטען פערשיעדענע סחורות, איינע אויף די אַנדערע, מוזען פריהער עקזיסטירען צוויי בעדינגונגען: ערשטענס, אַז ניט אַלע איינצעלנע בעטריעבען זאָלען אויסאַרבייטען די זעלבע פּראָדוקטען, נאָר אין דער געזעלשאַפט זאָל עקזיסטירען אַן *אַרבייטס־צוטיילונג*, און צווייטענס, אַז די, וואָס בייטען זייערע פּראָדוקטען, זאָלען פריי זיין צו טהון מיט זיי, וואָס זיי ווילען; ד. ה. אַז די פּראָדוקטען זאָלען זיין זייער *פּריוואַט־אייגענטום*.

וואָס מעהר די אַרבייט האָט זיך, אין פערלויף פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, פערנאַנדערגעטיילט אין בעזונדערע ספּעציעלע פאַכען, וואָס מעהר עס האָט זיך פערברייטערט און וואָס מעהר בעדייטונג עס האָט געקראָגען דאָס פּריוואַט־אייגענטום, אַלץ קלענער איז געוואָרען די פּראָדוקציאָן פאַר'ן אייגענעם געברויך; איהר אָרט האָט אַלץ מעהר פערנומען די פּראָדוקציאָן פון סחורות.

די אַרבייטס־צוטיילונג פיהרט ענדליך דערצו, אַז דאָס קויפען און פערקויפען ווערט אויך אַ בעזונדער געשעפט, מיט וועלכען עס פערנעהמט זיך דורכאויס אַ בעזונדערער קלאַס מענשען — די סוחרים. זיי ציהען זייער הכנסה דערפון, וואָס זיי קויפען ביליג און פערקויפען טהייער, נאָר דערמיט איז נאָך פונדעסטוועגען ניט געזאָגט געוואָרען, אַז זיי קענען שטעלען אויף די סחורות וואָס פאַר אַ מקחים זיי ווילען, דער מקח פון אַ וועלכער עס איז סחורה הענגט אָב אין דער אונטערשטער שורה פון איהר בייט־ווערט,*) און די ווערט פון אַ סחורה ווערט ווידער בעשטימט דורך דער סומע אַרבייט, וועלכע איז בכלל נויטיג, אום דאָס אויסצואַרבייטען. עס טרעפט זיך אָבער כמעט קיינמאָל ניט, אַז דער מקח פון אַ וועלכער עס איז סחורה זאָל זיין פונקט גלייך מיט איהר ווערט, ווייל אין דער צייט, ווען די ווערט פון אַ סחורה הענגט אָב בלויס פון די בעדינגונגען פון דער פראָדוקציאָן, ווירקט אָבער אויף'ן מקח פון אַ סחורה אויסער דעם אויך דער צושטאַנד פון מאַרק: פריהער פאַר אַלץ ווענדט זיך דער מקח אָן דעם אָנבאָט און נאָכפראַגע, ד. ה. אָן דעם, וויפיעל סחורה ס'איז דאָ אויפ'ן מאַרק, און וויפיעל בעלנים עס זענען דאָ אויף איהר. אָבער דאָך הויבט זיך און פאַלט דער מקח, אויך נאָך בעשטימטע געזעצען. אין אַ בעשטימטע צייט און אין אַ בעשטימטען אָרט איז דער מקח אַ בעשטימטער, דעריבער, ווען דער סוחר וויל פערקויפען די סחורה טהייערער, ווי זי האָט איהם געקאָסט, ד. ה. ווען ער וויל האָבען דערביי רֶוַח, קען ער דאָס געוועהנליך דערגרייכען נאָר דורך דעם, וואָס ער קויפט איין די סחורה אין אַזאַ צייט אָדער אין אַזאַ אָרט, וואו זי איז ביליג,

---

*) בייט ווערט—אָדער טוישווערט. אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אונטערשיידעט מען טוישווערט און געברויכסווערט. געברויכסווערט האָט יעדעס פראָדוקט, יעדע זאַך, וועלכע דער מענש קען געברויכען, פון וועלכע ער קאָן הנאה האָבען, אָבער אַז דאָס פראָדוקט זאָל אויך האָבען בייטווערט, ד. ה. מען זאָל עס קענען פערבייטען (אויסטוישען) אויף אַנ'אַנדערע פראָדוקט, וואָס האָט אַ ווערט, מוז עס ניט נאָר טויגען פאַר דעם מענשליכען געברויך — דאָס אַלץ איז נאָך ווייניג—עס מוז אויך קאָסטען מענשליכע ארבייט, אַזוי צ. ב. לופט האָט אַ געברויכסווערט, ווייל זי איז ניטצליך דעם מענשען, אָבער זי האָט ניט קיין בייטווערט, ווייל זי קאָסט ניט קיין מענשליכע ארבייט.

און פערקויפט אין אַזאַ אָרט, אָדער אין אַזאַ צייט, ווען זי איז טהייער.

ווען דער בויער אָדער דער האַנדווערקער קויפט אַ וועלכע עס איז סחורה, טהוט ער דאָס דערפאַר, ווייל ער דאַרף זי פאַר זיך אָדער פאַר זיין געזינד: ער דאַרף זי צו זיין אַרבייט אָדער צום לעבען. דער סוחר קויפט סחורות, ניט כדי אַליין צו פערנוצען זיי; נאָר כדי צו מאַכען מיט זיי אַ געשעפט, פון וועלכען ער זאָל קענען פערדיענען. סחורות און געלד, וואָס מען בענוצט צו דיעזען צוועק, צום צוועק פון רוח — דאָס איז קאַפּיטאַל.

מען קען וועגען קיין סחורה און וועגען קיין געלד־סומע ניט זאָגען, צי דאָס איז קאַפּיטאַל, אָדער ניט: עס ווענדט זיך, אויף וואָס מען וויל זיי בענוצען. דער טאַבאַק, וואָס אַ סוחר קויפט, כדי צו פערקויפען איהם מיט רוח, דאָס איז פאַר איהם קאַפּיטאַל, דער טאַבאַק אָבער, וועלכען דער סוחר קויפט פאַר זיך צום רויכערען; דאָס איז פאַר איהם ניט קיין קאַפּיטאַל.

גאָר די ערשטע פאָרם פון קאַפּיטאַל איז דאָס סוחרישע קאַפּיטאַל. כמעט אַזוי אַלט ווי דאָס סוחרישע איז דאָס וואוכער־קאַפּיטאַל, דאָס קאַפּיטאַל פון דעם מלוה, וועמענס פרנסה בעשטעהט אין דעם, וואָס ער נעהמט פראָצענט ביי דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכען ער באָרגט סחורה אָדער לייהט געלד.

דאָס קאַפּיטאַל בילדעט זיך, ווען די פּראָדוקציאָן פון סחורות האָט שוין דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה פון ענטוויקלונג, און, נאַטירליך, אויפ'ן יסוד פון פּריוואַט־אייגענטום, וואָרום אויפ'ן יסוד פון פּריוואַט־אייגענטום האַלט זיך די גאַנצע פּראָדוקציאָן פון סחורות, אָבער אונטער דער ווירקונג פון קאַפּיטאַל בעקומט דאָס פּריוואַט־אייגענטום גאָר אַ נייע געשטאַלט, אָדער ריכטיגער געזאָגט, צוויי געשטאַלטען: אין איין זייט זעהען מיר דאָס פּריוואַט־אייגענטום אין זיין קליינבירגערליכען געשטאַלט, וועלכע איז צוגעפּאַסט צו די בעדינגונגען פון קליינבעטריעב; פון דער אַנדערער זייט אָבער ווייזט עס זיך אין דעם קאַפּיטאַליסטישען געשטאַלט. די פערטהיידיגער פון איצטיגען פּריוואַט־אייגענטום ווייזען אָן נאָר אויף זיין קליינבירגערליכער זייט; און דאָך מוז מען בלינד זיין, אום צו פערזעהן אין אונזער צייט די קאַפּיטאַליסטישע זייט פון דעם פּריוואַט־אייגענטום.

אויף דער מדרגה פון דער עקאנאמישער ענטוויקלונג, וועגען וועלכער מיר רעדען איצט, ווען דאס קאפיטאל עקזיסטירט נאר, אלס סוחרישער און וואוכער-קאפיטאל, זעהט מען גאר וועניג סמנים, פון וועלכע מען קען דערקענען דעם פריוואט-אייגענטום אין זיין קאפיטאליסטישען געשטאלט, נאבער אויך אויף די קנאפע סמנים איז כדאי אנצווייזען.

ביי דער הערשונג פון קליינבעטריעב העננט אב די הכנסה פון בויער אדער פון האנדווערקער פריהער פאר אלין פון איהם און פון זיין פאמיליע, פון זיין חשק צו דער ארבייט, פון זיין געשיקטקייט א. ז. וו. דער רוח אבער פון סוחר איז, פערקעהרט, אלץ גרעסער, וואס מעהר געלד ער האט אויף צו קויפען סחורה, וואס מעהר סחורה ער האט אויף צו פערקויפען. ווען איך פערקויף 10,000 פונט טאבאק, וועט מיין רוח זיין הונדערט מאל גרעסער, איידער ווען איך וואלט קענען פערקויפען נאר 100 פונט (עס פערשטעהט זיך, אז מען רעדט וועגען אזא פאל, ווען אלע בעדינגונגען זענען די זעלבע). די אייגענע זאך איז אויך מיט דעם מלוה. די הכנסה פון דעם קאפיטאליסט — אלס א קאפיטאליסט — העננט אב אויף אזא אופן פריהער פאר אלין פון דעם, ווי גרויס זיין קאפיטאל איז.

די ארבייטס-קראפט פון א מענשען און זיינע פעהיגקייטען האבען א שיעור, א גרענעץ. די סומע פראדוקטען, וועלכע א נארבייטער קען אויסארבייטען ביי געוויסע בעדינגונגען, האט אויך א שיעור, זי קען קיינמאל ניט שטייגען פיעל העכער, איידער מען ארבייט אוים געוועהנליך אין דורכשניט. געלד אבער קען מען אנקלויבען אהן א שיעור, דערצו איז ניטא קיין מאס און ניט קיין סוף, און וואס מעהר געלד איינער האט, אלץ מעהר געלד בריננט עס איהם ארײן. ווען ער בעניצט עס אלס קאפיטאל. דורך דעם איז מעגליך געווארען אנצוקלייבען אהן א שיעור גרויסע עשירות.

אבער דאס פריוואט-אייגענטום בעשאפט נאך אן אנדערע מעגליכקייט, ביי דער הערשונג פון פריוואט-אייגענטום אויף די פראדוקציאנסמיטלען האט נאכ'ן געזעץ יעדער דאס רעכט זיי צו ערווערבען, אבער יעדער האט אויך די מעגליכקייט אנצווערען זיי, ד. ה. פערלירען די קוועלע פון זיין חיונה און בלייבען אויף אזא אופן אנ'אמת'ער ארימאן. דאס וואוכער-קאפיטאל בעווייזט, אז

עס זענען שוין דאָ מענשען, וועלכע דאַרפען אָנקומען צו הלוואות, ווער עס האָט וואָס ער דאַרף, יענער וועט ניט לייהען, און אַזוי ווי דאָס וואוכער־קאַפּיטאַל עקספּלאָאַטירט און בענוצט זיך מיט דעם צווייטענס נויט, אַזוי איז דאָס גופא אַ מיטעל צו פערגרעסערן די נויט.

הכנסה אָהן האַרעוואַניע, מוראַדיג־גרויסע עשירות אויף איין זייט— ביטערע עניות אויף דער אַנדער זייט—דאָס זענען די סמנים פון דעם פּריוואַט־אייגענטום אין זיין קאַפּיטאַליסטישער געשטאַלט, אָבער דאָך ווייזען זיי זיך נאָך ניט קלאָר אַרויס, זיי זענען נאָך פערדעקט; כל זמן דאָס סוחרישע און וואוכער־קאַפּיטאַל זענען ווענינ ענטוויקעלט, און בעזאָנדערס דער ערגסטער סימן, די אָרעמקייט, ווייזט זיך נאָך דאַן קוים וואָס אַרויס; זי איז נאָך אין דער דאָזיגער צייט גאַנץ זעלטען, נאָר אַ יוצא מן הכלל, זי איז ניט דער גורל פון גרויסע פאָלקסמאַססען.

אַקוראַט ווי די איבעריגע עקספּלאָאַטאַרען, וועלכע זענען אויסגעוואַקסען אין דער זעלבער צייט, ווען דער סוחר און דער מלוה, ווי צו ב. אין מיטטעלאַלטער די פעאָדאַלע פריצים (וועגען וועלכע מיר וועלען פונדערסטוועגען דאָ ניט מעהר רעדען, ווייל דאָס וואָלט אונז צו ווייט פיהרען), איז אויך דער סוחר און דער מלוה אין דעם פעריאָד פעראינטערעסירט, אַז דער קליינבעטריעב זאָל געהען גוט, זאָל בליהען אין דאָרף און אין שטאָדט, דאַמאָלס איז נאָך ריכטיג געווען דאָס שפּריכוואָרט: האָט דער בויער געלד, האָט ער אויך די גאַנצע וועלט. דער מסחר צערשטערט ניט דעם קליינבעטריעב, פאַרקערדרט, טהייל מאָל איז ער נאָך אַ טובה פאַר איהם. דער מלוה זייגט אויס די בלוט פון לוה; ער איז אָבער ניט פעראינטערעסירט, אַז דער לוה זאָל אינגאַנצען פעראָרעמט ווערען. אָנטוערען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, בלייבען אַני אָרעמאַן— דאָס איז אין יענער צייט ניט געווען אַ שטענדיגע און אַ געוועהנליכע ערשיינינג אין דער געזעלשאַפט. דאָס פלעגט זיך טרעפען דורך אַנאונגליק, איבער אויסערגעוועהנליכע סבות, אָדער אויסערגעוועהנליכע אונפעהיגקייט. די אָרימקייט האָט מען דאַמאָלס געהאַלטען פאַר אַ נסיון פון גאָט, פאַר אַנאָנשיקעניש, אָדער אַלס אַ שטראָף פאַר פוילקייט, לייכטזין א. ז. וו. דיעזע מיינונג איז נאָך ביז היינט זעהר פערברייטערט צווישען די מיטעלע און קלענערע בעלי־בתים, און דאָך איז פון דאַמאָלס אָן די אָרימקייט געוואָרען נאָך אַנאַנדער מין ערשיינונג, איידער זי איז אַמאָל געווען.

## 3. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן.

אין דעם משך פון מיטעלאַלטער האָט זיך דאָס האַנדווערק אין איירָאפּאַ אַליך מעהר ענטוויקעלט. די אַרבייטס-צוטיילונג אין דער געזעלשאַפט האָט זיך פערגרעסערט, אַזוי צ. ב. ש. האָט זיך די וועבעריי פערנאַנדערגעטיילט אויף וואָל-וועבעריי, ליינען-וועבעריי און פלוש-וועבעריי און די פערשיעדענע מלאכות, וועלכע זענען מיט דער וועבעריי פערבונדען, ווי צ. ב. ש. שערען טוך, זענען געוואָרען גאָר בעזונדערע אַרבייט-פאַכען. די געשיקטקייט (אומנות) פון די האַנדווערקער איז געוואַקסען, די אַרבייטס-אופנים און די ווערקצייגען האָבען זיך זעהר אויסגעבעסערט; און גלייכצייטיג האָט זיך ענטוויקעלט דער האַנדעל, איבערהויפט דורך די פערבעסערונג פון די טראַנספּאָרט-מיטלען, בעזונדערס דורך דאָס בויען פון שיפען.

עס זענען שוין 400 יאָהר אַוועק פון דער צייט, זייט דאָס האַנדווערק האָט געבליהט, אָבער דאַמאָלס איז אויך געווען אַ גאָלדענע צייט פאַר'ן האַנדעל, אַ צייט פון אַ סך וויכטיגע נייעס פאַר איהם, מען האָט געפונען אַ וועג מיט'ן ים קיין אינדיען, צו דעם וואונדערליכען לאַנד, וואָס איז פול מיט אוצרות אָהן אַ שיעור; מען האָט ענטדעקט אַמעריקאַ מיט איהרע גאָלד-און זילבער-גרובען, וואָס נעהמען זיך גיט אויס, איירָאפּאַ איז פערפלייצט געוואָרען מיט עשירות, — מיט עשירות, וועלכע די איירָאפּעאישע אַוואַנטיוריסטען האָבען צונויפגעשאַרט פון די ניי-ענטדעקטע לענדער דורך האַנדעל, שווינדעל און רויב. דער גרעסטער חלק פון די עשירות איז אַריינגעפאַלען צו די רייכע סוחרים אין די הענד, וועלכע האָבען געהאַט די מעגליכקייט אויסצוריכטען אַהין שיפען מיט אַ סך בעדיענער, געזונדע, ענערגישע, דרייסטע יונגען, גרויסע בריות, מיט ווייניג יושר און עהרליכקייט.

אַרום דער זעלבער צייט האָט זיך אָבער אויך געבילדעט די היינטיגע מלוכה, די צענטראַליזירטע מלוכה,*) מיט איהרע בעאַמ-

*) צענטראַליזירטע מלוכה — איז אַ מלוכה, וועלכע האָט איין מיטעל-פּונקט, איין צענטער, וועלכע פיהרט אַלע ענינים פון דער מלוכה.

טע און מיליטער, צוערשט האט זי אנגענומען די פארם פון דער אבסאליוטער זעלבסטהערשענדער מאנארכיע. און אויף וויפיעל דיעזע מלוכה האט געפאסט פאר די בעדערפענישען פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס, וועלכער האט דאן געהאלטען אין וואקסען, אויף אזוי פיעל האט זי, די מלוכה, אויך געדארפט די אונטערשטיצונג פון דיעזען קלאס. די היינטיגע מלוכה, די מלוכה מיט דער ענטוויקעלטער פראדוקציאן פון סחורות, ציהט איהרע קרעפטען ניט פון דעם, וואס איהרע אונטערטהענער ברענגען איהר נוטצען מיט זייער פערזענליכע ארבייט, נאר זי ציהט איהרע קרעפ־טען פון איהרע געלד־הכנסות. דאס איז די סבה, פאר וואס די מאנארכען האבען געשטיצט און געהאלפען יענע מענשען, וועלכע פלעגען אריינברענגען געלד אין לאנד — די סוחרים, די קאפיטא־ליסטען; אלס אדאנק פאר דיעזען שוטץ פלעגען די קאפיטאליסטען לייהען געלד דעם מאנארך און דער מלוכה; און אזוי פלעגען די מאנארכען און די מלוכה ווערען בעלי־חובות ביי די קאפיטאליסטען און אבהענגיג פון זיי; דאן פלעגען ערשט די קאפיטאליסטען רעכט צווינגען די מלוכה צו שטיצען זייערע אינטערעסען דורך פערשיע־דענע מיטלען: פערהיטען און מאכען נייע טראנספארט־וועגען, פער־נעהמען און אויפהאלטען קאלאניען אויף יענער זייט ים, פיהרען מלחמות מיט מלוכות, וואס האבען קאנקורירט אין האנדעל א. ז. וו.

די עקאנאמישע לעהר־ביכלעך, וועלכע זענען צוגעפאסט צו דער קינדערשער שול, דערצעהלען אונז, אז דאס קאפיטאל האט זיך אין אנפאנג אנגעקליבען פון שפארזאמקייט. מיר זענען אבער נאר וואס בעקאנט געווארען מיט גאנץ אנדערע קוועלען, פון ויא־נען דאס קאפיטאל האט זיך גענומען. די גרעסטע עשירות פון די קאפיטאליסטישע נאציאנען שטאמען פון זייער קאלאניאל־פאליטיק, ד. ה. פון דעם, וואס זיי האבען בעגזל'ט פרעמדע לענדער, זיי שטאמען פון ים־רויב, קאנטראבאנדע, שקלאפען־האנ־דעל און פון מלחמות צוליעב האנדעל, גענוג ביישפיעלען דערצו. ד. ה. ווי מען האט אויף אזא אופן „אבגעשפארט“ קאפ־פיטאל, געפינען מיר אין דער געשיכטע פון דיעזע נאציאנען נאך אין 19־טען יאהרהונדערט. אין די הילף פון דער מלוכה האט זיך ארויסגעוויזען אלס א קרעפטיגער מיטעל אונטערצושטיצען דיעזע „שפארזאמקייט“.

די נײַע ענטדעקונגען און טראַנספּאָרט־וועגען האָבען אָבער ניט בלויס געבראַכט גרויסע עשירות פֿאַר די סוחרים, נאָר זיי האָבען אויך זעהר גיך פֿערגרעסערט דעם מאַרק פֿאַר די אינדוסטריע פֿון די אייראָפּעאישע פֿעלקער, וועלכע פֿיהרען איבער'ן ים סחורות און בעזונדערס פֿאַר די אינדוסטריע פֿון ענגלאַנד, וועלכע איז געוואָרען די הערשערין איבער'ן ים. דאָס האַנדווערק איז ניט געוועזען אים שטאַנד צו בעפֿריעדיגען די פֿאָדערונגען פֿונ'ם מאַרק, וועלכע האָבען אָנגעהויבען אַזוי גיך און אַזוי שטאַרק צו וואַקסען, כדי צו ברענגען אויפֿ'ן מאַרק סחורות מאַסענווייז, האָט מען זיי אויך געמוזט פּראָדוציערען מאַסענווייז. דער גרויסער מאַרק האָט געדאַרפֿט אַזאַ פּראָדוקציאָן, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו זיינע בעדערפֿענישען, ד. ה. וועלכע איז געוועזען אין גאַנצען אָבהענגיג פֿון די סוחרים.

פֿאַר די סוחרים האָט זעהר גוט געלוינט צונעהמען זיך אַליין פֿאַר די פּראָדוקציאָן פֿון גרויסע מאַסען סחורות, וועלכע עס האָט געפֿאָדערט דער פֿערגרעסערטער מאַרק; אין זייערע הענד האָבען זיך אויך געפֿונען די נויטיגע געלד־מיטלען, אום איינצוקויפֿען אַלץ, וואָס ס'איז נויטיג צו אַזאַ פּראָדוקציאָן: רויע מאַטעריאַלען, ווערקצייג, וואַרשטאַטען, אַרבייטס־קרעפֿטען. — אָבער וואו נעהמט מען זיי, די אַרבייטס־קרעפֿטען? שקלאַפֿען, וועלכע מען האָט פֿריהער געקענט קויפֿען, איז שוין אין אייראָפּאַ מעהר ניט געוועזען. אַנ'אַרבייטער אָבער, וועלכער האָט זיינע אייגענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אָדער וועלכער געהערט צו אַ פֿאַמיליע, וואָס פֿערמאָגט די נויטיגע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אַזאַ אַרבייטער פֿערקויפֿט ניט זיין אַרבייטס־קראַפֿט, איהם געפֿעלט בעסער צו אַרבייטען פֿאַר זיך אָדער פֿאַר זיין פֿאַמיליע, כדי דאָס גאַנצע פּראָדוקט פֿון זיין אַרבייט זאָל בלייבען פֿאַר איהם אָדער פֿאַר זיין פֿאַמיליע. ער פֿערקויפֿט דאָס פּראָדוקט פֿון זיין אַרבייט, אָבער ניט זיין אַרבייטס־קראַפֿט. אַגב איז כדאי דאָ צו בעמערקען, אַז מען דאַרף זיך אָבהיטען צו בענוטצען דעם אויסדרוק: „פֿערקויפֿען די אַרבייט". אַרבייט, אַ טהעטיגקייט, קען מען ניט פֿערקויפֿען. מיט דעם וואָרט „אַרבייט' ווערט אָבער געוועהנליך אָנגערופֿען ניט בלויס די טהעטיגקייט אַליין, נאָר אויך דער רעזולטאַט, דער פּועל־יוצא, פֿון דיעזער טהעטיגקייט, דאָס פּראָדוקט פֿון דער אַרבייט, רופֿט מען אָן מיט דעם נאָמען „אַרבייט" און ווידער רופֿט מען אויך אָן ניט דעם זעלבען נאָמען די קראַפֿט, וועלכע ווייזט

זיך אַרוים אין דער טעהעטיקייט, ד. ה. די אַרבייטס־קראַפט. דאָס וואָס דאָס וואָרט „אַרבייט" האָט די פערשידענע בעדייטונגען, אויף וועלכע מיר האָבען אָנגעוויזען, דאָס גיט יענע אַלע עקאָנאָמיסטען, וועלכע ווילען, אַז פאַר די אַרבייטער אין קליינבירגער זאָל ניט ווערען קלאָר זייער אמת'ע לאַגע די מעגליכקייט צונויפצומישען אין איינעם פערשידענע זאַכען און ערקלערען זיי אַלס איינע און די זעלבע. דאָ מוז מען מיט ביידע אויגען אויף זיי אַכטונג געבען.

מיר וועלען זיך אָבער דאָך אומקעהרען צוריק צו אונזער סוחר, וועלכען מיר האָבען געלאָזען ביים זוכען אַרבייטער. מיט די בעלי־הבתים פון די קליינע בעטריעבען און מיט זייערע פאַמיליען קען ער גאָר נישט מאַכען. דער סוחר מוז זוכען אַזעלכע אַרבייטער, וואָס פערמעגען ניט קיין שום פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס האָבען גאָר נישט, אַ חוץ זייער אַרבייטס־קראַפט, און וועלכע זענען דעריבער געצוואונגען זי צו פערקויפען בכדי צו האָבען פון וואָס צו לעבען. ווי מיר האָבען געזעהען, האָט שוין די ענטוויקלונג פון דער סחורה פּראָדוקציאָן און פון פּריוואַט־אייגענטום אַרויסגערופען אין לעבען מענשען, וואָס האָבען ניט קיין אייגענטום. תּחלת אָבער זענען אַזעלכע מענשען געווען ווייניג און דאָס רוב פון זיי, וועלכע האָבען ניט געהערט צו אַ פאַמיליע מיט אַיין אייגענעם בעטריעב, זענען בעשטאַנען אָדער פון מענשען, וועלכע זענען אונפעהיג צו אַרבייטען, פון קאַליקעס, קראַנקע, אַלטע לייט, אָדער פון פוילע, שווינדלער און קונצענמאַכער. די צאָהל פון גאָר פרייע אַרבייטער, וועלכע זאָלען גאָר נישט פערמעגען, איז געווען קליין.

אָבער אַ גליקליכער מזל האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז גראַדע אַרום דער זעלבער צייט, ווען די סוחרים האָבען זייער נויטיג געדאַרפט האָבען אָרעמע אַרבייטער, האָבען גרויסע מאַסען פון אַרבייטער פערלאָרען אַליץ, וואָס זיי האָבען געהאַט, און זענען אַרויסגעוואָרפען געוואָרען אויפ'ן גאַס וואו די רייכע סוחרים האָבען זיי נאָר געדאַרפט אויפקלייבען.

אויך דאָס איז געקומען מחמת די ענטוויקלונג פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן. די פערגרעסערונג פון דעם מאַרק פאַר די אינדוסטריע פון שטאָדט האָט געווירקט צוריק אויף די ווירטשאַפט פון דאָרף. אין די שטעדט האָט מען אָנגעהויבען צו פאָדערען מעהר לעבענס־מיטלען און רויע מאַטעריאַלען: האָלץ, וואָל, פלאַקס, פאַרב־שטאָפען א. ז. וו.

אויך די דאָרפֿישע פּראָדוקציאָן איז דעריבער אַלץ מעהר געוואָרען אַ פּראָדוקציאָן פֿון סחורות, אַ פּראָדוקציאָן אויף פֿערקויפֿען.

דער בויער האָט בעקומען געלד אין האַנד. אָבער דאָס איז געווען זיין אונגליק. דאָס האָט אויפֿגעריצט דעם אַפּעטיט פֿון זיינע עקספּלאָאַטאָרען, פֿון די פּריצים און פֿירסטען. כל זמן די מותרות, וואָס דער בויער האָט געהאַט אַריבער זיין הוצאה, זענען בעשטאַנען דער עיקר נאָר פֿון נוטץ־זאַכען, פֿון פּראָדוקטען, האָט זיין עקספּלאָאַטאָר אָבגענומען דערפֿון פֿאַר זיך ניט מעהר וויפֿיעל ער האָט געקענט פֿערנוטצען. געלד קען מען אָבער אַלע מאָל בּרויכען, וואָס מעהר, אַלץ בעסער. וואָס מעהר עס האָט זיך פֿערגרעסערט פֿאַר'ן בויער דער מאַרק, וואָס מעהר געלד ער האָט אויסגעלייזט פֿאַר זיינע סחורות, אַלץ ערגער האָבען איהם געשונדען די פּריצים און פֿירסטען, און אַלץ גרעסער זענען געוואָרען זיינע צינזען, פּאָדאַטקעס, און שטייערען. באַלד האָבען זיך אָבער זיינע עקספּלאָאַטאָרען אויפֿגעהערט צו בעגנוגענען מיט די מותרות, וואָס דעם בויער בלייבט פֿון זיין אַרבייט אַריבער דער הוצאה; זיי האָבען אויך אָנגעהויבען אַרויס צורייסען ביי איהם אַלץ אַ גרעסערען טהייל פֿון דעם, וואָס איהם איז נויטיג געווען צו לעבען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די בויערען האָבען פֿערלאָרען יעדע האָפֿנונג, און וואָס פֿיעל פֿון זיי האָבען געוואָרפֿען זייער הויז און הויף און געזוכט פֿאַר זיך אין שטאָדט „אַנ'עיר מקלט“. בעזאָנדערס נאָך דעם, ווי מען האָט זיי מנצח געווען אין די מלחמות (די בעוואוסטע בויערען־מלחמות), וועלכע זיי האָבען געפֿיהרט געגען די פּריצים און פֿירסטען.

דערצו האָט זעהר אָפֿט געווירקט נאָך אַנ'אַנדער אומשטאַנד. אַזוי ווי אין שטאָדט האָט זיך מחמת די פֿערגרעסערונג פֿון מאַרק אַרויסגעוויזען אַ בעדערפֿעניש צו פּראָדוצירען אינדוסטריעלע סחורות מאַסענווייז, אַזוי האָט זיך אויך אין דאָרף אַרויסגעוויזען אַ בעדערפֿניש צו פּראָדוצירען לאַנדווירטשאַפֿטליכע סחורות מאַסענווייז. די פּריצים האָבען געפּרובּ'ט טהון דאָס זעלבע אין דאָרף, וואָס די סוחרים אין שטאָדט. דער פּריץ, וועלכער איז ביז אַהער געוועהנליך געווען נאָר אַ רייכערער, אַ תקיפ'ערער בויער, האָט זיך געשטאַרעט צו פֿערגרעסערען זיין בעטריעב. אַרבייטס־קרעפֿטען האָבען איהם ניט געפֿעהלט, וואָרום ער האָט שטענדיג געפֿונען אַנ'עצה ווי צו מאַכען, אַז דער בויער זאָל מחויב זיין אויף איהם צו אַרבייטען. אָפֿט האָט ער גאָר

ניט געדאַרפט קיין נייע אַרבייטס־קרעפטען, צ. ב. ש. די פּראָדוק־
ציאָן פון וואָל אָדער האָלץ, דאָס בהמות־האָדעווען אָדער די וואַלד־
ווירטשאַפט פאָדערען פיעל וועניגער אַרבייטער, ווי די פעלד־אַר־
בייט. וואו דער פּרייז האָט אויפגעהערט צו בעאַרבייטען די ערד
אויף תבואה און האָט זיך גענומען פאַר בהמות־אָדער וואַלד־ווירט־
שאַפט, דאָרטען זענען פיעל פעלד־אַרבייטער איבריג געוואָרען. אין
יעדען פאַל' האָט איצט דער פּרייז געדאַרפט האָבען מעהר ערד,
ווי ער האָט פריהער בעאַרבייט. ערד האָט ער געקענט קריגען,
נאָר אָבנעהמענדיג זי ביי די אַרומיגע בויערען. דער פּרייז האָט זיי
געמוזט פערטרייבען פון זייערע ווירטשאַפטען, ווען ער האָט געוואָלט
פערגרעסערען זיין אייגענע ווירטשאַפט. און איהם איז ניט שווער
געוועזען דאָס אויסצופיהרען. מען האָט אָנגעהויבען אָ ב צ ו נ ע ה מ ע ן
ביי די בויערען זייער ערד, און דאָס האָט געדויערט ביז צום סוף
פון 18־טען יאַהרהונדערט. אין דער צייט, ווען די סוחרים זענען
רייך געוואָרען דורכ'דעם, וואָס זיי האָבען בערויבט די קאָלאָניען,
זענען די פּריצים און פירסטען רייך געוואָרען דורכ'דעם, וואָס זיי
האָבען בערויבט זייערע אייגענע אונטערטהאַנען. און די פעאָדאַל־
הערדען האָבען זיך אויך אַזוי וועניג ווי די קאַפּיטאַליסטען גע־
שעמט צו בערויבען און אונטערצינדען, אָבצונאַרען אָדער אָבנעה־
מען מיט געוואַלד, ווען ס'איז זיי נאָר נויטיג געווען, אום צו דער־
גרייכען זייער ציעל. דאָ מאַכט אונז די געשיכטע בעקאַנט מיט
גאָר משוגע'דיגע מיטלען, דורך וועלכע די גבירים האָבען „אָ ב ג ע־
ש פּ אָ ר ט" זייערע קאַפּיטאַלען.

וואָס האָבען געזאָלט אָנהייבען צו טהון די מאַסען פעראָרימ־
טע דאָרפס־לייט, פון וועלכע אַ טייל זענען ענטלאָפען פון די פּאָ־
דאַטקעס און צינזען, און די איבריגע האָט מען פערטריבען דורך
פערשיעדענע פאַלשקייטען אָדער מיט געוואַלד פון זייער הויז און
הויף? זעלבסטשטענדיג האָבען זיי שוין גאָר ניט געקענט פּראָדו־
ציערען, דערצו האָט זיי געפעהלט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פון
וועלכע מען האָט זיי פערטריבען, פון וועלכע מען האָט זיי אָבגע־
ריסען. זיי האָבען אויפ'ן מאַרק קיין שום פּראָדוקט ניט געקענט
ברענגען, און אַזוי איז זיי מעהר ניט געבליבען, ווי צו ברענגען
זיך אַליין אויפ'ן מאַרק, צו פערקויפען אויף אַ קירצערע אָדער לענ־
גערע צייט די איינציגע זאַך, וואָס זיי איז איבערגעבליבען און וואָס

ס'האָט אַ ווערט: זייעֶר אַרבייטס-קראַפֿט, ד. ה. פֿעֶרדינגעֶן זיך. אַנדעֶרעֶ האָבעֶן זיך פֿעֶרדונגעֶן פֿאַר פֿעֶלד-אַרבייטעֶר און אָפֿט נאָך ביי דעֶם זעֶלבעֶן פריץ, וועֶלכעֶר האָט זיי פֿעֶריאָגט; אַנדעֶרעֶ האָבעֶן זיך פֿעֶרדונגעֶן פֿאַר סאָלדאַטעֶן, אום צו העֶלפֿעֶן די העֶררעֶן, וואָס האָבעֶן זיי בעֶרויבט, ווייטעֶר צו רויבעֶן; אַנדעֶרעֶ זעֶנעֶן גאָר אינגאַנצעֶן געֶפֿאַלעֶן, געֶוואָרעֶן בעֶטלעֶר אָדעֶר פֿעֶרברעֶכעֶר, אָבעֶר פֿיעלעֶ, און געֶוויס ניט די עֶרגסטעֶ פֿון זיי, האָבעֶן זיך געֶוואָרפֿעֶן צו דעֶר אינדוסטריעֶ, צו זוכעֶן דאָרטעֶן אַרבייט. די האַנדווערקעֶר האָבעֶן געֶרעֶכעֶנט צו פֿעֶרהיטעֶן זיך פֿון דעֶר פֿעֶרפֿלייצונג פֿון נייעֶ אַרבייטס-קרעֶפֿטעֶן, פֿון נייעֶ קאָנקורעֶנטעֶן, דורכדעֶם, וואָס זיי האָבעֶן פֿעֶרצוימט מיט די צעֶכעֶן דעֶם וועֶג צו זייעֶרעֶ מלאכות. נאָר דאָס האָט נאָך מעֶהר געֶטריבעֶן די פֿרייגעֶוואָרעֶנעֶ אַרבייטעֶר-מאַסעֶן צו יעֶנעֶ סוחרים אין די העֶנד, וועֶלכעֶ האָבעֶן געֶזוכט לוין-אַרבייטעֶר פֿאַר זייעֶרעֶ אינדוסטריעֶלעֶ בעֶטריעבעֶן.

אַזוי זעֶנעֶן בעֶשאַפֿעֶן געֶוואָרעֶן די יסודות פֿון דעֶר קאַפּיטאַליסטישעֶר אינדוסטריעֶ, פֿון דעֶם **קאַפּיטאַליסטישעֶן פּראָדוקציאָנס-אופֿן**, דורך **אַנ׳עֶקספּראָפּריאַציאָן** (אַוועֶקנעֶהמעֶן דאָס אייגעֶנס), דורך **אַ רעֶוואָלוציאָן**, דורך אַזאַ בלוטיגעֶ און אַכזריות'דיגעֶ, פֿון וועֶלכעֶ די וועֶלט-געֶשיכטעֶ האָט נאָך ניט געֶוואוסט. אָבעֶר, עֶס פֿעֶרשטעֶהט זיך, דאָס איז געֶוועֶן אַ רעֶוואָלוציאָן פֿון רייכעֶ און מעֶכטיגעֶ געֶגעֶן שוואַכעֶ און אָרימעֶ; אין דעֶר-פֿאַר ווערט די צייט פֿון דעֶר רעֶוואָלוציאָן געֶלויבט, אַלס אַ צייט פֿון הומאַניטעֶט, אַלס אַ צייט פֿון גייסטיגעֶ בעֶפֿרייאונג. איבעֶרהויפּט הויבעֶן היינט אויף יעֶנעֶ צייט ביז צום הימעֶל די לייט, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן מלא רציחה אויף די רעֶוואָלוציאָנעֶרעֶ שטרעֶבונגעֶן פֿון דעֶר סאָציאַל-דעֶמאָקראַטיעֶ.

אָברייסעֶן גרעֶסעֶרעֶ אַרבייטעֶר-מאַסעֶן פֿון זייעֶרעֶ פּראָדוקציאָנס-מיטלעֶן, מאַכעֶן זיי פֿאַר מעֶנשעֶן אָהן אַ שום אייגעֶנס, פֿאַר פּראָלעֶטאַריעֶר — דאָס איז געֶוועֶן אַ נויטיגעֶ בעֶדינגונג, אָהן וועֶלכעֶ עֶס האָט זיך ניט געֶקעֶנט אָנהויבעֶן די קאַפּיטאַליסטישעֶ פּראָדוקציאָן פֿון גרויסעֶ מאַסעֶן סחורות. די עֶקאָנאָמישעֶ עֶנטוויקלונג האָט געֶצוואונגעֶן דעֶרצו, אָבעֶר, ווי תמיד, האָבעֶן זיך דאָס מאָל אויך די אויפֿקומעֶנדעֶ קלאַסעֶן ניט בעֶגנוגעֶנט דעֶרמיט, צו שטעֶהן רוהיג און צו קוקעֶן ווי די עֶנטוויקלונג געֶהט זיך אַליין איהר וועֶג, נאָר זיי האָ-

בען זיך גענומען מיט געוואַלד פערהיטען זייערע אינטערעסען און דורך דעם פערגיכערען דעם גאַנג פון דער ענטוויקלונג. און די גרעבסטע און די שרעקליכסטע געוואַלד איז געווען די אַקושערין, וועלכע האָט געהאָלפען געבוירען ווערען דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

---

## 4. דער טויט-קאַמפף פון דעם קליין-בעטריעב.

---

פון דער אויסערליכער זייט איז פון אָנהויב קיין גרויסער אונטערשיעד ניט געווען צווישען דעם נייעם פראָדוקציאָנס-אופן און דעם אַלטען. גאָר די ערשטע פאָרם פון דעם נייעם פראָדוקציאָנס-אופן איז געווען אַזעלכע: דער קאַפּיטאַליסט פלעגט צושטעלען פאַר די אַרבייטער, וועלכע ער האָט געדונגען פאַר זיינע לוין-אַרבייטער, דאָס רויהע מאַטעריאַל, צ. ב. ש. דאָס גאַרן, אויב זיי זענען געווען וועבער, און זיי פלעגען דאָס ביי איהם אין דער היים בעאַרבייטען, אום אומצוקעהרען צוריק דעם קאַפּיטאַליסט פערטיגע פראָדוקטען; געוויס האָט די קאַפּיטאַליסטישע פראָדוקציאָן שוין אין דיעזער פאָרם, וועלכע איז גאָר נאָהענט געשטאַנען צום האַנדווערק, אויך אַרויסגערופען אַ טיעפען אונטערשיעד צווישען די זעלבסטשטענדיגע האַנדווערקער און די לוין-אַרבייטער פון דער הויז-אינדוסטריע.*) מיר וועלען שפּעטער, ביי אַנאַנדער ענין, בעטראַכטען די פערענדערונגען אין דעם אַרבייטערס לאַגע, וועלכע דער נייער פראָדוקציאָנס-אופן האָט מיט זיך געבראַכט; דאָ וועלען מיר זיך פריהער פאַר אַלץ צוקוקען, ווי ס'איז פאָרגעקומען די וויטערע ענטוויקלונג פון דעם נייעם פראָדוקציאָנס-אופן גופא.

באַלד האָבען די קאַפּיטאַליסטען אויפגעהערט צו געבען אַרבייט אַהיים. נאָר זיי האָבען צונויפגעקליבען די אַרבייטער אין זייערע אייגענע וואַרשטאַטען, וואו די קאַפּיטאַליסטען האָבען געקענט

*) הויז אינדוסטריע רופט זיך די אינדוסטריע, וואו דער ארבייטער ארבייט ביי זיך אין הויז, אָבער ניט פאַר דעם אייגענעם געברויך, אדער אויף צופערקויפען, נאר פאַר דעם קאפיטאליסט, וועלכעם גיט דעם ארבייטער רויהע מאטעריאלען, און אמאל געהערען אויך די ווערקצייג דעם קאפיטאליסט.

בעסער אלטונג געבען אויף די ארבייטער און אונטערטרייבען זיי. דערמיט איז ערשט בעשאפען געווארען דער יסוד פונ'ם עלטען אינדוסטריעלען קאפיטאליסטישען גרויסבעטריעב, דערמיט איז אבער אויך בעשאפען געווארען דער יסוד צו יענער איבערקעהרעניש אינ'ם גאנצען אופן פון בעטריעב, וועלכע עס קומט פאר פון דאמאלס אן אלץ גיכער און גיכער.

דורכדעם, וואס א סך ארבייטער האבען געארבייט צוזאמען אין איין ווארשטאט, איז מעגליך געווארען די ארבייטס-צוטיילונג אין בעטריעב גופא. כל זמן עס האט געהערשט דער קליין-בעטריעב, האט די ארבייטס-צוטיילונג געפיהרט דערצו, אז די צאהל פון פערשיעדענע ארבייטס-פאכען איז געווארען אלץ מעהר און די מינים פון די פראדוקטען, וואס יעדער איינצעלנער האנדווערקער פלעגט אויסארבייטען, אלץ ווענינער, אבער דאך פלעגט יעדער איינצעלנער אויסארבייטען א גאנצע זאך. די ארבייטס-צוטיילונג אין דער בעקעריי צ. ב. ש. האט געפיהרט דערצו, אז יעדער בעקער האט שוין מעהר ניט געבאקען אלערליי מינים ברויט; א טייל פלעגען באקען נאר ווייס ברויט, אנדערע — נאר שווארץ ברויט. אבער יעדער פון זיי האט פארטיג געמאכט זיין ברויט פון אנהויב ביז'ן סוף. אנדערש איז אבער די ארבייטס-צוטיילונג אין דעם בעטריעב גופא. זי פיהרט דערצו, אז מיט די פערשיעדענע מלאכות, וועלכע זענען נויטיג, אום אויסצוארבייטען איין פראדוקט, בעשעפטיגען זיך פערשיעדענע ארבייטער, און דער פראדוקט געהט איבער פון האנד צו האנד, איידער ער ווערט פארטיג. יעדען איינצעלנעם ארבייטער קומט אויס, אויף אזא אופן, אויסצופיהרען אלץ א קלענערען און אניאיינפאכען טייל פון דער גאנצער ארבייט, און זיין גאנצע בעשעפטיגונג בעשטעהט אין דעם, וואס ער הורט איבער אהן אן אויפהער אלץ די זעלבע איינפאכע ארבייט. א גרויס-בעטריעב, אין וועלכען מען פראדוציערט אויף אזא אופן, ווערט אנגערופען: מאנופאקטור. די רעזולטאטען, די פראדוקטיוויטעט*) פון דעם ארביי-

*) פראדוקטיוויטעט הייסט די פעהיגקייט אויסצוארבייטען אין איינער און דער זעלבען צייט מעהר אדער וועניגער פראדוקטען, ווען מען זאגט צ. ב. אז „די מאשינע האט פארגרעסערט די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט", מיינט מען, אז ארבייטענדיג מיט א מאשינע, קען מען אויסארבייטען אין דער זעלבער צייט מעהר פראדוקטען, ווי אהן דער מאשין.

טער׳ס אַרבייט איז איבערדעם אָהן אַן עק פֿאַרגרעסערט געוואָרען. אָבער נאָך וויכטיגער איז אַן אַנדער ווירקונג פֿון דיעזער אַרבייטס־צוטיילונג. ווען זי האָט זיך אין אַזעלכען עס איז פּראָדוקציאָנס־פֿאַך אַזוי ווייט ענטוויקעלט, אַז די אויסאַרבייטונג פֿון דעם פּראָדוקט איז פֿאַנאַנדערגעפֿאַלען אויף פֿיעל גאָר איינפֿאַכע מלאכות, אַז דער אַרבייטער איז אַראָב ביז צו דער מדרגה פֿון אַ מאַשין, דאַמאָלס איז גאָר ניט שווער געוואָרען צו פֿערבייטען דעם אַרבייטער מיט אַ מאַשין. און דאָס איז טאַקי אויך געשעהן, די ענטוויקלונג פֿון די נאַטור־וויסענשאַפֿטען האָט דערצו שטאַרק געהאָלפֿען; פֿריהער פֿאַר אַלץ, די ענטדעקונג פֿון דער בעוועגענדער קראַפֿט פֿון דאַמפּף; מיט דיעזער ענטדעקונג איז צום ערשטען מאָל בעשאַפֿען געוואָרען אַזאַ טרייב־קראַפֿט, וואָס ווענדט זיך ניט אָן די קאַפּריזען פֿון דער נאַטור און איז דעם מענשען אינגאַנצען אונטערטהעניג.

די איינפֿיהרונג פֿון די מאַשינען אין דער אינדוסטריע — דאָס איז אַ גאַנצע רעוואָלוציאָן אין ווירטשאַפֿטליכען לעבען. דורך איהר האָט דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־בעטריעב אָנגענומען זיין העכסטע און פֿאָלקאָמענסטע פֿאָרמע — די פֿאָרמע פֿון פֿאַבריק. די מאַשין איז געוואָרען פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן דאָס בעסטע געוועהר, וועלכעס האָט שפּיעלענדיג בעזייטיגט אַלץ, וואָס ס׳איז איהר געשטאַנען אויפ׳ן וועג, און וועלכעס האָט געפֿיהרט דערצו, אַז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג איז געוואָרען אַ שטענדיגער, אונאויפֿהערליכער נצחון פֿון קאַפּיטאַל.

אין די זיבעציגער יאָהרען פֿונ׳ם 18־טען יאַהרהונדערט האָט מען ענטדעקט און איינגעפֿיהרט די ערשטע פּראַקטישע מאַשינען אין דער וועבעריי־אינדוסטריע אין ענגלאַנד. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך ענטדעקט די דאַמפּף־מאַשינען. פֿון דאַמאָלס אָן האָט די מאַשין גיך איינגענומען איין אינדוסטריע־צווייג נאָך דער אַנדערער, איין לאַנד נאָכ׳ן אַנדערען. ביז אין די פֿערציגער יאָהרען פֿונ׳ם 19־טען יאַהרהונדערט האָט די קאַפּיטאַליסטישע פֿאַבריק־אינדוסטריע אויסער ענגלאַנד קיין גרויסע ראָליע ניט געשפּיעלט. אין די פֿופֿציגער יאָהרען האָט זי זיך שטאַרק אויפֿגעהויבען אין פֿראַנקרייך; אין די זעכציגער, און איבערהויפּט אין די זיבעציגער יאָהרען, האָט זי פֿאַרנומען די פֿעראייניגטע שטאַטען (אַמעריקאַ), דייטשלאַנד און

עסטרייך. אין די שפּעטערע יאָהרען האָט זי זיך איינגעפּלאַנצט אַפילו אין רוסלאַנד, אין מזרח־אינדיען און אויסטראַליען; זי הויבט שוין אָן זיך צו מאַכען אַ נעסט אויך אין מזרח־אַזיען, אין דרום־אַפריקאַ און אין דרום־אַמעריקאַ. וואָס זענען די גרויסאַרטיגע וועלט־מלוכות פון די פריהערדיגע יאַהרהונדערטען ענטקעגען דער מוראדיג גרויסער מלוכה, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע האָט אונטער זיך אונטערטהעניג געמאַכט?

אין 1837 יאָהר האָבען זיך אין פּרייסען געפונען אין דער אינדוסטריע 423 דאַמפף־מאַשינען פון 7,500 פפערד־קרעפטען.*) אין 1888 איז בלויז די צאָהל פון די דאַמפף־מאַשינען, וואָס שטעהען אויף איין אָרט, שוין דערגאַנגען ביז 47,370. אין דער אינדוסטריע און אין לאַנדווירטשאַפט האָט פּרייסען בענוצט אין 1879 יאָהר 934,884 דאַמפף־פערד־קרעפטען און אין 1897 האָבען זיך שוין דאָרטען געפונען 2,881,799.

די אַרבייט, וואָס אַלע דאַמפף־מאַשינען, וועלכע געפינען זיך אויף דער גאַנצער וועלט, טהוען אויף, האָט מען מיט 10 יאָהר צוריק געשאַצט — גלייך צו דער אַרבייט פון 200 מיליאָן פערד אָדער פון טויזענד מיליאָנען מענשען!

איבער דער דאַמפף־מאַשין קומען פאָר שטענדיגע פערענדערונגען און אומבייטונגען אין'ם פּראָדוקציאָנס־אופן. די ענטדעקונגען און ערפינדונגען געהען איינע נאָך דער אַנדערע. פון איין זייט פערנעהמט די מאַשין אַלץ געביטען, וואָס האָט ביז אַהער נאָך געהערט דער האַנד־אַרבייט, פון דער צווייטער זייט ווערען יעדען טאָג אין די אינדוסטריע־צווייגען, וואו עס הערשט שוין די פאַבריק־סיסטעם, די אַלטע מאַשינען פערביטען מיט נייע, וועלכע אַרבייטען גיכער און בעסער; נאָך מעהר, אָפט טרעפט זיך, אַז דורך אַ נייע ערפינדונג ווערען מיט אַמאָל געשאַפען גאַנצע נייע אינדוסטריע־צווייגען און אַלטע ווערען פערמשפּט צום טויט.

מיט דרייסיג יאָהר צוריק האָט שוין אַנאַרבייטער אויף דער שפּינמאַשין אויסגעאַרבייט הונדערט מאָל מעהר, איידער אַ האַנד־שפּי־

*) א פפערד-קראפט—די קראפט, וועלכע קען אין איין סעקונדע אויפהויבען 75 קילאָגראם (אַ קילאָגראם איז עטוואס ווענינער ווי 1/2 2 ארשין) הויך.

נערין, נאר דאמאלס האט א מאשין געקענט טרייבען העכסטענס 500 שפינדלען, איצט אבער קען א מאשין בעזארגען ביז 1270 שפינדלען; אין דער צייט ווען דאמאלס האט זיך א שפינדעל אומגעדרעהט העכסטענס 8,000 מאל אין א מינוט, פערגרעסערען די נייעסטע מאשינען די צאהל פון די אומדרעהונגען ביז צו 11,000. און ווי אין דער אינדוסטריע-צווייג, אזוי געהט עס אויך אין הונדערטער אנדערע.

וואס פאר א בעדייטונג קען נאך דערביי האבען דער קליינבעטריעב פון האנדווערק?

דער קאפיטאליסטישער בעטריעב שטעהט בעסער פאר דעם האנדווערקער-בעטריעב, אפילו ווען ער געפינט זיך אויף זיין נידריגסטער מדרגה, וואו דאס קאפיטאל עקספלואטירט די הויז-אינדוסטריע. מיר רעדען שוין ניט וועגען דעם, וואס די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן האט געמאכט דעם ארבייטער פאר א ספעציאליסט נאר אין איין פאך און, דורך דעם גופא, פערגרעסערט די פראדוקטיוויטעט פון זיין ארבייט. פיעל וויכטיגער איז דאס, וואס דער קאפיטאליסט געפינט זיך, אלס סוחר, אין א בעסערע לאגע, איידער דער האנדווערקער. ער קויפט מיט אמאל גרויסע מאסען רויהע מאטעריאלען און אנדערע פראדוקציאנס-מיטלען; ער ווייסט א סך בעסער פאר'ן האנדווערקער, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן מארק, און קען בעסער אפטרעפען די צייט, ווען מען קען ביליג קויפען און טהייער פערקויפען, אויך האט ער די מיטלען אבצווארטען ביז צו יענער צייט. שוין דורכדעם שטעהט דער קאפיטאליסט אויף אזוי פיעל בעסער פאר'ן האנדווערקער, אז ער, דער האנדווערקער, קען ניט אויסהאלטען די קאנקורענץ אפילו פון דער הויז-אינדוסטריע אין אלע יענע געביטען, וואו מען פראדוציערט גרויסע מאסען סחורות, וואו מען פראדוציערט אויף מסחר, אפילו אין יענע אינדוסטריע-צווייגען, וואו עס הערשט נאך יעצט נאר די האנד-ארבייט, מיט וועלכער דער ארבייטער בעשעפטיגט זיך ביי זיך אין דער היים, הערט אויף דער ארבייטער צו זיין זעלבסטשטענדיג, ווייבאלד נאר דיזע אינדוסטריע-צווייגען ארבייטען פאר'ן עקספארט. מאכען א האנדווערק פאר אן עקספארט-אינדוסטריע, הייסט דאס — פערניכטען דאס האנדווערק, מאכען עס פאר א הויז-אינדוסטריע, וועלכע ווערט עקספלואטירט דורכ'ן קאפיטאל. מען זעהט, וואס פאר א חכמים עס זיינען יענע „סאציאל-רעפארמער", וועלכע ווילען ראטעווען א האנד-

ווערק, וואָס האַלט אין פֿאַלען, דורך דעם, וואָס זיי פֿערגרעסערען פֿאַר איהם דעם מאַרק אויף אָבצוזעצען זיינע פּראָדוקטען.

מיר זעהען, אַז די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן איז שוין פֿון אָנהויב אָן, ווען זי איז נאָך געווען גאַנץ איינפֿאַך, געשטאַנען בעסער פֿאַר'ן האַנדווערק אויף אַלע יענע געביטען, וואו מען פּראָדוצירט סחורות אין גרויסע מאַסען. די מאַשין האָט מוראדיג אויפֿגעהויבען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן ענטקעגען דעם האַנדווערק.

דאָס זעלבסטשטענדיגע האַנדווערק, דאָס האַנדווערק, וואָס ווערט ניט עקספּלואַטירט דורכ'ן קאַפּיטאַל, קען זיך איינהאַלטען נאָר אויף יענע אַרבייטס-צווייגען, וואו מען פּראָדוצירט סחורות ניט מאַסענווייז, נאָר פֿאַר איינצעלנע קויפֿער, וואו דער מאַרק איז נאָך זעהר בעגרענעצט.

אָבער די מאַשין האָט געמאַכט אַנ'איבערקעהרעניש ניט נאָר אין דער אינדוסטריע, נאָר אויך אין די פֿערקעהרס-מיטלען,*) די דאַמפּף-שיפֿען און די אייזענבאַהנען מאַכען אַלץ ביליגער דעם טראַנספּאָרט פֿון סחורות, פֿערבינדען אַלץ מעהר די ווייטערסטע ערטער, און אויך די ערטער, צו וועלכע ביז אַהער איז גאָר קיין צוטריט ניט געווען, מיט די אינדוסטריעלע לענדער, און פֿערגרעסערען פֿון טאָג צו טאָג דעם מאַרק אויף אָבצוזעצען סחורות, ערשט דורכדעם בעקומט די מאַשין די מעגליכקייט צו בעווייזען איהר גאַנצע מאַכט אין דער אינדוסטריע. די מוראדיגע פֿערגרעסערונג פֿון דער פּראָדוקציאָן, וועלכע די איינפֿיהרונג פֿון דער מאַשין האָט אַרויסגערופֿען, האָט פֿערלאַנגט, אַז אין דעם זעלבען ערך זאָל אויך וואַקסען דער מאַרק, וואו מען זאָל קענען אָבזעצען די מאַסען סחורות.

אין דעם זעלבען ערך, ווי די פֿערקעהרס-מיטלען פֿערברייטערען זיך און ווערען פֿאָלקאָמענער, אין דעם זעלבען ערך, ווי דער מאַרק פֿערברייטערט זיך פֿאַר די איינצעלנע אינדוסטריע-צווייגען — אין דעם זעלבען ערך ווערט ענגער דאָס געביט פֿון דעם האַנדווערק. די גאָלדענע צייט פֿאַר'ן האַנדווערק קען זיך נאָך איינהאַלטען, זי איז שוין זעהר אַקליינע און ווערט פֿאַר אונזערע אוי-

---

*) פֿערקעהרסמיטלען—מיטלען דורך וועלכע מען קען פֿיהרען מענשען און סחורות און דורך וועלכע מענשען קענען זיך צונויפֿרעדען, ווי צ. ב. אייזענבאהנען, שיפֿען, פּאסט, טעלעגראַף, טעלעפֿאָן א. ז. וו.

גען נאָך קלענער. דאָס קאַפּיטאַל הערשט, און די טעג פֿונ'ם האַנדווערק, וואָס איז ניט אָבהענגיג פֿונ'ם קאַפּיטאַל, זיינען געצעהלטע.

וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דעם האַנדווערק, איז אויך ריכטיג בנוגע דעם זעלבסטשטענדיגען בויערליכען קליין־בעטריעב. וואָס מען האָט אָנגעהויבען צו פּראָדוציערען אין דער לאַנדווירטשאַפֿט הויפּטזעכליך סחורות, ד. ה. ניט פֿאַר דעם אייגענעם געברויך, נאָר דער עיקר אויף צו פֿערקויפֿען, דאָרטען שטעהט פֿון אָנהויב אָן דער גרויס־בעטריעב, אפילו ווען ער וואָלט ניט פֿערגרעסערען די פּראָדוקטיוויטעט פֿון דער אַרבייט, בעסער פֿאַר'ן קליין־בעטריעב, פּונקט ווי דער קאַפּיטאַליסט שטעהט אומעטום בעסער פֿאַר'ן האַנדווערקער: ער ווייסט בעסער, וואָס עס טהוט זיך אויפֿ'ן מאַרק, און האָט מעהר דעה אויף איהם. די גרויסע פּריצים, וועלכע האָבען קאַפּיטאַל אָדער זייערע פֿעלטער (אַרענדאַטאָרען), קענען אויספֿיהרען, אַז אין זייער בעטריעב זאָל אויך די אַרבייט זיין פּראָדוקטיווער, איידער אין דעם בויערליכען בעטריעב. זיי קענען זיך פֿערשאַפֿען בעסערע ווערקצייג, בעסערע בהמות, בעסערע זריעה, זיי קענען אויך בעסער בעמיסטיגען די ערד א. ז. וו. ענדליך הויבט די מאַשין אויך אויף דיזען געביעט זעהר שטאַרק דעם גרויס־בעטריעב ענטקעגען דעם קליין־בעטריעב.

אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, האַלט זיך נאָך איצט אויך דער קליינער בויער און ווערט ניט גיך פֿערשוואונדען; די אורזאַכען דערפֿון ליעגען אָבער ניט אין דעם, וואָס די טעכניק פֿון זיין ווירטשאַפֿט האָט בעסערע מעלות. די וויכטיגסטע פֿון דיזע אורזאַכען בעשטעהען דערינען, וואָס אין די דערפֿער פֿערקלענערט זיך די צאָהל פֿון די לוין־אַרבייטער. די לאַנד־אַרבייטער האַלטען פֿאַר בעסער צו אַרבייטען אין דער אינדוסטריע, זיי וואַרפֿען אַוועק די לאַנדווירטשאַפֿט. אָבער ווי פֿאָלקאָמען עס זאָל ניט זיין די טעכניק, איז אָן אַרבייטער דאָך אונמעגליך צו פֿיהרען אַ בעטריעב. און פֿון דעם היזק אין מענשען לײַדען די גרויסע לאַנדווירטשאַפֿטליכע בעטריעבען פֿיעל מעהרער, איידער די קליינע. נאָך אַנ'אַנדערע אורזאַכע, וועלכע דריקט מעהרער די גרויסע לאַנדווירטשאַפֿטליכע בעטריעבען, איידער די קליינע, איז די קאָנקורענץ פֿון די לענדער, וועלכע זיינען מעבר־לים (אַמעריקאַ, אויסטראַליען, אינדיען). דער בויער פּראָדוציערט נאָך איצט אויך דאָס רוב פֿאַר'ן אייגענעם געברויך.

און ניט פֿאַר'ן מאַרק; דער גרויסער גוטסבעזיצער פּראָדוציערט כמעט נאָר פֿאַר'ן מאַרק; דעריבער, ווען די מקחים פֿאַלען, איז דאָס איהם מעהר נוגע, ווי דעם בויער. צום סוף וועלען מיר בעמערקען, אַז אין דער לאַנדווירטשאַפֿט האָט דער גרויסער בעטריעב טעכנישע מעלות ענטקעגען דעם קליין־בעטריעב דער עיקר נאָר אויף דעם גע־ביעט פֿון תבואות; אויף דיעזען געביעט לײדט מען אָבער מעהר אײדער אומעטום פֿון דער קאָנקורענץ פֿון די לענדער, וועלכע זע־גען מעבר לים.

די דאָזיגע סבות האָבען אין די לעצטע צוואַנציג יאָהר גע־ווירקט אַזוי, דאָס אין מערב־אײראָפּאַ האָט אויפֿגעהערט צו פֿאַלען דער בויערליכער בעטריעב. אָבער דער אונטערגאַנג פֿון דער זעלבסט־שטענדיגער בויערליכער ווירטשאַפֿט האָט דורכדעם איצט אָנגענומען נאָר אַנדערע פֿאָרמען, ווי אין דער אינדוסטריע.

אײנע פֿון די סבות, וועלכע האַלטען אונטער די בויערען, איז דאָס, וואָס זיי פּראָדוציערען פֿאַר דעם אײגענעם געברויך. אָבער דיעזע פּראָדוקציאָן ווערט אַלץ מעהר בעגרענצט דורכדעם, וואָס דער בויער דאַרף אַלץ מעהר מזומנ'ע געלד; די פּאָדאַטקעס וואַקסען, און די פֿאָרטשריטע פֿון דער טעכניק צווינגען דעם בויער זיך אײנ־צוקויפֿען מאַשינען, קינסטליכע מיטלען צו בעמיסטיגען די ערד א. ד. ג. און דאָס אַלץ צווינגט די בויערען צו מאַכען הובות. נאָך מעהר ווערען זיי דערצו געצוואונגען, ווען די ערד געהט־איבער פֿון אײן האַנד צו דער אַנדערער בײַ אַ ירושה און בײַם קויפֿען.

די הכנסה, וואָס דער בויער האָט פֿון זײַן ווירטשאַפֿט, קלעקט איהם אַלץ וועניגער אויף דער הוצאה, ער מוז זיך וואַרפֿען אויף אַ זײַטיגע פּרנסה: אויף לוין־אַרבײַט אין וואַלד, אין דער אינדוסטריע, אין די שאַכטען, אָדער ער לאָזט זיך אויף דער וועלט זוכען פֿאַר זיך אַנ'אַרבײַט. אַנדערע, רײַכע בויערען, סטאַרען זיך אויסצושלאָ־גען דאָס, וואָס זיי פֿעהלט אויס פֿון זייער ערד צו דער הוצאה, פֿון דעם, וואָס זיי גרינדען בשותפות אינדוסטריען — קעזערייען, צו־קער־פֿאַבריקען א. ד. ג. אָבער דאָ, אויף דיעזען געביעט, טרעפֿען זיי זיך אָבער וויעדער מיט דעם אַלטען כלל, אַז דער גרויס־בע־טריעב שטעהט בעסער פֿאַר'ן קליין־בעטריעב. גאַנץ אָפֿט נוצט אָבער דאָס אַלץ גאָר נישט, ווײַל דער יונגער דור פֿון דער בויער־ליכער בעפֿעלקערונג ציהט זיך אויך צו דער אינדוסטריע, ער ענט־

לויפט אויך פון דער לאנדווירטשאפט, פונקט ווי די לוין-ארבייטער.

דאס רעזולטאט איז, אז עס ווערט פערשוואונדען די זעלבסט-שטענדיגע בויערליכע ווירטשאפט אפילו דארטען, וואו עס זענען נישטא קיין גרויסע לאנדווירטשאפטליכע בעטריעבען, וועלכע זאלען איהר ארויסשטופען. דער קליינער בויער ווערט א בעל-חוב, ער ווערט, בלייבענדיג ביי זיין אייגענס, א לוין-ארבייטער, אדער ער מוז ליפערען זיינע פראדוקטען פאר דער גרויס-אינדוסטריע און צום סוף צולויפען זיך פון איהם זיינע קינדער אין שטאדט אריין.

אין דעם משך פון 1882 ביז 1895-טען יאהר האט זיך אין דייטשלאנד פערקלענערט; די בעפעלקערונג, וועלכע לעבט פון דער לאנדווירטשאפט, אויף 724,218 מענשען, די צאהל פון די לאנד-ווירטשאפטליכע לוין-ארבייטער — אויף 262,025, אין דער צייט, ווען די גאנצע בעפעלקערונג בכלל האט זיך פערגרעסערט אויף $6^1/_2$ מיליאן. די צאהל מענשען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט לאנדווירטשאפט.

---

## II.

# דאס פראלעטאריאט.

### 1. די פראלעטאריער און די האנדווערקס-געזעלען.

מיר האבען שוין אין פאריגען קאפיטעל געזעהן, אז די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן פון סחורות איז נאר דאמאלס מעגליך, ווען עס געפינען זיך שוין ארבייטער, וואס פערמאגען ניט אליין קיין אייגענער פראדוקציאנס-מיטלען. אין דעם קאפיטאליסטישען גרויס-בעטריעב זעהען מיר אויף איין זייט דעם קאפיטאליסט, דעם בעל-הבית פון די ארבייטס-מיטלען, וועלכער ארבייט אליין גאר ניט אין דער פראדוקציאן, און אויף דער אנדערער זייט — די **געדונגענע ארבייטער**, די **פראלעטאריער**, וועלכע פערמאגען אליין גאר ניט,

לויפט אויך פון לאַנדווירטשאַפט גלייך ווי די לוין־אַרבייטער.

דאָס רעזולטאַט איז, אַז עס ווערט פערשוואונדען די זעלבסט־שטענדיגע פויערליכע לאַנדווירטשאַפט אפילו דאָרטען, וואו עס זענען נישטאָ קיין גרויסע לאַנדווירטשאַפטליכע בעטריעבען, וועלכע זאָלען איהר אַרויסשטופּען. דער קליינער פויער ווערט אַ בעל־חוב, ער ווערט, בלייבענדיג ביי זיין אייגענס, אַ לוין־אַרבייטער, אָדער ער מוז ליפערן זיינע פּראָדוקטען פאַר דער גרויס־אינדוסטריע, און לסוף צולויפען זיך פון איהם זיינע קינדער אין שטאָדט אַריין.

אין דעם משך פון 1882 ביז 1895־טען יאָהר האָט זיך אין דייטשלאַנד פערקלענערט די בעפעלקערונג, וועלכע לעבט פון דער לאַנדווירטשאַפט אויף 724,218 מענשען, די צאָהל פון די לאַנדווירטשאַפטליכע לוין־אַרבייטער אויף 264,025, אין דער צייט, ווען די גאַנצע בעפעלקערונג בכלל האָט זיך פערגרעסערט אויף $6^1/^2$ מיליאָן. די צאָהל מענשען וואָס בעשעפטיגט זיך אין דער לאַנדווירטשאַפט איז אין 1895 יאָהר געווען כמעט אַזוי גרויס, ווי די צאָהל פון די, וועלכע זענען פערנומען אין דער אינדוסטריע 8,300,000 מענשען, ווען מיר טהיילען זיי אָבער פאַנאַנדער נאָך זייער עלטער נאָך אין איינצעלנע גרופּען, דאַמאָלסט זעהען מיר, אַז זיי זענען זעהר פערשיעדען אין דער לאַנדווירטשאַפט און אין דער אינדוסטריע. עס זענען געווען בעשעפטיגט:

| אין עלטער פון: | 20 30 יאָהר | 40-30 יאָהר | 60-50 יאָהר | 70-60 יאָהר | איבער 70 יאָהר |
|---|---|---|---|---|---|
| אין לאַנדווירטשאַפט: | 1,761,104 | 1,347,206 | 1,149,404 | 702,268 | 251,685 |
| אין אינדוסטריע: | 2,321,139 | 1,750,933 | 759,403 | 336,256 | 98,282 |
| אין לאַנדווירטשאַפט האָבען זיך געפונען מעהר (+) אָדער וועניגער (—) אידער אין דער אינדוסטריע, מיט: | —560,035 | —403,727 | +390,001 | +366,012 | +153,403 |

מען זעהט, אַז די יוגענד ציהט זיך צו דער אינדוסטריע. זי לאָזט איבער די פויערליכע לאַנדווירטשאַפט, וואָס האַלט אין פאַלען, פאַר די אַלטע.

דער אונטערגאַנג פון דעם קליינבעטריעב אין דער אינדוסטריע איז פיעל איינפאַכער און קענטיגער, איידער אין דער לאַנד־

ווירטשאַפט. די לעצטע סטאַטיסטיק פון דייטשלאַנד בעווייזט עס קלאָר. אין דעם משך פון 1882 ביז 1895־טען יאָהר האָט זיך דאָרטען פערקלענערט די צאָהל פון די קליינ־בעטריעבען (וואו עס זענען בעשעפ־טיגט פון 1—5 פערזאָנען) אין דער אינדוסטריע, אין דעם בערג־בוי און בוי־אַרבייט אויף 186,285 (8,6%). די צאָהל פון די מיטעלע בעטריע־בען (פון 5—50 פערזאָנען) האָט זיך, פערקעהרט, פערגרעסערט אויף 54,458 (64%), פון די גרויסע בעטריעבען מיט מעהר אַלס 50 פערזאָנען — אויף 8460 (89,3%).

די צאָהל פון די פערזאָנען, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט אין די דאָזיגע פראָדוקציאָנס־צווייגען, האָט בעטראָפען:

| | אין קליינבעטריע־בען | | אין מיטעלע בעטריעבען | | אין גרויסע בעטריעבען | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אַבסאָלוט | אין פראָ־צענטען | אַבסאָלוט | אין פראָ־צענטען | אַבסאָלוט | אין פראָ־צענטען |
| אין 1882 יאָהר | 3,270,404 | 55,1% | 1,109,128 | 18,6% | 1,554,121 | 26,3% |
| אין 1895 „ | 3,190,125 | 39,9% | 1,902,049 | 23,8% | 2,907,329 | 36,3% |
| פאַרגרעסערט (+) אָדער פאַרקלע־נערט (—) אויף: | (—) 79,279 | (—) 15,2% | (+) 729,921 | (+) 5,2% | (+) 1,353,208 | (+) 10% |

אָט די ציפער גיבען אַ גאַנץ קלאָרען בילד. זיי וואַרפען זיך נאָך מעהר אין די אויגען, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז זיי בעווייזען נאָר, ווי עס האָט זיך אומגעביטען די צאָהל פון די, וואָס זענען בעשעפ־טיגט אין קליינ־בעטריעבען בכלל, און טהיילען ניט אָב די זעלבסט־שטענדיגע האַנד־ווערקער פון די, וועלכע ווערען עקספּלאָאַטירט דורך דעם קאַפּיטאַל אין דער הויז־אינדוסטריע. די קליינ־בעטריעבען לעבען אָבער פריהער איבער אַ לאַנגע געשיכטע פון ליידען און צרות און ערשט דאַמאָלסט פערשווינדען זיי אין גאַנצען. זייער פערשווינדען איז נאָר דער לעצטער אַקט פון אַ דראַמאַ, וואָס געדויערט גאַנץ לאַנג.

אַ ביישפּיעל וועט עס קלאָר מאַכען. די קאָנקורענץ פון די מאַשינ־וועבעריי, דער עיקר פון דער ענגלישער, האָט שוין אין די 40־סטע יאָהרען פון 19־טען יאָהרהונדערט אויף אַזוי פיעל פערערגערט די לאַגע פון די האַנד־וועבער אין דייטשלאַנד, אַז זייער עלענד איז גע־וואָרען אַ שפּריכוואָרט און האָט אַרויסגערופען הונגער־בונטען. און יעצט? לויט די ציפער, וועלכע די אונטערנעהמער האָבען אָנגעגעבען, האָבען זיך אין 1882־טען יאָהר אין דייטשלאַנד געפונען 247,561 וועבער, וועלכע

אַרבּייטען אין דער הויז־אינדוסטריע. דאָס איז מעהר אַלס אַ העלפט פון אַלע וועבער. אין גאַנצען האָבּען זיך דאַן געפינען אין דייטשלאַנד 487,420 וועבער. פון דאַמאָלסט אָן איז די הויז־וועבעריי זעהר שנעל געפאַלען; און דאָך האָבּען זיך נאָך אין 1895 יאָהר געפונען 166,389 וועבער, וועלכע זענען בעשעפטיגט אין דער הויז־אינדוסטריע. פונדעסטוועגען וועט דאָך קיינעם ניט איינפאַלען צו ברייגנען דערפון אַ ראיה, אַז האַנד־וועבעריי האָט נאָך וועלכע עס איז האָפנונג אין צוקונפט, אַז איהר אונטערגאַנג מוז נישט קומען מיט דער נאַטור. אין ענגלאַנד איז שוין לאַנג געשטאָרבּען פון הונגער דער לעצטער האַנד־וועבער. אין דייטשלאַנד זענען שוין אויך די טעג פון די האַנד־וועבער געצעהלטע. ווען נישט קוקענדיג דערויף, געפינען זיך נאָך אַזוי פילע האַנד־וועבער, בעווייזט עס נישט, אַז דער קליין־בעטריעב קען נישט אויסהאַלטען די קאָנקורענץ; עס בעווייזט נאָר, אַז דער האַנד־וועבער קען אַ סך הונגערן.

ווען דער קליין־בעטריעב פערשווינדעט אין גאַנצען — איז דאָס נישט דער ערשטער, נאָר דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע, וועלכע רופט זיך אָן „דער אונטערגאַנג פון דעם קליין־בעטריעב". די קאָנקורענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן ווירקט צו ערשט אַזוי, אַז דער האַנדווערקער — און וואָס עס גילט וועגען דעם האַנד־ווערקער, גילט אויך וועגען דעם בויער — לייגט צו ביסלעכווייז אַלץ, וואָס ער אָדער זיינע עלטערן האָבּען אָנגעלעגט דורך זייער פליים. דער קליינער מענש ווערט פעראָרעמט. ער ראַנגעלט זיך מיט דעם דלות, ער הויבּט אָן פלייסיגער צו אַרבּייטען. ער אַרבּייט ביז שפּעט אין דער נאַכט, ער זעצט אַ וועק אויף דער אַרבּייט דאָס ווייב מיט די קינדער, און די ערוואַקסענע פועלים, וועלכע מען מוז צאָהלען טייער, פערבּייט ער מיט די ביליגערע לעהרען־יונגלעך און זייער צאָהל ווערט אָן אַנ'ערך פערמעהרט. און אין דער צייט ווערט דער אַרבּייטס־טאָג פערלענגערט. און מען הויבּט אָן צו אַרבּייטען משוגעדיג גיך און אָהן אַנ'אויפהער, ניט אָבּרוהענדיג אַ רגע, דאָס עסען ווערט אַלץ ערגער, און עס ווערט פערקלענערט די הוצאה אויף דירה און קליידונג.

עס איז נישטאָ קיין ביטערערעס און עלענדערעס לעבּען, ווי דאָס לעבּען פון דעם בעזיצער פון אַ קליין־בעטריעב, אָדער פון דעם קליינעם פויער, וועלכע קעמפּפען מיט דער קאָנקורענץ פון דעם גרויס־בעטריעב.

נישט אומזיסט זאָגט מען, אַז דעם לוין־אַרבּייטער איז יעצט בּעסער אַלס דעם קליינעם פּויער און דעם קליין־מייסטער. דערמיט וויל מען בּעהויפּטען, אַז די אַרבּייטער האָבּען ניט קיין רעכט אונצופריעדען צו זיין. מען ציעלט זיך דערמיט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, מען טרעפט אָבּער נישט זי, נאָר דאָס פּריוואַט־אייגענטהום. אין אמת'ן, ווען די האַנד־ווערקער פון קליין־בּעטריעבּ, וואָס האַבּען אייגענטהום, לעבּען ערגער, איידער די אַרבּייטער, וואָס האָבּען איהם נישט, היינט וואָס פאַר אַ ווערט האָט נאָך פאַר זיי דאָס אייגענטהום? דאָס אייגענטהום העלפט זיי אויף צו נוטצען; עס הויבּט אָן זיי צו שאַדען. ווען צ. בּ. דער הויז־וועבּער האַלט זיך פאַר זיין בּעטריעבּ, פון וועלכען ער ציהט מיט מאַטערניש זיין הונגער, האָטש ער וואָלט בּעקומען אויפ'ן פאַבּריק מעהר פערדינען, טהוט ער עס נאָר דערפאַר, וויל ער האָט אַ שטיקעל אייגענטהום, אַ שטיבּעל מיט עטליכע איילען ערד אויף קאַרטאָפעל, און דאָס אייגענטהום וואָלט ער לאָזען אויף הפקר, ווען ער וואָלט וואַרפען זיין בּעטריעבּ. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס דער קליינער מענש האָט אין אייגענס, האָבּען אויפגעהערט, ווי פריהער צו שיצען איהם פון עלענד. פאַר איהם האָט דאָס פּריוואַט־אייגענטהום בּעקראָגען פונקט אַ פערקעהרטע בּעדייטונג. וואָס מיט הונדערט יאָהרען צוריק איז געווען אַ בּרכה פאַר'ן האַנדווערקער און פּויער, איז יעצט געוואָרען פאַר זיי אַ קללה.

אָבּער, ווען מען איז זאָגען, פאַר דעם גרעסערן עלענד, קויפט זיך דאָך דער פּויער און דער האַנדווערקער גרעסערע זעלבּסט־שטענדיגקייט און פרייהייט, ווי עס האָט דער לוינאַרבּייטער, דער פּראָלעטאַריער. אויך דאָס איז פאַלש. וואו דער קליין־בּעטריעבּ האָט צו קאָנקורירען מיט דעם גרויס־בּעטריעבּ, דאָרטען ווערט ער זעהר געשווינד אין גאַנצען אָבּהענגיג פון איהם. דער האַנדווערקער ווערט אַן אַרבּייטער פון דער הויז־אינדוסטריע, וועלכער האָרעוועט אויפ'ן קאַפּיטאַליסט. זיין היים ווערט אַן אָבּטהיילונג פון דער פאַבּריק; אָדער ער ווערט אַנ'אַגענט פון דעם קאַפּיטאַליסט, אַ פערקויפער פון פאַבּריק־סחורות און דערבּיי העלפט ער אויף צו אַרבּייטען אַליין נייע סחורות און פערדינט נאָר אַלטע. אַזוי צי אַזוי, אין בּיידע פאַלען איז ער אין גאַנצען אָבּהענגיג פון דעם קאַפּיטאַליסט. און דער פּויער, וואָס קען נישט בּעשטעהן אין קאַמפּף מיט דער קאָנקורענץ פון דעם לאַנדווירטשאַפטליכען גרויס־בּעטריעבּ, וואַרפט זיך אויך, אָדער צו דער הויז־

אַ טאָג־אַרבייטער בײַ דעם גרױסען גוטס־בעזיצער. וואָס בלײַבט דאָ נאָך פון זײַן אונאַבהענגיגקײַט און פרײַהײַט? זײַן אייגענס — דאָס איז דער איינציגער אונטערשייד צווישען איהם און דעם פּראָלעטאַריער, אָבער גראָד אָט דער דאָזיגער אייגענס שטערט איהם צו געפינען זיך בעסערע אַרבייטס־בעדינגונגען, שמידט איהם צו צו איין שטיקעל ערד און מאַכט איהם פיעל מעהר אָבהענגיג ווי דעם אָרעמען לוין־אַרבייטער וואָס האָט גאָר קיין אייגענס נישט. דאָס פּריוואַט־אייגענטום פערמעהרט אויף אַזאַ אופן נישט נאָר די אָרעמקײַט, נאָר אויך די אָבהענגיגקײַט פון דעם קליינעם מענשען. אויך אין דעם פּונקט האָט דאָס פּריוואַט־אייגענטום בעקומען אַ פערקעהרטע בעדײַטונג. דאָס פּריוואַט־אייגענטום, וועלכע איז פריהער געווען אַ שוץ פאַר פרײַהײַט, איז יעצט געוואָרען אַ מיטעל צו פערקנעכטונג.

אָבער, זאָגט מען, דאָס פּריוואַט־אייגענטום זיכערט דאָך דעם האַנדווערקער און דעם בויער, אַז די פּראָדוקטען, וואָס זיי אַרבייטען אויס זאָלען געהערען זיי אַליין. דאָס איז אָבער אַ שוואַכע טרייסט, ווען דער ווערט פון אַזוינע פּראָדוקטען איז אַזוי געפאַלען, אַז ער קלעקט נישט אויף צו בעפריעדיגען די בעדערפניסען פון דעם פּראָדוצענטען (דער, ווער עס אַרבייט אויס די פּראָדוקטען) און פון זײַן פאַמיליע. אָבער אַפילו אָט דער שוואַכער טרייסט איז אויך נישט ריכטיג. פריהער פאַר אַליץ גילט ער נישט פאַר יענע גרויסע מהנה, וועלכע מוז זיך וואַרפען צו דער הויז־אינדוסטריע אָדער פערדינגען זיך פאַר שכירות, כדי צו האָבען פון וואָס צו לעבען. ער גילט אָבער אויך נישט פאַר דאָס רוב פון יענע קליינע בויערן און האַנדווערקער, וועלכע האָבען ביז אַהער געהאַט דאָס גליק אין גאַנצען צו פערהיטען זייער זעלבסטשטענדיגקײַט. ער גילט נישט פאַר יענע וועלכע האָבען אויף זיך הובות. דער מלוה, בײַ וועלכען דער בויער האָט פערזעצט זײַנע ערד, איז מעהר בעל־הבית אויף די פּראָדוקטען פון דעם בויער'ס אַרבייט, ווי דער בויער זעלבסט. צוערשט מוז דער מלוה בעפרידיגט ווערען; וואָס ער לאָזט איבער דאָס געהערט צום בויער; אָבער צי וועט אָט די רעשט קלעקען דעם בויער און זײַן געזינד אויף הוצאה, דאָס קימערט נישט דעם מלוה. דער בויער און דער האַנדווערקער אַרבייטען אויף דעם קאַפּיטאַליסט אַזוי גוט, ווי דער לוין־אַרבייטער. דער אונטערשייד, וועלכען דאָס פּריוואַט־אייגענטום מאַכט אין דעם פּרט צווישען די אַרבייטער, וואָס האָבען און וואָס האָבען נישט קיין אייגענטום, בעשטעהט נאָר דערין, וואָס די שכירות פון דעם פּראָלעטאַריער קענען בכלל נישט זײַן

קלענער ווי איהם איז נויטיג צו בעפריעדיגען די בעדערפניסען, צו וועלכע ער איז געוואוינט, אָבער פאַר דער הכנסה פון די אַרבייטער, וואָס האָבען אַליין אייגענס, עקסיסטירט נישט אַזאַ גרעניץ. עס קען אַמאָל פאָרקומען, אַז דער מלוה זאָל צונעהמען די פראָדוקטען פון זייער אַרבייט איינגאַנצען פאַר פראָצענט און זיי אַרבייטען אויף אַזאַ אופן, גאָר אומזיסט — דאָס האָבען זיי צו דאַנקען דעם פריוואַט-אייגענטום.*)

וואָס קומט אָבער אַרויס פון דעם ביטערען ראַנגלען זיך מיט דער מעכטיגער קאָנקורענץ פון דעם גרויס-בעטריעב? וואָס ווערט בעקומען דער האַנדווערקער און דער בויער פאַר זיין „שפּאַרזאַמקייט" און פאַר זיין „פלייס" ד. ה. דערפאַר, וואָס ער מאַכט זיך און זיין ווייב און זיינע קינדער פאַר אמת'ע קנעכט, פערדאַרבט דעם קערפּער און דעם גייסט? דער שכר דערפאַר איז דער באַנקראָט, דאָס בלייבען גאָר אָהן אייגענס (עקספּראָפּריאַציאָן, ווי מען רופט עס געוועהנליך אָן), דאָס פערליערען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, דאָס פערזינקען אין פּראָלעטאַריאַט.

דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, וועלכען מען קען נישט פערמיידען, אַקוראַט ווי דעם טויט. און ווי דער, וואָס ליעגט אין אַ שווערער קרינק, קוקט אויפ'ן טויט, ווי אויף אַ גאולה, אַזוי פיהלט אויך ביי די איצטיגע בעדינגונגען זעהר אָפט דער קלענערער מענש, אַז דער באַנקראָט איז פאַר איהם אַ גאולה, אַז ער לייזט איהם אויס פון זיין אייגענס, וועלכע איז פאַר איהם געוואָרען אַ דריקענדע לאַסט.

---

*) ווען עס וואָלטען זיך נאָך געפינען אין פערוואָרפענע געגענדען פויערים אונ האַנדווערקער, וועלכע האָבען אויף זיך קיין חובות, זאָרגען די חובות פון דער מלוכה דערפאַר, אַז אויך זיי זאָלען מחויב זיין צו צאָהלען צינזען דעם קאַפּיטאַל. ווען דער פויער אָדער דער האַנדווערקער איז שולדיג אויף אַ וועקסעל אָדער, ווען ער פער'משכנ'ט די ערד, דאַמאָלסט צאָהלען זיי לכל הפחות צינזען פאַר אַזאַ קאַפּיטאַל, וועלכען זיי האָבען אַליין ערהאַלטען. די שטייערען אָבער, וואָס געהען אויף צו בעצאָהלען צינזען פאַר די חובות פון דער מלוכה — דאָס זיינען צינזען, וועלכע זיי צאָהלען פאַר אַ קאַפּיטאַל, וואָס די מלוכה האָט געליהען, כדי רייך צו מאַכען אויף זייער רעכענונג זייערע קאָנקורענטען און עקספּלואַטאַטאָרען: ליפעראַנטען, בוי-אונטערנעהמער, פאַבריקאַנטען, פריצים א. ד. ג. דער מיליטאַריזמוס און די חובות פון דער מלוכה — דאָס זענען די צוויי קרעפטיגע מיט'ען, דורך וועלכע די איצטיגע מלוכה ציהט אַריין אויך די פערוואָרפענע דערפער אין דעם קרייז פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלאָאַטאַציאָן אונ דורך וועלכע זי פערגיכערט דעם אונטערגאַנג פון דעם האַנדווערק אין דער פויערים-ווירטשאַפט.

די ווייטערע עקסיסטענץ פון דעם קליין-בעטריעב ברייגגט צו אַזאַ שרעקליכער לאַגע, צו אַזאַ עלענד, אַז עס איז אַ פראַגע צו האָט מען איבערהויפּט רעכט אָבצוהאַלטען דעם אונטערגאַנג פון דעם קליין-בעטריעב, ווען דאָס וואָלט ווירקליך מעגליך געווען. דאַרף מען דען בעסער ווינשען, אַז די אַלע, וואָס לעבען פון קליין-בעטריעב זאָלען זיך אַראָב לאָזען ביז צו דער לאַגע פון די האַנדוועבער אין ערצגעבירג, אידער זיי זאָלען ווערען לוין-אַרבייטער אין גרויס-בעטריעבען?

אָבער נאָר דאָס אַליין קען אַרויסקומען, אַז מען זאָל פרובען אויפהאַלטען דעם קליין-בעטריעב, ווייל אין דער צייט פון דאַמפּף און עלעקטריציטעט איז אונמעגליך ווידער צו ברייגגען דאָס האַנדווערק און די קליין-בויערליכע ווירטשאַפט אין אַ בליהענדע לאַגע.

דאָס איז פערשטעהט זיך אַ ביטערער אמת נישט נאָר פאַר די וועלכע ליידען דערפון, נאָר אויך פאַר אַלע, וואָס זענען פעראינטערעסירט, אַז די איצטיגע געזעלשאַפט זאָל האָבען אַ קיום; ווייל דער בויער-און דער האַנדווערקער-שטאַנד זענען פון אַלע מאָל געוועזען די קרעפטיגסטע שטיצען פאַר דעם פּריוואַט-אייגענטום. דערפאַר וויל מען נישט און מען קען נישט גלויבען, אַז אָט די שטיצען, זענען צופוילט געוואָרען און פאַלען איין. די אַלע, וועלכע זענען פעראינטערעסירט אין דער עקספּלואַטאַציאָן פון די אונטערע פאָלקס-שיכטען, אַלזאָ אויך אין דער עקספּלואַטאַציאָן פון די בויערים און האַנדווערקער— די אַלע וועלכע מאַכען אומגליקליך די האַנדווערקער און די בויערים: די פאַבריקאַנטען, די גוטס-בעזיצער א. ז. וו. זענען מיט אַמאָל געוואָרען זייערע גוטע פריינד און זוכען מיט זיי צוזאַמען מיטלען, ווי אויפצוהאַלטען די קליינע ווירטשאַפטען. און וויפיעל שאַרלאַטאַנעס געפינען זיך, וועלכע הערען נישט אויף צו לויבען די מיטלען, וועלכע זיי טראַכטען אויס—, טייערע מיטלען!

עס פערשטעהט זיך, ווען מען קוקט זיך נאָהענט צו דערקיינט מען דאָס רוב אין די דאָזיגע מיטלען, וואָס זיי לייגען פאָר, גאַנץ אַלטע רעצעפּטען, וועלכע האָבען נאָך מיט הונדערט יאָהר, און מעהר ווי הונדערט יאָהר צוריק אַרויסגעוויזען זיך פאַר אוננוצליכע און אפילו שעדליכע, ווי צ. ב. די איינפיהרונג פון די צעכען. אויף וויפיעל מען קען יאָ וואַרטען אויף אַ וועלכע עס איז ווירקונג פון די דאָזיגע רפואות, קען אָט די ווירקונג בעשטעהן דערינען נאָר, וואָס איינינע קליינע האַנדווערקער און בויערים, וואָס געפינען זיך בעזונדערס אין גוטע בעדינגונגען, בעקומען די מעגליכקייט איבערצוגעהען צו אַ העכערער בע=

טריעבס-פאָרם, דאָס הייסט, צו וואַרפען דעם קליין-בעטריעב און צו ווערען קאַפּיטאַליסטען, אַלזאָ קאָנקורענטען, וועלכע פערגיכערען דעם אונטערגאַנג פון זייערע וויינינגער גליקליכערע חברים.

די אַלע „סאָציאַל-רעפאָרמען", די אַלע מיטלען צו ראַטעווען דעם האַנדווערקער און דעם בויערים-שטאַנד, אויב זיי האָבען יאָ עפּעס אַ ווירקונג — זענען זיי גלייך צו אַ לאָטעריע: נאָר איינינגע קענען געווינען אָבער דאָס רוב ציהט אַרויס נאָר פּוסטע נומערען און מוזען בעצאָהלען נישט בלויז, וואָס עס בעקומען די גליקליכע, נאָר אויך אַליך, וואָס עס קאָסט די גאַנצע לאָטעריע. ווען אַ קבצן וואָלט זיך געהאַלטען פאַר אַ גביר נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט אין קעשענע אַ לאָטעריע-צעטעל, וואָלט מען איהם גערעכענט פאַר אַ משוגענעם. אָבער דאָך זענען נאָך דאָ זעהר פיעל האַנדווערקער און בויערים, וועלכע זענען גלייך צו דעם דאָזיגען נאַרישען קבצן: זיי פיהלען זיך פאַר דעם, וועלכען זיי וואָלטען וועלען זיין, אָבער נישט פאַר דעם, וואָס זיי זענען. זיי האַלטען זיך פאַר קאַפּיטאַליסטען, אָבער דאָך איז זיי אויף אַ האָר נישט בעסער, ווי דעם פּראָלעטאַריער.

---

## II.

# דאָס פּראָלעטאַריאַט.

---

## 1. די פּראָלעטאַריער אונד האַנדווערקערס-געזעלען.

---

מיר האָבען שוין אין פאָריגען קאַפּיטעל געזעהען, אַז די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן פון סחורות איז נאָר דאַן מעגליך, ווען עס געפינען זיך שוין אַרבייטער, וואָס פערמעגען ניט אַליין קיינע אייגענע פּראָדוקציאָנס-מיטלען. אין דעם קאַפּיטאַליסטישען גרויס-בעטריעב זעהען מיר אויף איין זייט דעם קאַפּיטאַליסט, דעם בעל-הבית פון די אַרבייטס-מיטלען, וועלכער אַרבייט אַליין גאָר ניט אין דער פּראָדוקציאָן, און אויף דער אַנדער זייט די געדונגענע אַרבייטער, די פּראָלעטאַריער, וועלכע פערמעגען אַליין גאָר נישט

אויסער זייער אַרבייטס־קראַפט, וואָס זיי מוזען פערקויפען, כדי צו האָבען פון וואָס צו לעבען, און וועלכע בעשאַפען מיט זייער אַרבייט אַליין די פּראָדוקציאָן פון דיזען גרויס־בעטריעב.

אין אָנפאַנג האָט מען געמוזט, ווי מיר האָבען געזעהן, פערשאַפען מיט געוואַלד די נויטיגע צאָהל פּראָלעטאַריער, וואָס דאָס קאַפּיטאַל האָט געדאַרפט. היינט איז דאָס מעהר ניט נויטיג. די מעלות, וואָס דער גרויס־בעטריעב האָט ענטקעגען דעם קליין־בעטריעב, זענען איצט שוין אַליין גענוג — גאָר ניט אָנריהרענדיג די געזעצען פון פּריוואַט־אייגענטום, נאָך מעהר, דוקא אויפ'ן יסוד פון פּריוואַט־אייגענטום גופא — אום פון יאָהר צו יאָהר צו עקספּראָפּריאירען (אַוועקנעהמען דאָס אייגענס) און אַרויסוואַרפען אויפ'ן גאַס אַזוי פיעל בויערען און האַנדווערקער, אַז זייער צאָהל איננאיינעם מיט די פון פריהער געוואָרענע פּראָלעטאַריער איז נאָך מעהר ווי גענוג צו בעפריעדיגען דאָס בעדערפעניש פון די קאַפּיטאַליסטען אין פרישע מענשענפלייש.

אַז די צאָהל פּראָלעטאַריער וואַקסט גיך אָהן אָנאויפהער איז אַזאַ פאַקט, וועלכען עס האָבען ניט די העזה אָבצולייקענען אַפילו די לייט, וועלכע ווילען אונז איינריידען, אַז די געזעלשאַפט שטעהט איצט אויף די זעלבע יסודות, אויף וועלכע זי איז געשטאַנען מיט הונדערט און מעהר יאָהר צוריק, און וועלכע ווילען אונז איינשמועסען, אַז דער קליין־בעטריעב האָט נאָך גוטע האָפנונגען אין דער צוקונפט.

אַזוי ווי אין דער פּראָדוקציאָן האָט איצט דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־בעטריעב פערנומען דאָס ערשטע אָרט, אַזוי האָט אויך אין דער מלוכה און אין דער געזעלשאַפט דער לוין־אַרבייטער — דער לוין־אַרבייטער פון דער אינדוסטריע — פערנומען דאָס ערשטע אָרט צווישען די אַרבייטענדע קלאַסען. מיט 400 יאָהר צוריק האָבען נאָך דאָס אָרט פערנומען די בויערען, און מיט הונדערט — די שטאָדט־איינוואָהנער, די קליינבירגער. פון יעדערע הונדערט בעשעפטיגטע מענשען זענען אין דייטשלאַנד געוועזען אין 1882 יאָהר — 32 און אין 1895 נאָר נאָך 29 זעלבסטשטענדיגע; פערקעהרט, אין 1882 יאָהר — 68 און אין 1895 — 71 לוין־אַרבייטער. אויף אַזאַ אופן געהערען אין דייטשלאַנד מעהר אַלס צוויי דריטעל פון אַלע בעשעפטיגטע מענשען צום פּראָלעטאַריאַט.

אין די צווילִיזירטע לענדער זענען שוין איצט די פראָלעטאַריער דער שטאַרקסטער קלאַס. זייער אַרט לעבען און אנשויאונגען בעשטימען אַלץ מעהר דאָס לעבען און דאָס דענקען פון די אַנדערע אַרבייטענדע קלאַסען. און דאָס בעדייט שוין איינגענטליך, אַז אין דעם ביז איצטיגען אַרט לעבען און אויך אין דעם דענקען פון אַ גרויסער מאַסע פון פאָלק איז פאָרגעקומען גאָר אַ גאַנצע איבערקעהרעניש; ווייל די לעבענס-בעדינגונגען פון די פּראָלעטאַריער, פון די אינדוסטריעלען פראָלעטאַריער (און די לאַנדווירטשאַפט ווערט ביי דעם איצטיגען קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן אויך אינדוסטריע) זענען אינגאַנצען פערשידען פון די לעבענס-בעדינגונגען פון די אַמאָליגע אַרבייטענדע קלאַסען.

בעת דער בויער אָדער האַנדווערקער איז אַ פרייער בעל-הבית איבער זיינע פּראָדוקציאָנס-מיטלען, געהערען איהם אויך אינגאַנצען אַלע פּראָדוקטען, וואָס ער אַרבייט אויס. פערקעהרט אָבער, די פּראָדוקטען פונ'ם פּראָלעטאַריערס אַרבייט געהערען ניט דעם פּראָלעטאַריער, נאָר דעם קאַפּיטאַליסט, דעם, וועלכער קויפט זיין אַרבייטס-קראַפט, דעם בעל-הבית פון די נויטיגע פּראָדוקציאָנס-מיטלען. אמת, דער פּראָלעטאַריער בעקומט פונ'ם קאַפּיטאַליסט פאַר זיין אַרבייט שכירות, אָבער דער ווערט פון זיינע שכירות איז אין קיין פאַל ניט אַזוי גרויס, ווי דער ווערט פון די פּראָדוקטען, וועלכע ער אַרבייט אויס.

ווען דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסט קויפט די סחורה — אַרבייטס-קראַפט, טהוט ער דאָס נאַטירליך, נאָר צוליעב דעם, כדי ער זאָל זי קענען אויסנוצען אַזוי, אַז ער זאָל פון איהר פערדיענען. מיר האָבען געזעהן, אַז אַ בעשטימטע סומע פון אַרבייט בעשאַפט אַ בעשטימטע סומע פון ווערט. וואָס מעהר דער אַרבייטער וועט אַרבייטען, אַלץ גרעסער וועט זיין דער ווערט, וועלכען ער האָט בעשאַפען — ווען אַלע איבריגע בעדינגונגען זענען גלייך. ווען דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסט וואָלט לאָזען זיין לוין-אַרבייטער, וועלכען ער האָט געדונגען, נאָר אַזוי לאַנג אַרבייטען, ביז ער וועט בעשאַפען אַזאַ ווערט, וואָס ס'זאָל גלייך זיין צום ווערט פון זיינע שכירות, דאַן וואָלט דער קאַפּיטאַליסט קיין שום רוח דערביי ניט געהאַט. אָבער, ווי דער קאַפּיטאַליסט האָט ניט ליעב צו שפּיעלען אַ ראָלע פון אַ בעל-טובה פאַר דער ליידענדער מענשהייט, דאַך האָט ער

זיך צו מיט ביידע אויערען צום געשריי פון קאפיטאל, וועלכער פאָדערט רוהה. וואָס מעהר דער ארבייטער האָרעוועט אויפ'ן קאפיטאל, וואָס לענגער ס'איז די ארבייטס-צייט, וועלכע ער גיט אוועק דעם קאפיטאליסט נאָכדעם, ווי ער האָט שוין בעשאפען די סומע פראָדוקטען, וואָס האָט דעם גלייכען ווערט ווי זיינע שכירות, — אַלץ גרעסער איז דער אונטערשיעד צווישען דעם גאנצען ווערט פון די אַלע פראָדוקטען, וואָס ער בעשאפט, און דעם ווערט פון זיינע שכירות, אַלץ גרעסער איז דער מעהר־ווערט — ווי עס רופט זיך דיזער אונטערשיעד, — אַלץ מעהר ווערט דער ארבייטער עקספלואַטירט. און די עקספלואַטאַציאָן ווערט בעגרענצט נאָר דורכדעם, וואָס עס נעהמען זיך אוים די כחות פון די ארבייטער, און דורך די מאַסט, מיט וועלכע זיי טרעטען אַרוים געגען די עקספלואַטאָרען.

אַזוי זעהען מיר, אַז פאַר'ן פראָלעטאַריער האָט פון אָנפאַנג אָן דאָס פריוואַט־אייגענטום אוי'ף די פראָדוקציאָנסמיטלען גאָר אַנאַנדער בעדייטונג, ווי פאַר'ן האַנדווערקער און בויער, בעת פאַר זיי איז פון אָנהויב דאָס פריוואַט־אייגענטום געווען אַ מיטעל, וועלכער האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו זיין דער גאַנצער בעל־הבית איבער די פראָדוקטען פון זייער אַרבייט, איז פאַר'ן פראָלעטאַריער אָבער דאָס פריוואַט־אייגענטום קיין מאָל קיין אַנדער זאַך ניט געווען און וועט ניט זיין, ווי נאָר אַ מיטעל, דורך וועלכען ער ווערט עקספלואַטירט, נאָר אַ מיטעל אַוועקצונעהמען ביי איהם דעם מעהר־ווערטה, וועלכען ער שאפט, און דערפאַר איז דער פראָלעטאַריער זעהר ווייט דערפון צו בוקען זיך פאַר'ן אָבגאָט פון פריוואַט־אייגענטום. און דערמיט אונטערשיידעט זיך דער פראָלעטאַריער ניט בלויז פון די האַנדווערקער און בויערען, וואָס האָבען אייגענס, נאָר אויך פון די האַנדווערקס־געזעלען אין דער פאָרקאַפיטאַליסטישער צייט.

די געזעלען האָבען געבילדעט דעם איבערגאַנג פון די זעלבסשטענדיגע האַנדווערקער צו די פראָלעטאַריער, אַקוראַט ווי די בעטריעבען, אין וועלכע זיי זענען געווען בעשעפטיגט על פי ערך אין אַ גרויסע צאָהל, האָבען געבילדעט דעם איבערגאַנג פון דעם קליינבעטריעב צום גרויסבעטריעב. און פונדעסטוועגען אָבער ווי גרויס איז דער אונטערשיעד צווישען זיי און די פראָלעטאַריער!

די געזעלען פלעגען געהערען צו דער הויז־געזינד פון זייערע

בעלי־בתים און האָבען געקענט האָפען צו ווערען, מיט דער צייט, פאַר זיך אַליין בעלי־בתים, דער פּראָלעטאַריער אָבער קען זיך פערלאָזען נאָר אויף זיך אַליין, און ער איז פערמשפט צו בלייבען אַנ׳ אייביגער פּראָלעטאַריער. אין דיעזע צוויי פונקטען ליעגט דער הויפּט־אונטערשיעד צווישען די האַנדווערקס־געזעלען און די פּראָלעטאַריער.

אַזוי ווי דער געזעל האָט געהערט צו דער הויז־געזינד פון זיין בעל־הבית, פלעגט ער עסען ביי זיין טיש און שלאָפען ביי איהם אין הויז, ווענען אַ דירה און ווענען ברויט האָט ער ניט געהאַט וואָס צו זאָרגען, די מזומנ׳ע געלד, די שכירות איז געוועזען נאָר אַ טהייל פון דאָס, וואָס ער פלעגט בעקומען פון זיין בעל־הבית פאַר זיין אַרבייטס־קראַפט. און די געלד פלעגט ער ווייניגער בענוטצען אויף צו בעפריעדיגען זיינע נויטיגסטע בעדערפנישען, ווייל ער איז געוועזען ביי זיין בעל־הבית אויף אַלעם פערטיגען, נאָך מעהר אויף לוקסוס־זאַכען און פערגניגונגען, אָדער ער פלעגט זיי שפּאָרען, כדי אָנצוקלייבען מיטלען, וועלכע זענען איהם געוועזען נויטיג צו קענען ווערען פאַר זיך אַ בעל־הבית.

דער געזעלען פלעגט אַרבייטען מיט זיין בעל־הבית צוזאַמען. ווען דער בעל־הבית פלעגט אויף צו פיעל פערלענגערען די אַרבייטס־צייט, פלעגט דאָס זיין ניט נאָר פאַר די געזעלען, נאָר פאַר איהם אַליין אויך; דערפאַר פלעגט דער מייסטער קיין גרויסען חשק ניט האָבען צו פערלענגערען די אַרבייטס־צייט, ביז די כּחות זאָלען אויסגעהן אַרבייטענדיג. און עס איז דאָס רוב ניט שווער געוועזען אָבצוהאַלטען איהם דערפון. ווען דער בעל־הבית פלעגט זיך סטאַרען צו פערבעסערען ווי ווייט מעגליך זיינע אַרבייטס־בעדינגונגען, פלעגט עס פאַר זיינע געזעלען אויך זיין גוט.

די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וועלכע זענען געוועזען נויטיג דעם קליינעם מייסטער צו זיין אַרבייט, זענען געוועזען אַזוי איינפאַך, אַז דער געזעלען האָט קיין גרויסען פערמעגען ניט געדאַרפט האָבען, אום צו ווערען פאַר זיך אַ בעל־הבית. יעדער געזעלען האָט געהאָפט צו ווערען אַ זעלבסטשטענדיגער מייסטער און ער האָט זיך שוין געפיהלט ווי אַ קינפטיגער מייסטער; און אַזוי ווי דורך איינשפּאָרען האָט ער געקענט צונויפקלייבען די נויטיגע מיטלען דערצו, דעריבער האָט ער אויך געהאַלטען פון פּריוואַט־אייגענטום ניט ווייניגער שטאַרק, ווי דער זעלבסטשטענדיגער האַנדווערקער.

עם פערשטעהט זיך, אז מיר רעדען דא וועגען די בעדינגונגען פונ'ם האנדווערק, ווי זיי האבען עקזעסטירט אין דער פארקאפיטאליסטישער צייט.

לאמיר איצט פערגלייכען דערמיט די לאגע פון דעם פראָלעטאריער.

אין דעם קאפיטאליסטישען בעטריעב ארבייטען ניט די לוין־ארבייטער צוזאמען מיט דעם קאפיטאליסט, ווען אפילו אין פערלויף פון דער עקאנאמישער ענטוויקלונג טיילען זיך אב די פאבריקאנטען פון די סוחרים און ווערען מיט דער צייט צוויי פערשיעדענע קלאסען, בלייבט דאך אויך דער פאבריקאנט בעצם א סוחר. דער קאפיטאליסט — ווי ווייט ער איז איבערהויפט בעשעפטיגט אין זיין אונטערנעהמונג — האט, פונקט ווי דער סוחר, צו טהון מעהר נישט ווי מיט'ן מארק. זיין גאנצע אויפגאבע בעשטעהט נאר דערינען, איינצוקויפען די רויהע מאטעריאלען, הילפס־שטאפען, ארבייטס־קרעפטען א. ז. וו. ווי ווייט מעגליך ביליגער און צו פערקויפען די סחורות, וואס מען ארבייט אויס ביי איהם אין געשעפט, ווי ווייט מעגליך טייערער. אין דער פראָדוקציאָן גופא האט ער גאר נישט וואס צו טהון, אחוץ נאר ווי צו זארגען, אז די ארבייטער זאלען בעקומען וואס קלענערע שכירות און זאלען ארבייטען וואס מעהר, כדי ארויסצודריקען פון זיי ווי ווייט מעגליך מעהר ווערט. פאר זיינע ארבייטער איז ער ניט קיין מיטהעלפער, נאר אנאונטערטרייבער און אנעקספלואטאטאר. וואס לענגער זיי ארבייטען, אלץ בעסער איז פאר איהם. ער ווערט ניט פערמאטערט, ווען דער ארבייטס־טאג ציהט זיך אהן א שיעור, ער געהט ניט צום גרונד, ווען די ארבייטס־בעדינגונגען זענען ביי איהם מערדערישע.

און דערפאר קימערט זיך דער קאפיטאליסט וועניגער פאר זיינע ארבייטער, פאר זייער לייב־און־לעבען, איידער די אמאליגע האנדווערקער פאר זייערע געזעלען. פערלענגערען דעם ארבייטס־טאג, אבשאפען יום־טובים, איינפיהרען נאכט־ארבייט, לאזען ארבייטען נאסע, שרעקליך אנגעהייצטע, אדער אנגעפילטע מיט שעדליכע זען צימערען א. ז. וו. א. ז. וו. — דאס זענען די „פערבעסערו וועלכע דער קאפיטאליסטישער בעטריעב האט מיט זיך געבראַ די ארבייטער.

די איינפיהרונג פון מאַשינען האָט נאָך מעהר פערגרעסערט די געפאַהר פאַר׳ן געזונד און פאַר׳ן לעבען פון די ארבייטער. ער איז איצט צוגעשמידט צו דער מאַשין, וועלכע בעוועגט זיך אָהן אנ׳אויפהער מיט אַ מורא׳דיגער קראַפט, משוגה׳דיג גיך. ער מוז זיך שטענדיג היטען און טאָר זיך אויף איין מינוט ניט פערטראַכטען, אויב ער וויל ניט, אַז די מאַשין זאָל איהם אריינהאַפען און צו־מאָלען אויף ברעקלעך. איינפיהרען מיטלען, וועלכע זאָלען פערהי־טען דעם ארבייטער פון לעבענס-געפאַהרען — דאָס קאָסט דאָך געלד, און דער קאַפּיטאַליסט וועט דאָס ניט טהון, ביז מען וועט איהם ניט דערצו נויטען. איינשפּאָרען — דאָס איז דאָך די ערשטע מדה פון קאַפּיטאַליסט. און כּדי צו היטען איהר געבאָט, סטאַרעט ער זיך אויך איינצושפּאָרען אָרט אין פאַבריק און אנצושטעלען אין איין צימער וואָס מעהר מאַשינען. וואָס קימערט דאָס איהם, וואָס ער שטעלט דערמיט אין די גרעסטע געפאַהר די געזונדע גליעדער פון זיינע ארבייטער? ארבייטער זענען וואָלוועל, אָבער גרויסע, גראָ־מע ארבייטס-צימערען קאָסטען טייער.

אין די הענד פון די קאַפּיטאַליסטען האָט די מאַשין פער־ערגערט די ארבייטס-בעדינגונגען נאָך אין אַנ׳אַנדערען פּרט.

די ווערקציינען פון׳ם האַנדווערקער האָבען זעהר ווייניג גע־קאָסט, עס האָט זיך אויך זעהר זעלטען געטראָפען, אַז מען זאָל זיי אויף אַזוי פיעל פערבעסערען, דאָס מיט די אַלטע זאָל שוין מעהר ניט לוינען ווייטער צו ארבייטען. אנדערש איז מיט דער מאַ־שין; זי קאָסט געלד, פיעל געלד. ווען זי זאָל פאַר דער צייט אויפהערען צו טויגען, אָדער ווען מען זאָל זי ניט ווי געהעריג אויס־נוצען, דאַמאָלס וואָלט זי ברענגען דעם קאַפּיטאַליסט שאָדען אָנ־שטאָט נוצען. אָבער די מאַשין ניצט זיך אָב ניט נאָר, ווען מען ארבייט מיט איהר, נאָר אַפילו ווען זי שטעהט ליידיג. און דער־צו, זייט מען האָט זיך אָנגעהויבען צו בענוצען אין דער פּראָדוק־ציאָן מיט דער וויסענשאַפט, וועלכע מיר האָבען איבערהויפּט צו פערדאַנקען פאַר די מאַשינען, — מאַכט מען אָהן אנ׳אויפהער אַלץ נייע ענטדעקונגען און ערפינדונגען, מעהר אָדער ווייניגער וויכטיגע; דעריבער קומט זעהר אָפט פאָר, אַז די אָדער יענע מאַשינען, אָדער אַפילו גאַנצע פאַבריק-מעכאַניזמען קענען שוין מעהר ניט קאָנקורי־רען אויפ׳ן מאַרק, ד. ה. זיי וועהרען אָן זייער גאַנצען ווערט, איי־

דער מען האָט נאָך צײַט געהאַט זיי אײַנגאַנצען אָבצוניצען. אָבער אָט די שטענדיגע איבערקערהערענישען אין דער טעכניק קען זיך מיט יעדער מאַשין טרעפען, אַז זי זאָל פערליערען איהר ווערט, איידער זי האָט זיך נאָך אָבגעניצט. דאָס אַליין איז גענוג, אום צו טרייבען דעם קאַפּיטאַליסט פון דער ערשטער רגע אָן, ווי ער ערוועֶרבט זיך נאָר אַ מאַשין, אויסצוניצען זי וואָס גיכער. מיט אַנדערע ווערטער: די מאַשינען גיבען אונטער דעם קאַפּיטאַליסט גאָר אַ בעזונדערען חשק צו פערלענגערען די אַרבייטס־צײַט און, וואו מען קען נאָר איינפיהרען אַנ׳אונאויפהערליכע אַרבייט, ד. ה. איין טייל אַרבייטער זאָלען אַרבייטען בײַטאָג און דער אַנדערער טייל — בײַנאַכט, און אויף אַזאַ אופן סטאַרען זיי זיך איינצופיהרען אויף שטענדיג די נאַכט־אַרבייט וואָס איז אַזוי שעדליך.

באַלד ווי די מאַשינען האָבען זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען, האָבען איינעגע אידעאַליסטען ערקלערט, אַז עס איז געקומען די גאָלדענע צײַט; די מאַשין, האָבען זיי גערעכענט, וועט אַראָבנעהמען פון׳ם אַרבייטער די לאַסט פון דער אַרבייט און וועט איהם מאַכען פאַר אַ פרייען מענשען. אָבער בײַ׳ם קאַפּיטאַליסט אין דער האַנד איז די מאַשין געוואָרען דאָס שטאַרקסטע מיטעל צו מאַכען דעם יאָך פון דעם פּראָלעטאַריער׳ס אַרבייט ערדריקענד־שווער און צו מאַכען זיין קנעכטשאַפט אונערטרעגליך און מערדעריש.

אַזוי ווי אין דעם פרט פון דער אַ ר ב י י ט ס־צ ײַ ט, אַזוי איז אויך אין דעם פרט פון די שׂכירות דעם איצטיגען לוין־אַרבייטער בײַ דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן פיעל ערגער, ווי דעם אַמאָליגען האַנדווערקס־געזעלען. דער פּראָלעטאַריער עסט ניט בײַ׳ם טיש פון דעם קאַפּיטאַליסט און וואָהנט ניט מיט איהם צוזאַמען. מעג דער פּראָלעטאַריער וואָהנען אין דער ערגסטער חורבה; מעג ער עסען די שלעכטסטע שפּייזען, וועלכע מען דאַרף אַרויסוואַרפען, ער מעג אַפילו גאָר הונגערען — דער וואָהלטיג פון׳ם קאַפּיטאַליסט וועט דערפון ניט געשטערט ווערען, און צו זיין געזונד וועט דאָס איהם גאָר ניט שאַדען. אַמאָל איז געוועזען איינס פון די צוויי: אָדער שׂכירות, אָדער הונגער; בײדע זאַכען אינאיינעם — דערפון האָט מען גאָר ניט געוואוסט. דער פרייער אַרבייטער האָט העכסטענס נאָר דאַמאָלס געהונגערט, ווען ער האָט קיין אַרבייט ניט געפונען. קוים האָט ער געאַרבייט, האָט ער שוין געהאַט וואָס צו

עֶסעֶן. איִצט איִז דאָס אָבּעֶר ניִט אַזוֹי. דעֶם קאַפּיִטאַליִסטיִשעֶן פּראָדוקציִאָנס־אוֹפן האָבּעֶן מיִר צוּ פֿעֶרדאַנקעֶן דעֶרפֿאַר, וואָס בּיידעֶ גנעֶגעֶנזעֶטצעֶ, הוּנגעֶר און שׂכירוּת, האָבּעֶן געֶמאַכט צוויִשעֶן זיִך שלוֹם און הוּנגעֶר־שׂכירוּת זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן אַ געֶוועֶהנליִכעֶ ערשיינוּנג, נאָך מעֶהר, זיי זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן איינעֶ פֿוּן די הוֹיפּט־שטיִצוּנגעֶן פֿוּן דעֶר געֶזעֶלשאַפֿט.

## 2. די שׂכירוֹת.

---

די שׂכירוּת קעֶנעֶן ניִט אַזוֹי הוֹיך שטייגעֶן, אַז דעֶר קאַפּיטאַליִסט זאָל איִבּעֶר דעֶם ניִט קעֶנעֶן פֿיהרעֶן וויי טעֶר זיין געֶשעֶפֿט און לעֶבּעֶן פֿוּן איִהם, ווייל בּיי אַזאַ לאַגעֶ וועֶט דאָך שוֹין דעֶם קאַפּיִטאַליִסט מעהר לוֹינעֶן אַוועֶקצוּוואַרפען איִנגאַנצען דאָס געֶשעֶפֿט; אַלזאָ קעֶנעֶן די שׂכירוּת קיינמאָל ניִט שטייגעֶן אַזוֹי הוֹיך, אַז זיי זאָלעֶן זיין גלייך מיִט'ן ווערט פֿוּן די פּראָדוּקטעֶן, וואָס דעֶר אַרבּייטעֶר אַרבּייט אוֹיס, עֶר מוּז אַלעֶ מאָל אוֹיסאַרבּייטעֶן מעֶהרעֶר, איידעֶר זיינעֶ שׂכירוּת, אַ מעֶהרוועֶרט, ווייל נאָר צוּליעב דיעזעֶן מעֶהרוועֶרט קוֹיפֿט דאָך דעֶר קאַפּיטאַליִסט די אַרבּייטס־קראַפֿט. איִן דעֶר קאַפּיטאַליִסטיִשעֶר געֶזעֶלשאַפֿט קעֶנעֶן ניִט, ווי מיִר זעֶהעֶן, די שׂכירוּת פֿוּנ'ם אַרבּייטעֶר אַזוֹי הוֹיך שטייגעֶן, אַז דעֶר אַרבּייטעֶר זאָל גאָר ניִט עֶקספּלוּאַטיִערט וועֶרעֶן.

די מוֹתרוֹת — דעֶר מעֶהרוועֶרט איִז אָבּעֶר גרעֶסעֶר, ווי מעֶן רעֶכעֶנט געֶוועֶהנליִך. איִן איִהם געֶפֿינט זיִך ניִט בּלוֹיז דעֶר רוח פֿוּן דעֶם פֿאַבּריקאַנט, נאָר אוֹיך אַ סך פֿוּן דעֶם, וואָס מעֶן רעֶכעֶנט צוּ צוּ די הוֹצאוֹת פֿוּן דער פּראָדוּקציאָן אָדער פֿוּן דעם פֿעֶרקוֹיף: עֶרדרעֶנטעֶ (וואָס מעֶן צאָהלט פֿאַר געֶדוּנגעֶנעֶ עֶרד), ציִנזעֶן פֿאַר דעֶם קאַפּיִטאַל, וואָס ליעגט איִן געֶשעֶפֿט, געֶהאַלט פֿאַר די מעֶנשעֶן, וואָס געֶפֿינעֶן זיִך איִן געֶשעֶפֿט, פֿעֶרדיִענסט פֿוּן סוֹחר, וועֶלכעֶר נעֶהמט צוּ די סחוֹרה, שטייעֶרעֶן א. ז. וו. — דאָס אַלץ נעֶהמט מעֶן אַרוֹיס פֿוּן די מוֹתרוֹת, אוֹיף וועֶלכעֶ דעֶר ווערט פֿוּן די פּראָדוּקטעֶן, וואָס דעֶר אַרבּייטעֶר אַרבּייט אוֹיס, איִז העֶכעֶר, איידעֶר זיינעֶ שׂכירוּת.

דיעזעֶ מוֹתרוֹת מוּזעֶן, אוֹיף אַזאַ אוֹפן, זיין גאַנץ גרוֹיס, ווען

דאָס נעשעפֿט זאָל קענען „געבען רוה". די שכירות קענען ניט, ווי מיר זעהען, אַזוי הויך שטייגען, אַז דער אַרבייטער זאָל בעקומען חאָטש אין אַנערך אַזוי פֿיעל, ווי פֿיעל עס זענען ווערט די פּראָדוקטען, וואָס ער האָט אויסגעאַרבייט. דאָס קאַפּיטאַליסטישע לוין־סיסטעם בעדייטעט אין יעדען פֿאַל די עקספּלואַטאַציאָן פֿון דעם לוין־אַרבייטער. און כּל זמן דיעזע סיסטעם עקזיסטירט, איז אונמעגליך צו בעזייטיגען די עקספּלואַטאַציאָן. און אַפילו בייַ די העכסטע שכירות ווערט אויך דער אַרבייטער עקספּלואַטירט אין אַ הויכען גראַד.

אָבער די שכירות דערגרעהען אייגענטליך כּמעט קיינמאָל ניט ביז דעם העכסטען פּונקט, צו וועלכען זיי האָבען געקענט דערגרעהן. פֿערקעהרט, אָפֿטער פֿאַלען זיי ביז צו זייער נידריגסטען פּונקט. און קוים לאָזען זיי זיך אַראָב ביז צו זייער פּונקט, קען שוין דער אַרבייטער מיט זיי ניט בעפֿריעדיגען אַפילו זיינע נויטיגסטע בעדערפֿענישען. ווען דער אַרבייטער בעקומט אַזעלכע שכירות, אַז ער מוז ניט נאָר הונגערען, נאָר אויך גיך אויסגעהן פֿון הונגער, דאַמאָלס שטעלט זיך דאָס אַרבייטען אינגאַנצען אָב.

צווישען די ביידע גרענצען הייבען זיך און פֿאַלען די שכירות. וואָס קלענער עס זענען די לעבענס־בעדערפֿענישען, צו וועלכע דער אַרבייטער איז געוואָהנט, וואָס מעהר אַרבייטער עס זוכען, וואו צו פֿערקויפֿען זייער אַרבייטס־קראַפֿט, וואָס שוואַכער ס'איז די מאַכט פֿון די אַרבייטער צו ראַנגלען זיך מיט דער עקספּלואַטאַציאָן, אַלץ קלענער זענען די שכירות.

בכלל, פֿערשטעהט זיך, מוזען די שכירות זיין גרויס, אַז זיי זאָלען קלעקען אונטערצוהאַלטען דעם אַרבייטערס קרעפֿטען, כּדי דער אַרבייטער זאָל פֿעהיג זיין צו אַרבייטען, אָדער בעסער געזאָגט, זיי מוזען זיין אַזוי גרויס, אַז דער קאַפּיטאַליסט זאָל זיין פֿערזיכערט צו האָבען אַזוי פֿיעל אַרבייטסקרעפֿטען, ווי פֿיעל ער דאַרף. די שכירות מוזען דעריבער זיין אַזוי גרויס, אַז דער אַרבייטער זאָל האָבען די מעגליכקייט ניט בלויז אונטערצוהאַלטען זיינע אייגענע קרעפֿטען, וועלכע די אַרבייט פֿערצעהרט, נאָר אויך אויפֿצוהאָדעווען קינדער, וועלכע זאָלען זיין פֿעהיג צו אַרבייטען.

די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג האָט די טענדענץ — וועלכע איז אַזוי אַנגענעהם פֿאַר די קאַפּיטאַליסטען — צו פֿערקלענערען די הוצאות פֿון

דעם אַרבייטער אויף זיינע לעבענסמיטלען און צוזאַמען מיט דעם אויך אַראָפּצודריקען זיינע שכירות.

אַמאָל האָט די אַרבייט געפֿאָדערט פֿיעל קענטניס און קראַפֿט. דער האַנדווערקער האָט געמוזט אַ לאַנגע צייט לערנען די מלאכה, און דערפֿאַר האָט זיי ערציהונג פֿיעל געקאָסט. די ענטוויקלונג פֿון דער אַרבייטסטהיילונג (ד. ה. וואָס יעדער אַרבייטער מאַכט נור אַ טהייל פֿון אַ גאַנצער אַרבייט. דער איבערזעצער) און פֿון די מאַשינען מאַכט וואָס ווייטער אַלץ איבעריגער ספּעציעלע קענטניסען און קראַפֿט צו דער פּראָדוקציאָן. די זעלבע ענטוויקלונג מאַכט עס מעגליך, אָנשטאָט געלערנטע אַרבייטער צו נעהמען ניט־געלערנטע, ביליגערע אַרבייטער, עס איז אָבער אויך מעגליך געוואָרען צו פֿערבייטען ביי דער אַרבייט די מעננער מיט די שוואַכע פֿרויען און אַפילו מיט קינדער. שוין אין דער מאַנופֿאַקטור־פּעריאָדע בעמערקט מען, אַז עס נעהט דערצו. נאָר ערשט זינד מען האָט איינגעפֿיהרט די מאַשינען אין דער פּראָדוקציאָן, הייבט זיך אָן די עקספּלואַטאַציאָן פֿון גאַנצע מאַסען פֿרויען און גאַר יונגע קינדער, די עקספּלואַטאַציאָן פֿון די שוואַכסטע צווישען די שוואַכע, מיט וועלכע מען בעגעהט זיך אויפֿ'ן ערגסטען און שרעקליכסטען אויפֿ'ן. דאָ בעקענען מיר זיך מיט נאָך אַ נייער שיינער מעלה פֿון דער מאַשין, וועלכע זי בעקומט אין די הענד פֿון קאַפּיטאַל.

פֿון אָנהויב האָט דער לוין־אַרבייטער, וועלכער האָט ניט געהערט צו דער פֿאַמיליע פֿון דעם אונטערנעהמער, געמוזט בעקומען אַזוי פֿיעל שכירות, אַז ער זאָל קענען אויסהאַלטען ניט נאָר זיך אַליין, נאָר אויך אַ פֿרוי און קינדער, אַנדערש וואָלט ער ניט געהאַט די מעגליכקייט צו פֿערפֿיהרען זיך מיט אַ געזינד און איבערצוגעבען בירושה זיין אַרבייטס־קראַפֿט; און דאַמאָלס וואָלטען די יורשים פֿון קאַפּיטאַליסט ניט געפֿינען קיין פּראָלעטאַריער, וועלכע זיי זאָלען קענען עקספּלואַטירען. אָבער יעצט, ווען די פֿרוי און אויך די קינדער פֿון דער פֿריהער יוגענד אָן זענען אים שטאַנד צו זאָרגען אַליין פֿאַר זיך, קענען די שכירות פֿון דעם מאַנסביל אויף אַזוי פֿיעל פֿאַלען, אַז כמעט נור ער אַליין זאָל פֿון זיי קענען לעבען, און דערביי וועט זיך פֿון דעסטוועגען ניט אויסנעהמען די אַרבייטסקראַפֿט.

די אַרבייט פֿון די פֿרויען און קינדער איז נאָך אין דעם פּרט גוט פֿאַר'ן קאַפּיטאַליסט, ווייל מיט [illegible] אַ סך גרינגער [illegible] וואָס ער וויל, איידער מיט מעננער. אויך דורך דעם, וואָס די פֿרויען

און קינדער געהען אַריין אין די רייהען פון די אַרבייטענדע, ווערט מוראדיג פערגרעסערט דער אַנגעבאָט פון אַרבייטסקרעפטען אויף דעם אַרבייטסמאַרק.

מיט איין וואָרט, די אַרבייט פון פרויען און קינדער פערקלענערט ניט בלויז די הוצאה פון דעם אַרבייטער אויף לעבענסמיטלען, נאָר זי מאַכט נאָך אויך שוואַכער די קראַפט פון דעם אַרבייטער צו קעמפפען געגען עקספּלואַטאַציאָן און פערמעהרט די סומע פון אַרבייטסקרעפטען אויף דעם אַרבייטער מאַרק. יעדער איינציגער פון דיזע אומשטענדען ברייננט דערצו, אַז די שכירות פון דעם אַרבייטער ווערען קלענער.

---

## 3. די צערשטערונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט'ס פאַמיליע.

די אינדוסטריעלע פרויען־אַרבייט צערשטערט אינגאַנצען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט דאָס פאַמיליען־לעבען פון דעם אַרבייטער, ניט פערבייטענדיג איהם דורך אַן'אַנדערע העכערע פאָרמע פון פאַמיליען־לעבען. אמת, דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן צערשטערט אממעהרסט ניט די שטוביגע בעל־הבית'ישקייט פון דעם אַרבייטער, אָבער ער רויבט פון איהר אַוועק אַלע איהרע בע־סערע מעלות און לאָזט איבער די חסרונות: קודם כל פערליערט דער אַרבייטער אומזיסט אַ סך קרעפטען און די פרוי ווערט ניט צוגע־לאָזען צום עפענטליכען, געזעלשאַפטליכען לעבען. די אינדוסטרי־עלע אַרבייט פון דער פרוי נעהמט פון איהר היינט ניט אַראָב דעם שווערען יאָך פון דער שטוביגער אַרבייט, נאָר זי וואַרפט אויף איהר אַרויף נאָך אַ נייעם יאָך. אָבער ביי צוויי העררען קען מען ניט דינע־נען; די גאַנצע שטוביגע בעל־הבית'ישקייט פון דעם אַרבייטער געהט אונטער, ווען זיין פרוי מוז איהם העלפען פערדינען; און דאָס, וואָס די היינטיגע געזעלשאַפט גיט דעם אַרבייטער, אָנשטאָט זיין אייגענער שטוביגער בעל־הבית'ישקייט און אָנשטאָט זיין פאַמיליען־לעבען: די פאָלקס־קירכע און די שוהלע פאַר אָרימע קינדער — דאָס איז אַ שלעכטער סוראָגאַט; דאָס זענען ברעקלעך, וועלכע די גבירים וואַרפען פון זייער גייסטיגער און מאַטעריעלער שפּייז פאַר די נידריגע קלאַססען.

מען קלאָגט זיך אויף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַז זי וויל צערשטערען די פֿאַמיליע. אמת, מיר ווייסען, אַז יעדער בעזונדערער פּראָדוקציאָנס־אופֿן האָט זיך זיין בעזונדערע פֿאָרם פֿון דער הויז־ווירטשאַפֿט, צו וועלכער ס'איז צוגעפּאַסט אַ בעזונדערע פֿאָרם פֿון פֿאַמיליע. מיר רעכענען, אַז די איצטיגע פֿאָרם פֿון דער פֿאַמיליע איז ניט די לעצטע, און מיר ערוואַרטען, אַז אַ נייע געזעלשאַפֿטס־פֿאָרם וועט אויך ענטוויקלען אַ נייע פֿאַמיליען־פֿאָרם. אָבער אַזאַ ערוואַרטונג און דאָס שטרעבען צו צעררייסען יעדע פֿאַמיליען־פֿערבינדונג זענען דאָך צוויי בעזונדערע זאַכען. ווער עס צערשטערט די פֿאַמיליע — ניט בלויז ווער עס וויל איהר צערשטערען, נאָר ווער עס צערשטערט איהר טאַקי באמת, פֿאַר אונזערע אויגען — דאָס זענען ניט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, נאָר די קאַפּיטאַליסטען. אַמאָל פֿלעגען אַנדערע שקלאַפֿענהערשער אָפֿט צושיידען דעם מאַן מיט דער ווייב, די קינדער, וועלכע זענען געווען פֿעהיג צו אַרבייט, מיט זייערע עלטערן. די איצטיגע קאַפּיטאַליסטען האָבען דערינען איבערגעיאָגט די אכזריות פֿון דער שקלאַפֿעריי. זיי רייסען אָב דאָס ווינקינד פֿון דער מוטער און צווינגען זי איבערצולאָזען איהר קינד אויף פֿרעמדע הענד. אין אַ געזעלשאַפֿט, אין וועלכער עס פּאַסירען טאָג־טעגליך אַזעלכע מעשׂות הונדערטער־און מיליאָנענווייז, אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט אַליין דורך איהרע „שענסטע" לייט בעשאַפֿען פֿיעל „צדקה חברות", וואָס האָבען דעם צוועק צו פֿערגרינגערען דער מוטער צו שיידען זיך מיט איהר קינד — אַזאַ געזעלשאַפֿט האָט אין זיך די העזה פֿאָרצוואַרפֿען אונז, אַז מיר ווילען צערשטערען, צעררייסען די פֿאַמיליע! און דאָס וואַרפֿט זי אונז פֿאָר, ווייל מיר זענען זיכער, אַז די הויז־אַרבייט וועט זיך אַליין מעהר ענטוויקלען, ווי ביז איצט, אַזוי אויך ווייטער, צו בעזונדערע אַרבייטס־פֿאַכען, און דערמיט וועט אומגעענדערט ווערען די גאַנצע אַרט פֿון דער הויז־ווירטשאַפֿט און פֿון דעם פֿאַמיליען־לעבען.

## 4. די פּראָסטיטוציאָן.

צו דעם, וואָס מען וואַרפֿט אונז פֿאָר, אַז מיר ווילען צערשטערען די פֿאַמיליע, גיט מען נאָך צו, אַז מיר ווילען כלומר'שט

איינפיהרען די וויבער־געמיינשאַפט*). די פּראָוויזאָ איז אָבער אַזוי פאַלש, ווי די ערשטע. אדרבה, מיר רעכענען, אַז אין דער סאָציאַ־ליסטישער געזעלשאַפט וועט זיכער זיין דער יסוד פון אַלע פערבינ־דונגען צווישען מאַן און ווייב בלויז די אידעאַלע ליעבע, פּונקט דער היפּך פון יעדער וויבערגעמיינשאַפט, פון יעדער געשלעכט־ליכען צוואַנג און פון יעדער אַכזריות. ערשט אין דער סאָציאַ־ליסטישער געזעלשאַפט וועט דיזע אידעאַלע ליעבע הערשען אין לעבען. פערקעהרט אָבער, וואָס זעהען מיר איצטער? די פרויען, וועלכע האָבען ביז אַהער הויך זייער שטוביגער בעל־הבתישקייט גאָר נישט געוואוסט, האָבען דאָס רוב גאָר אַ קליינעם בעגריעף פונ'ם געזעלשאַפטליכען לעבען און זענען גאָר וועניג בעקאַנט מיט דער מאַכט, וואָס עס ליעגט אין דער אָרגאַניזאַציאָן, און דעריבער קענען זיי אויף אַזוי פיעל נישט פערהיטען זייערע אינטערעסען, דאָס דער קאַפּיטאַליסט האָט אין זיך די בריוטקייט און הוצפה צו צאָהלען זיי שטענדיג קליינע שכירות, פון וועלכע ס'איז אונמעגליך צו לע־בען, און אָנצעוויזען זיי אויף די פּראָסטיטוציאָן, ווי נאָך אויף אַ זייטיגע פּרנסה, פון וועלכער זיי קענען פערגרעסערען זייער פערדיענסט. און מיר קענען בעמערקען, אַז וואָס מעהר מען בע־נוצט די פרויען צו דער פאַבריק־אַרבייט, אַלץ מעהר פערברייטערט זיך די פּראָסטיטוציאָן. אין דייטשלאַנד, אין דעם גאָטספאַרלאַטיגען לאַנד, אין דעם לאַנד פון גוטע מדות, געפינען זיך גאַנצע „בליהענדע" אינדוסטריע־צווייגען, וואו די אַרבייטערינען בעקומען אַזעלכע נידעריגע שכירות, אַז זיי וואָלטען מוזען שטאַרבען פאַר הונגער, ווען זיי וואָלטען זיך נישט איבערגעבען דער פּראָסטיטוציאָן. און די אונטער־נעהמער ערקלערען, אַז נאָר אַ דאַנק די נידריגע שכירות, קענען זייערע געשעפטען „בליהען" און אויסהאַלטען די קאָנקורענץ. ביי העכערע שכירות וואָלטען זייערע געשעפטען מוזען אונטערגעהן.

די פּראָסטיטוציאָן איז שוין גאַנץ אַלט; זי עקזיסטירט, זינד עס עקזיסטירען אָרעמע און רייכע. נאָר אַמאָל זענען די פּראָסטיטואירטע געשטאַנען אויף דער מדרגה צווישען גנבים און בעטלער; זיי זע־נען געווען אַ לוקסוס, וועלכע די געזעלשאַפט האָט זיך געקענט ער־לויבען. אָהן איהם אָבער וואָלט אויך דער קיום פון דער געזעלשאַפט

*) שותפות אויף ווייבער. איבערזעצער.

בשום אופן נישט געשטאַנען אין סכּנות. היינט זענען געצוואונגען צו פערקויפען פאַר געלד זייער גוף נישט בלויז די לומפּען־פּראָלעטאַריען, נאָר אויך די אַרבּייטענדע פרויען. היינט איז פּראָסטיטוציאָן נישט בלויז אַ לוקסוס־זאַך, זי איז געוואָרען איינע פון די יסודות, אויף וועלכע עס האַלט זיך די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. ביי דער הערשונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן ווערט די פּראָסטיטוציאָן אַ שטיצע פון דער געזעלשאַפט. וואָס די פערטיידיגער פון דיזער געזעלשאַפט וואַרפען אונז אויף, דאָס פּראַקטיקירען זיי אַליין — די ווייבּערגעמיינשאַפט, אמת, דאָס גילט נאָר ענטקעגען די ווייבּער פון די פּראָלעטאַריער. און דיזען אַרט פון ווייבּערגעמיינשאַפט האָט זיך אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט אין דער איצטיגער געזעלשאַפט, אַז איהרע פאָרשטעהער האַלטען בכלל די פּראָסטיטוציאָן פאַר אַ נויטיגע זאַך. זיי קענען זיך נישט פאָרשטעלען, אַז ווען דער פּראָליעטאַריאַט וועט זיך בּעפרייען, וועט פון דער פּראָסטיטוציאָן קיין זכר נישט בּלייבען, ווייל זיי קענען זיך איבּערהויפּט נישט פאָרשטעלען אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער עס זאָל נישט זיין קיין ווייבּערגעמיינשאַפט.

די היינטיגע ווייבּערגעמיינשאַפט האָבּען אויסגעקלערט די העכערע שיכטען פון דער געזעלשאַפט, נישט די פּראָלעטאַריער. דיזע ווייבּערגעמיינשאַפט איז נאָך אַנאַרט עקספּלואַטאַציאָן פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז נישט סאָציאַליזמוס — דאָס איז פּונקט דער היפּך דערפון.

## 5. די אינדוסטריעלע רעזערוו-אַרמעע.

ווי מיר האָבּען געזעהען, איז די איינפיהרונג פון פרויען־און קינדער־אַרבּייט אין דער אינדוסטריע דאָס בּעסטע מיטעל פאַר די קאַפּיטאַליסטען צו פערקלענערען די אַרבּייטס־שכירות.

אָבּער צייטענווייז ווירקט אויך אַזוי שטאַרק נאָך אַנאַנדער מיטעל: דאָס וואָס עס קומען אָן אַרבּייטער פון די געגענדען, וואָס שטעהען אויף אַ נידעריגער מדרגה, וואו די בּעפעלקערונג האָט נאָך קליינע בּעדערפנישען, דערפאַר אָבּער אַרבּייטס־קרעפטען, וועלכע די

פאבריק האט נאך נישט אויסגעמאטערט. די ענטוויקלונג פון דעם גרויסבעטריעב און בעזונדערס די ענטוויקלונג פון מאשינען גיט נישט בלויז די מעגליכקייט צו פערבייטען די געלערנטע ארבייטער דורך דיזע נישט־געלערנטע, נאר זי מאכט אויך מעגליך צו ברייננגען זיי וואוהין מען דארף ביליג און גיך. האנד אין האנד מיט דער ענטוויקלונג פון דער פראדוקציאן, ענטוויקלען זיך אויך די פערקעהרסמיטלען. מיט דער מאסען־פראדוקציאן ענטוויקעלט זיך אויך דער מאסען־טראנספארט ניט נאר פון סחורות, נאר אויך פון מענשען. די דאמפף־שיפען און אייזענבאהנען, אט דיזע בעריהמטע טרעגער פון קולטור, ברייננגען ניט בלויז צו ווילדע בארבארען געוועהר, בראנפען און סיפיליס, נאר זיי ברייננגען אויך די ווילדע בארבארען צו אונז און אין איינעם מיט זיי אויך די בארבאריי. פון די דארף־ארבייטער ציהען זיך אויך אלץ מעהר און מעהר מענשען אין שטאדט אריין. גאנצע מהנות פון ארבייטער, אהן בעדערפנישען און וועלכע קענען א סך אויסשטעהן און אלץ שטילערהייד אריבערטראגען, קומען אן פון אלץ ווייטערע און ווייטערע ערטער. סלאווען, איטאליענער און שוועדען קומען אין דייטשלאנד און דריקען דארטען אראב די שכירות; דייטשען, בעלגיער און איטאליענער טהוען דאס זעלבע אין פראנקרייך; סלאווען, דייטשען, איטאליענער, אירלענדער, שוועדען — אין ענגלאנד און אין די פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא; די הינעזער — אין אמעריקא און אויסטראליען און אפשר אין א קורצע צייט ארום וועלען זיי דאס טהון אין אייראפא אויך. אויף די דייטשע שיפען פערנעהמען שוין איצטער הינעזער און נעגער די ערטער פון די ווייסע ארבייטער.

א טייל פון דיזע פרעמדע ארבייטער זענען פערארעמטע בויערען און קליינבירגער, וועלכע דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־אופן האט אראבגעשלאגען פון די פיס, פעריאגט פון דער אייגענער שטוב, פון דעם אייגענעם הויף און נישט בלויז פערטריבען ווייט פון דער היים, נאר אויך פון זייער פאטערלאנד. קוקט נאר אן די גרויסע מהנות עמיגראנטען און זאגט, האט זיי דען די סאציאל־דעמאקראטיע פערטריבען פון זייער פאטערלאנד, לאזט זי דען איבער מענשען אהן א פאטערלאנד?

דורך די עקספראפריאירונג פון די קליין־בירגער און קליינבויערען, דורך דאס אריינפיהרען פון גאנצע ארבייטער־מאסען פון

זויַטע לענדער, דורך די ענטוויקלונג פון פרויען־און קינדער־אַרבייט, דורך די פערקירצונג פון דער לעהרצייט אויף אַזוי פיעל, ווי פיעל עס איז נוטיג נאָר אויף צוצולערנען זיך אַנ׳איינפאַכע אַרבייט — דורך די אַלע מיטלען פערגרעסערט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן אויף מורא׳דיג שטאַרק די סומע פון די אַרבייטסקרעפטען, מיט וועלכע ער קען זיך בענוצען. צו גלייכער צייט וואַקסט אויך די פּראָדוקטיוויטעט פון דער מענשליכער אַרבייט איבער דעם, וואָס די טעכניק ווערט פון טאָג צו טאָג בעסער און פאָלקאָמענער. און אויסער דעם נוצט אויס די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן אויך די אַרבייטס־קראַפט פון יעדען איינצעלנעם אַרבייטער ביז צום העכסטען גראַד: ערשטענס, דורך די פערלענגערונג פון דער אַרבייטס־צייט, און צווייטענס — בעזונדערס דאָרטען, וואו די געזעצען פון לאַנד אָדער די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען דערלאָזען נישט פערלענגערען די אַרבייטס־צייט — דורך אַ גרעסערע אָנשטרענגונג פון דעם אַרבייטער.

און צו גלייכער צייט ברייננט די מאַשין דערצו, אַז פיעל אַרבייטסקרעפטען ווערען איבעריג; יעדע מאַשין פערשפּאָרט אַרבייטס־קראַפט — ווען זי וואָלט דאָס נישט געטהון וואָלט זי דאָך קיין שום צוועק נישט געהאַט. אין יעדער אינדוסטריע־צווייג ברייננט דער איבערגאַנג פון האַנד־אַרבייט צו מאַשינענאַרבייט די גרעסטע ליידען פאַר די האַנד־אַרבייטער פון דיזער אינדוסטריע, סיי פאַר דעם האַנדווערקער, סיי פאַר די מאַנופאַקטור־אַרבייטער; די מאַשין מאַכט זיי איבעריג און וואַרפט זיי אַרויס אויפ׳ן גאַס. די אַרבייטער האָבען צוערשט דערפיהלט דיזע ווירקונג פון דער מאַשין. די גרויסע צאָהל אויפשטאַנדען אין די ערשטע צעהנדלינגע יאָהרען פון דעם 19־טען יאָהר־הונדערט בעווייזען, וואָס פאַר אַ גוזמא צרות די האַנד־אַרבייטער האָבען אַריבערגעטראָגען איבער דער איינפיהרונג פון מאַשינענאַרבייט, ווי פיעל שנאה, צאָרן און פערצווייפלונג האָט זי מיט זיך געבראַכט. די איינפיהרונג פון מאַשינען און אויך יעדע ווייטערע פערבעסערונג פון די פריהערדיגע מאַשינען איז שטענדיג אַנ׳אונגליק פאַר איינצעלנע אַרבייטער־שיכטען: אמת, עס קען אַנ׳אַנדערט מאָל זיין פאַר אַנדערע אַרבייטער אַ טובה דערפון, ווי צ. ב. פאַר די אַרבייטער, וואָס זענען בעשעפטיגט אין מאַשינען־פאַבריקען, אָבער מיר גלויבען נישט, אַז די פערהונגערטע אַרבייטער זאָלען זיך דערמיט זעהר טרייסטען.

דורך די איינפיהרונג פון יעדער נייער מאַשין קען מען מיט

אַ קלענערער צאָהל אַרבייטער אויסאַרבייטען אַזוי פיעל, ווי פריהער אָדער, ווען די צאָהל אַרבייטער בלייבט די זעלבע, קענען זיי מיט דער מאַשין אויסאַרבייטען פיעל מעהר ווי פריהער. אַלזאָ, ווען די צאָהל פון די אַרבייטער, וועלכע זענען בעשעפטיגט אין אַ וועלכער עס איז לאַנד, זאָל זיך נישט פערקלענערן דורך די שטענדיגע ענטוויקלונג און פערבעסערונג פון די מאַשינען, דאַן מוז זיך דער מאַרק פערגרעסערן אין דעם ערך, אין וועלכען עס וואַקסט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. אָבער אַזוי ווי די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פערגרעסערט גלייכצייטיג ווי די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט, אַזוי אויך די צאָהל פּראָלעטאַריער, וואָס זוכען אַרבייט — און זייער צאָהל וואַקסט אַסך גיכער, איידער די בעפעלקערוּנג בכלל — וועט נאָר דאַן נישט זיין קיין אַרבייטסלאָזיגקייט, ווען דער מאַרק וועט זיך פערגרעסערען פיעל גיכער איידער דאָס פאָדערט די פערמעהרונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט אַליין.

אַז דער מאַרק זאָל זיך אַזוי גיך פערגרעסערען — דאָס האָט זיך קוים ווען געטראָפען זייט עס הערשט די קאַפּיטאַליסטישע גרויס־אינדוסטריע, און געוויס האָט דאָס קיינמאָל ניט פּאַסירט פאַר אַ וועלכען עס איז היבשען משך צייט אויף אַ גרעסערען געביעט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע. דאָס הייסט, אַז די אַרבייטס־לאָזיגקייט איז אַ שטענדיגע ערשיינונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע, וועלכע איז מיט איהר דורך און דורך פערבונדען. אפילו אין די בעסטע צייטען, ווען דער מאַרק ווערט פלוצלונג שטאַרק פערגרעסערט און ווען די געשעפטען געהען זעהר גוט, איז דאָך די אינדוסטריע ניט אים שטאַנד צו געבען אַרבייט אַלע אַרבייטסלאָזע; אין דער שלעכטער צייט, ווען די געשעפטען געהען שטיל, דאַמאָלס וואַקסט די צאָהל פון די אַרבייטסלאָזע מוראדיג גרויס. זיי בילדען אַ גאַנצע אַרמעע — די אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע, ווי מאַרקס האָט זיי אָנגערופען, ווייל זיי בילדען אַן אַרמעע פון אַר־בייטס־קרעפטען, מיט וועלכע דער קאַפּיטאַליסט קען זיך שטענדיג בענוצען, פון וועלכע ער קען שטענדיג נעהמען רעזערווען, ווען די געשעפטען הויבען אָן לעבעדיגער צו ווערען.

פאַר׳ן קאַפּיטאַליסט איז דיעזע רעזערוו־אַרמעע אַ גאַנצער אוצר. זי איז פאַר איהם אַ וויכטיגעס געוועהר, אום צו האַלטען

אין צוים זײַנע אַרבײַטער און צו מאַכען זײ אונטערטהעניג. איבער דעם, וואָס די אַרבײַטס־צײַט איז צו לאַנג, בלײַבען אַסך אָהן אַר־בײַט, און דיזע אַרבײַטסלאָזיגקײַט גופא דיענט דערנאָך אַלס מי־טעל אײַנצוהאַלטען די לאַנגע אַרבײַטס־צײַט און נאָך צו פערלענגע־רען זי. און דאָ זאָגט מען נאָך, אַז בײַ אונז אויף דער וועלט פיהרט זיך ניט אַלץ אַם בעסטען!

האָטש די אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע ווערט אַמאָל גרע־סער און אַמאָל קלענער, לויט ווי די געשעפטען געהען — דאָך האָט זי בכלל די נייגונג צו פערגרעסערען זיך, ווײַל די פערבעסערונגען און די אומענדערונגען אין דער טעכניק קומען פאַר אַלץ גיכער און גיכער און פערנעהמען אַלץ ברײַטערע געביעטען, דעם מאַרק אָבער ווערט פערקערהט, אַלץ שווערער און שווערער צו פערברײַטע־רען. נאָר מיר וועלען נאָך ווײַטער וועגען דעם ריידען בײַ אַנאַנדער ענין, דאָ איז גענוג נאָר אָנצוווייזען דערויף.

וואָס בעדײַטעט אָבער די אַרבײַטסלאָזיגקײַט? זי בעדײַטעט ניט נאָר נויט און עלענד פאַר די לעדיג־געהענדע אַרבײַטער, ניט נאָר מעהר קנעכטשאַפט און עקספּלואַטאַציאָן פאַר די, וועלכע אַרבײַ־טען יאָ, נאָר זי מאַכט אויך אונזיכער די עקזיסטענץ פון דעם גאַנצען אַרבײַטער־קלאַס.

וואָס פאַר אַ צרות און ליידען די אַמאָליגע פאָרמען פון עקספּלו־אַטאַציאָן האָבען ניט פערשאַפט דעם עקספּלואַטירטען, דאָך איין זאַך האָבען זיי איהם געגעבען: די זיכערהײַט פון זײַן עקזיסטענץ. דער שקלאַף און דער לײַבאייגענער זענען געווען פערזיכערט מיט זייערע טעגליכע לעבענס־מיטלען, ווענינגסטענס אויף אַזוי לאַנג, כל זמן זייער הערר איז געווען זיכער מיט זײַן עקזיסטענץ. נאָר ווען זייער הערר איז געגאַנגען צו גרונד, נאָר דאַמאָלס האָבען זיי געקענט פערליערען זייערע לעבענס־מיטלען.

וואָס פאַר אַנעלענד, וואָס פאַר אַ נויט די בעפעלקערונג האָט צײַטענווײַז ניט געליטען בײַ די פריהערדיגע פּראָדוקציאָנס־אופנים — איז די סבה דערפון ניט געלעגען אין דער פּראָדוקציאָן, נאָר אין דער שטערונג פון דער פּראָדוקציאָן, דורך אַ מגפה, פערפלייצונג, בעפאַלען פון אַ שונא, אַ ניט געראָטען יאָהר א. ז. וו.

די עקזיסטענץ פון דעם עקספּלואַטאַטאָר איז הײַנט גאָר ניט פערבונדען מיט דער עקזיסטענץ פון דעם עקספּלואַטיערטען. דער

אַרבּייטער קען יעדע רגע אַרויסגעוואָרפען ווערען מיט ווייב און קינד אויפ'ן גאַס און שטאַרבען פאַר הונגער, אין אין דער זעלבער צייט ווען די לאַגע פון דעם עקספּלואַטאַטאָר, וועלכען ער האָט רייך געמאַכט, אַפילו אויף אַ האָר ניט פערענדערט ווערען.

די אַרבּייטסלאָזיגקייט מיט איהר גאַנצען עלענד קומט אַרויס היינטיגע צייט זעהר זעלטען דערפון, וואָס די פּראָדוקציאָן ווערט געשטערט דורך וועלכע עס איז געוואַלדיגע אויסערליכע סבּות, אַדרבּה, די ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציאָן אַליין מוז נאַטירליך פיהרען דערצו. היינטיגע צייט פאַסירט אָפט פערקעהרט, אַז ווען די פּראָדוקציאָן ווערט דורך וואָס עס איז געשטערט, קומט נאָך צו אַרבּייט, ניט וואָס עס ווערט ווייניגער: מען דאַרף זיך דערמאָנען, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט געהאַט די מלחמה פון 1870 יאָהר אויפ'ן ווירטשאַפטליכען לעבען פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך אין די ערשטע יאָהרען נאָך דער מלחמה.

בעת עס האָט געהערשט דער קליין-בעטריעב האָט דער אַרבּייטער אין זיין אייגענעם וואַרשטאַט פערדיענט אַלץ מעהר, וואָס פלייסיגער ער איז געווען. פוילקייט פלעגט איהם, פערקעהרט, אינגאַנצען אַראָבשלאָגען פון די פיס און פלעגט איהם מאַכען אַרבּייטסלאָז, היינט ווערט די אַרבּייטסלאָזיגקייט אויף אַזוי פיעל גרעסער, אויף וויפיעל מעהרער און לענגער די אַרבּייטער אַרבּייטען. דער אַרבּייטער בּעשאַפט זיין אַרבּייטסלאָזיגקייט דורך זיין אייגענער אַרבּייט. אין דער וועלט פונ'ם קליין-בעטריעב איז געווען אַ כלל, אַז יעדער קען זיך מיט זיין האָרעוואַניע זיין גליק בּעשאַפען; איצט איז דיעזער כלל, ווי אַ סך אַנדערע כללים פון יענער וועלט, געוואָרען פונקט דער היפך. און ווי דיעזער אַזוי איז אויך פאַלש געוואָרען דער אַנדערער כלל, וועלכען פיעלע פיליסטער האָבען נאָך ביז היינט ליעב אַרויסצושטעלען גענגען די אַרבּייטער — דער כלל, אַז יעדער קען זיך זיין בּרויט פערדיענען, ווען ער וויל נאָר אַרבּייטען.

ווי דער אייגענס פערהיט וועניג, אַזוי פערהיט אויך וועניג די אַרבּייטס-קראַפט פון נויט און עלענד. אַזוי ווי דעם קליינעם בּויער און האַנדווערקער שטעהט שטענדיג פאַר די אויגען די סכּנה פון בּאַנקראָט, אַזוי געפינט זיך אויך דער פּראָלעטאַריער שטענדיג אין סכּנה צו בּלייבען אָהן אַרבּייט.

אַט די שטענדיגע אונזיכערהייט איז די ערגסטע פון אַלע צרות בײַ דעם הײַנטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן, אָבער זי רופט אויך אַרויס די גרעסטע אונצופריעדענהייט, זי ריהרט אָן טיעפער ווי אַלץ בײַ'ם האַרצען און רײַסט אַרויס מיט'ן וואָרצעל יעדען קאָנסערוואַטיווען געדאַנק. דיעזע אײביגע אונזיכערהייט מיט דער אייגענער לאַגע גראָבט אונטער דעם גלויבען, אַז די הײַנטיגע געזעלשאַפט שטעהט פעסט און זיכער און אויך דעם חשק זי צו ערהאַלטען. און ווען ס'איז נאָר בעוואוסט די איצטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג און די שטענדיגע שרעק, יענער הערט שוין אויף מורא צו האָבען פאַר דער נײַער.

די לאַנגע אַרבייטס־צײַט, די אַרבייטסלאָזיגקייט, די צערשטערונג פון דער פאַמיליע — דאָס אַלץ ברענגט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן דעם פּראָלעטאַריאַט. און אין דער זעלבער צײַט זאָרגט ער אויך דערפאַר, אַז דער פּראָלעטאַרישער צושטאַנד פערברייטערט זיך אויף אַלץ גרעסערע שיכטען און ער ווערט פאַר אונזערע אויגען דער צושטאַנד פון דער גרויסער מאַסע בעפעלקערונג.

## 6. די פערגרעסערונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס סוחר'ישע און דאָס געבילדעטע פּראָלעטאַריאַט.

ניט בלויז דורך די שטענדיגע פערברייטערונג פון דער גרויס־אינדוסטריע אַליין פיהרט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן דערצו, אַז די פּראָלעטאַרישע לאַגע ווערט אַלץ מעהר די לאַגע פון דעם גאַנצען פאָלק בכלל. ער פיהרט דערצו נאָך מיט אַנ'אַנדערען וועג אויך: דורכדעם, וואָס די לאַגע פון די לוין־אַרבייטער אין דער גרויס־אינדוסטריע בעשטימט די לאַגע פון די לוין־אַרבייטער אין די אַנדערע אַרבייטס־צווײַגען. אויך זייערע אַרבייטס־ און לעבענס־בעדינגונגען ווערען אײַנגאַנצען פערענדערט דורך דער גרויס־אינדוסטריע; די מעלות, וועלכע דער קליין־בעטריעב האָט געהאַט פאַר די אַרבייטער ענטקעגען דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע, זענען דורך איהר ווירקונג איבערגעגאַנגען אין הסרונות. ווען עס געפינט זיך צ. ב. ש. איצט אַ האַנדווערק־אַרבייטער, וועלכער וואָהנט און עסט בײַ זײַן מייסטער, ברענגט דאָס דערצו, אַז ער וואָהנט און

עֶסט עֶרגעֶר, ווי דעֶר לוין־אַרבּייטעֶר, וואָס פיהרט אַנ'אייגעֶנעֶ בעל־הבּתישקייט. די לאַנגעֶ לעֶהר־צייט איז אַמאָל געֶוועֶן אַ מיטעֶל צו פעֶרהיטעֶן דאָס האַנדוועֶרק, אַז ס'זאָל ניט פעֶרפלייצט וועֶרעֶן מיט איבּריגעֶ אַרבּייטס־קרעֶפטעֶן; הײַנט דיענעֶן די לעֶהר־יונגלעֶך אַלס דאָס בּעֶסטעֶ מיטעֶל צו פעֶרפלייצעֶן דאָס האַנדוועֶרק מיט בּיליגעֶ אַרבּייטס־קרעֶפטעֶן און איבּעֶרלאָזעֶן עֶרוואַקסעֶנעֶ בעלי־מלאכות אָהן בּרויט.

און דאָס וואָס בּיי דעֶר העֶרשאַפט פונ'ם קליין־בּעֶטריעבּ איז געֶוועֶן אַ שׂכל און אַ נוטץ איז דאָ, ווי אויך אויף אַנדעֶרעֶ געֶבּיעטעֶן, געֶוואָרעֶן דורך די ווירקונג פונ'ם קאַפּיטאַליסטישעֶן פּראָדוקציאָנס־אופן אַנ'אונזינן און אַ פּלאָג.

ווען די מייסטעֶרס סטאַרעֶן זיך אייִנצופיהרעֶן צוריק די אַמאָ־ליגעֶ צעֶכעֶן, ווילעֶן זיי בּעֶצם לעֶבּעֶדיג מאַכעֶן די אַלטעֶ פאָרמעֶן, נאָר כּדי דורכדעֶם אַריינצוּבּעֶקומעֶן אין זייעֶרעֶ העֶנד נײַעֶ מיטלעֶן צו עֶקספּלואַטירעֶן זייעֶרעֶ אַרבּייטעֶר. זיי ווילעֶן זיך פעֶרהיטעֶן פון צו פעֶרזינקעֶן אין זומפּ דורכדעֶם, וואָס זיי לעֶגעֶן אונטעֶר זייעֶרעֶ פיס די נפשות פון פּראָלעֶטאַריעֶר. און אָט די לײַט זעֶנעֶן נאָך שטאַרק אין כעס אויף דעֶם פּראָלעֶטאַריאַט דעֶרפאַר, וואָס עֶר האַפּט זיך ניט אָן מיט שׂמחה פאַר אַזעֶלכעֶ מיני מיטלעֶן צו פעֶרהאַלטעֶן אויף אַ ווײַלעֶ דעֶם אונפעֶרמיידליכעֶן אונטעֶרגאַנג פון דעֶם קליין־בּעֶטריעבּ.

די זעֶלבּעֶ עֶנטוויקלונג ווי אין האַנדוועֶרק קומט אויך פאָר אין מסחר־וועֶלט. אויך אין מסחר הויבּט אָן דעֶר גרויס־בּעֶטריעבּ צו פעֶרטרײַבּעֶן דעֶם קליין־בּעֶטריעבּ. נאָר פון דעֶסטוועֶגעֶן איז דעֶרפון נאָך ניט געֶדרונגעֶן, אַז די צאָהל פון די קלייִנעֶ מסחר־געֶשעֶפטעֶן דאַרף קלעֶנעֶר וועֶרעֶן. פעֶרקעֶהרט, זי וועֶרט נאָך גרעֶסעֶר. דעֶר קלייִנעֶר מסחר — דאָס איז דעֶר לעֶצטעֶר עיר־מקלט פאַר די קליין־בּירגעֶר, וועֶלכעֶ בּאַנקראָטירעֶן *). בּעֶגרעֶנצעֶן דעֶם קלייִנעֶם האַנדעֶל — ווי צ. ב. ש. פעֶרוועֶהרעֶן אַרומצוטראָגעֶן סחורות איבּעֶר די הײַזעֶר — הייסט

*) אין 1895-טען יאָהר איז אין דייטשלאַנד פון יעדער טויזענד אַר־בייטער פון איין און דעם זעלבען פאַך אויסגעקומען:

| | אין אינדוסטריע | מסחר | גאַסט-און קאַפּעע-הייזער |
|---|---|---|---|
| אויף בעטריעבען מיט 1-5 מענשען: | 399 | 7 8 | 746 |
| " " " 6-50 " : | 238 | 252 | 241 |
| " " " איבער 50 : | 363 | 40 | 13 |

דאָס ניט אַנדערש, ווי אַראָבשלאָגען אָט די פּעראָרימטע קליין־בירגער גאָר אינגאַנצען פון די פיס, מאַכען זיי פאַר לומפּען־פּראָלעטאַריער, פאַר בעטלער, פאַר שלעפּער, פאַר קאַנדידאַטען אין די טורמעס: אַ טייערע סאָציאַל־רעפאָרם!

די ענטוויקלונג פון דעם גרויס־בעטריעב אין מסחר פּערקלענערט ניט די צאָהל פון די קליינע געשעפטען, נאָר דורך איהר ווירקונג ווערען זיי אינגאַנצען פּעראָרימט. די עקסיסטענץ פון די זעלבסטשטענדיגע קליינע הענדלער ווערט וואָס ווייטער אַלץ אונזיכערער און אַלץ מעהר פּראָלעטאַריש. און אין דער זעלבער צייט וואַקסט אין די גרויס־בעטריעבען פון מסחר די צאָהל פון די שכירות־מענשען, פון די עכטע פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבען קיין שום האָפנונג ניט זעלבסטשטענדיג צו ווערען; עס ווערט אַלץ מעהר פערברייטערט די אַרבייט פון קינדער און פרויען, און דערמיט פערגרעסערט זיך אויך די פּראָסטיטוציאָן; און אויך אויף היעזען עקאָנאָמישען געביעט פאַלען די שכירות און וואַקסען די איבער־אַרבייט און די אַרבייטסלאָזיגקייט. די לאַגע פון די שכירות־מענשען, וואָס בעשעפטיגען זיך אין מסחר, ווערט אַלץ נעהענטער צו דער לאַגע פון די פּראָלעטאַריער, וואָס אַרבייטען אין דער אינדוסטריע. זיי אונטערשיידען זיך כמעט מעהר ניט ווי מיט דעם, וואָס זיי מוזען „פיהרען כלומר'שט אַ שענעם שטאַט" און צוליעב דעם גופא לייִדען זיי נאָך אויך אַנ'אַנדער מאָל צרות פון אַזעלכע זאַכען, פון וועלכע דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריער ווייסט גאָר ניט.

און, נאָך אַנ'אַנדערע שיכטע פון פּראָלעטאַריער הויבט זיך אָן צו ענטוויקלען. דאָס פּראָלעטאַריאַט פון די געבילדעטע. ביי אונזער פּראָדוקציאָנס־אופן איז די בילדונג אויך געוואָרען אַ בעזונדער געשעפט. די וויסענשאַפט איז אונענדליך גרויס געוואָרען און וואַקסט פון טאָג צו טאָג. די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט און אויך די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה דאַרפען וואָס ווייטער אַלץ מעהר מענשען פון וויסענשאַפט און קונסט, כדי צו פיהרען זייערע געשעפטען און צו בעהערשען די קרעפטען פון דער נאַטור, סיי צוליעב דעם צוועק פון פּראָדוקציאָן אָדער צערשטערונג, סיי

מען זעהט, אַז אין מסחר און אין גאַסט־ווירטשאַפט שפּיעלען די קליינע בעטריעבען אַ סך אַ גרעסערע ראָלע, איידער אין דער אינדוסטריע.

צוליעב לוקסוס־זאַכען, אויף וועלכע זיי ברענגען אויס זייערע אַלץ וואַקסענדע מותרות. אָבער ניט נאָר דער בויער, דער האַנדווערקער אָדער גאָר דער פּראָלעטאַריער, נאָר אויך דער סוחר, דער פאַבריקאַנט, דער באַנקיר, דער בערזען־ספּעקולאַנט און דער גרויסער גוט־בעזיצער האָבען ניט קיין צייט אָבצוגעבען זיך מיט וויסענשאַפט און קונסט. זיי זענען איינגאַנצען אַריינגעטהון אין זייערע געשעפטען און אין תענוגים. אין דער היינטיגער געזעלשאַפט בעשעפטיגען זיך ניט די עקספּלואַטאַטאָרען אַליין, אָדער וועניגסטענס אַ בעשטימטער טייל פון זיי, מיט וויסענשאַפט און קונסט, ווי עס איז געווען אַמאָל ביי די פריהערדיגע געזעלשאַפטס־פאָרמען; די טהעטיגקייט לאָזען זיי איבער אַ בעזונדערען קלאַס מענשען, וועלכען זיי בעצאָהלען דערפאַר. די בילדונג ווערט אַ סחורה.

אָבער ביז מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר צוריק איז זי נאָך געווען אַ זעלטענע סחורה. שוהלען זענען געווען וועניג, און דאָס שטודירען האָט געקאָסט זעהר טייער. די בויערען זענען געווען דאָס רוב צו אָרים און האָבען ניט געהאַט די מיטלען צו שיקען זייערע זיהן אין העכערע שוהלען. דער בעל־מלאכה און דער סוחר האָבען דאַמאָלס נאָך געמאַכט גאָלדענע געשעפטען, און די קינדער פלעגען דעם פאָטערס געשעפט ניט אַרויסלאָזען פון די הענד. סיידען נאָר ביי בעזונדערע פעהיגקייטען אָדער איבער בעזונדערע אומשטענדען פלעגט זיך דעם בעל־מלאכה'ס אָדער סוחר'ס זוהן אָבגעבען מיט דער וויסענשאַפט אָדער קונסט. און אין דער צייט, ווען עס האָט זיך געפאָדערט אַלץ מעהר בעאַמטע, טעכניקער, דאָקטוירים, לעהרער, קינסטלער א. ז. וו., פלעגט זיך זייער צאָהל גאָר אויף וועניג פערגרעסערען. כמעט נאָר זייערע קינדער אַליין פלעגען זיך אָבגעבען מיט די פּראָפעסיאָנען פון זייערע עלטערען.

און דערפאַר האָט די סחורה „בילדונג” געהאַט אַ הויכען פּרייז. ווער ס'האָט זי געהאַט, וועניגסטענס די, וועלכע האָבען געמאַכט זייער בילדונג פאַר אַ פּראָפעסיאָן: אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים, בעאַמטע, פּראָפעסאָרען א. ז. וו., האָבען געקענט פיהרען אַ שען לעבען, על פי רוב פלעגט זי נאָך פערשאַפען אַ שענעם נאָמען און כבוד. דער קינסטלער, דער פּאָעט און דער פילאָזאָף זענען געווען נאָהענט צום קייזערליכען הויף. דער גייסטיגער אַריסטאָקראַט האָט זיך געפיהלט העכער פאַר דעם געבאָרענעם, ווי אויך פאַר דעם גע־

וואָרעֶנעֶם — געֶלד־אַרִיסטאָקראַט. עֶר האָט נאָר געֶדאַרפֿט זאָרגעֶן צוּ עֶנטוויִקלעֶן זיַינעֶ גיַיסטיִגעֶ קרעֶפֿטעֶן. דעֶרפֿאַר האָבעֶן די געֶבּיִלדעֶטעֶ געֶקעֶנט זיַין איִדעֶאַליִסטעֶן און זיי זעֶנעֶן עֶס טאַקי אָפֿט געֶוועֶן. זיי זעֶנעֶן געֶשטאַנעֶן העֶכעֶר, איידעֶר די אַנדעֶרעֶ קלאַסעֶן מיִט אַלעֶ זייעֶרעֶ מאַטעֶריִעֶלעֶ בּעֶשטרעֶבּוּנגעֶן און געֶגעֶנזעֶצעֶן. בּיִלדוּנג האָט געֶגעֶבּעֶן מאַכט, גליִק און ליִעבּשאַפֿט. נאָכדעֶם נאָך איִז גאָר נעֶוועֶן בּיַים וועֶג צוּ טראַכטעֶן, אַז נאָר דוּרך די פֿעֶרבּריַיטוּנג פֿוּן בּיִלדוּנג קעֶן מעֶן אַלעֶ מעֶנשעֶן גליִקליִך און ליִעבּעֶנסוויִרדיִג מאַכעֶן, בּעֶזיַיטיִגעֶן די קלאַסעֶן־געֶגעֶנזעֶצעֶן און אויסוואָרצלעֶן פֿוּן דעֶר וועֶלט אָרימקייט און געֶמיינהייט.

זיַיט יעֶנעֶ ציַיט האָט זיִך די העֶכעֶרעֶ בּיִלדוּנג — און נאָר וועֶגעֶן איִהר רעֶדעֶן מיִר דאָ — זעֶהר פֿעֶרבּרייטעֶרט און געֶמאַכט געֶוואַלדיִגעֶ פֿאָרשריִטעֶן. די צאָהל פֿוּן די בּיִלדוּנגס־שוּהלעֶן האָט זיִך זעֶהר שטאַרק פערמעֶהרט, אָבּעֶר נאָך איִן אַ גרעֶסעֶרעֶ מאָס איִז געֶוואַקסעֶן די צאָהל פֿוּן די שיִלעֶר. פֿאַר די קלייִנעֶ געֶשעֶפֿטעֶן פֿיִן מסחר און פֿוּן איִנדוּסטריִע איִז די גאָלדעֶנעֶ ציַיט שוֹין פֿעֶרבּייגעֶגאַנגעֶן. דעֶר קלייִן־בּיִרגעֶר וויַיסט, אַז עֶר האָט נאָר איין מיִטעֶל ווי צוּ פֿעֶרהיִטעֶן זיַינעֶ קיִנדעֶר פוּן צוּ פֿעֶרזיִנקעֶן איִן פּראָלעֶטאַריאַט — אַוועֶקגעֶבּעֶן זיי שטוּדיִרעֶן, און עֶר טהוּט דאָס, ווען עֶר קעֶן נאָר אָנטהוּן זיִך אַ כח און קריִגעֶן די מיִטלעֶן דעֶרצוּ. און עֶר מוּז ניִט נאָר זיַינעֶ זיִהן פֿעֶרזאָרגעֶן, נאָר אויך זיַינעֶ טעֶכטעֶר. זיַיט די אַרבּייטס־צוּטייִלוּנג האָט זיִך אָנגעֶהויבּעֶן צוּ עֶנטוויִקלעֶן, געֶהעֶן איִבּעֶר אַלץ מעֶהר שטוּבּיִגעֶ אַרבּייטעֶן, ווי מיִר האָבּעֶן שוֹין אויבּעֶן דעֶרמאָנט, איִן בּעֶזוּנדעֶרעֶ פּראָפֿעֶסיאָנעֶן; איִן דעֶר שטוּבּיגעֶר בעל־הבית׳ישקייט בּליַיבּט אַלץ וועֶניִגעֶר אַרבּייט. און אַזאַ פֿאַמיִליעֶן־לעֶבּעֶן, וואוּ די פֿרוֹי זאָל מעֶהר גאָרניִט טהוּן, ווי נאָר זיַין אַ בּעל־הבּית׳טעֶ איִן שטוּבּ — דאָס ווערט וואָס וויַיטעֶר אַלץ מעֶהר אַ לוּקסוּס. די קלייִן־בּוּרזשוּאַזיִע ווערט אָבּעֶר, ווי מיִר האָבּעֶן געֶזעֶהן, פֿעֶראָרימט און זי פֿעֶרליִרט אַלץ מעֶהר די מעגליִכקיַיט צוּ פֿעֶרגיִנעֶן זיִך אַ וועֶלכעֶן עֶס איִז לוּקסוּס. אַלץ גרעֶסעֶר ווערט די צאָהל פֿוּן די, וועֶלכעֶ האָבּעֶן גאָר ניִט התונה, און אַלץ מעֶהר וואַקסט די צאָהל פֿוּן די פֿאַמיִליעֶן, איִן וועֶלכעֶ די פֿרוֹי און טעֶכטעֶר מוּזעֶן אַרבּייטעֶן, אוּם צוּ פֿעֶרדיִנעֶן. אַזוֹי וואַקסט די אַרבּייט פֿוּן פֿרוֹיעֶן ניִט נאָר איִן די געֶבּיִעטעֶן פֿוּן דעֶר גרויס־ און קלייִן־

אינדוסטריע און מסחר, נאָר זיי הויבען אויך אָן צו פֿערנעהמען שטעלען ביי דער מלוכה און אין פּריוואַטע אונטערנעהמונגען, אין פּאָסט, טעלעגראַף, באַנקען, אויף אייזען־באַהנען א. ז. וו. און אַלץ אַ גרעסער אָרט אין דער קונסט און אין דער וויסענשאַפֿט. ווי שטאַרק עס זאָלען ניט זיין דאַגעגען די פֿאָר־אורטהיילען און די פּערזענליכע אינטערעסען, דאָך פֿערנעהמט די פֿרויען־אַרבייט אַלץ מעהר אָרט אין די פֿערשידענסטע געביעטען פֿון דער גייסטיגער אַרבייט. ניט פּוסטע גאוה, ניט קאַפּריזען, נאָר דער צוואַנג פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג טרייבט די פֿרויען צו דער אַרבייט אויף די פֿערשידענסטע געביעטען פֿון דער מענשליכער טהעטיגקייט. ווען מענער האָט זיך איינגעגעבען אין איינינגע צווייגען פֿון דער גייסטיגער אַרבייט, וועלכע זענען אָרגאַניזירט ווי צעכען, אויסצושליסען די קאָנקורענץ פֿון די פֿרויען, דערפֿאַר האַפּען זיך אָן די פֿרויען נאָך מעהר פֿאַר די אַרבייטען, וועלכע זענען פֿאַר זיי ניט פֿערצוימט געוואָרען, צ. ב. ש. שרייבשטעלעריי, מאַלעריי און מוזיק.

דאָס רעזולטאַט פֿון דיעזער גאַנצער ענטוויקלונג איז דאָס, וואָס די צאָהל פֿון די געבילדעטע איז אין פֿערגלייך מיט די פֿריהערדיגע יאָהרען מוראדיג געוואַקסען. אָבער פֿון יענע גוטע האָפֿנונגען, וועלכע די אידעאַליסטען האָבען געלעגט אויף דער פֿערברייטונג פֿון בילדונג, האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזען. כל זמן בילדונג איז אַ סחורה, בעדייטעט די פֿערברייטונג פֿון בילדונג די פֿערמעהרונג פֿון דיעזער סחורה און דערמיט אויך די פֿערקלענערונג פֿון איהר פּרייז, און ממילא פֿערערגערט זיך אויך די לאַגע פֿון די, וועלכע האָבען די סחורה. די צאָהל פֿון די געבילדעטע איז אויף אַזוי פֿיעל געוואַקסען, דאָס עס געפֿינט זיך פֿיעל מעהר געבילדעטע, וויפֿיעל די קאַפּיטאַליסטען און די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה דאַרפֿען. דער אַרבייטער־מאַרק איז פֿערפֿלייצט מיט גייסטיגע אַרבייטער, אַזוי ווי מיט האַנד־אַרבייטער. די גייסטיגע אַרבייטער האָבען שוין אויך זייער רעזערוו־אַרמעע, און די אַרבייטסלאָזיגקייט איז ביי זיי אויך אַזאַ שטענדיגער גאַסט, ווי ביי די אינדוסטריע־אַרבייטער. די, וועלכע ווילען בעקומען אַ שטעלע ביי דער מלוכה, מוזען יאָהרען לאַנג, אָפֿטמאָל מעהר אַלס גאַנצע צעהן יאָהר, וואַרטען, ביז זיי דערשלאָגען זיך צו אַ קליין אָרט מיט ווענינג געהאַלט. די איבריגע האָבען דעם זעלבען מזל, ווי די האַנד־אַרבייטער: אָדער זיי מו=

זען אָהן אַ שיעור האָרעווען, אָדער זיי זיצען גאָר אָהן אַרבּייט, און דאָס פֿאַלען פֿון די שכירות איז בּיי זיי אויך געוואָרען, אַקוראַט ווי בּיי די האַנד־אַרבּייטער, אַ טעגליכע פֿראַגע.

די קלאַססען־לאַגע פֿון די גייסטיגע אַרבּייטער פֿערערגערט זיך פֿאַר אונזערע אויגען; ווי אַמאָל האָט מען גערעדט וועגען אַ גייס־טיגער אַריסטאָקראַטיע, אַזוי רעדט מען איצט וועגען אַ פּראָלעטאַ־ריאַט פֿון דער אינטעליגענץ. און באַלד וועלען זיך דיזע פּראָלע־טאַריער אונטערשיידען פֿון די איבּריגע לוין־אַרבּייטער נאָר מיט איין זאַך, מיט זייער גדלות. דאָס רוב פֿון זיי שמועסען זיך נאָך אַלץ איין, אַז זיי זענען בּעסער פֿאַר די פּראָליטאַריער, זיי רעכענען זיך נאָך אַלץ צו צו דער בּורזשואַזיע, אָט אַזוי, ווי אַ משרת רע־כענט זיך צו צו זיינע בעלי־בתים. זיי האָבּען אויפגעהערט צו זיין די גייסטיגע פיהרער פֿון דער בּורזשואַזיע און זענען געוואָרען איהרע געדונגענע קלאַפּער. די קאַריערע — דאָס איז זייער אידיאַל. זייער ערשטער זאָרג איז איצטער נישט צו ענטוויקלען, נאָר אויסצובּיי־טען אויף מזומנים זייער גייסטיגען אייגענס, און דאָס שאַכערען מיט זייער אייגענעם „איך" איז בּיי זיי דאָס הויפּטמיטעל צו דערשלאָגען זיך צו אַ גוטען אָרט. ווי די קליינבּירגער, אַזוי ווערען זיי אויך פֿערבּלענדט פֿון דעם גליק, וועלכען עס האָבּען געהאַפּט איינציגע מענשען בּיי דער לאָטעריע פֿון זייער לעבּען; זיי פֿערגעסען, אַז דערבּיי האָבּען אַ וועלט מיט מענשען אַרויסגענומען פּוסטע נו־מערען, און בּלויז פֿאַר די האָפֿנונג אויף דעם גרויסען געווינס פֿער־קויפען זיי זייער לייבּ און זעלע. פֿערקויפען די אייגענע אי־בּערצייגונגען, טהון אַ שדוך צוליעב געלד — דאָס זע־נען בּיי דאָס רוב פֿון אונזערע געבּילדעטע צוויי גאַנץ געוועהנליכע מיטלען, אָהן וועלכע זיי קענען נישט אויסקומען אים צו „דערשלאָגען זיך צו אַ ציעל". אָט וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן האָט געמאַכט פֿון די אידיאַליסטען, פֿאָרשער, דענקער און פֿאַנטאַזיאָרען!

נאָר די צאָהל פֿון די געבּילדעטע וואַקסט אַזוי שטאַרק, אַז פֿערקויפענדיג די בּילדונג קען מען בּכלל ווייניג אויסשלאָגען, ווען מען זאָל אַפּילו אין צוגאָבּ אַוועקגעבּען דעם גאַנצען אייגענעם „איך". און עס איז נישטאָ קיין מעגליכקייט אויפצוהאַלטען דאָס זינקען בּיז דער מאַסע געבּילדעטע אין פּראָלעטאַריאַט.

צו וועט דיזע ענטוויקלונג פיהרען דערצו, אז די מאַסע פון די געבילדעטע, ניט נאָר איינצעלנע מענשען, ווי ביז אהער, וועט צושטעהן צו דעם קעמפפענדען פראָלעטאַריאַט, קען מען נאָך ניט וויסען. אָבער איין זאַך איז זיכער: איבער די פּראָליטאַריזירונג פון די געבילדעטע איז דער פּראָלעטאַריאַט די לעצטע וועג פערשלאָסען אַרויסצורייסען זיך מיט די אייגענע כחות איינער אַליין פון פּראָלעטאַריאַט און איבערצוגעהן צו אַ העכערען קלאַס.

אַז דער לוין־אַרבייטער קען קיין קאַפּיטאַליסט נישט ווערען, ווענינסטעס ביי געוועהנליכע בעדינגונגען, דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג. ווען מען רעדט וועגען דער לאַגע פון דעם אַרבייטער־קלאַס, וועט דאָך קיין מענש מיט אַ שטיקעל שכל אין קאָפּ נישט נעהמען פאַר אַ משל אַזאַ צופאַל, ווי דער גרויסער געווינס אין דער האַמבורגער לאָטעריע, אָדער אַ ירושה פון אַ רייכען פּעטער אין אַמעריקאַ. נאָר ביי בעזונדערס גוטע אומשטענדען קען זיך דאָך אַמאָל איינגעבען דעם אָדער יענעם פון די בעסער בעצאָהלטע אַרבייטער, ווען ער זאָל שוין זעהר קאַרגען, צו עפּענען אַ קליינעם וואַרשטאַט, אַ קליינע קרעמעל אָדער אַוועקגעבען איינעם פון זיינע זיהן שטודירען, כדי צו מאַכען פון איהם עפּעס אַ „בעסערען תכלית" – עס איז אַלע מאָל געווען לעכערליך אָנצוווייזען די אַרבייטער אויף אַזעלכע מעגליכקייטען צו פערבעסערען זייער אייגענע אָדער זייער קינדערס לאַגע; ווייל ביי געוועהנליכע בעדינגונגען קען אַן אַרבייטער, בעת ער שפּאָרט שוין יאָ עטוואָס איין, צופרידען זיין דערמיט, וואָס איהם גיט זיך איין אין די גוטע צייטען אָנצוקלויבען אַזוי פיעל, אַז ער זאָל ניט דאַרפען הונגערען אין דער צייט, ווען ער זיצט אָהן אַרבייט. אָבער היינט איז נאָך מעהר, ווי אַלע מאָל, אַ געלעכטער צו טרייסטען די אַרבייטער מיט אַזעלכע מעגליכקייטען און אויפווייזען זיי אויף אַזעלכע וועגען. די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג מאַכט ניט נאָר שטענדיג אונמעגליך פאַר דעם אַרבייטער עטוואָס איינצושפּאָרען, נאָר זי מאַכט איהם אויך אונמעגליך, ווען איהם גיט זיך יאָ איין וואָס עס איז צונויפצוקלויבען, אַרויסצורייסען דורך דעם זיך אַליין אָדער זיינע קינדער פון דער פּראָלעטאַרישער לאַגע, נעהמען זיך פאַר אַ זעלבסטשטענדיגען קליין־בעטריעב — הייסט דאָס פאַר איהם אַריינפאַלען פון איין צרה אין די אַנדערע. און דאָס רוב מוז ער זיך באַלד אומקערען צוריק צו זיין פריהערדיגער עלענד, אָבצאָהלענדיג

מיט זיין גאַנצען אָבגעשפּאָרטען אייגענעם רבי־געלדערפאַר, וואָס ער איז דערגאַנגען, אַז דער קליין־בעטריעב האָט קיין קיום נישט.

אויעקגעבען זיין זוהן שטודירען איז פאַר דעם פּראָלעטאַריער נאָך שווערער, איידער איבערצוגעהן צו אַ זעלבסט־שטענדיגען קליין־בעטריב; דערויף האָט ער כמעט גאָר קיין האָפנונג נישט. אָבער לאָמיר שוין רעכענען, אַז איהם האָט זיך דאָס יאָ איינגעגעבען; וואָס פאַר אַ נוטצען וועט אָבער די העכערע בילדונג ברענגען דעם פּראָלעטאַריערס זוהן, וועלכער האָט נישט קיין פּראָטעקציאָן און וועלכער האָט נישט קיין מעגליכקייט לאַנג צו וואַרטען ביז ער וועט פון זיין בילדונג קענען פערדינען? וואָס פאַר אַ נוטצען וועט איהם ברענגען איצטער די בילדונג, ווען טויזענדע יוריסטען מוזען וואַרטען יאָהרען לאַנג, ביז זיי קומט אָן צו קריגען אַ שטעלע ביי דער מלוכה, ווען הונדערטע טעכניקער, כעמיקער א. ז. וו. לויפען אַרום אָהן שטעלעס?

וואהין דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך נישט ווענדען, אומעטום טרעפט ער פאַר זיך נאָר די זעלבע פּראָלעטאַרישע אַרבייטס־בעדינגונגען, דעם זעלבען פּראָלעטאַרישען לעבען. די גאַנצע געזעלשאַפט ווערט אַליץ מעהר און מעהר פּראָלעטאַריזירט; אין אַלע קולטור־לענדער האָט זיך שוין היינט די מאַסע פון דער בעפעלקערונג אַראָבגעלאָזען ביז צו דער מדרגה פון פּראָלעטאַריאַט. און פאַר דעם איינצעלנעם פּראָלעטאַריער איז יעדע האָפנונג פערשוואונדען אַרויסצוקריכען איינער אַליין מיט די אייגענע כחות פון דעם זומפּ, אין וועלכען עס שטופּט איהם דער איצטיגער פּראָדוקציאָנס־אופן. ער קען זיך דערשלאָגען צו אַ בעסערער לאַגע נאָר דורך די פערבעסערונג פון דער לאַגע פון דעם גאַנצען קלאַס, צו וועלכען ער געהערט.



# III.

# דער קאַפּיטאַליסטען-קלאַס.

## 1. האַנדעל און קרעדיט.

מיר האָבען געזעהען, ווי אין די לענדער מיט דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן ווערען די מאַסען פון דער בעפעלקערונג אַלץ מעהר צו פּראָלעטאַריער, צו אַרבייטער, וועלכע האָבען נישט אַליין קיין פּראָדוקציאָנס־מיטלען און וועלכע קענען נישט דעריבער זעלבסטשטענדיג פּראָדוצירען און זענען דעריבער געצוואונגען, כדי נישט צו שטאַרבען פון הונגער, צו פערקויפען זייער איינציג פערמעגען — זייער אַרבייטס־קראַפט. דאָס רוב פון די בויערען און די בעלי־בתים פון קליינע בעטריבען געהערען באמת שוין אויך צום פּראָלעטאַריאַט. דאָס וואָס זיי טיילט אָב פון דעם פּראָלעטאַריאַט — זייער אייגענס — איז נישט מעהר ווי אַ דינער פאָרהאַנג, וועלכער קען מעהר דינען אויף צו פערדעקען זייער עקספּלואַטאַציאָן און אָבהענגיגקייט, איידער צו פערהיטען זיי דערפון, אַ פאָרהאַנג, וועלכען יעדער שטאַרקער ווינדטעל הויבט אויף און טראָגט אַוועק אין דער לופטען.

אויף דער אַנדערער זייט זעהען מיר אַ קליינעם הויפען גבירים, קאַפּיטאַליסטען און גרויסע ערד־אייגענטימער, וועמען עס געהערען אַליין די וויכטיגסטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, די וויכטיגסטע לעבענס־קוועלען פון דער גאַנצער בעפעלקערונג; און דאָס, וואָס זיי זענען אויף דערויף די איינציגע בעלי־בתים, גיט זיי די מעגליכקייט און די מאַכט צו מאַכען אָבהענגיג פון זיך און צו עקספּלואַטירען די, וועלכע האָבען נישט קיין אייגענס.

אין דער צייט, ווען דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג פערזינקט אַלץ טיעפער אין נויט און עלענד, פערנעהמט צו זיך אין די הענד דיזער קליינער הויפען פון קאַפּיטאַליסטען און גרויסע ערד־אייגענטימער אין איינעם מיט די אַלע פּאַראַזיטען, וואָס לע־

בּעָן אַרום זיי, יענע מוראדיגע גרויסע עשירות, וועלכע די איצטיגע קולטור האָט בּעשאַפען און דער עיקר וואָס די פאָרטשריטען אין די נאַטור־וויסענשאַפט און זייער אָנווענדונג אין דער פּראַקטיק האָבּען געגעבּען.

לאָמיר זיך נעהענטער צוקוקען צו דיזען קליינעם הויפען „יחסנים"; לאָמיר בּעטראַכטען די ראָלע, וועלכע זיי שפּילען אין דעם עקאָנאָמישען לעבּען, און די רעוולטאַטען, וועלכע קומען דערפון אַרויס פאַר די געזעלשאַפט.

מיר האָבּען זיך שוין בּעקענט מיט דריי אַרטען, אויף וועלכע דאָס קאַפּיטאַל טיילט זיך: דאָס סוחר'ישע קאַפּיטאַל, דאָס וואוכער־קאַפּיטאַל און דאָס אינדוסטריעלע קאַפּיטאַל. די לעצטע אַרט פון קאַפּיטאַל, דאָס אינדוסטריעלע קאַפּיטאַל, איז די יונגסטע, זי איז אֶפּשר ניט אַלט אַזוי פיעל הונדערטע יאָהרען, וויפיעל טויזענדע יאָהרען עס זענען אַלט די בּיידע ערשטע אַרטען פון קאַפּיטאַל. אָבּער דער יונגסטער בּרודער איז געוואַקסען שנעלער, פיעל שנעלער איידער בּיידע עלטערע. ער איז אַרויסגעוואָקסען מורא'דיג גרויס און האָט אונטערטהעניג געמאַכט די עלטערע בּרידער, געמאַכט זיי פאַר זיינע בּעדיענער.

פאַר דעם קליין־בּעטריעב אין זיין פאָלקאָמענער (קלאַסישער) פאָרם איז דער האַנדעל ניט אַזאַ נויטיגע זאַך, אָהן וועלכער ער זאָל נישט קענען אויסקומען. ווען דער בּויער אָדער דער האַנדווערקער מוז שוין יאָ קויפען וועלכע ס'איז פּראָדוקציאָנס־מיטלען, קען ער זיי קויפען גלייך בּיי דעם, וועלכער עס מאַכט זיי. זיינע פּראָדוקטען קען ער פערקויפען גלייך דעם קאָנסומענט*), און דער האַנדעל האָט אויף דיזער מדרגה פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג געדיענט דער עיקר דעם לוקסוס, די פּראָדוקציאָן בּכלל האָט זיך געקענט געהן ווייטער אָהן איהם אויך, פאַר דעם קיום פון דער געזעלשאַפט איז ער נישט געוועזען וויכטיג.

די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן מוז פערקעהרט, ווי מיר האָבּען געזעהען, פון אָנהויבּ אָן אָנקומען צום האַנדעל, אַקוראַט ווי דער האַנדעל, דערגרייכענדיג צו אַ געוויסער מדרגה, דאַרף האָבּען פאַר זיין ווייטערע ענטוויקלונג די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן. וואָס

*) קאָנסומענט — דער וואָס געבּרויכט פּראָדוקטען.

מעהר די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן פֿערברייטערט זיך, וואָס מעהר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן הייבּט אָן צו הערשען, אַלץ מעהר נויטיגער ווערט די ענטוויקלונג פֿונ'ם האַנדעל פֿאַר'ן גאַנצען ווירטשאַפֿטליכען לעבען. היינט דיענט שוין מעהר ניט דער האַנדעל נאָר פֿאַר דעם וואָהלטיג, פֿאַר דעם לוקסוס אַליין. די גאַנצע פּראָדוקציאָן, נאָך מעהר, די ערנעהרונג פֿון דער בעפֿעלקערונג הענגט איצט אָב אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פֿון דעם, אַז דער האַנדעל זאָל ניט געפֿינען אויף זיין וועג קיינע שטערונגען. און דאָס איז איינע פֿון די אורזאַכען, איבער וועלכע אין היינטיגע צייטען קען אַ וועלטס-מלחמה פֿיעל מעהר חרוב מאַכען, איידער אַמאָל. אַ מלחמה שטערט דעם האַנדעל. און ווען דער האַנדעל שטעלט זיך איצט אָב, שטעלט זיך אויך אָב די פּראָדוקציאָן, שטעלט זיך אָב דאָס גאַנצע ווירטשאַפֿטליכע לעבען; עס ווערט אַ גאַנצער חורבן אין דעם עקאָנאָמישען לעבען, וועלכער פֿערברייטערט זיך ווייטער און איז ניט קיין קלענערער אונגליק, ווי די פֿערוויסטונגען אויפ'ן שלאַכט-פֿעלד.

ווי די ענטוויקלונג פֿונ'ם האַנדעל, אַזוי איז אויך די ענטוויקלונג פֿון דעם וואוכער זעהר וויכטיג געוואָרען פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן. ביי דער הערשונג פֿון דעם קליין-בעטריעב איז דער מלוה געוועזען אַ פּאַראַזיט, וועלכער האָט בענוצט די שלעכטע לאַגע אָדער דעם לייכטזינן פֿון דעם צווייטען, כּדי אויסצוזויגען ביי איהם זיין בלוט. דאָס געלד, וואָס ער פֿלעגט דעם אַנדערען לייהען, פֿלעגט מען דאָס רוב בענוצען אויף אַזעלכע זאַכען, וועלכע טראָגען ניט אַריין קיין הכנסה, די נויטיגע פּראָדוקציאָנס-מיטלען האָט על פּי רוב יעדער פּראָדוצענט*) אַליין געהאַט. ווען צ. ב. ש. אַ פּריץ פֿלעגט לייהען געלד — איז דאָס געוועזען נאָר אויף צו פֿערהולטעווען; אַ בויער — נאָר אויף אָבצוצאָהלען שטייערען אָדער אויף צו פֿיהרען אַ פּראָצעס. געבען געלד אויף פּראָצענט האָט זיך דערפֿאַר גערעכענט פֿאַר אַנ'עולה און מען האָט עס אומעטום געהאַלטען פֿאַר זעהר נידריג.

גאָר אַנדערש איז עס אינ'ם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן. געלד איז איצט אַ מיטעל צו פֿערפֿיהרען אַ קאַפּיטאַליסטישען

*) פּראָדוצענט—דער וואָס פּראָדוציערט, אַרבייט אויס פּראָדוקטען.

בעטריעב, צו קויפֿען און צו עקספּלואַטירען אַרבייטס־קרעפֿטען. ווען אַן־אונטערנעהמער לײַהט איצט געלד אויף צו גרינדען אַ נײַע אונטערנעהמונג אָדער אויף צו פֿערגרעסערען די אַלטע, הייסט דאָס ניט, — עס פֿערשטעהט זיך, ווען דאָס געשעפֿט גיט זיך אײַן, — אַז זײַן ביז־איצטיגע הכנסה ווערט קלענער אויף אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל ער צאָהלט אָב צינזען. פֿערקעהרט, דאָס געליהענע געלד גיט איהם די מעגליכקייט צו עקספּלואַטירען אַרבייטס־קרעפֿטען, אַלזאָ, צו פֿערגרעסערען זײַן פֿריהערדיגע הכנסה און טאַקי אויף פֿיעל מעהר, ווי די צינזען טרעפֿען אָן. דער וואוכער פֿערליערט איצט זײַן פֿריהערדיגען כאַראַקטער. זײַן פֿריהערדיגע ראָלע צו עקספּלואַטירען יענעמס שלעכטע לאַגע און לײַכטזינן ווערט אַלץ קלענער; איצט בעשטעהט זײַן ראָלע אַלץ מעהר אין דעם, וואָס ער „בעפֿרוכטעט“ די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, ד. ה. וואָס ער פֿערשאַפֿט איהר די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיך נאָך גיכער, איידער עס וואָלטען איהר ערמעגליכען בלויז יענע קאַפּיטאַלען, וואָס קלײַבען זיך אָן אין די געלד־שראַנקען פֿון די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען. דער האַס צום מלוה פֿערשווינדעט. ער רעכענט זיך שוין ניט פֿאַר אַ בעל־עולה, און ער בעקומט אויך גאָר אַ נײַעם נאָמען, וועלכער קלינגט זעהר שען: קרעדיטאָר.

אין דער זעלבער צײַט איז די הויפּטריכטונג, אין וועלכער עס בעוועגט זיך דאָס קאַפּיטאַל, וואָס טראָגט אַרײַן פּראָצענט, אויך געוואָרען אַן־אַנדערע. די געלד־סומען, וואָס די וואוכער־קאַפּיטאַליסטען פֿלעגען אָנקלײַבען אין זייערע שראַנקען, פֿלעגען פֿריהער פֿון דיעזע רעזערוואואַרען פֿליסען דורך טויזענדע קאַנאַלען אין די הענד פֿון די ניט־קאַפּיטאַליסטען. היינט זענען, פֿערקעהרט, די געלד־שראַנקען פֿון די וואוכער־קאַפּיטאַליסטען — די קרעדיט־אײַנריכטונגען — געוואָרען רעזערוואואַרען, וואוהין עס פֿליסען דורך טויזענדע קאַנאַלען די געלד־סומען פֿון די ניט־קאַפּיטאַליסטען און ערשט פֿון דאָרטען געהען זיי איבער צו די קאַפּיטאַליסטען. דער קרעדיט איז היינט אויך ווי אַמאָל אַ מיטעל צו מאַכען, אַז די ניט־קאַפּיטאַליסטען — די וואָס האָבען אין די וואָס האָבען ניט קיין אייגענס — זאָלען צאָהלען צינזען דעם קאַפּיטאַל. אָבער איצט איז ער אויך געוואָרען אַ מעכטיגער מיטעל צו מאַכען פֿאַר „קאַפּיטאַל“ יעדעס פֿערמעגען, וואָס געפֿינט זיך אין די הענד פֿון די פֿערשיעדענע ניט־

קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען: פֿון די מוראדיגע רייכקייט פֿון דער קאַ־טולישער קירכע און פֿון דעם אַלטען אַדעל ביז צו די אָרימע אָבגעשפּאָרטע גראָשען פֿון דעם דינסט־מיידעל און דעם שכירות־מענש. דער קרעדיט, הייסט עס, איז געוואָרען אַ מיטעל איינינגע פֿון די ניט־קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען צו עקספּלואַטירען און אַנדערע צו צערשמעטערען. מען לויבט זעהר די היינטיגע קרעדיט־איינריכ־טונגען, די שפּאָר־קאַסען א. ז. וו., ווייל זיי מאַכען פֿאַר קאַפּיטאַל דעם פֿערשפּאָרטען גראָשען פֿון דעם האַנדווערקער, בויער און לוין־אַרבייטער און זיי אַליין פֿאַר „קאַפּיטאַליסטען“. — אַזוי טענה'ן די אָנ־הענגער פֿון דער איצטיגער אָרדנונג, אָבער וואָס די געלד פֿון די ניט־קאַפּיטאַליסטען זאַמלען זיך אין די קרעדיט־איינריכטונגען, דאָס האָט ניט קיין אַנדערען צוועק, ווי נאָר צו פֿערשאַפֿען פֿאַר די קאַפּיטאַ־ליסטען נייע קאַפּיטאַלען און דורכדעם צו פֿערגרעסערען די ענטוויק־לונג פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופֿן. וואָס פֿאַר אַ בעדייטונג דאָס האָט פֿאַר די לוין־אַרבייטער בויערען און האַנדווער־קער, האָבען מיר געזעהן.

ווען די היינטיגע קרעדיט־איינריכטונגען זאָרגען אַלץ מעהר דערפֿאַר, אַז אַלע פֿערמעגענס פֿון די פֿערשיעדענע ניט־קאַפּיטאַ־ליסטישע קלאַסען זאָלען ווערען קאַפּיטאַל, מיט וועלכען דער קאַ־פּיטאַליסטען־קלאַס זאָל זיך קענען בענוצען, זאָרגען זיי אויך דער־פֿאַר, אַז די קאַפּיטאַלען פֿון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס גופא זאָ־לען אויסגענוצט ווערען בעסער ווי ביז אַהער. די קרעדיט־איינריכ־טונגען ווערען רעזערוואוּאַרען פֿאַר אַלע געלד־סומען, וועלכע די איינ־צעלנע קאַפּיטאַליסטען האָבען קיין געלעגענהייט ניט אין דער אָדער יענער צייט צו פֿערווענדען ביי זיך אין געשעפֿט; דערמיט גיעבען זיי אַנדערע קאַפּיטאַליסטען די מעגליכקייט צו בענוצען די סומען, וועלכע וואָלטען אַזוי געלעגען „טויט“, אָהן אַ שום פּעולה. די קרעדיט־איינריכטונגען גיעבען אויך די מעגליכקייט צו מאַכען פֿון סחורה געלד, נאָך איידער מען פֿערקויפֿט זי, און זיי פֿערקירצען אויף אַזאַ אופֿן די צייט, וואָס איז נויטיג, ביז דאָס געלד קעהרט זיך אום צוריק צום אונטערנעהמער, ד. ה. זיי פֿערקלענערען די סו־מע קאַפּיטאַל, וועלכע איז צו דער אָדער יענער צייט נויטיג, אום צו פֿיהרען אַ בעשטימטע אונטערנעהמונג.

דורך דעם אַליין ווערט די סומע אין די ווירקונגס־קראַפֿט פֿון

דעם קאַפּיטאַל וועלכען דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס קען בענוצען, זעהר שטאַרק פערגרעסערט. און דערפאַר איז היינט געוואָרען דער קרעדיט איינע פון די שטאַרקסטע קרעפטען, וואָס בעוועגען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן. ביי דער שטאַרקער ענטוויקלונג פון די מאַשינען און ביי דער פערגרעסערונג פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע איז דער קרעדיט געוואָרען איינע פון די הויפּט־אורזאַכען, וואָס גיעבען דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן די קראַפט, וועלכע מאַכט די אינדוסטריע פעהיג צו שטייגען געשווינד אין דער הויך און זעהר שטאַרק צו פערברייטערען זיך, ווי נאָר עס קומט פאַר איהר עטוואָס אַ בעסערע צייט.

אָבער דער קרעדיט פיהלט יעדע שטערונג נאָך אַ סך מעהר, איידער דער האַנדעל. און ווי דער קרעדיט הייבט אָן צו פאַלען, רופט דאָס זיך אָב אויף דעם גאַנצען ווירטשאַפטליכען לעבען.

אַנדערע עקאָנאָמיסטען האָבען דעם קרעדיט געהאַלטען פאַר אַ מיטעל, דורך וועלכען דער, וואָס האָט גאָר ניט, אָדער דער, וואָס האָט אַ קליינעם פערמעגען, קען אויך ווערען אַ קאַפּיטאַליסט. אָבער, ווי זיין נאָמען אַליין בעוויזט, האַלט זיך דער קרעדיט אויף דעם פערטרויען פון דעם קרעדיט־געבער צום קרעדיט־נעהמער; וואָס מעהר דער קרעדיט־נעהמער האָט אייגענס, אַלץ אַ גרעסערער בטוח איז ער, אַלץ מעהר קרעדיט בעקומט ער. דער קרעדיט איז אַלזאָ מעהר ניט ווי אַ מיטעל צו פערשאַפען פאַר די קאַפּיטאַליסטען נאָך מעהר קאַפּיטאַל, איידער זיי האָבען אַליין, צו פערגרעסערען זייער מאַכט ענטגעגען די איבעריגע קלאַסען, צו פערשאַרפען און ניט אָבצושוואַכען די געגענזעצען, די הפכים אין דער געזעלשאַפט.

און אויף אַזאַ אופן איז דער קרעדיט ניט נאָר אַ מיטעל שנעלער צו ענטוויקלען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן און צו געבען איהר די מעגליכקייט אויסצונוצען יעדע גוטע געלעגענהייט; ער איז אויך אַ מיטעל צו פערגיכערען דעם אונטערגאַנג פון דעם קליין־בעטריעב; ער איז, ענדליך, אויך אַ מיטעל, וועלכער מאַכט דעם גאַנצען מעכאַניזמוס פון דעם איצטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן אַלץ פערוויקעלטער; ער מאַכט, אַז דיעזער מעכאַניזמוס זאָל אַלץ שטאַרקער פיהלען יעדע שטערונג; ער ערוועקט אויך צווישען די קאַפּיטאַליסטען דאָס געפיהל, אַז זיי זענען ניט זיכער מיט זייער עקסיסטענץ;

ער רוקט אַלץ מעהר פערנאַנדער דעם פונדאַמענט, אויף וועלכען די קאַפּיטאַליסטען שטעהען.

---

## 2. אַרבייטס-טהיילונג און קאָנקורענץ.

---

די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פיהרט פון איין זייט דערצו, אַז דער האַנדעל און דער קרעדיט ווערען אַלץ ענגער פערבונדען מיט דער אינדוסטריע; גלייכצייטיג ווירקט זי פון דער אַנדערער זייט אַזוי, אַז דורך דער וואַקסענדער אַרבייטס-צוטיילונג ווערען די פערשיעדענע פונקציאָנען, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט האָט צו ערפילען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען, אַלץ מעהר פערנאַנדערגעטיילט צווישען פערשיעדענע, גאָר בעזונדערע אונטערנעהמונגען און איינריכטונגען. אַמאָל פלעגט דער סוחר דאַרפען ניט נאָר קויפען און פערקויפען סחורות; ער האָט זיי אויך געמוזט אָנזאַמלען און האַלטען ביי זיך אין שפייכלער און דערנאָך פיהרען אויפ׳ן מאַרק, וועלכער איז אָפט געווען גאַנץ ווייט; ער האָט אויך געמוזט די סחורה סאָרטירען, אויסלעגען און צושטעלען צו די איינציגע קונדען. היינט האָבען מיר ניט נאָר די אַרבייטס-צוטיילונג צווישען דעם גרויסען און דעם קליינעם האַנדעל, מיר האָבען בעזונדערע גרויסע אונטערנעהמונגען, וועלכע טראַנספּאָרטירען סחורות און וועלכע האַלטען שפייכלער אויף אָבלעגען סחורות (עלעוואַטאָרען, לאַגער-הייזער); אויף די גרויסע צענטראַל-מאַרקען, אויף די בערזען איז דאָס קויפען און פערקויפען אויף אַזוי פיעל געוואָרען אַ בעזונדערע טהעטיגקייט און איז אויף אַזוי פיעל אָבגעריסען פון די איבריגע פונקציאָנען פון דעם סוחר, דאָס ניט נאָר וואָס מען קויפט און מען פערקויפט דאָ סחורות, וועלכע זענען נאָך ערגעץ זעהר ווייט אָדער וועלכע זענען נאָך גאָר אויף דער ווייסער וועלט ניטאָ; נאָר דאָ קויפט מען אויך סחורות, גאָר ניט האָבענדיג בדעה צו נעהמען זיי פאַר זיך, און מען פערקויפט סחורות, וועלכע מען פערמאָגט גאָר ניט.

אַמאָל האָט מען זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אַ קאַפּיטאַליסט אָהן אַ גרויסען געלד-שראַנק, וואוהין ער זאַמעלט דאָס געלד, וואָס ס׳קומט צו איהם אַריין, און פון וואַנען ער נעהמט געלד.

וואָס ס'איז איהם נויטיג צו זיינע צאָהלונגען. אין די מעהר עקאָ־נאָמיש־ענטוויקעלטע לענדער, און בעזונדערס אין ענגלאַנד און אַ־מעריקא, ווערען היינט געפיהרט די קאַסען פון די קאַפּיטאַליסטען דורך גאָר בעזונדערע אונטערנעהמונגען, דורך די באַנקען. מען צאָהלט ניט מעהר דעם קאַפּיטאַליסט אַליין, נאָר אין זיין באַנק; אויך בעקומט מען ניט קיין געלד פון דעם קאַפּיטאַליסט אַליין, זיי־נע הובות צאָהלט זיין באַנק. און אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז עטליכע גרויסע צענטראַל־אונטערנעהמונגען בעזאָרגען די קאַסען־אינ־טערעסען פון'ם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס פון אַ גאַנץ לאַנד.

אָבער ווען אַפילו די פערשיעדענע פונקציאָנען פון'ם קאַפּי־טאַליסט טיילען זיך אויף אַזאַ אופן פערנאַנדער צווישען פערשיע־דענע זעלבסטשטענדיגע אונטערנעהמונגען, ווערען זיי דורך דעם דאָך נאָר געזעצליך (יוריסטיש) אונאָבהענגיג איינע פון די אַנ־דערע; עקאָנאָמיש בלייבען זיי נאָך, ווי פריהער, זעהר ענג פערנאַנ־דערגעבונדען און מוזען איינע צו דער אַנדערער אָנקומען. איינע פון דיעזע אונטערנעהמונגען קען ניט געהן ווי עס דאַרף צו זיין, ווען אַנ'אַנדערע פון דיעזע אונטערנעהמונגען, מיט וועלכער זי איז געשעפטליך פערבונדען, ווערט געשטערט.

וואָס מעהר דער האַנדעל, קרעדיט און אינדוסטריע ווערען אָבהענגיג איינע פון די אַנדערע, און וואָס מעהר די פערשיעדענע פונקציאָנען פון'ם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס צוטיילען זיך אין אָבגעזונ־דערטע אונטערנעהמונגען, אַלץ מעהר איז יעדער איינציגער קאַפּי־טאַליסט אָבהענגיג פון די אַנדערע. די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט פון איין לאַנד — אין געוויסע פּרטים שוין אַפילו די קאַפּיטאַליסטי־שע ווירטשאַפט פון'ם גאַנצען וועלט־מאַרק — ווערט אַלץ מעהר איין־איינציגער מוראדיגער גרויסער קערפּער, פון וועלכען אַלע טיילען זענען ענג פערבונדען איינע מיט די אַנדערע. ווען די מאַסע פון דער בעפעלקערונג ווערט אַלץ מעהר אָבהענגיג פון די קאַפּיטאַלי־סטען, ווערען די קאַפּיטאַליסטען אַלץ מעהר אָבהענגיג איינער פון דעם צווייטען.

דער ווירטשאַפטליכער מעכאַניזמוס פון דעם היינטיגען פּראָ־דוקציאָנס־אופן ווערט אַלץ מעהר פערוויקעלט און הייבט אָן אַלץ שטאַרקער צו פיהלען יעדע קלענסטע פערענדערונג; און כדי ער זאָל קענען געהן אונגעשטערט, ווערט אַלץ מעהר און מעהר נויטיג, אַז

אַלע זיינע פיעלע רעדער זאָלען זיין פינקטליך צוגעפּאַסט איינע צו די אַנדערע און זאָלען גוט אויספיהרען זייער אַרבייט. פאַר קיין פּראָדוקציאָנס־אופן איז ניט געווען אַזוי נויטיג, אַז ער זאָל רעגולירט ווערען נאָך איין פּלאַן נאָך, ווי פאַר דעם איצטיגען. אָבער דאָס פּריוואַט־איינענטום דערלאָזט נישט איינצופיהרען אַ פּלאַן אָן אַנ׳אָרדנונג אין דעם איצטיגען עקאָנאָמישען מעכאַניזמוס. אין דער צייט ווען די איינצעלנע בעטריעבען ווערען עקאָנאָמיש אַלץ מעהרער אָבהעניג איינע פון די אַנדערע, בלייבען זיי יוריסטיש, געזעצליך אונאַבהענגיג איינע פון די אַנדערע. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון יעדעם איינצעלנעם בעטריעב זענען פּריוואַט־איינענטום און דער בעל־הבית פון זיי קען זיך מיט זיי בענוטצען, ווי ער וויל.

וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך דער גרויס־בעטריעב, וואָס גרעסער עס ווערען די איינצעלנע בעטריעבען, אַלץ מעהר ווערט רעגולירט די עקאָנאָמישע טעהטהיגקייט אין יעדען איינצעלנעם בעטריעב גופא, אַלץ מעהר ווערט זי איינגעאָרדנעט מיט אַלע קליינינקייטען נאָך איין בעשטימטען גוט אַרומגעטראַכטען פּלאַן. אָבער צופּאַסען די טהעטהיגקייט פון איין בעטריעב צו דער טהעטהיגקייט פון די אַנדערע, — דאָס איז איבערגעלאָזען געוואָרען דער בלינדער טרייב־קראַפט פון דער פרייער קאָנקורענץ. זי טרייבט דעם ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס, פּטר׳ענדיג מורא׳דיג פיעל קרעפטען און מיטלען, און דורך די קראַכען, וועלכע ווערען וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער; זי טרייבט איהם ניט דורך דעם, וואָס זי שטעלט יעדערען אַוועק אויף זיין ריכטיגען אָרט, נור דורך דעם, וואָס זי צומאַלט יעדערען, וועד עס שטעהט דער ענטוויקלונג פון דעם ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס אויפ׳ן וועג. מען רופט דאָס: „אויסקלייבען די בעסטע אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען“. אין דער אמת׳ן אָבער וואַרפט אַרויס די פרייע קאָנקורענץ ניט אַזוי די, וועלכע טויגען ניט צו דער וועלט, ווי די, וועלכע געפינען זיך ניט אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ און קענען זיך אויף איהם ניט איינהאַלטען איבער דעם, וואָס זיי פעהלט די פעהיגקייטען דערצו, אָדער — און דאָס איז דער עיקר — ווייל זייערע קאַפּיטאַלען זענען צו קליין. אָבער איצטער בענוגענט זי זיך נאָך ניט דערמיט, וואָס זי וואַרפט אַרויס די, וועלכע זענען ניט בייגעשטאַנען אויף „דער מלחמה פאַר׳ן לעבען“. ווען עס געהען צום גרונד יענע, וועלכע די מלחמה פאַר׳ן לעבען האָט גובר געווען, ווערען דורך דעם אויך

תרוב נאָך אַ גרויסע צאָהל אַנדערע עקסיסטענצען, וואָס זענען עקאָנאָמיש פֿערבונדען מיט דעם בעטריעב, וועלכער האָט באַנקראָטירט: לוין־אַרבייטער, קרעדיטאָרען, ליעפֿעראַנטען און ז. וו.

מען זאָגט נאָך היינט אויך זעהר אָפֿט דאָס שפּריכוואָרט: יעדערער בעשאַפֿט אַליין זיין גליק. דאָס שפּריכוואָרט שטאַמט פֿון דער צייט, ווען עס האָט געהערשט דער קליין־בעטריעב, וואו דער מזל פֿון דעם איינצעלנעם אַרבייטער — און נאָר זיין אייגענער מזל און דער מזל פֿון זיין פֿאַמיליע — האָט זיך געווענדט אָן זיינע פּערזענליכע מעלות; היינט, אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט העננט אָב דער מזל פֿון מענשען וואָס ווייטער אַלץ ווייניגער פֿון זיין פּערזענליכקייט, ער ווענדעט זיך, פֿערקעהרט, אַלץ מעהר אָן טויזענדער אומשטענדען, אויף וועלכע דער מענש אַליין קען גאָר ניט ווירקען; היינט קענען מיר שוין מעהר ניט זאָגען, אַז די קאָנקורענץ קלייבט אויס די בעסטע אין דער מלחמה פֿאַר'ן לעבען.

## 3. דער רֶיוַח.

פֿון וואַנען ציהט דען דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס זיין הכנסה? דאָס סאָהרישע קאַפּיטאַל און דאָס וואוכער־קאַפּיטאַל פֿלעגען פֿון אָנהויב אַריינטראָגען פּרנסה און צינזען, אָבנעהמענדיג אַ טהייל אייגענס ביי די פּערזאָנען פֿון פֿערשידענע קלאַסען, וועלכע פֿלעגען מוזען אָנקומען צו הלוואות און צום מסחר. דאָס אינדוסטריעלע קאַפּיטאַל ציהט זיין ריוח פֿון דער עקספּלואַטאַציאָן פֿון די לוין־אַרבייטער, וואָס האָבען ניט קיין אייגענס. אָבער וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופֿן, אַלץ מעהר יאָגט אַריבער דאָס אינדוסטריעלע קאַפּיטאַל די אַנדערע אַרטען פֿון קאַפּיטאַל, אַלץ מעהר מאַכט ער זיי, ווי מיר האָבען געזעהען, זיך אונטערטהעניג; און דאָס קען ער דערגרייכען נאָר דורך דעם, וואָס ער גיט זיי אַוועק אַ טהייל פֿון דעם מעהר־ווערט, וועלכען ער האָט אַרויסגעצוינגען פֿון די לוין־אַרבייטער. און איבער דיזער ענטוויקלונג ווערט דער מעהר־ווערט, וועלכען די פּראָלעטאַריער בעשאַפֿען, אַלץ מעהר די וויכטיגסטע קוועלע, פֿון וואַנען דער גאַנצער

קאפּיטאַליסטען־קלאַס שעפּט זײַן הכנסה. ווי דאָס האַנדווערק און די בויערליכע לאַנדווירטשאַפט האַלטען אין פערשווינדען און האָבען אַלץ וועניגער ווירקונג אויף דעם עצם־כאַראַקטער פון דער הײַנטיגער געזעלשאַפט, אַזוי געהען אויך אונטער די אַלטע פאָרמען פון דעם סוחרישען און וואוכער־קאַפּיטאַל, וועלכע פלעגען אַרײַנ־טראָגען הכנסה דורך די עקספּלואַטאַציאָן פון די ניט־קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען. עס עקסעסטירען שוין הײַנט מלוכות אָהן האַנדווערק און בויערנשטאַנד — אַזאַ מלוכה איז ענגלאַנד. אָבער עס איז אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען וועלכע עס איז פון די איצטיגע מלוכות אָהן גרויס־אינדוסטריע. ווער עס וויל פערשטעהען די הײַנטיגע פאָרמען פון קאַפּיטאַל, מוז נעהמען אַלס אויסגאַנגספּונקט אינדוסטריעלען קאַ־פּיטאַל: דער מעהרווערט, וועלכען די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע פּראָדוצירט, בעקומט אַלץ אַ גרעסערע בעדייטונג צווישען די קוועּ־לען, פון וואַנען דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס ציהט זײַן הכנסה בכלל; ער איז די וויכטיגסטע פון דיזע קוועלען.

מיר האָבען זיך שוין אין פאָריגען קאַפּיטעל בעקענט מיט דעם מעהרווערט, וועלכען עס בעשאַפט דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריער און וועלכען עס נעהמט צו צו זיך אין די הענד דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסט. אויך האָבען מיר געזעהען, אויף וועלכען אופן די סומע מעהרווערט, וועלכע דער אײַנצעלנער אַרבייטער בעשאַפט, פער־גרעסערט זיך אַלץ מעהר אין פערגלײַך צו די שכירות, וועלכע ער בעקומט: דורך די פערמעהרונג פון דער אַרבייטסלאַסט, וואָס עס ליעגט אויף דעם אַרבייטער, דורך די אײַנפיהרונג פון ביליגערע אַר־בייטס־קרעפטען און פון מאַשינען, וואָס פערשפּאָרען אַרבייט און ז. וו. אין דער זעלבער צייט וואַקסט אויך מיט דער ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע די צאָהל פון די עקספּלואַטירטע פּראָלעטאַריער: אויף אַזאַ אופן וואַקסט אַלץ מעהר די מאַסע מעהר־ווערט, וועלכע עס קומט אַרײַן צו דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס.

## 4. די ערד־רענטע.

אָבער צום פערדרוס איז „אַ מענשען ניט בעשערט, אַז זײַן שמחה זאָל זײַן פאַר פול"; אַזוי איז אויך מיט די קאַפּיטאַליסטען.

ווי דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס זאָל ניט האַסען דאָס „זיך טהיילען" מיט דעם צווייטען, מוז ער דאָך טיילען דעם מעהרווערט, וועלכען ער נעהמט אַריין צו זיך אין די הענד, מיט די ערד־אייגענטימער און מיט דער מלוכה, און דער טהייל, וועלכע דיזע רייסען אָב ביי דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, וואַקסט פֿון יאָהר צו יאָהר.

ווען מיר ריידען וועגען די קלאַסען, וועלכע ווערען אַלץ מעהר די איינציגע אייגענטימער און עקספּלואַטאַטאָרען, מאָנאָפּאָליסטען פֿון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, מוזען מיר אונטערשיידען צווישען די קאַפּיטאַליסטען און די גרויסע ערד־אייגענטימער, ווייל די ערד איז גאָר אַ בעזונדערע אַרט פּראָדוקציאָנס־מיטעל. זי איז דאָס נויטיגסטע פֿון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען; אָהן איהר איז קיין שום מענשליכע טעהטיגקייט ניט מעגליך. אַפֿילו דער, וואָס פֿאָהרט אַרום איבער'ן ים אָדער אויף לופֿט־באַלאָנען, מוז אויך האָבען אַ נ'אָרט פֿון וואַנען אַרויסצופֿאָהרען און וואו אָבצושטעלען זיך. אָבער די ערד איז אַזאַ פּראָדוקציאָנס־מיטעל, וועלכען מען קען בשום אופן ניט פֿערגרעסערען נאָך דעם אייגענעם ווילען. אמת, ביז אַהער האָט זיך נאָך קוים ווען געטראָפֿען, אַז אין אַ גרויסען געביעט זאָלען די איינוואָהנער פֿערנעהמען אויף צו בעאַרבייטען ביז דעם לעצטען שטיקעל ערד; אַפֿילו אין כינאַ איז נאָך אויך פֿאַראַנען גרויסע שטיקער ערד, וועלכע מען בעאַרבייט ניט.

אין מיטעלאַלטער ביי דער הערשאַפֿט פֿון דעם בויערליכען קליינבעטריעב אין איירופּאַ האָט יעדער בויער געהאַט זיין אייגענעם הויף און זיין שטיקעל ערד אויף צו בעאַרבייטען; וואַסער, וואַלד, לאָנקעס — דאָס האָט געהערט צום קהל, און לעדיגע פּלעצער האָבען זיך געפֿונען אַזוי פֿיעל, דאָס יעדערער האָט זיך געקענט נעהמען אַ שטיק וויסטע ערד אויף צו בעאַרבייטען. נאָר אָט האָט זיך אָנגעהויבען די ענטוויקלונג פֿון דער סחורה־פּראָדוקציאָן. מיט די רעזולטאַטען פֿון דיזער ענטוויקלונג האָבען מיר זיך שוין בעקענט. די פּראָדוקטען פֿון דער ערד זענען געוואָרען סחורות, זיי האָבען בעקומען אַ ווערטה. דאָס האָט צוריק געווירקט אויף דער ערד, אַז זי איז אויך געוואָרען אַ סחורה און האָט געקראָגען אַ ווערט. די איינצעלנע בויערליכע קהלות און געזעלשאַפֿטען האָבען ביסלעכווייז אויפֿגעהערט אַריינצונעהמען צו זיך נייע מיטגליעדער; די מיטגליעדער פֿון דער קהלה האָבען אָנגעהויבען צו בעטראַכטען די ערד, וועלכע עס האָט זיי געהערט בשותפות און

וועלכע זיי האבען צום טהייל אין איינעם בענוטצט (ווי צ. ב. וועלדער, לאנקעס), ניט ווי אַנ'אייבינען שותפות'ען אייגענטום פון דעם גאַנצען קהל אדער פון דער גענאָסענשאַפט, נאָר ווי אַ בעזונדערע אַרט פון יורשים, אָבער ניט צו די נייע מיטגליעדער, וועלכע האבען זיך שפּעטער צוגעשריבען צום קהל. זיי האבען געוואָלט מאַכען די ערד פאַר זייער מאָנאָפּאָל.

אָבער אויף'ן שותפות'ען אייגענטום פון קהל האט זיך געפונען נאך אַ בעלן — דער פריץ, וועלכער איז פריהער געוועזען דער בע־שיצער פון קהל'שען אייגענטום: ווען די קהל'שע ערד, וועלכע האט איצטער גענקראָגען אַזאַ ווערט, זאָל שוין יע ווערען פּריוואַט־אייגענטום, דאַן זאָל זי ווערען זיין פּריוואַט־אייגענטום. אין דאָס רוב געגענדען, בעזאָנדערס דאָרטען, וואו עס האט זיך ענטוויקעלט דער גרויסבעטריעב אין לאַנדווירטשאַפט, האט זיך טאַקי די פּריצים איינגעגעבען צו פערנעהמען דעם בוערליכען שותפות'ען אייגענטום צו זיך אין די הענד. מען האט אָנגעהויבען אָבצונעהמען ביי די בויערן זייערע ערד, צו פערטרייבען זיי פון זייער בעל־הבית'ישקייט (ווירטשאַפט). אַלע ערדען, אפילו די, וועלכע מען האט ניט בענוצט צו דער לאַנדווירטשאַפט, זענען אַריבער אין פּריוואַט־אייגענטום. האָבען אייגענע ערד — דאָס איז געוואָרען אַ פּריווילעגיע פון געצעהלטע מענשען.

אויף אַזאַ אופן איז דורך די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג און בע־זאָנדערס דורך דעם, וואָס עס האט זיך געבילדעט אַ קלאַס פון גרויסע ערד־אייגענטימער, די ערד געוואָרען אַ מאָנאָפּאָל נאָך אַפּילע פריהער איידער עס האט זיך אויסגענומען ליידיגע ערד, וואָס עס טויג אויף צו בעאַרבייטען, נאך אַפּילע פריהער איידער עס האט נאך געקענט זיין אַ רייד וועגען דעם, אַז די בעפעלקערונג איז צו געדיכט. אַלזאָ, ווען די ערד איז אַלס פּראָדוקציאָנס־מיטעל גאָר ניט גלייך צו אַלע אַנדערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין דעם פּרט, וואָס מען קען זי ניט נאָך דעם אייגענעם ווילען פערגרעסערען, איז דאָס ניט דערפאַר, ווייל עס איז שוין פערנומען די גאַנצע ערד אויף צו בעאַרבייטען, נאָר דערפאַר, ווייל די ערד איז שוין אין גאַנצען אַריינגעפאַלען — ווענינגסטענס אין די קולטור־לענדער — צו דער מינדערהייט (קלענערער טהייל) אין די הענד, דורך דעם ווערט גאָר אַ בעזונדערע אַרט מאָנאָפּאָל. אמת, דער קאַפּיטאַליסטענקלאַס האט ענטצוגען די פּראָלע־טאַריער דאָס מאָנאָפּאָל אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. אָבער צווישען

דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס גופא האָבען ניט די אָדער יענע מיטגליעדער קיין מאָנאָפּאָל אויף וועלכע עס איז פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווענינגסטענס אויף אַ לענגערע צייט. ווען עס בילדעט זיך אַ וועלכער עס איז סינדיקאַט פון קאַפּיטאַליסטען, כדי צו מאָנאָפּאָליזירען אַ בעשטימטע זעהר הייכטיגע ערפינדונג, צ. ב. אַ מאַשין, דאַן קענען זיך אַלע מאָל געפינען אַנדערע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע וועלען אויך קויפען דיזע מאַשין, אָדער אַריבערשטייגען דורך אַ נייע, נאָך מעהר געראָטענע ערפינדונג, אָדער זיי וועלען מיט דער צייט נאָכמאַכען אַזאַ מאַשין. ביי דעם ערד־אייגענטום איז דאָס אַלץ ניט מעגליך. די בעלי־הבתים פון די ערד האָבען אַ מאָנאָפּאָל ניט נאָר געגען די קלאַסען, וואָס האָבען ניט קיין אייגענס, נאָר אויך ענטגעגען דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס.

דער בעזאָנדערער כאַראַקטער פון ערד־אייגענטום טרעט אַרויס שאַרפער ווי אומעדום אין ענגלאַנד. דאָרט געפינט זיך די ערד פון גאַנצען לאַנד אין די הענד פון אַ קליינער צאָהל פאַמיליען, וועלכע האַלטען זי פעסט און פערקויפען זי ניט. ווער עס דאַרף האָבען ערד מוז ביי זיי דינגען פאַר אַ בעשטימטען פאַכט־צינז, ערד־רענטע*). אין ענגלאַנד ווען אַ קאַפּיטאַליסט וויל בויען אַ פאַבריק אָדער אַ הויז אויף דירות, אָדער ווען ער וויל זיך בעשעפטיגען מיט אַ לאַנד־ווירטשאַפטליכען בעטריעב אָדער מיט בערגוועַרק, קען ער דאָס רוב קיין ערד ניט קויפען, נאָר ער מוז זי דינגען.

אין דייטשלאַנד איז דער קאַפּיטאַליסט דאָס רוב אויך אַ בעל־הבית פון ערד: דעם פאַבריקאַנט געהערט די ערד, אויף וועלכע עס שטעהט זיין פאַבריק, דעם בערגוועַרק־אונטערנעהמער געהערען די גרובען, וועלכע ער נוצט אויס. פון דער אַנדער זייט איז דער גרויסער גוטבעזיצער דאָס רוב אויך אַ אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסט — ביי דער הערשאַפט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן ווערען די לאַנדווירטשאַפטליכע בעטריעבען, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, אַלץ מעהר פעראייניגט מיט די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריען, און אים אַלגעמיין גילטען אויף זיי די זעלבע געזעצען, ווי אויף אַנדערע אינדוסטריע־צווייגען. ווען דער קאַפּיטאַליסט פיהרט זיין געשעפט

*) אייגענטליך איז אַכט־ציג און ערד־רענטע ניט דאָס זעלבע. אין דעם פאַכט געהט דאָס רוב אַריין ניט נאָר צינז פאַר ערד, נאָר אויך פאַר קאַפּיטאַל. פאַר אונזער ענין אָבער דאַרף מען ניט מאַכען קיין אונטערשיעד צווישען פאַכט־צינז און ערד־רענטע.

אויף אײגענע ערד, ווען ער איז אַלײן דער בעל־הבית פֿון דער ערד, דאַן, פֿערשטעהט זיך, דאַרף ער ניט אָבגעבען אַ טהײל מעהר־ווערט דעם בעל־הבית פֿון איהר. דאָס בײַט אָבער בעצם גאָרנישט אום, ווײַל ער איז געוואָרען דער בעל־הבית פֿון די ערד נאָר דורך דעם, וואָס ער בעצאָהלט פֿאַר איהר דעם פֿריהערדיגען בעל־הבית אַ קאַפּיטאַל, וועלכער טראָגט אַרײַן אַזוי פֿיעל פּראָצענט, ווי פֿיעל עס בעטרעפֿט די ערד־רענטע. אויף אַזאַ אופֿן צאָהלט ער אין יעדען פֿאַל ערד־רענטע; סײַ אַזוי סײַ אַזוי פֿערקלענערט די ערד־רענטע זײַן ריוח.

דער מאָנאָפּאָל־כאַראַקטער פֿון דעם ערד־אײגענטום ווערט אָבער אַלץ שאַרפֿער, וואָס שטאַרקער עס ווערט די נאָכפֿראַגע אויף ערד, וואָס מעהר די בעפֿעלקערונג וואַקסט, וואָס מעהר ערד עס דאַרף דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופֿן. אין דעם זעלבען ערך וואַקסט אויך די ערד־רענטע, ד. ה. די גאַנצע סומע ערד־רענטע, וואָס מען צאָהלט אָב אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. עס איז גאָר ניט נויטיג, אַז עס זאָל וואַקסען די רענטע פֿון יעדער שטיקעל ערד בעזונדער. אַ שטיק ערד וועט בײַ גלײַכע איבעריגע בעדינגונגען געבען אַלץ מעהר רענטע, וואָס פֿרוכטבאַרער עס איז און וואָס בעסער עס איז דער אָרט, וואו ער ליעגט (צ. ב., נעהנטער אָדער ווײַטער פֿון מאַרק) — די געזעצען פֿון דער רענטע זעלבסט קענען מיר דאָ, פֿערשטעהט זיך, ניט בעשפּרעכען. — די בעאַרבײַטונג פֿון נײַע פֿרוכטבאַרע שטיקער לאַנד קען אַלזאָ אַראָבזעצען די ערד־רענטע פֿון די אויסגעמאָגערטע ערד. אָט אַזוי קען אויך אַ פֿערבעסערונג פֿון די טראַנספּאָרט־מיטלען אַראָבזעצען די רענטע פֿון די ערד, וועלכע ליעגט נאָהנט צום מאַרק, פֿערגרעסערענדיג די רענטע פֿון די ערד, וואָס ליגט ווײַט פֿון מאַרק. בײדע פֿאַלען זענען פֿאָרגעקומען אין די לעצטע צוויי צעהנדליג יאָהר. די אַמעריקאַנישע ערד־רענטע איז געשטיגען, און, ווי ווײַט דאָס האָבען דערלאָזען די שוטץ־צאָלע**) אויף די לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקטען, איז זי געשטיגען אויפ'ן חשבון פֿון דער מערב־אײראָפּעאישער רענטע; דאָך איז דאָס ריכטיג נאָר ענטגעגען די ערד, וועלכע מען בענוצט צו

*) שוטץ־צאָלע — די אָבצאָהלונגען, וועלכע די רעגירונג פֿיהרט אין אויף אויסלענדישע סחורות, כדי דע מיט צו בעשיטצען די אײגענע אינדוסטריע פֿון דער אויסלענדישער קאָנקורענץ. דער איבערזעצער.

דער לאַנדווירטשאַפט. אין די שטעדט האַלט די ערד־רענטע אומע־טום אין שטענדיגען און גיכען וואַקסען, ווייל דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן פרעסט צונויף די מאַסע פון דער בעפעלקערונג אַלץ מעהר אין די שטעדט. צום אונגליק לייֵדעט דערפון ניט אַזוי דער ריוח פון די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען, ווי די קערפּערליכע און גייסטיגע געזונדהייט פון די אָרעמערע פאָלקס־קלאַסען. מיר בעקענען זיך דאָ אין דער וואָהנונגס־פּראַגע מיט אַ נייעם קוואַל צרות פון פּראָלעטאַריאַט. דאָ איז ניט דער אָרט נעהנטער אַרומצורעדען דיזע פּראַגע.

---

## 5. די שטייערן.

ווען דער ערד־אייגענטימער רייסט פאַר זיך אַלץ אַ גרעסע־רען טייל פון דעם מערווערט, וועלכען דער קאַפּיטאַליסט בעקומט — דירעקט אָדער אונדירעקט, ווי צ. ב. ש. דורך דער פערהעכערונג פון די פרייזען אויף די לעבענס־מיטלען פונ׳ם אַרבייטער, — טהוט די מלוכה אויך דאָס זעלבע ניט וועניגער, איידער ער. די היינ־טיגע מלוכה איז גרוים געוואָרען אינאיינעם מיט׳ן קאַפּיטאַליסטען־קלאַס און דורך איהם, אַזוי ווי פון דער אַנדערער זייט איז דיזע מלוכה געווען דאָס שטאַרקסטע מיטעל אויפצוהייבען דעם קאַפּי־טאַליסטען־קלאַס. ביידע האָבען איינע די אַנדערע געשטיצט. דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס קען אָהן דער מלוכה ניט אויסקומען, ער דאַרף איהר שוץ אי אינ׳ם אייגענעם לאַנד, אי אין די פרעמדע לענדער.

וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציאָנס־אופן, אַלץ שאַרפער ווערען די הפכים (געגענזעטצע) אין די ווידערשפּריכע, וועלכע ער בעשאַפט; אָבער עס ווערט אויך אַלץ פערוויקעלטער דער מעכאַניזמוס פון דיזען פּראָדוקציאָנס־אופן, די מענשען ווערען אַלץ מעהר אָבהענגיג איינע פון די אַנדערע, אַלץ נויטיגער ווערט אַזאַ אויטאָריטעט (מאַכט), וואָס זאָל הער־שען איבער זיי און זאָל זאָרגען דערויף, אַז יעדער זאָל ערפילען די פפליכטען, וועלכע זיינע ווירטשאַפטליכע פונקציאָנען לעגען אויף איהם. אַזאַ עמפּפינדליכער מעכאַניזמוס, ווי דער היינטיגער פּראָ־דוקציאָנס־אופן פערטראָגט וועניגער פון אַלע ביז־איצטיגע פּראָדוק־

ציאָנס־אופנים, אַז די סכסוכים און מחלוקת, וואָס עס קומען פֿאָר, זאָלען פֿערנאַנדערגעהמען די אינטערעסירטע צדדים מיט זייער אייגענער הילף. אָנשטאָט דער אייגענער הילף טרעט אַרויס דאָס רעכט, וועלכען די מלוכה בעשיצט.

די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן איז בשום אופן ניט אַרויסגערופען געוואָרען דורך וועלכע עס איז געזעצען, דורך אַ בעשטימטען רעכט. פֿערקעהרט, די בעדערפֿעניִשען פֿון דיזער עקספּלואַטאַציאָן האָבען בעשאַפֿען די היינטיגע געזעצען און געגעבען זיי די הערשאַפֿט אין דער איצטיגער געזעלשאַפֿט. דאָס רעכט בעשאַפֿט ניט די עקספּלואַטאַציאָן, ער זאָרגט נאָר דערפֿאַר, אַז די עקספּלואַטאַציאָן, ווי אויך אַנדערע ערשיינונגען אין ווירטשאַפֿטליכען לעבען, זאָלען געהן ווי ווייט מעגליך גלאַט. ווען מיר האָבען פֿריהער די קאָנקורענץ אָנגערופֿען די טרייב־קראַפֿט פֿון דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן, קענען מיר דאָס רעכט בעטראַכטען ווי אַ מין שמיער־אייל, וועלכער זאָרגט דערפֿאַר, אַז מען זאָל, ווי ווייט מעגליך, ווענינער פֿיהלען די רייבונגען אין דעם ווירטשאַפֿטליכען מעכאַניזמוס. וואָס מעהר די רייבונגען וואַקסען, וואָס שאַרפֿער עס ווערט דער היפך צווישען די עקספּלואַטאַטאָרען און עקספּלואַטירטע, צווישען רייכע און אָרימע, בעזונדערס, וואָס גרעסער ס'איז דאָס לומפּען־פּראָלעטאַריאַט, וואָס מעהר יעדער איינצעלנער אונטערנעהמער אין דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס גופא מוז אָנקומען צו דער מיטווירקונג פֿון אַ סך אַנדערע קאַפּיטאַליסטען, כּדי ער זאָל קענען אונגעשטערט פֿיהרען זיינע געשעפֿטען, — אַלץ שטאַרקער ווערט די בעדערפֿעניש אין אַ בעשטימטען רעכט, אַלץ אָפֿטער מוז מען זיך ווענדען צו זיינע אָרגאַנען — יוסטיץ און פּאָליציי, אַלץ נויטיגער איז אַ מלוכה מיט אַ שטאַרקער מאַכט, וועלכע זאָל קענען צוגעבען דעם עקסיסטירענדען רעכט אַ געהעריגע קראַפֿט.

אָבער פֿאַר די קאַפּיטאַליסטען איז נאָך ווייניג צו קענען אונגעשטערט פּראָדוצירען, קויפֿען און פֿערקויפֿען נאָר ביי זיך אין דעם אייגענעם לאַנד. דער האַנדעל מיט אויסלאַנד שפּיעלט פֿון אָנהויב אָן אַ גרויסע ראָלע אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן; און וואָס מעהר דיזע פּראָדוקציאָן ווערט די הערשענדע, אַלץ מעהר ווערט די זיכערונג און די פֿערגרעסערונג פֿון דעם אויסלענדישען

מאַרק אַלעבּענס-אינטערעס פאַר דער גאַנצער נאַציאָן. אָבּער אויף דעם וועלט-מאַרק טרעפען זיך די קאַפּיטאַליסטען פון איין נאַציאָן מיט קאָנקורענטען פון אַנדערע נאַציאָנען. כּדי בּייצוקומען דיזע קאָנ־קורענטען, רופען זיי צו הילף די מלוכה, אַז זי זאָל מיט דער מאַכט פון מיליטער פערהיטען, אַז מען זאָל ניט אָנריהרען זייערע רעכטע, אָדער — נאָך בּעסער — גאָר פערטרייבּען די פרעמדע קאָנ־קורענטען. פונקט ווי די מלוכות און די מאָנאַרכען ווערען אַליין מעהר אָבּהענגיג פון דעם קאַפּיטאַליסטען-קלאַס אַזוי דיענט אויך אַליין מעהר די איצטיגע אַרמעע ניט בּלויז פאַר די פּערזענליכע צוועקען פון די מאָנאַרכען, נאָר אויך פאַר די צוועקען פונ'ם קאַפּיטאַ־ליסטען-קלאַס. די מלחמות, וועלכע מען האָט פריהער געפיהרט צו־ליעבּ דער הערשונג פון דער אָדער יענער דינאַסטיע, ווערען אַליין זעלטענער; דאָס רוב מלחמות קומען איצט פאָר צוליעבּ די אינטע־רעסען פון מסחר, זיי זענען האַנדעל-מלחמות און, סוף כּל סוף, נאַציאָנאַלע מלחמות, וועלכע קומען אַרויס אין דער אינ־טערשטער שורה נאָר פון די עקאָנאָמישע געגענזעטצע צווישען די קאַפּיטאַליסטען-קלאַסען פון די איינצעלנע נאַציאָנען.

די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה דאַרף האָבּען דעריבּער ניט נאָר אַגרויסע אַרמעע פון בּעאַמטע פאַר דער יוסטיץ און פּאָלי־ציי (ווי אויך, פערשטעהט זיך, כּדי צו פיהרען איהרע פינאַנסען), נאָר אויך אַשטאַרקע אַרמעע פון סאָלדאַטען. די בּיידע אַר־מעען האַלטען שטענדיג אין וואַקסען אין די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות; אָבּער די אַרמעע פון סאָלדאַטען וואַקסט אין דער לעצטער צייט גיכער, איידער די אַרמעע פון בּעאַמטע.

כּל זמן די וויסענשאַפט האָט קיין ראָלע ניט געשפּיעלט אין דער טעכניק פון דער אינדוסטריע, האָט זיך אויך די טעכניק פון מלחמה נאָר לאַנגזאַם געענדערט. ווי בּאַלד אָבּער די מאַשינען האָ־בּען געקראָגען די הערשאַפט אין דער אינדוסטריע און האָבּען אָנגע־הויבּען צו מאַכען אין איהר שטענדיגע איבּערקעהרענישען, האָט אויך די טעכניק פון דער מלחמה אויפגעהערט צו שטעהן אויף איין אָרט. יעדער טאָג בּרענגט נייע ערפינדונגען און ענטדעקונגען; און קוים וואָס מען האָט צייט געהאַט אויסצופּרובּען און איינפיהרען זיי, ווערען זיי שוין ווידער פערבּיטען דורך נייע, נאָך בּעסערע ערפינדונגען. און די מאַשינען, וואָס מען בּענוצט אין דער מלחמה,

ווערען אלץ גרעסער, קינציגער און טייערער; אין דער זעלבער צייט ווערט אלץ מעגליכער, אדאנק דער ענטוויקלונג פון די טראנספארט־מיטלען, צו פיהרען אלץ גרעסערע מהנות פון סאלדאטען אויף דער מלחמה; און איבער דעם ווערען די ארמעען אלץ גרעסער.

ביי אזעלכע אומשטענדען וואקסען אין די לעצטע צוואנציג יאהר אין אלע איירעפעאישע גרויסע מלוכות משוגע׳נער־ווייז די הוצאות פון דער מלוכה אויף מיליטאריזמוס (דאס רוב פון איהרע הוב׳ת מאכט די מלוכה אויף דיזע הוצאות).

די מלוכה שלינגט איין אלץ מעהר געלד, און איהרע שטייערן דריקען אלץ מעהר; די קאפיטאליסטען און די גרויסע ערד־אייגענטימער סטארען זיך, פערשטעהט זיך, אומעטום, וואו די געזעצגעבונג איז ביי זיי אין די הענד, ארויפצווארפען ווי וויט ס׳איז מעגליך די לאסט פון די שטייערן אויף די אנדערע פאלקס־קלאסען. נאר ביי זיי איז אלץ וועניגער פארהאן וואס צו נעהמען, און אויף אזא אופן מוזען די הערען עקספלואטאטארען, ניט קוקענדיג אויף אלע זייערע המצאות און שווינדלען, אוועקגעבען דער מלוכה אלץ א גרע־סערען טייל פון זייער מעהרווערט.

---

## 6. דאס פאלען פון דעם רֶוַח.

---

גלייכצייטיג מיט דער נאר וואס בעשריבענער ענטוויקלונג ווייזט די סומע פון אלע קאפיטאלען, וועלכע דער קאפיטאליסטען־קלאס לעגט אריין „צוליעב ריוח“ אין זיינע פערשיעדענע אונטערנעהמונגען, די טענדענץ צו וואקסען גיכער, איידער די עקספלואטאציאן פונ׳ם ארבייטער־קלאס, גיכער, איידער די מאסע מעהרווערט, וואס די ארבייטער בעשאפען.

מיר קענען דא ניט ערקלערען די אורזאכען אין דעם גרונד פון דיזער ערשיינונג, וויל, אום דאס צו פערשטעהן, מוז מען שוין האבען א היבשע ידיעה אין דער עקאנאמישער וויסענשאפט. מיר וועלען ערקלערען דורך א משל, וואס מיר האבען אויבען גע־זאגט:

מיר וועלען נעהמען אזא פאל, וועלכער ווארפט זיך שטארק

אין די אויגען. לאָמיר פֿערגלייכען דעם האַנד־שפּינער מיט הונדערט יאָהר צוריק, װעלכען דער קאַפּיטאַליסט האָט עקספּלואַטירט אין דער הויז־אינדוסטריע, מיט דעם היינטיגען מאַשינען־שפּינער. װיפֿיעל קאַפּיטאַל איז נויטיג אַריינצולעגען, אום דער מאַשינען־שפּינער זאָל קענען אַרבייטען; און װי קליין איז, פֿערקעהרט, געװען דאָס קאַ־פּיטאַל, װאָס דער קאַפּיטאַליסט האָט געדאַרפֿט פֿאַר די האַנד־שפּי־נעריי: ער האָט געצאָהלט דעם שפּינער זיינע שכירות, געגעבען איהם באַװעל אָדער פֿלאַקס צו'ם שפּינען. אין דעם פּרט פֿון די שכירות האָט זיך איצט ניט פֿיעל געענדערט, אָבער דערפֿאַר פֿער־בּרויכט היינט דער מאַשינען־שפּינער אפשר הונדערט מאָל אַזוי פֿיעל רויהע מאַטעריאַלען, איידער דער האַנד־שפּינער; און װאָס פֿאַר אַ מורא'דיגע געביידעס, דאַמפּף־מאַשינען, שפּין־מאַשינען א. ז. װ. זע־נען נויטיג, אום צו פֿיהרען איצט אַ מאַשינען־שפּינעריי!

דערצו דאַרף מען ניט פֿערגעסען נאָך אַנ'אַנדערן אומשטאַנד. דער קאַפּיטאַליסט מיט הונדערט יאָהר צוריק, װעלכער האָט גע־געבען דעם שפּינער אַרבייט, פֿלעגט אויסלעגען געלד נאָר אויף רוי־הע מאַטעריאַלען און שכירות; קיין שטעהענדער קאַפּיטאַל איז כמעט ניט געװען, אַחוץ דאָס שפּין־ראָד, װאָס איז, פֿער־שטעהט זיך, ניטאָ װאָס צו רעכענען. דאָס קאַפּיטאַל פֿלעגט זיך געשװינד צוריק אומקעהרען צום קאַפּיטאַליסט, צ. ב. ש. אין אַ פֿער־טעל יאָהר. אַלזאָ פֿלעגט דער קאַפּיטאַליסט דאַרפֿען אויסלעגען נאָר אַ פֿיערט־חלק פֿון דעם קאַפּיטאַל, װאָס דאָס געשעפֿט האָט גע־פֿאָדערט אין אַ משך פֿון אַ גאַנץ יאָהר. היינט איז דאָס קאַפּיטאַל פֿון אַ מאַשינען־שפּינעריי, װאָס עס ליעגט אין מאַשינען און גע־ביידעס, מורא'דיג גרויס. װען אפילו די סומע קאַפּיטאַל, װאָס דער קאַפּיטאַליסט לעגט אויס אויף שכירות און רויהע מאַטעריאַלען, קעהרט זיך איצט אום מיט דער זעלבער גיכקייט, װי מיט הונדערט יאָהר צוריק, געדויערט דאָך זעהר אַלאַנגע צייט, ביז עס קעהרט זיך אום דאָס שטעהענדע קאַפּיטאַל, װאָס איז מיט הונדערט יאָהר צוריק כמעט גאָר ניט געװען.

אַ סך אורזאַכען װירקען פּונקט פֿערקעהרט: װי צ. ב. ש. דאָס קרעדיט, און איבערהויפּט אָבער, װאָס דער װערט פֿון די פּראָ־דוקטען איז געפֿאַלען, װייל עס האָט זיך פֿערגרעסערט די פּראָדוק־טיװיטעט פֿון דער אַרבייט. אָבער דיזע אורזאַכען זענען בשום אופן

ניט אים שטאנד אָבצושטעלען איננאַנצען די ענטוויקלונג, וועגען וועלכער מיר רעדען דאָ. זי קומט פאָר אין אַלע אינדוסטריע־צווייגען, אין איינער גיכער, אין דער אַנדערער לאַנגזאַמער, און פיהרט דערצו, אַז עס וואַקסט שטאַרק און געשווינד די סומע קאַפּיטאַל, וועלכע עס קומט אויס אין דער אינדוסטריע דורכשניטליך אויף יעדען אַרבייטער אין אַ משך פון אַ יאָהר.

לאָמיר אָננעהמען, אַז די סומע קאַפּיטאַל, וואָס ס'איז אויסגעקומען אויף יעדען אַרבייטער, האָט מיט הונדערט יאָהר צוריק אָנגעטראָפען 100 מאַרק און איצט איז זי געוואַקסען ביז 1,000; לאָמיר ווייטער אָננעהמען, אַז די עקספּלואַטאַציאָן פון דעם אַרבייטער האָט זיך אויף פינף מאָל פערגרעסערט; ווען דער מעהרווערט, וועלכען דער אַרבייטער האָט בעשאַפען מיט הונדערט יאָהר צוריק, האָט אָנגעטראָפען 50 מאַרק אַ יאָהר, טרעפט ער אָן איצטער, ביי די זעלבע יעהרליכע שכירות, 250 מאַרק. אין דעם פאַל איז די מאַסע מעהרווערט, וואָס דער אַרבייטער בעשאַפט, אַבסאָלוט (ד. ה. אין פערגלייך מיט דער פריהערדיגער מאַסע מעהרווערט) מוראדיג געוואַקסען; אָבער אין פערגלייך צו דער סומע קאַפּיטאַל, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט לעגט אויס יעהרליך, איז דער מעהרווערט געפאַלען; מיט הונדערט יאָהר צוריק האָט דער קאַפּיטאַליסט געהאַט 50 פּראָצענט מעהרווערט, און איצטער האָט ער נאָר 25 פּראָצענט.

דאָס איז, פערשטעהט זיך, נאָר אַ ביישפּיעל; אָבער דער ריוח בעוויזט מאַקי ווירקליך אַ טענדענץ צו פאַלען.

די גאַנצע מאַסע מעהרווערט, וועלכע עס ווערט יעהרליך בעשאַפען אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, האַלט אין גיכען און אין שטענדיגען וואַקסען; נאָך גיכער אָבער וואַקסט די סומע קאַפּיטאַל, וואָס דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס לעגט אַריין אין די פערשיעדענע אונטערנעהמונגען; צווישען וועלכע דער מעהרווערט טיילט זיך פאַנאַנדער. און ווען מען דערמאָנט זיך נאָך אַ הויך דעם, אַז די שטייערן פון דער מלוכה און די ערד־רענטע רייסען אָב, ווי מיר האָבען געזעהן, אַלץ אַ גרעסערען טייל פון דעם יעהרליך־בעשאַפענעם מעהרווערט, דאַמאָלס פערשטעהט מען, אַז די סומע מעהרווערט, וועלכע קומט אויס דורכשניטליך אין אַ יאָהר אויף אַ בעשטימטע סומע קאַפּיטאַל, האַלט שטענדיג אין פאַלען,

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די עקספּלואַטאַציאָן פון דעם אַרבייטער ווערט אַלץ גרעסער.

דער ריוה, ד. ה. יענער טייל פון דעם מעהרווערט, וועלכער בלייבט דעם קאַפּיטאַליסטישען אונטערנעהמער, בעוויזט אַלזאָ די טענדענץ צו פאַלען אין פערגלייך צום קאַפּיטאַל, וואָס דער אונטערנעהמער לעגט אַריין אין געשעפט; אָדער אַנדערש אויסגעדריקט, וואָס ווייטער עס ענטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, ווערט בכלל אַלץ קלענער דער ריוה, וועלכען עס טראָגט אַריין אַ בעשטימטע סומע קאַפּיטאַל. דאָס גילט, פערשטעהט זיך, נאָר אין דורכשניט און פאַר אַ גרעסערען משך צייט. אַ סימן, אַז דער ריוה ווערט קלענער, איז דאָס, וואָס דער פּראָצענט האַלט שטענדיג אין פאַלען.

מיר זעהען, אַז אין דער צייט, ווען די עקספּלואַטאַציאָן פון דעם אַרבייטער האָט די טענדענץ צו שטייגען, בעוויזט די ראַטע*) פון דעם קאַפּיטאַליסט'ס ריוה אַ טענדענץ צו פאַלען. דאָס איז איינע פון די וואונדערליכע ווידערשפּריכען פונ'ם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, וועלכער איז אַזוי רייך מיט ווידערשפּריכען.

אַנדערע האָבען גערעכענט, אַז ווי באַלד די ראַטע פון דעם ריוה האַלט אין פאַלען, וועט מיט דער צייט די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן פון זיך אַליין נעהמען אַ סוף. דאָס קאַפּיטאַל וועט סוף כל סוף אַריינטראָגען אַזוי ווייניג ריוה, אַז די קאַפּיטאַליסטען וועלען, הונגערענדיג, מוזען זוכען פאַר זיך אַ וועלכע עס איז בעשעפטיגונג. אָבער דאָס וואָלט געווען ריכטיג נאָר דאַמאָלס, ווען די ראַטע פון דעם ריוה וואָלט שטענדיג פאַלען, און די סומע פון אַלע קאַפּיטאַלען וואָלט בלייבען די זעלבע, אין אמת'ן אָבער איז דאָס ניט אַזוי. די סומע פון אַלע קאַפּיטאַלען וואַקסט ביי די קאַפּיטאַליסטישע נאַציאָנען גיכער, איידער עס פאַלט די ראַטע פון דעם ריוה. און ווען דער פּראָצענט פאַלט פון 5 אויף 4 און פון 4 אויף 3, איז דורך דעם ניט קלענער געוואָרען די הכנסה פון דעם קאַפּי־

*) די ראַטע פון ריוה—הייסט דער ריוה אין פערגלייך מיט דעם גאַנצען קאַפּיטאַל, וואָס דער קאַפּיטאַליסט לעגט אַריין אין זיין געשעפט.
דער איבערזעצער

טאַליסט, בײַ וועלכען דאָס קאַפּיטאַל איז פֿאַר דער וועלבער צײַט אויסגעוואַקסען פֿון איין מיליאָן ביז צוויי און פֿיער מיליאָנען.

דורכדעם, וואָס עס פֿאַלט די ראַטע פֿון דעם ריוח אָדער דער פּראָצענט, פֿערקלענערט זיך ניט בשום אופן די הכנסה פֿון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס; ווײַל די מאַסע פֿון דעם מעהרוועֶרט, וועלכע עס קומט איהם אַרײַן, ווערט אַלץ גרעסער. דאָס פֿאַלען פֿונ'ם ריוח פֿערקלענערט די הכנסה בלויז פֿון יענע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע זענען ניט אים שטאַנד צו פֿערגרעסערען לפי ערך זייער קאַפּיטאַל. אין פֿערלויף פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג שטײַגט די סומע קאַפּיטאַל, וואָס ס'איז נויטיג, אום צו קענען פֿיהרען אַנ'אָנשטענדיג לעבען. עס ווערט אַלץ גרעסער די סומע אײַנגענס, וועלכע מען מוז אַממינדעסטענס האָבען, אים צו קענען לעבען אָהן אײַגענע אַרבײַט, פֿון דעם אַנדערענס אַרבײַט. וואָס מיט 50 יאָהר צוריק האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ היבשען אײַגענס, איז הײַנט געוואָרען אַ קלײַניגקײַט.

דאָס פֿאַלען פֿון דעם ריוח און פֿון דעם פּראָצענט פֿיהרט ניט צום אונטערגאַנג פֿון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, נאָר דאָס פֿיהרט בלויז דערצו אַז עס ווערט קלענער די צאָהל פֿון די קאַפּיטאַליסטען. יעדעס יאָהר געהען אַרוים פֿון כלל קאַפּיטאַליסטען פֿיעל קלײַנע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע מוזען אויך פֿיהרען דעם זעלבען טויט־קאַמפּף, ווי די האַנדווערקער, קלײַנע הענדלער און בויערען: אַ טויט־קאַמפּף, וועלכער קען זיך מעהר אָדער ווע־ניגער ציהען, אָבער וועלכער מאַכט סוף כל סוף זיי אָדער זייערע קינדער פֿאַר פּראָלעטאַריער. די מיטלען, מיט וועלכע זיי פּרובען זיך בע־פֿרײַען פֿון אַזאַ גורל, פֿערגיכערען נאָך דאָס רוב זייער אונטערגאַנג.

כען וואונדערט זיך, וואָס הײַנט געפֿינען זיך אַזאַ סך נאַ־רען, בײַ וועלכע יעדער שווינדלער קען אויסנאַרען זייער געלד, הען ער זאָגט נאָר צו גרויסע פּראָצענט; די לײַט זענען אָבער דאָס רוב גאָר ניט אַזוי נאַריש, ווי עס דוכט זיך; די שווינדעל־געשעפֿ־טען — דאָס איז דאָס לעצטע שטרויעלע, פֿאַר וועלכען זיי קענען זיך אָנהאַפּען, אום צו האָבען די מעגליכקײַט דורכצולעבען פֿון זייער קלײַניגקען פֿערמעגען. ניט אַזוי דער השק גיך רײַך צו ווערען, ווי די שרעק פֿאַר דער טויט פֿערבלענדעט זיי די אויגען.

## 7. דאס וואַקסען פון די גרויסע אונטערנעהמונגען. די קאַרטעלען.

נעבען דעם קאָנקורענץ־קאַמפף צווישען דעם האַנדווערק און דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע פיהרט זיך אויך אַ ביטערער קאָנקורענץ־קאַמפף צווישען די גרעסערע און קלענערע קאַפּיטאַליסטישע בעטריעבען. יעדען אויגענבליק ווערען געמאַכט נייע ערפינדונגען, נייע ענטדעקונגען און זייער איינפיהרונג פערגרעסערט שטאַרק די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. איבער יעדער פון דיעזע נייע ערפינדונגען פערליערען די פריהערדיגע ווערקצייגען און מאַשינען מעהר אָדער ווייניגער זייער ווערט, און מען מוז זיך פערשאַפען נייע, און אָפט מוז מען צוליעב דעם אויך פערגרעסערען דעם בעטריעב. ווען אָבער עס פעהלט דאָס קאַפּיטאַל, וואָס עס איז דערצו נויטיג, יענער מוז פריהער אָדער שפּעטער פערליערען די מעגליכקייט צו קאָנקורירען און געהט צום גרונד, אָדער ער מוז זיך מיט זיין קאַפּיטאַל ווענדען צו אַזאַ אינדוסטריע, וואו אַ קליינער בעטריעב קען נאָך אויסהאַלטען די קאָנקורענץ. די קאָנקורענץ אין דער גרויס־אינדוסטריע פיהרט אויף אַזאַ אופן דערצו, אַז דאָס געביעט פון דער קליין־אינדוסטריע ווערט פערפלייצט מיט קאָנקורענטען, און אויף אַזאַ אופן גראָבט זי אונטער דאָס האַנדווערק אַפילו אין די ווייניגע אינדוסטריע־צווייגען, וואו דער קליין־בעטריעב קען נאָך ווי עס איז עקסיסטירען.

די בעטריעבען פון דער גרויס־אינדוסטריע ווערען אַלץ גרעסער און ברייטער. פון גרויס־בעטריעבען, אין וועלכע עס געפינען זיך הונדערטער אַרבייטער, ווערען זיי ריעזען־בעטריעבען, וואו עס בעשעפטיגען זיך טויזענדער אַרבייטער (שפּינערייען, ביער־ברויערייען, צוקער־פאַבריקען, אייזען־פאַבריקען א. ז. וו.). אין 1895־טען יאָהר האָבען זיך געפונען אין דייטשלאַנד 296 ריעזען־אונטערנעהמונגען מיט מעהר ווי טויזענד אַרבייטער. אין דורכשניט קומט אויס אויף יעדע פון דיעזע אונטערנעהמונגען 1900 אַרבייטער און מאַשינען מיט 2250 פערד־קרעפטען. „כמעט אַ פינפטעל פון אַלע אינדוסטריע־פּראָדוקטען", זאָגט די דייטשע מלוכה־סטאַטיסטיק [„נייע

פֿאָלגֶע", באַנד 119], „װערֶען אױסגעאַרבײַט אין די 296 ריעזען־
אונטערנעהמונגען אַלײן, מעהר װי אַ העלפֿט — אין די אונ־
טערנעהמונגען מיט מעהר װי 100 פּערזאָנען, אין דער צײַט, װען
די בעטריעבען מיט צװאַנציג און װעניגער פּערזאָנען אַרבײַטען אױס
אַנ'ערך אַ פֿיערטעל פֿון דיזע פּראָדוקטען". די 296 ריעזען־
בעטריעבען, װאו עס געפֿינען זיך 562,628 אַרבײַטער, בענוצען זיך
מיט אַ גרעסערע פּראָדוקטיװ־קראַפֿט, אײדער 2,855,802 קלײן־בע־
טריעבען (מיט 5 און װעניגער פּערזאָנען) מיט זײערע 4,661,781
אַרבײַטער. װען מען זאָל רעכענען, אַז אַ פֿערד־קראַפֿט איז גלײַך
צו 24 מענשליכע אַרבײַטס־קרעפֿטען, דאַן קומט אױס, אַז די 296
ריעזען־בעטריעבען בענוצען זיך מיט 16,259,000 אַרבײַטס־קרעפֿטען,
און די 2,856,000 קלײן־בעטריעבען — מיט 14,068,000.

אָבער דאָס איז נאָך װעניג. די עקאָנאָמישע ענטװיקלונג פֿיהרט
נאָך אױך דערצו, אַז אַלץ מעהר קאַפּיטאַליסטישע בעטריעבען גע־
הערען אַרײַן אין אײן האַנד — אָדער זײ געהען אַרײַן צו אַנ'אײנצעל־
נעם קאַפּיטאַליסט אין האַנד, אָדער צו אַ געזעלשאַפֿט פֿון קאַ־
פּיטאַליסטען, װעלכע איז אָבער עקאָנאָמיש אױך גלײַך װי אײן פּער־
זאָן (אײן יוריסטישע פּערזאָן).

דערצו פֿיהרען פֿערשידענע װעגען.

ערשטענס פֿיהרט דערצו דאָס בעשטרעבען פֿון די קאַפּיטאַ־
ליסטען צו בעזײַטיגען די קאָנקורענץ. מיר האָבען איבען געזעהן,
אַז די קאָנקורענץ איז די טרײַב־קראַפֿט פֿון דעם הײַנטיגען פּראָדוק־
ציאָנס־אופֿן. זי איז איבערהױפּט די טרײַב־קראַפֿט פֿון דער סחורה־
פּראָדוקציאָן און פֿון דעם מסחר. אָבער אױף װיפֿיעל די קאָנקו־
רענץ איז נויטיג פֿאַר'ן כלל פֿון דער געזעלשאַפֿט, װעלכע איז גע־
בויט אױף דער סחורה־פּראָדוקציאָן, אױף אַזױ פֿיעל געלוסט זיך
יעדען סוחר, אַז זײַן סחורה זאָל אױפ'ן מאַרק קײן קאָנקורענטען
ניט טרעפֿען. געפֿינט זיך נאָר בײַ איהם אַלײן די סחורה, װעל־
כע מען פֿאָדערט, האָט ער נאָר אױף איהר אַ מאָנאָפּאָל, דאַ־
מאָלס קען ער אױפֿהויבען איהר מקח פֿיעל העכער, אײדער איהר
װערט איז, און דאַמאָלס זענען אַלע, װעלכע פֿערלאַנגען די סחורה,
אײנגאַנצען אָבהענגיג פֿון איהם. װען עטליכע פֿערקױפֿער האָבען אױפ'ן
מאַרק דעם זעלבען מין סחורה, קענען זײ אױך קינסטליך בעשאַפֿען
אַ מאָנאָפּאָל אױף דער סחורה דורך דעם, װאָס זײ מאַכען אָב צװי־

שען זיך א „יד אחת", און אויף אזא אופן טרעטען זיי אלע צוזאמען ארויס אויפ'ן מארק, ווי אנ'איינציגער פערקויפער. אזא „יד אחת", א קארטעל, אדער א רינג, טרעסט, סינדיקאט א. ז. וו. איז, פערשטעהט זיך, אלץ גרינגער צו מאכען, וואס קלענער עס איז די צאהל קאנקורענטען, וועלכע ווילען דורך דעם „יד אחת" אויסגלייכען זייערע ווידערשפרעכענדע אינטערעסען.

אויף וויפיעל דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס-אופן פערגרעסערט דעם מארק און אויך די צאהל פון די קאנקורענטען אויפ'ן מארק, אויף אזוי פיעל מאכט ער שווערער איינצופיהרען א מאנאפאל אין האנדעל און אין דער אינדוסטריע. אבער פאר יעדען קאפיטאליסטישען בעטריעבס-צווייג קומט פריהער אדער שפעטער אזא צייט, ווען זיין ווייטערע ענטוויקלונג פיהרט צו דער פערקלענערונג פון דער צאהל בעטריעבען, וועלכע עס געפינען זיך אין איהם. פון דער צייט אן ווערט אלץ גרינגער איינצופיהרען סינדיקאטען אין דעם דאזיגען בעטריעבס-צווייג. די איינפיהרונג פון סינדיקאטען קען מען אין א געוויסען לאנד פערגיכערען דורך דעם, וואס מען בעשיצט דעם אינערן מארק, איינפיהרענדיג גרויסע אבצאהלונגען אויף אויסלענדישע סחורות. אויף אזא אופן ווערט דא אויפ'ן מארק פערקלענערט די צאהל קאנקורענטען, און די פראדוצענטען פון דעם דאזיגען לאנד איז דאמאלס גרינגער צו פעראייניגען זיך, איינצופיהרען א מאנאפאל, און א דאנק דעם „שוץ פון דער נאציאנאלער ארבייט", קענען זיי שינדען די הויט פון די קאנסומענטען פון דעם אייגענעם לאנד, ווי ווייט זיי ווילען.

אין די לעצטע דרייסיג יאהר איז די צאהל פון די קארטעלען, דורך וועלכע מען „רעגוליערט" די פראדוקציאן און דעם פרייז פון בעשטימטע סחורות, ווי ס'איז בעקאנט, זעהר געוואקסען, בעזונדערס אין די לענדער, וואו ס'איז איינגעפיהרט געווארען גרויסע אבצאהלונגען אויף אויסלענדישע סחורות, ווי אין די *פעראייניגטע שטאטען, דייטשלאנד און פראנקרייך*. און וואו עס גרינדעט זיך א סינדיקאט, דארטען ווערט בעצם פון די פערשיעדענע בעטריעבען, וועלכע עס פעראייניגען זיך, נאר *איין* בעטריעב, אונטער *איין* השגחה, און זעהר אפט געהט טאקי אויך איבער די פיהרונג פון די דאזיגע בעטריעבען אין איין האנד.

און גראדע די בעטריעבען, וואו מען פראדוציערט אדער וואו

מען אַרבּייט אויס די וויכטיגסטע סחורות, ווי קויהלען און אייזען, אָהן וועלכע די גאַנצע פּראָדוקציאָן קען ניט אויסקומען, פֿעראייניגען זיך גיכער, איידער אַלע אַנדערע, אין סינדיקאַטען. דאָס רוב סינדיקאַטען פֿערברייטערען זייער ווירקונג ווייט איבּער די גרענצען פֿון דעם אינדוסטריע-צווייג, וועלכען זיי מאָנאָפּאָליזירען; זיי מאַכען אָפּהענגיג דעם גאַנצען מעכאַניזמוס פֿון דער פּראָדוקציאָן פֿון אייניגע מאָנאָפּאָליסטען.

אין דער זעלבּער צייט, ווען עס וואַקסט דאָס בּעשטרעבען צו פֿעראייניגען די פֿערשיעדענע בּעטריעבּען פֿון אַ בּעשטימטען אינדוסטריע-צווייג אין איין האַנד, ציעלט מען זיך אויך צו פֿעראייניגען אין איין בּעטריעבּ פֿערשיעדענע בּעטריעבּען פֿון פֿערשיעדענע אינדוסטריע-צווייגען, פֿון וועלכע איינע ליפֿערען פֿאַר די אַנדערע דאָס רויהע מאַטעריאַל אָדער די ווערקצייגען. אַ סך אייזענבּאַהן-געזעלשאַפֿטען האָבּען אייגענע קויהלענגרובּען און לאָקאָמאָטיווען-פֿאַבּריקען, די צוקער-פֿאַבּריקען ציעלען זיך אַליין צו פּראָדוציערען אַ טייל פֿון די צוקער-ריבּען, וועלכע זיי בּרויכען צו דער פֿאַבּריקאַציאָן פֿון צוקער; די וואָס פּראָדוציערען קאַרטאָפֿעל, פֿיהרען איין בּיי זיך אייגענע בּרייזער פֿון בּראַנפֿען א. ז. וו.

נאָך דאַרפֿען מיר דאָ דערמאָהנען אַ דריטען וועג, וועלכער פֿיהרט אויך צו דער פֿעראייניגונג פֿון פֿערשיעדענע אונטערנעהמונגען אין איין האַנד. ער איז דער איינפֿאַכסטער פֿון אַלע.

מיר האָבּען געזעהען, אַז בּיי דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס-אופֿן האָט אויף זיך דער קאַפּיטאַליסט צו בּעזאָרגען העכסט וויכטיגע פֿונקציאָנען. ווי איבּעריג עס וואָלט ניט געווען דיזע פֿונקציאָנען, ווען די פּראָדוקציאָן וואָלט געווען אויף אַנ'אַנדער אופֿן אָרגאַניזירט, נאָר בּיי דער הערשאַפֿט פֿון דער סחורה-פּראָדוקציאָן און פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, איז דער גרויס-בּעטריעבּ מעגליך נאָר ווי אַ קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן. בּיי דער היינטיגער בעזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג קען די פּראָדוקציאָן נאָר דאַן געהן, און די פּראָדוקטען קענען נאָר דאַן אָנקומען צום קאָנסומענט, ווען דער קאַפּיטאַליסט מישט זיך אַריין מיט זיין קאַפּיטאַל און ווענדט איהם אָן צוועק-מעסיג. ווען אַפּילו דער קאַפּיטאַליסט פּראָדוצירט גאָר ניט, ווען ער בּעשאַפֿט אַפּילו קיין שום ווערט ניט, שפּיעלט ער דאָך אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם ווירטשאַפֿטליכען מעכאַניזמוס.

אָבער וואָס גרעסער עס ווערט אַ קאַפּיטאַליסטישער בעטריעב, אַלין נויטיגער איז פאַר דעם קאַפּיטאַליסט איבערצוגעבען אַ טייל פון זיינע וואַקסענדע געשעפטס־אַרבייטען אָדער אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען — ווי מיר האָבען שוין פריהער דערמאָהנט — אָדער אייגענע שכירות־מענשען, וועלכע ער זוכט, כדי זיי זאָלען טהון די אַרבייטען, וואָס ער האָט אויף זיך. ווער עס בעזאָרגט דיזע פונקציאָנען פון דעם קאַפּיטאַליסט, אַ לוין־אַרבייטער אָדער אַ קאַפּיטאַליסט — אין עקאָנאָמישען לעבען איז דאָס, פערשטעהט זיך, גאַנץ גלייך; דיזע פונקציאָנען הויבען ניט אָן צו בעשאַפען אַ וועלכען עס איז ווערט איבער דעם, וואָס דער קאַפּיטאַליסט גיט זיי איבער אין אַנדערע הענד. דער קאַפּיטאַליסט מוז אַלזאָ פאַר זיי בעצאָהלען פון דעם מעהרווערט. דאָ זעהען מיר, ווי עס ווערט ווידער אַראָבגענומען אַ טייל מעהרווערט, וואָס דורך דעם פערקלענערט זיך דער רווח. דער קאַפּיטאַליסט רעכענט, נאַטירליך, די הוצאות אויף זיינע בעאַמטע, דירעקטאָרען, פערוואַלטער א. ז. וו. צו די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, צו די *אַרבייט־שכירות*.

ווען די פערגרעסערונג פון דעם בעטריעב צווינגט דעם קאַפּיטאַליסט איבערצוגעבען זיין אַרבייט שכירות־מענשען, איז איהם לייכט צו טראָגען די הוצאות אויף דערויף איבער דעם, וואָס עס וואַקסט דער מעהרווערט. און וואָס גרעסער עס איז דער מעהרווערט, אַלין אַ גרעסערען טייל פון זיינע פונקציאָנען קען דער קאַפּיטאַליסט אויספיהרען דורך געדונגענע מענשען, ביז ער אַליין ווערט סוף כל סוף גאָר פריי פון זיין טעטיגקייט, און אַזוי בלייבט איהם נאָר צו זאָרגען דערפאַר — ווי בעסער אויסצונוצען דעם טייל רווח, וועלכען ער האָט ניט פערברויכט.

די צאָהל פון די בעטריעבען, אין וועלכע עס איז שוין אַזוי ווייט געקומען, וואַקסט פון יאָהר צו יאָהר. דאָס בעווייזט קלאָר ווי טאָג די פערמעהרונג פון די *אַקציען־געזעלשאַפטען*. ביי די אַקציען־געזעלשאַפטען קען מען אַפילו גאָר פון אויבען זעהען, אַז די *פּערזאָן* פון דעם קאַפּיטאַליסט האָט שוין אַפילו ביי דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן קיין בעדייטונג נישט, און נאָר זיין *קאַפּיטאַל* שפּיעלט נאָך אַ ראָלע. אין *ענגלאַנד* (פאַר *דייטשלאַנד* פעהלט די סטאַטיסטיק פון די פריהערדיגע יאָהרען) האָט אין 1845־טען יאָהר בעטראָפען די צאָהל פון די איינגעשרי-

בענע אַקציען־געזעלשאַפטען ניט מעהר ווי 57 (ניט רעכנענדיג די וועלכע זענען בטל געוואָרען), אין 1862 נאָר 1815, אין 1888 איז שוין געווען 11001 מיט אַנ'איינגעצאָהלטען אַקציען־קאַפּיטאַל פון איבער 12000 מיליאָנען מאַרק, אין 1896 — 21223 מיט אַנ'אַקציען־קאַפּיטאַל פון 23 טויזענד מיליאָן מאַרק.

אַנדערע האָבען גערעכענט, אַז די אַקציען זענען אַ מיטעל צו געבען „קליינע מענשען" אַ צוטריט צו דעם גרויס־בעטריעב, זיי זאָלען קענען האָבען אַ חלק אין די נוצען, וועלכע ער פערשאַפט; נאָר אַזוי ווי דער קרעדיט, זענען אויך די אַקציען, וועלכע זענען איינענטליך נאָר אַ בעזאָנדערע פאָרם פון קרעדיט, פיעל מעהר אַ מיטעל דערצו, אַז די גרויסע קאַפּיטאַליסטען זאָלען זיך קענען פריי בענוצען מיט דעם פערמעגען פון די קליינע מענשען".

ווען אַ בעטריעב קען אויסקומען אָהן דער פּערזאָן פון דעם קאַפּיטאַליסט, דאַן קען, פערשטעהט זיך, דיזען בעטריעב יעדערער פיהרען, ווען ער האָט נאָר דאָס נויטיגע קאַפּיטאַל, סיי ער פּערזאָנליך, סיי ער פערשטעהט גאָר נישט אין דיזען געשעפט. דורך דעם בעקומט דער קאַפּיטאַליסט די מעגליכקייט צו פּעראייניגען ביי זיך אין די הענד פיעלע פערשיעדענע בעטריעבען, וועלכע האָבען אפילו איינע צו די אַנדערע קיין שום שייכות נישט. גרינגער פאַר אַלץ איז אַ גרויסען קאַפּיטאַליסט צו בעקומען אַ גאַנצע אַקציען־געזעלשאַפט אין זיין האַנד. ער דאַרף נאָר קויפען אַ גרעסערען טייל אַקציען — וועלכע מען קען אַזוי געשווינד קויפען, ווי פאַרקויפען — אום צו מאַכען די גאַנצע אונטערנעהמונג אָבהענגיג פון זיך און אויסנוצען זי, ווי עס פּאַסט בעסער פאַר זיינע אינטערעסען.

ענדליך דאַרף מען בעמערקען, אַז בכלל וואַקסען די גרויסע קאַפּיטאַליסטען גיכער, איידער די קליינע; וויייל וואָס גרעסער עס איז דאָס קאַפּיטאַל, אַלץ גרעסער איז (ביי גלייכע איבעריגע בעדינגונגען) די מאַסע ריוח, און ממילא די הכנסה, וועלכע ער טראָגט אַריין, אַלץ קלענער איז דער טייל הכנסה, וועלכען דער קאַפּיטאַליסט פערברויכט אויף זיין איינענע הוצאָה און אַלץ גרעסער איז דער טייל, וועלכען ער קאָן צולעגען אַלס נייען קאַפּיטאַל צו זיין פריהערדיגען. אַ קאַפּיטאַליסט, וועלכען זיין געשעפט טראָגט איין 10,000 מאַרק אַ יאָהר, קען דערפון, נאָך די בעגריפען פון די קאַפּיטאַליסטען, נאָר איינפאַך לעבען. ער קען צופרידען זיין, ווען

איהם גיט זיך איין אַלע יאָהר פערשפּאָרען פון דער הוצאָה נאָר 2000 מאַרק — איין פינפטעל פון זיין ריוח. דער קאַפּיטאַליסט אָבער, וועלכער האָט אַזאַ גרויסען קאַפּיטאַל, אַז ער קען פון איהם ציהען 100,000 מאַרק הכנסה, קען צו לייגען יעהרליך צו זיין פריהערדיגען קאַפּיטאַל דריי פינפטעל פון זיין ריוח, אפילו ווען ער זאָל פערלעבען אויף זיך און אויף זיין געזינד פינף מאָהל מעהר, ווי דער ערשטער קאַפּיטאַליסט. און איז דאָס קאַפּיטאַל פון דעם קאַפּיטאַליסט אַזוי גרויס, דאָס ער טראָגט איין יעהרליך אַ מיליאָן, דעמאָלט מוז ער פיעל טרחה אַוועקלעגען, אום צו פערלעבען נאָר אַ צעהנטעל פון זיין ריוח, אַפילו ביי זעהר אַ ברייטען לעבען.

אין דער צייט, ווען די קליינע קאַפּיטאַליסטען קומט אויס אַלץ שווערער צו קעמפּפען פאַר זייער עקזיסטענץ, פערמעהרען זיך די גרויסע פערמעגענס אַלץ גיכער און וואַקסען אויס געוואַלדיג אין אַ קורצער צייט.

ווען מען בעטראַכט אַלץ אין איינעם: דאָס וואָס די בעטריעבען ווערען אַלץ גרעסער, וואָס די גרויסע פערמעגענס וואַקסען גיך, וואָס די צאָהל פון די בעטריעבען ווערט קלענער, וואָס פיעלע בעטריעבען פעראייניגען זיך אין איין האַנד און די פעראייניגונג ווערט אַלץ אָפטער — דאַן ווערט קלאָר, אַז די טענדענץ פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן געהט דערצו, אַז די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וועלכע זענען געוואָרען אַ מאָנאָפּאָל פון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, פעראייניגען זיך אין אַלץ ווייניגערע הענד. דיזע ענטוויקלונג געהט סוף כל סוף דערצו, אַז אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון אַ נאַציאָן, נאָך מעהר פון דער גאַנצער וועלט־ווירטשאַפט ווערען דאָס פּריוואַט־אייגענטום פון איין איינציגער פּערזאָן אָדער פון אַן אַקציענגעזעלשאַפט, וועלכע ווערט איבער זיי דער גאַנצער בעל־דעה; אַז דער גאַנצער ווירטשאַפטליכער מעכאַניזמוס פעראייניגט זיך אין איין איינציגען מוראדיג גרויסען בעטריעב, וואו אַלץ געהערט איין איינציגען הער, וואו אַלץ דיענט איין איינציגען הער. ווען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען וואָלט זיך קענען ווייטער ענטוויקלען אָהן אַ שום שטערונג, וואָלט ער געפיהרט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט דערצו, אַז אַלע, אַ חוץ נאָר איינעם, וואָלטען בלייבען אָהן אייגענס. דאָס פּריוואַט־אייגענטום פיהרט אַלזאָ דערצו, אַז ער איז זיך אַליין מבטל — ער פיהרט צו דער אַלגעמיינער פּראָלע-

טאַריזירינג און פֿערשקלאַפֿונג. די ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער סחורה־פּראָדוקציאָן פֿיהרט דערמיט אָבער אויך דערצו, אַז זי צעשטערט איהרע אייגענע יסודות. די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן פערליערט יעדען זינן, ווען דער עקספּלואַטאַטאָר געפינט ניט קיינע אַנדערע קויפער אויף זיין סחורה אַחוץ די, וועלכע עס ווערען דורך איהם עקספּלואַטירט. ווען די לוין־אַרבייטער זענען די איינציגע קאָנסומענטען, דעמאָלט איז ניטאָ וועמען צו פֿערקויפען יענע פּראָדוקטען, אין וועלכע עס ליעגט דער מעהרווערט; דער מעהרווערט פֿערליערט יעדען ווערט.

אין דער אמת'ן וואָלט געוועזען אַזאַ צושטאַנד, וועלכען מיר האָבען דאָ בעשריבען, אַ משונה'דיג, אַ אונמעגליך. עס וועט און עס קען קיינמאָל נישט דערצו נישט דערגעהן. ווייל, ווען עס וואָלט בלויז נאָהענט קומען צו אַזאַ שטאַנד, וואָלט דאָס מוזען ברענגען צו אַזאַ הויכען גראַד די ליידען, די געגענזעצע (הפכים) און ווידערשפּרוכען אין דער געזעלשאַפט, אַז מען וועט זיי שוין ניט קענען מעהר אַריבערטראָגען, אַז אַלע יסודות פון דער געזעלשאַפט וועלען אונטערגעגראָבען ווערען און זי וועט מוזען צוזאַמענברעכען, ווען מען וועט נישט מאַכען פֿריהער אַן אַנדער וועג פאַר איהר ענטוויקלונג. ווען אָבער דיזער צושטאַנד וועט אין דער ווירקליכקייט קיינמאָל ניט דערגרייכט ווערען, געהען מיר פונדעסטוועגען גיך ענטקעגען איהם, פיעל גיכער, איידער דאָס הויב מיינען. דען אין דער צייט, ווען פֿון איין זייט געהען איבער אַלץ אָפטער די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטישע בעטריעבען אין וועניג הענד, וואַקסט פון דער אַנדערער זייט — מיט דער ענטוויקלונג פון דער אַרבייטס־טיילונג, וויא מיר האָבען אויבען געזעהן — די אָבהענגיגקייט פֿון די בעטריעבען איינער פון דעם אַנדערן, פון די בעטריעבען, וועלכע זענען, וויא עס דוכט זיך, גאָר זעלבסטשטענדיג. דיזע געגענזייטיגע (איינע פון פֿון די אַנדערע) אָבהענגיגקייט פֿיהרט אַלץ מעהר צו אַנ'איינזייטיגער אָבהענגיגקייט, ד. ה. דערצו, אַז די קליינע קאַפּיטאַליסטען ווערען אָבהענגיג פֿון די גרויסע. פונקט וויא דאָס הויב בלומר'שט זעלבסטשטענדיגע אַרבייטער פון דער הויז־אינדוסטריע זענען אין דער אמת'ן נאָר לוין־אַרבייטער ביי דעם קאַפּיטאַליסט, אַזוי געפינען זיך אויך שוין פיעל בלומר'שט זעלבסטשטענדיגע קאַפּיטאַליסטען אין די הענד פון אַנדערע קאַפּיטאַליסטען; פיעל בלומר'שט זעלבסטשטענדיגע קאַפּי=

טאַליסטישע בעטריבען זענען שוין אייגענטליך נישט מעהר ווי פיליאַלען (אָבטיילונגען) פֿון אַ מוראדיג גרויסער קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעהמונג. און דיזע אָבהענגיגקייט פֿון די קלענערע קאַפּיטאַליסטען פֿון די גרויסע וואַקסט אפשר נאָך גיכער, איידער די פֿעראייניגונג פֿון די פֿערשידענע בעטריבען אין פּריוואַט־אייגענטום פֿון ווענִיגע קאַפּיטאַליסטען. אין דער אונטערשטער שורה ווערט שוין היינט דער ווירטשאַפטליכער מעכאַניזמוס ביי די קאַפּיטאַליסטישע נאַציאָנען בעהערשט און עקספּלואַטירט פֿון אייניגע ריזען־קאַפּיטאַליסטען. די פֿעראייניגונג פֿון דעם ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס אונטער איינע פֿירמען איז כמעט נאָר נאָך אַ פֿאָרמאַליטעט.

אין די **פֿעראייניגטע שטאַטען**, וואו די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג געהט שנעלער ווי אומעטום, געפינען מיר שוין אַזעלכע צושטאַנדען, וועלכע זעהען אויס ענליך צו דיזען „ענדציעל" פֿון דעם קאַפּיטאַליזמוס. צום סוף פֿון פאָריגען יאָהר הונדערט האָט זיך דאָרטען געגרינדעט אַ גרויסער שטאָהל־סינדיקאַט; דאָס קאַפּיטאַל פֿון דיזען סינדיקאַט טרעפט אָן 4500 מיליאָן מאַרק. דיזע אונטערנעהמונג מאָנאָפּאָליזירט כמעט די גאַנצע שטאָהל־אינדוסטריע פֿון די **פֿעראייניגטע שטאַטען**. נאָר **פֿינף מענשען** זענען די הויפּט־בעלי־בתים פֿון דיזען סינדיקאַט און זיי בעהערשען איהם: **ראָקפֿעלער**, **מאָרגאַן**, **וואַנדערבילט**, **גולד** און **הערימאַן**. וועגען זייער פֿערמעגען שרייבען די אַמעריקאַנישע בלעטער: צו **זיי** געהערט אַ גרויסער טייל פֿון די שטיין־קוילען־געביטען אין די פֿעראייניגטע שטאַטען, אַלע אייזענבאַהנען, וועלכע עס פֿיהרען צו דיזע געביטען, און דורך דעם בעהערשען זיי אויך יענע קוילען־גרובען, וועלכע געהערען ניט צו זיי. צו זיי געהערט אַ גרויסער טייל פֿון דעם געביעט, פֿון וואַנען מען בעקומט אייזען; ווייטער אַלע גרויסע פֿאַבריקען, אין וועלכע מען אַרבייט אויס אייזען, שטאָהל און די פֿערשידענע פּראָדוקטען פֿון זיי. די קליינע אייזען־פֿאַבריקען מוזען ביי זיי קויפֿען דעם רויהען מאַטעריאַל, וועלכען זיי דאַרפֿען; צו זיי געהערען אַ סך אייזענבאַהנען און קאַנאַלען אויף צו ברינגען זייערע קוילען און ניט געריינִיגטע אייזען און די הוטען*); צו זיי געהערט אויך אַ גרויסער

*) פֿאַבריקען וואו מען רייניגט אָב מעטאַלען פֿון זייטיגע צוגעמישטע זאַכען

נעֶן פון אַייזענבאַהנען, וועלכע פֿערבינדען אַלע גרויסע פּאָרטען פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און פון דעם מעקסיקאַנישען ים מיט די פּאָרטען פון שטילען אָקעאַן; צווישען זיי געפינען זיך צוויי גרויסע אייזענבאַהנען, וועלכע געהען פון דעם טייך מיסיסיפּי ביז דעם שטילען אָקעאַן. צו זיי געהערט אַ גרויסער פלאַט פון דאַמפּף־שיפען, וועלכע געהען איבער'ן אָקעאַן, זיי מאָנאָפּאָליזירען די אַמע־ריקאַנישע פּעטראָליום־פּראָדוקציאָן. זיי פֿערמעגען אַ גרויסען טייל פון די גאָלד, זילבער, קופּער און בליי־גרובען פון די פֿעראייניגטע שטאַטען; ווייטער געהערט צו זיי די גאַסענבאַהנען און די בעלייכ־טונגס־אַנשטאַלטען פון פיעלע שטעדט. און נאָר איין גאָט ווייס — זאָגט ווייטער די צייטונג „דהי פּיפּל" („דאָס פֿאָלק"), פון וואַנען מיר האָבען גענומען דיזע אַלע ידיעות — ווי פיעל געזעצגעבער און מיטגליעדער פון די געמיינדען (קהלות) פון לאַנד געהערען צו זיי. אין יעדען פאַל געהערען צו זיי גענוג געזעצגעבער און בעאַמטע, אום צו קענען פֿערמעהרען און אויסנוצען דיזען גאַנצען פֿערמעגענס אויף'ן בעסטען אופן.

אין דער צייט ווען די גרויסע מאַסע פון דער בעפֿעלקערונג ווערט אַלץ מעהר אָבהענגיג פון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, ווערען אין דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס גופא דאָס רוב קאַפּיטאַליסטען אַלץ מעהר אָבהענגיג פון דעם קלענערען טייל קאַפּיטאַליסטען; די צאָהל פון דיזען טייל ווערט אַלץ קלענער און קלענער, אָבער די מאַכט און רייכקייט זיינע וואַקסט שטענדיג אַלץ גרעסער.

אָבער די אָבהענגיגקייט פֿערגרעסערט די זיכערהייט פון דער לאַגע פון די קאַפּיטאַליסטען אויך אַזוי ווייניג ווי פון די פּראָלעטאַריער, האַנדווערקער, קליינע הענדלער און בויערן. פֿערקעהרט, פאַר זיי גילט אויך דאָס זעלבע, וואָס פֿאַר אַלע אַנדערע: מיט זייער אָבהענגיגקייט וואַקסט צו גלייכער צייט אויך די אונזיכערהייט פון זייער לאַגע. עס פֿערשטעהט זיך, דאָס גילט דאָס ה"ה פאַר די קלענערע קאַפּיטאַליסטען, אָבער פאָלשטענדיגע זיכערהייט גיט איצטער אפילו דאָס גרעסטע קאַפּיטאַל אויך נישט.

איניגע אורזאַכען פון דעם, וואָס די אונזיכערהייט פון די קאַ־פּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען וואַקסט אַלץ מעהר, האָבען מיר שוין קורץ בעשפּראָכען: דער גאַנצער מעכאַניזם פיהלט אַלץ מעהרער יעדע אויסערע שטערונג; אָבער אַזוי ווי דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־

דוקציאָנס־אופן פערשאַרפט די געגענזעצע צווישען די פערשיעדענע קלאַסען און נאַציאָנען, פערגרעסערט אַלץ מעהר די מאַסען, וועלכע עס טרעטען אַרוים איינע געגען די אַנדערע, און מאַכט וואָס ווייטער אַלץ געוואַלדיגער זייערע קאַמפּפס־מיטלען, פערמעהרט ער ממילא די סבות, וועלכע זיי ברינגען. די וואַקסענדע פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט פערגרעסערט ניט בלויז דעם מעהרווערט, וועלכער קומט אַריין די קאַפּיטאַליסטען, נאָר זי פערמעהרט אויך די מאַסע סחורות, וועלכע עס קומען אָן אויפ'ן מאַרק און וועלכע די קאַפּיטאַליסטען מוזען אָבזעצען. מיט דער עקספּלואַטאַציאָן וואַקסט אויך די קאָנקורענץ, דער ביטערער קאַמפּף אַלע אונטערנעהמער געגען אַלע אונטערנעה־מער. און האַנד אין האַנד מיט דיזער ענטוויקלונג געהט אויך אַ שטענדיגע פערענדערונג אין דער טעכניק, געהען אָהן אַנאויפהער נייע ענטדעקונגען און נייע ערפינדונגען, איבער וועלכע עס פערליערען זייער ווערט די אַלטע מאַשינען און פאַבריקען, און איבער וועלכע עס ווערען איבעריג ניט נאָר איינצעלנע אַרבייטער, ניט נאָר איינ־צעלנע מאַשינען, נאָר אָפט אויך גאַנצע בעטריעבען, און אַפילו גאַנצע אינדוסטריע־צווייגען.

קיין קאַפּיטאַליסט קען נישט בויען אויף זיין צוקונפט, קיינער ווייסט ניט בעשטימט, אויב ער וועט זיין אימשטאַנד אויסצוהאַלטען אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעלעגט, און איבערגעבען דאָס בירושה זיינע קינדער.

דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס גופא שפּאַלט זיך אַלץ מעהר אויף צוויי שיכטען: איין שיכט, וועלכע ווערט אַלץ גרעסער, וועלכע אין פאַל דעם ווירטשאַפטליכען לעבען גאַנץ איבעריג געוואָרען, וועל־כע האָט מעהר נישט וואָס צו טהון, ווי אויסצוברענגען און פער־שווענדען די וואַקסענדע מאַסען מעהרווערט, וועלכע עס קומען איהר אַריין, ווי וויט זי בענוצט עס ניט, אום צו קלייבען נייע קאַפּיטאַלען. ווען מען דערמאָהנט זיך, וואָס מיר האָבען געזאָגט אין פריגען קאַפּיטעל וועגען דער לאַגע פון די געבילדעטע אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, וועט מען זיך נישט וואונדערען, וואָס דער גרעסטער טייל פון די רייכע ליידיגגעהער וואַרפען אַרוים זייער געלד נאָר אויף גראָבע פערגניגונגען און תאוות. די אַנדערע שיכטע קאַפּיטאַליסטען, די, וועלכע זענען נאָך נישט איבעריג געוואָרען און זייערע אונטער־נעהמונגען, ווערט אַלץ קלענער, אָבער עס וואַקסען זייערע זאָרגען

און די לאַסט פֿון זייער פֿעראַנטוואָרטליכקייט. ווען איין טייל פֿון די קאַפּיטאַליסטען ווערט אַלין מעהר פֿעדראָרבען, פּטר׳ענדיג זייערע טעג אין ליידיגגעהן, וועהרט אָן דער אַנדערער טייל כמעט אַלע זיינע כחות אין דעם שרעקליכען קאָנקורענץ־קאַמפּף, וועלכער הערט אויף אַ רגע נישט אויף.

אָבער פֿאַר ביידע שיכטען קאַפּיטאַליסטען וואַקסט די אונזיכערהייט פֿון זייער עקזיסטענץ. און אַזוי זעהען מיר, אַז דער היינטיגער פּראָדוקציאָנס־אופן דערלאָזט ניט פֿאָלקאָמען הנאה צו האָבען פֿון די מורא׳דיג גרויסע עשירות (רייכקייט), וועלכע ער פֿערשאַפֿט, אפילו די עקספּלואַטאַטאָרען, אַפילו די, וועלכע מאָנאָפּאָליזירען און פֿערנעהמען צו זיך אין די הענד דיזע אַלע עשירות.

## 8. די עקאָנאָמישע קריזיסען.

ווי גרויס עס איז די אַלגעמיינע אונזיכערהייט פֿאַר אַלע קלאַסען שוין ביי געוועהנליכע בעדינגונגען, ווערט זי אָבער נאָך געוואַלטיג פֿערגרעסערט דורך די קריזיסען, וועלכע די סחורה־פּראָדוקציאָן ווייזט אַרויס מיט נאַטור־נויטווענדיגקייט פֿון צייט צו צייט, דערגעהענדיג צו אַ בעשטימטער מדרגה אין איהר ענטוויקלונג.

אַזוי ווי די קריזיסען האָבען אין די לעצטע צעהנדליג יאָהרען גענקראָגען אַ גרויסע בעדייטונג פֿאַר אונזער גאַנצען ווירטשאַפֿטליכען לעבען, און אַזוי ווי אין אַ סך קרייזען פֿערשטעהט מען ניט די ריכטיגע אורזאַכען פֿון די קריזיסען, ערלויבען מיר זיך עטוואָס טיעפֿער אַרומריידען דיזען ענין.

די גרויסע איצטיגע קריזיסען, וועלכע צורודערען דעם וועלט־מאַרק, קומען אַרויס פֿון דער איבער־פּראָדוקציאָן. דיזע איבער־פּראָדוקציאָן קומט ווידער אַרויס דערפֿון, וואָס די סחורה־פּראָדוקציאָן פֿיהרט זיך — און זי קען זיך, נאָך איהר נאַטור (טבע) נאָך, אַנדערש ניט פֿיהרען — אָהן אַ פּלאַן.

אַזאַ איבער־פּראָדוקציאָן, וועלכע בעשטעהט דערינען, וואָס מען אַרבייט אויס מעהר, איידער מען בראַוכט, קען פּאַסירען ביי יעדען פּראָדוקציאָנס־אופן. אָבער זי קען, פֿערשטעהט זיך, קיין שום שאָדען

ניט ברייזגען, ווען די פּראָדוצענטען פּראָדוצירען פֿאַר דעם אייגענעם געברויך. ווען צ. ב. אַנ'אַמאָליגער בויער האָט ביי אַ געראָטענעם יאָהר אַראָבגענומען פֿון פֿעלד מעהר קאָרן, איידער ער מיט זיין געזינד דאַר־פֿען, קען ער די מותרות איבערלאָזען אויף אַ ניט־געראָטענעם יאָהר. אָדער ווען זיינע שייערען זענען אָנגעפּיהלט מיט תבואה, קען ער דאָס אַוועקגעבען דעם פֿיה, אָדער, אין ערגסטען פֿאַל, לאָזט ער דאָס גאָר אויפ'ן פֿעלד ליעגען.

אַנדערש איז ביי דער סחורה־פּראָדוקציאָן. ביי דער סחורה־פּראָדוקציאָן (אין איהר ענטוויקעלטער פֿאָרם) פּראָדוצירט קיינער ניט פֿאַר זיך, יעדער פּראָדוצירט פֿאַר אַנדערע. יעדערער מוז קויפֿען וואָס ער ברויכט. אָבער די גאַנצע פּראָדוקציאָן איז ניט פֿאַנאַנדערגעטהיילט צווישען די פֿערשיעדענע פּראָדוצענטען נאָך איין בעשטימטען פּלאַן; פֿערקעהרט, יעדער פּראָדוצענט מוז אַליין צוטרעפֿען, ווי גרויס איז דאָס בעדערפֿניש אין די סחורות, וועלכע ער פּראָדוצירט. פֿון דער אַנדער זייט אָבער קען ביי דער סחורה־פּראָדוקציאָן — ווי באַלד נאָר זי איז אַריבער איהר ערשטע ענטוויקלונגס־שטופֿע, ווען מען פֿלעגט פשוט ביימען סחורה אויף סחורה — קיינער גאָר נישט קויפֿען, איידער ער האָט פֿערקויפֿט (אַ הייך נאָר די, וועלכע פּראָדוצירען די סחורה „געלד": זילבער און גאָלד). דאָס זענען די ביידע וואָרצלען, פֿון וואַנען עס שפּראָצען אַרויס די היינטיגע קריזיסען.

כדי צו ערקלערען אונזער געדאַנק, וועלען מיר נעהמען דעם איינפֿאַכסטען פֿאַל. אויפ'ן מאַרק טרעפֿען זיך צוזאַמען: איינער וואָס האָט צוואַנציג מאַרק, צ. ב. ש. אַ גאָלד־גרעבער; איינער אַ וויין־געדטנער מיט אַ פֿעסעל וויין, אַ מילנער מיט אַ זאַק מעהל און אַ ליינוועבער — מיט אַ שטיק ליינוואַנד. יעדערע פֿון דיזע סחורות האָבען דעם גלייכען ווערט פֿון 20 מאַרק — אָנגענומען אַנדערש, וואָלט דאָס מעהר ניט ווי פֿערוויקעלטער מאַכען אונזער ביישפּיעל, דעם עצם־ענין וואָלט דאָס ניט פֿערענדערען. די פֿיער מענשען זענען אויפ'ן מאַרק די איינציגע בעזיצער פֿון סחורה. לאָמיר אָננעהמען, אַז יעדער פֿון זיי האָט אַקוראַט געטראָפֿען, וואָס איז נויטיג פֿאַר דעם צווייטען: דער וויינ־מאַכער פֿערקויפֿט זיין וויין דעם גאָלד־גרעבער, און פֿאַר די 20 מאַרק, וועלכע ער בעקומט פֿאַר'ן וויין, קויפֿט ער פֿאַר זיך דעם שטיק ליינוואַנד ביי דעם ליינוועבער; דער ליינוועבער קויפֿט אָב פֿאַר די 20 מאַרק,

וועלכֶע עֶר האָט אױסגעלֶעזט פאַר'ן לײַנוואַנד, דעם זאַק מעֶהל בײַ דעֶם מילנעֶר. יעֶדעֶר געֶהט אַוועֶק פֿון מאַרק צופֿריעֶדענעֶרהײט.

איבעֶר אַ יאָהר טרעֶפֿעֶן זיך די זעֶלבֶּע פֿיער ווידעֶר צוזאַמעֶן; יעֶדערעֶר האָט גערעֶכֿענט צו פֿערקױפֿעֶן די זעֶלבֶּע סחורה, וואָס פֿאַר אַ יאָהרעֶן; דעֶר בעל־הבית פֿון די 20 מאַרק קױפֿט טאַקי בײַ דעֶם ווײַנעֶר זײַן פֿעסעֶל ווײַן, אָבעֶר צום אונגליק דאַרף ניט דעֶר ווײַנמאַכֿעֶר קײן לײַנוואַנד, אָדעֶר עֶר מוז די געֶלד האָבעֶן אים אָבצוצאָהלעֶן אַ חוב, און עֶס איז בײַ איהם רעֶכֿט צו געֶהעֶן אין אַ צורישעֶנעֶר העֶמד און ניט צו קױפֿעֶן דעם לײַנוואַנד. דעֶר ווײַנעֶר לעֶגט זײַנעֶ 20 מאַרק אין קעֶשעֶנעֶ אַרײַן און געֶהט זיך אַהײם. דעֶר לײַנוועֶבעֶר וואַרט גאָר אומזיסט אױף אַ קױפֿעֶר (קונה). און אַזױ ווי דעֶר לײַנוועֶבעֶר וואַרט, וואַרט דעֶר מילנעֶר אױך. אמת, די געֶזינד פֿון דעֶם לײַן־וועֶבעֶר איז טאַקי זעֶהר הונגעֶריג און עֶר מוז דעֶם זאַק מעֶהל האָבעֶן, אָבעֶר עֶר האָט פּראָדוצירט לײַנוואַנד, אױף וועֶלכֿעֶ עֶס איז ניטאָ קײן נאָכֿפֿראַגעֶ, און ווײַל דעֶר לײַנוואַנד איז געֶוועֶן איבעֶריג, איז דעֶר זאַק מעֶהל אױך איבעֶריג געֶוואָרעֶן. דעֶר וועֶבעֶר און דעֶר מילנעֶר האָבעֶן קײן געֶלד ניט, זײ קעֶנעֶן ניט קױפֿעֶן וואָס זײ דאַרפֿעֶן; און וואָס זײ האָבעֶן פּראָדוצירט, איז איצטעֶר געֶוואָרעֶן איבריג, עֶס איז געֶוואָרעֶן איבעֶר־פּראָדוקציאָן; אָבעֶר אין דעֶר זעֶלבֶּעֶר צײַט איז אױך איבעֶריג געֶוואָרעֶן אַלץ, וואָס מעֶן האָט פֿאַר זײ פּראָדוצירט, צ. ב., דעֶר טיש, וועֶלכֿעֶן דעֶר סטאָלעֶר האָט געֶרעֶכֿעֶנט צו פֿערקױפֿעֶן דעם מילנעֶר, און אַזױ ווײַטעֶר.

אין אונזעֶר בײַשפּיעל זעֶנעֶן שױן קעֶנטיג די ווײַכֿטיגסטעֶ ערשײַנונגעֶן פֿון אַ ווירטשאַפֿטליכֿעֶן קריזיס. עֶס פֿערשטעֶהט זיך, אַז בײַ אַזעֶלכֿעֶ אײנפֿאַכֿעֶ אומשטעֶנדעֶן קומט נאָך אין ווירקליכֿקײַט קײן קריזיס ניט פֿאָר. באַלד ווי עֶס האָט זיך אָנגעֶהױבעֶן די סחורה־פּראָדוקציאָן, פּראָדוצירט נאָך אַלץ יעֶדעֶר בעֶטריעֶב מעֶהר אָדעֶר וועֶניגעֶר פֿאַר דעֶם אײגעֶנעֶם געֶברױך. אין יעֶדעֶר פֿאַמיליעֶ איז געֶגאַנגעֶן אױף צו פֿערקױפֿעֶן נאָר אַ טהײל פֿון איהר גאַנצעֶר פּראָדוקציאָן; דעֶר לײַנוועֶבעֶר אָדעֶר דעֶר מילנעֶר, וועֶגעֶן וועֶלכֿעֶ מיר האָבעֶן געֶרעֶדט אין אונזעֶר בײַשפּיעל, האָבעֶן נאָך יעֶדעֶרעֶר אַ שטיק עֶרד און עֶטוואָס פֿיה און קעֶנעֶן גאַנץ רוהיג וואַרטעֶן, ביז עֶס מאַכֿט זיך אַ קױפֿעֶר אױף זײעֶרעֶ סחורה. על פּי נויט קעֶנעֶן זײ אָהן איהם אױך לעֶבעֶן.

אַ הױך דעֶם־איז אין אָנהױב פֿון דעֶר סחורה־פּראָדוקציאָן דעֶר מאַרק נאָך קלײן, מעֶן קעֶן לײַכֿט וויסעֶן, וואָס עֶס טהוט זיך אױף איהם,

און די פראדוקציאן און קאנסומציאן (פערברויך), ווי אויך דאס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבען שטעהן פון יאהר צו יאהר אויף דער זעלבער מדרגה. אין דער אמאליגער קליינער געמיינדע (קהלה) האט איינער דעם אנדערען געקענט, יעדער האט גוט געוואוסט, וואס איז נויטיג דעם צווייטען, און וואס ער איז אים שטאנד צו קויפען. דער ווירטשאפטליכער מעכאניזמוס איז שטענדיג געבליבען דער זעלבער, די צאהל פראדוצענטען, די פראדוקטיוויטעט פון זייער ארבייט, די סומע פון זייערע פראדוקטען, די צאהל פון די קאנסומענטען, זייערע בעדערפנישען, די געלד-סומען, וועלכע זיי קענען אויסגעבען — די אלע אומשטענדען האבען זיך נאר זעהר לאנגזאם געענדערט, און יעדע פערענדערונג פלעגט מען גלייך בעמערקען און מען פלעגט זיך רעכענען מיט איהר.

דאס אלץ האט זיך גאר אומגעביטען דורך דעם, וואס עס האט זיך אנגעהויבען דער האנדעל מיט סחורה. אונטער דער ווירקונג פון דעם האנדעל האט די פראדוקציאן פאר דעם אייגענעם געברויך אנגעהויבען צו שפיעלען אלץ א קלענערע ראלע; פאר די איינצעלנע סחורה-פראדוצענטען און, נאך מעהר, פאר די סוחרים און וואס ווייטער אלץ מעהר נויטיגער, אז זיי זאלען קענען זייער סחורה פערקויפען, און טאקי, ווי ווייט מעגליך, גיכער פערקויפען. יעצט ווערט וואס ווייטער אלץ א גרעסערער אונגליק פאר א בעל-הבית פון א וועלכער עס איז סחורה, ווען ער קען זי גיך ניט פערקויפען אדער ווען עס איז גאר ניט מעגליך די סחורה אבצוזעצען. ביי אזא לאגע קען אנאנדערש מאהל דער פראדוצענט אדער דער הענדלער אין גאנצען אונטערגעהען. אין דער זעלבער צייט פערמעהרען זיך אבער אויך די סבות, איבער וועלכע עס קען זיך אבשטעלען דער האנדעל.

דורך דעם האנדעל ווערען מיט אנאנדער פערבונדען די פערשיעדענסטע מערק, וועלכע ליעגען ווייט איינער פון דעם צווייטען. דער וועלטמארק ווערט דורך דעם זעהר פערברייטעט, אבער דערפאר ווערט אלץ שווערער צו בעשטימען, וואס דער מארק פאדערט. עס ווערט נאך שווערער צו וויסען דעם מארק דורך דעם, וואס צווישען דעם פראדוצענט און קאנסומענט שטעלט זיך איינער אדער עטליכע פערמיטלער, ווי דער האנדעל בריינגט עס מיט. אין דער זעלבער צייט איז געווארען איבער דעם האנדעל און איבער דער ענטוויקלונג פון די טראנספארט-מיטלען לייכטער אריבערצופיהרען סחורות פון

אין ארט אויף דעם אנדערען. עס איז גענוג, אז דער מארק זאל ווערען ערגעץ וואו אויף א האר לעבענדיגער, ווערען שוין אהין אנגעפיהרט גרויסע מאסען סחורות.

איצטער ווערט אלץ שווערער זיכער אבצושאצען, ווי פיעל סחורה עס פאדערט זיך און וויפיעל עס געפינט זיך. די ענטוויקלונג פון דער סטאטיסטיק העלפט דא אויך ניט. זי מאכט נאר מעגליך צו בעקומען האטש וואסער עס איז א פארשטעלונג וועגען דעם מארק; אהן איהר וואלט אפילו אויך דאס אונמעגליך געוועזען ביי א געוויסער ענטוויקלונג פון דער סחורה-פראדוקציאן. דאס גאנצע ווירטשאפטליכע לעבען ווערט אלץ מעהר און מעהר אבהענגיג פון דער סוחר'ישער ספעקולאציאן, וועלכע פיהרט זיך וואס וייטער אלץ מיט מעהר שווינדעל און ריזיקע.

דער סוחר איז לכתחילה א ספעקולאנט; ניט אויף דער בירזשע האט מען ערשט אויסגעטראכט דאס ספעקולירען. און דאס ספעקולירען איז א נויטיגע פונקציאן פון דעם קאפיטאליסט. ווען דער סוחר ספעקולירט, ד. ה. ווען ער שאצט אב די נאכפראגע, ווען ער קויפט זיינע סחורה דארטען, וואו זי איז ביליג, ד. ה. וואו זי איז צו פיעל, און פערקויפט דארטען, וואו זי איז טייערער, ד. ה. וואו זי איז ווינציג — העלפט ער דערמיט צו ברינגען עטוואס ארדנונג אין דעם „תוהו ובוהו" (כאאס) פון דער פראדוקציאן, וועלכע פיהרט זיך אהן א שום פלאן אין די פון איינאנדער אונאבהענגיגע פריוואט-בעטריעבען. אבער ביי זיינע ספעקולאציאנען קען ער א טעות אויך האבען. און אגב האט ער קיין צייט ניט לאנג זיך מיישב צו זיין, וייל ער איז דאך ניט דער איינציגער סוחר אויף דער וועלט. הונדערטע און טויזענדע קאנקורענטען קוקען מיט ביידע אויגען גלייך ווי ער, ווי אויסצונוטצען יעדע גוטע געלעגענהייט; ווער עס האט זיך געכאפט פריהער — יענער האט דערפון דעם בעסטען חלק. דא מוז מען זיין געשווינד, קיין סך ניט קלערען, לאנג ניט ארומפרעגען, נאר ריזיקירען, — ווער עס ריזיקירט — דער געווינט! אבער ער קען אויך פערלירען. ווען עס איז פאראנען ערגעץ וואו אויפ'ן מארק א גרויסע נאכפראגע אויף וועלכע ס'איז סחורה, דאמאלס פערפלייצט מען דעם מארק מיט מאסען סחורה, ביז עס ווערט דארטען מעהר, איידער דער מארק קען צונעהמען; דאן פאלען די מקחים, דער סוחר מוז ביליג פערקויפען, אפט מיט אנווערה, אדער ער מוז פאר זיינע סחורה זיכען זיך אנאנדערען, א בע-

סערען מאַרק. זײַן אַנױעהר קען בײַ אַזאַ שפּיעל זײַן אַזױ גרױס, אַז ער זאָל דערפֿון אין גאַנצען רואינירט װערען.

בײַ דער הערשאַפֿט פֿון אַ ענטװיקעלטער סחורה־פּראָדוקציאָן געפֿינט זיך אױפֿ׳ן מאַרק שטענדיג אָדער צו װעניג אָדער צו פֿיעל סחורה; די בורזשואַזנע עקאָנאָמיסטען האַלטען דאָס פֿאַר זעהר אַ שעדליכע אין אַ מערקװירדיגע אײַנריכטונג; מיר רעכענען עס אַנדערש; אָבער אין יעדען פֿאַל קען מען דאָס ניט פֿערמײַדען, כל זמן עס עקסיסטירט די סחורה־פּראָדוקציאָן (מיר רעדען דאָ װעגען דער סחורה־פּראָדוקציאָן, װעלכע עס האָט שױן דערגרײכט אַ געװיסע מדרגה אין איהרע ענטװיקלונג). אָבער דיזע שעדליכע אײַנריכטונג קען אַנ אַנדערש מאָל ברענגען אױך דערצו, אַז װען דער מאַרק װערט זעהר לעבעדיג, װערט ער פֿערפֿלײצט מיט מוראדיג גרױסע מאַסען סחורות, דער אַנױעהר פֿון די סוחרים װערט אױך זעהר גרױס און פֿיעלע פֿון זײ קענען ניט צאָהלען — זײ באַנקראָטירען. דאָ האָבען מיר שױן אַ פּאַרטיגען האַנדעלס־קריזיס אין דער עכטער פֿאָרם.

די ענטװיקלונג פֿון די טראַנספּאָרט־מיטלען און פֿון דעם קרעדיט מאַכט לײכטער צו פֿערפֿלײצען פּלוצלונג דעם מאַרק מיט סחורות. אָבער דורך דעם מאַכט זי אױך גרינגער צו קומען צו אַ קריזיס און פֿערגרעסערט די פֿערװיסטונגען, װעלכע דער קריזיס ברײנגט מיט זיך.

נאָר פֿונדעסטװעגען האָבען די האַנדעלס־קריזיסען ניט געקענט זײַן אַזױ גרױס און טיעף, כל זמן דער קלײן־בעטריעב האָט פֿערנומען דעם גרעסטען אָרט אין דער פּראָדוקציאָן. אַפֿילו, װען סחורה האָט זיך געפֿאָדערט מעהר װי געװעהנליך, איז אױך אונמעגליך געװעזען, אַז צוליעב דעם זאָל זיך גיך פֿערגרעסערען די מאַסע פּראָדוקטען. װאָס מען האָט געאַרבײַט פֿאַר דעם גאַנצען מאַרק. די פּראָדוקציאָן קען זיך ניט מיט אַ מאָל שטאַרק פֿערגרעסערען, כל זמן עס הערשט דער קלײן־בעטריעב פֿון די האַנדװערקער, זי קען ניט פֿערגרעסערט װערען דורך די פֿערמעהרונג פֿון דער צאָהל פֿון די אַרבײַטער, װײַל אין געװעהנליכע צײַטען האָט די פּראָדוקציאָן זאָ װי זאָ בעשעפֿטיגט אַלע אַרבײַטס־פֿעהיגע מיטגליעדער פֿון די פֿאָלקס־שיכטען, װעלכע האָבען זיך איהר אָבגעגעבען. די פּראָדוקציאָן קען פֿערגרעסערט װערען נור דורך דעם, װאָס יעדער אַרבײַטער זאָל מעהר האָרעװען, — דורך די פֿערלענגערונג פֿון די אַרבײַטס־צײַט, דורך די זונטאָגדיגע אַרבײַט א. ז. װ. דערצו האָט אָבער דער זעלבסטשטענדיגער האַנדװערקער

און דער בויער קיין שום חשק ניט געהאט אין די גוטע אלטע צייטען, ווען ער האט נאך ניט געדארפט אויסהאלטען די קאנקורענץ פון דעם גרויסבעטריעב, און ווען ביי איהם איז שוין געבליעבען צו ארבייטען מעהר, האט דאס אויך ניט פיעל גענוצט, ווייל די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט איז געוועזען קליין.

דאס אלץ האט זיך געענדערט, זינד עס האט זיך אנגעהויבען די קאפיטאליסטישע גרויס־אינדוסטריע; זי האט ניט נאר ענטוויקעלט ביז אזא הויכען גראד, ווי עס איז פריהער אויפ'ן זינען קיינעם ניט ארויפגעקומען, די הילפס־מיטלען, הורך וועלכע דער האנדעל איז פעהיג גיך צו פערפלייצען די מערק מיט סחורות, זי האט ניט נור פערגרעסערט דעם מארק ביז צו א וועלט מארק, וועלכער נעהמט ארום דעם גאנצען ערדקוגעל; זי האט ניט נאר בערמעהרט די צאהל פון די פערמיטלער צווישען דעם פראדוצענט און קאנסומענט, — נור זי האט אויך פעהיג געמאכט די פראדוקציאן אבצורופען זיך אויף די קלענסטע פאדערונג פון דעם האנדעל און צו פערגרעסערען זיך מיט אמאל.

שוין דער אומשטאנד אליין, וואס די ארבייטער זענען איצטער ביי דעם קאפיטאליסט אין גאנצען אין די הענד, וואס דער קאפיטאליסט קען פערלענגערען דעם ארבייטס־טאג, קען אבשאפען זייער זונטאג־אברוהע און נאכט־אברוהע, — שוין דאס אליין גיט אויך די קאפיטאליסטען די מעגליכקייט צו פערגרעסערען די פראדוקציאן גיכער, איידער דאס איז פריהער מעגליך געוועזען. איין שעה מעהר ארבייט פערגרעסערט אבער היינט די פראדוקציאן, ביי דער גרויסער פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, אויף פיעל מעהר, איידער אין דער צייט פון דעם האנד־ווערק. און דערצו זענען איצטער די קאפיטאליסטען אים שטאנד גיך צו פערגרעסערען זייערע אונטערנעהמונגען. דאס קאפיטאל, וועלכער ליעגט אין א בעטריעב, קען מען לייכט פערגרעסערען, ער איז זעהר עלאסטיש*), בעזאנדערס א דאנק דעם קרעדיט. ווען די געשעפטען געהען גוט, פערגרעסערט דאס דעם צוטרוי, געלד טראגט מען פון אלע עקען. פאר א טהייל קאפיטאל פערקירצט דאס די צייט, וואס ער ליעגט אין געשעפט, אלזא פערגרעסערט עס די ווירקונגס־קראפט פון קאפיטאל א. ז. וו. אבער וויכטיגער איידער אלץ איז: דאס קא־

*) וואס לאזט זיך לייכט פערנאנדערציהען.

פּיטאַל קען זיך שטענדיג בענוצען מיט די אַרבייטער פֿון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע. און אויף אַזאַ אופֿן איז דער קאַפּיטאַליסט אים שטאַנד צו יעדער צייט צו פֿערגרעסערן זיין בעטריעב, צו דינגען נייע אַרבייטער, גיך צו פֿערברייטערן די פּראָדוקציאָן און אויסצונוצען, ווי געהעריג איז, יעדע גוטע געלעגענהייט אויפֿ׳ן מאַרק.

מיר האָבען שוין אין אָנהויב פֿון דיזען קאַפּיטאַל ערקלערט, אַז ביי דער הערשאַפֿט פֿון דער גרויס־אינדוסטריע פֿערנעהמט אַלץ מעהר דאָס אינדוסטריעלע קאַפּיטאַל דעם ערשטען אָרט און בעהערשט אַלץ מעהר דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען מעכאַניזמוס. אָבער אין דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע גופא הויבען זיך אויף איינגע בעזאָנדערע אינדוסטריע־צווייגען, וועלכע האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף אַלע איבעריגע. דאָס זענען פֿריהער פֿאַר אַלץ די וועבערייי און די אייזען־אינדוסטריע. ווען איינע פֿון דיזע אינדוסטריע־צווייגען הייבט אָן צו בליהען, צ. ב. איבער דעם, וואָס פֿאַר איהר האָט זיך געעפֿענט אַ גרויסער נייער מאַרק, לאָמיר זאָגען אין כינאַ, אָדער איבער דעם, וואָס מען האָט אָנגעהויבען, אין אַמעריקאַ צ. ב., צו בויען אַ נייע נעטיק פֿון אייזענבאַהנען, — דורך דעם פֿערגרעסערט זיך גיך ניט נור דיזער אינדוסטריע־צווייג אַליין, נאָר דאָס רופֿט זיך תיכף אָב אויף דעם גאַנצען ווירטשאַפֿטליכען לעבען. די קאַפּיטאַליסטען פֿערגרעסערן זייערע בעטריעבען, עפֿענען נייע, הייבען אָן צו פֿערברויכען פֿיעל מעהר רויהע — און הילפֿס־מאַטעריאַלען, צו דינגען נייע אַרבייטער; עס וואַקסען צו גלייכער צייט די ערד־רענטע, דער ריוח און די שכירות. די נאָכפֿראַגע אויף פֿערשידענע סחורות שטייגט, די עקאָנאָמישע אויפֿבליהונג הייבט אָן צו ווירקען אויף די פֿערשיעדענסטע אינדוסטריע־צווייגען, און צום סוף הויבט זיך אויף די גאַנצע אינדוסטריע. עס דוכט זיך, אַז יעדע אונטערנעהמונג וועט געוויס בליהען, דער צוטרוי פֿערגרעסערט זיך און דער קרעדיט וואַקסט אָהן אַ שיעור; ווער עס האָט נאָר אַביסעל געלד, זוכט אַנ׳אָרט וואו ער זאָל קענען פֿון זיין שטיקעל קאַפּיטאַל בעקומען הכנסה; ווער עס האָט עטוואָס בעקומען פֿון די גיך וואַקסענדע רענטען און ריוח סטאַרעט זיך צו מאַכען אַ טהייל דערפֿון פֿאַר קאַפּיטאַל. אַלע זענען מלא שמחה.

דערווייַלע האָט זיך די פּראָדוקציאָן מורא׳דיג פֿערגרעסערט; די פֿערגרעסערטע פֿאָדערונגען פֿון מאַרק זענען בעפֿרידיגט; אָבער

מען פראָדוציִרט נאָך אַלץ וויַטער. איינער ווייסט דאָך פון דעם אַנדערן ניט און אַפּילו, ווען אין אַ ניכטערע רגע ווערט דער אָדער יענער קאַפּיטאַליסט מסופק, קען ער זיך ניט אָבשטעלען, וויַל ער איז געצוואונגען אויסצונוצען די גוטע געלעגענהייט אויפ'ן מארק, ניט אָבצושטעהען אין דעם קאָנקורענץ־קאַמפּף. וועֶר עס בלייַבט פון הינטען, יענעם בייסען די הינד. עס ווערט אַלץ שווערער און שווערער אָבצוזעצען די איבעריגע סחורות, די שפּייַכלער פון די האַנדעלס־הייַזער ווערען אָנגעפּאַקט, אָבער דער טומעל דויערט נאָך אַלץ. נאָר אָט דאַרף איינער אַ סוחר אָבצאָהלען פאַר סחורה, וועלכע ער האָט גענומען ביי'ם פאַבריקאַנט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אויף קרעדיט. די סחורה איז נאָך ניט פערקויפט, ער האָט די סחורה, אָבער ניט קיין געלד. ער קען ניט ערפילען זייַנע התחיבות (דאָס, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען), ער באַנקראָטירט. דער פאַבריקאַנט האָט אָבער אויך צאָהלונגען; און אַזוי ווי זייַן בעל־חוב, דער סוחר, קען ניט צאָהלען, איז דער פאַבריקאַנט אויך פאַרטיג. איין באַנקראָט געהט נאָך דעם אַנדערן. אויף אַלעמען פאַלט אָן אַ מורא. אָנשטאָט דעם פריהערדיגען בלינדען פערטרויען הויבט זיך אָן אויך אַזאַ בלינדע ציטערניש, אַלע זענען צושראָקען, דער קראַך איז פאַרטיג.

דאָס גאַנצע ווירטשאַפטליכע לעבען איז ביז צום גרונד צורודערט. יעדע אונטערנעהמונג, וועלכע איז ניט פעסט געשטאַנען, געהט אונטער. אָבער דערביי ווערען פערדאָרבען ניט נאָר די שווינדלערישע אונטערנעהמונגען, נאָר אויך אַלע די, וועלכע האָבען זיך אין געוועהנליכע צייַטען קוים וואָס געהאַלטען אויפ'ן וואַסער; אין די צייַטען פון קריזיסען ווערען קודם כל עקספּראָפּריאירט בויערן, בעלי־מלאכות און קליינע קאַפּיטאַליסטען; אָבער עס פאַלען אויך אַנדערע פון די „גרויסע" און קיינער איז ניט זיכער, אַז איהם וועט ניט טרעפען דער אַלגעמיינער קראַך. עס פערשטעהט זיך אָבער, אַז צו די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע עס בלייַבען שטעהען, פאַלען אַריין גאַנץ גרויסע עשירות. ניט נאָר די עקספּראָפּריאַציאָן פון די „קליינע מענשען", נאָר אויך די פעראייניגונג פון די בעטריעבען אין ווענינע הענד און דאָס וואַקסען פון די גרויסע פערמעגענס קומט פאָר אין די צייַטען פון קריזיסען לייכטער, ווי געוועהנליך.

אָבער קיינער ווייסט ניט, צו ער וועט בלייַבען שטעהען, צו ער וועט אויסהאַלטען דעם קריזיס; און אין דער צייַט פון קריזיס, ביז וואַנען

דִי גֶעשֶׁעפֿטֶען הֵייבֶּען אָן וִוי עֶס אִיז ווִיעדֶער אָבצוּלֶעבֶּען, דֶערגֶעהֶען אַלֶע שׁרֶעקֶען פֿוּן דֶעם הַײנטִיגֶען פּראָדוּקציאָנס־אוֹפֿן בִּיז צוּ דֶער הֶעכסטֶער מדרגה; עֶס וואַקסט דִי אוּנזִיכֶערהַײט, דִי נוֹיט, דִי פּראָטִיס־טוּציאָן אוּן פֶֿערבּרֶעכֶען. טוֹיזֶענדֶער מֶענשֶׁען שׁטאַרבֶּען פֿוּן הוּנגֶער אוּן קֶעלט, ווײַל זֵיי הָאבֶּען בֶּעשׁאַפֿען צוּ פִֿיעל עֶסעֶנוואַרג, צוּ פִֿיעל קלֵיידֶער, צוּ פִֿיעל וואָהנוּנגֶען. דאָ בֶּעווײַזט זִיךְ אַרוֹיס אוֹיפֿן קלאָרסטֶען אוֹפֿן, אַז דֶער היפך צווִישֶׁען דִי הַײנטִיגֶע פּראָדוּקטִיווֶע קרֶעפֿטֶען אוּן דֶער סחורה־פּראָדוּקציאָן ווֶערט אַלץ שׁאַרפֶֿער, אַז דָאס פּרִיוואַט־אֵייגֶענטוּם אוֹיף דִי פּראָדוּקציאָנס־מִיטלֶען ווֶערט אַלץ מֶעהר אַ קללה, קודם כל פֿאַר דִי אָרעמֶע קלאַסֶען אוּן סוף כל סוף אָבֶּער אוֹיךְ פֿאַר דִי רַײכֶע.

אֵיינִיגֶע עֶקאָנאָמִיסטֶען רֶעכֶענֶען, אַז דִי קאַרטֶעלֶען ווֶעלֶען בֶּעזַײטִיגֶען דִי קרִיזִיסֶען. קֵיין גרֶעסֶערֶען טעות קֶען נִיט גֶעבֶּען!

כּדי דִי קאַרטֶעלֶען זָאלֶען רֶעגוּלִירֶען דִי פּראָדוּקציאָן, מוּזֶען זֵיי קודם כל אַרוּמנֶעהמֶען אַלֶע ווִיכטִיגֶע פּראָדוּקציאָנס־צווַײגֶען אוּן זֵיי מוּזֶען גֶעבּוֹיט זַײן אוֹיף אַן אִינטֶערנאַציאָנאַלֶען יסוד, זֵיי מוּזֶען זִיךְ פֶֿער־בּרֵייטֶען אוֹיף אַלֶע לֶענדֶער, וואו עֶס הֶערשׁט דֶער קאַפּיטאַלִיסטִישֶׁער פּראָדוּקציאָנס־אוֹפֿן. בִּיז אִיצטֶער עֶקסִיסטִירט נִיט אַפִילוּ אֵיין אֵיינצִי־גֶער אִינטֶערנאַציאָנאַלֶער קאַרטֶעל אִין אַזאַ אִינדוּסטריֶע־צווַײג, ווֶעל־כֶער זָאל הָאבֶּען אַ גרוֹיסֶע בֶּעדַײטוּנג פֿאַר דֶעם גאַנצֶען ווִירטשׁאַפֿטלִי־כֶען לֶעבֶּען. אִינטֶערנאַציאָנאַלֶע קאַרטֶעלֶען אִיז זֶעהר שׁווֶער צוּ בִּילדֶען אוּן אוֹיךְ אַזוֹי שׁווֶער אֵיינצוּהאַלטֶען. מאַרקס הָאט שׁוֹין מֶעהר ווִי מִיט פֿערצִיג יאָהר צוּרִיק בֶּעמֶערקט, אַז נִיט נָאר דִי קאָנקוּרֶענץ בֶּעשׁאַפֿט דָאס מאָנאָפּאָל, נָאר דָאס מאָנאָפּאָל בֶּעשׁאַפֿט אוֹיךְ דִי קאָנקוּרֶענץ. וואָס גרֶעסֶער עֶס אִיז דֶער ריוח פֿוּן דִי אוּנטֶערנֶעהמוּנגֶען, ווֶעלכֶע זֶענֶען פֶֿערבּוּנדֶען אִין אַ קאַרטֶעל, אַלץ מֶעהר שׁטֶעהט פֿאַר זֵיי דִי סכנה, אַז אַ ווֶעלכֶער עֶס אִיז גרוֹיסֶער קאַפּיטאַלִיסט, ווֶעלכֶער אִיז נִיט קֵיין שותּף אִין קאַרטֶעל, פּרוּבֶּען אַרְאָבּרִיקֶען זַײעֶר ריוח, גרִינדֶענדִיג אַ גרוֹיסֶע אוּנטֶערנֶעהמוּנג, אוּם צוּ קאָנקוּרִירֶען מִיט דֶעם קאַרטֶעל; אוּן וואָס בֶּעסֶער עֶס גֶעהֶען דִי גֶעשֶׁעפֿטֶען, אַלץ מֶעהר חשק הָאט יֶעדֶער אֵיינצֶעלנֶער מִיטגלִיעד פֿוּן דֶעם קאַרטֶעל נִיט אָבצוּהִיטֶען דִי תקנות פֿוּן קאַרטֶעל, ווֶעלכֶע עֶס בֶּעגרֶענעֶצֶען דִי פּראָדוּקציאָן. ווֶען דִי פּרַײ־זֶען פֿאַלֶען, אִיז דִי שׁטרֶעבּוּנג צוּ גרִינדֶען קאַרטֶעלֶען זֶעהר גרוֹיס; בַּײ שׁטַײגֶענדֶע פּרַײזֶען זוּכט יֶעדֶער ווִי ווַײט מֶעגלִיךְ בֶּעסֶער אוֹיסצוּ־

גוטצען די גוטע געלעגענהייט, צו וואַרפֿען אויף'ן מאַרק סחורה, ווי פֿיעל מען קען נאָר. בכלל זענען די קאַרטעלען ניט אים שטאַנד אָבצוהאַלטען די איבער־פּראָדוקציאָן. איבער זיי קען נאָך לייכטער אַרויסגערופֿען ווערען אַ'נ איבער־פּראָדוקציאָן און אויך אַ צו גרויסע ספּעקולאַציאָן, ווייל זיי זענען אַ מיטעל, אויפֿצוהייבען די מקחים העכער, איידער זיי וואָלטען געוועהנליך געווען, און צו בעקומען נאָך אַ גרעסערען ריוח, ווען דער מאַרק ווערט לעבעדיגער. אין די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקאַ, אין וועלכע די קאַרטעלען גיבען זיך איין בעסער, איידער אומעטום, זעהען מיר אויך דעם גראָבסטען שווינדעל מיט אַקציעס, וועלכער ווערט געפֿיהרט דורך די גרינדונג פֿון קאַרטעלען. אין פּרט פֿון דער איבער־פּראָדוקציאָן בעשטעהט די הויפּט־אויפֿגאַבע פֿון די קאַרטעלען ניט אין דעם, וואָס זיי דערלאָזען ניט די איבערפּראָדוקציאָן, נאָר אין דעם, וואָס זיי מאַכען, אַז פֿון איהרע רעזולטאַטען זאָלען אָנשטאָט די קאַפּיטאַליסטען לײַדען די אַרבייטער און די קאָנסומענטען. זיי העלפֿען אים די גרויסע קאַפּיטאַליסטען איבערקומען דעם קריזיס, צו פֿערקלענערען אויף אַ צייט די פּראָדוקציאָן, אָבצוזאָגען אַרבייטער א. ז. וו. און דערביי זאָל דער ריוח דערפֿון ניט לײַדען.

לאָמיר אָבער אָננעהמען אַנ'אונגעלויבליכען פֿאַל, אַז עס האָט זיך יע איינגעגעבען אין אַ קורצע צייט אַרום צו אָרגאַניזירען די גרויסע וועלט־אינדוסטריען אין אינטערנאַציאָנאַלע קאַרטעלען, וועלכע מאַכען אונמעגליך יעדע קאָנקורענץ, וואָס וואָלט דערפֿון אַרויסגעקומען? דורך דעם וועט אין דעם בעסטען פֿאַל בטל ווערען די קאָנקורענץ נור פֿון איין זייט, די קאָנקורענץ צווישען די קאַפּיטאַליסטען פֿון איין און דעם זעלבען אינדוסטריע־צווייג. עס וואָלט אונז צו ווייט פֿיהרען צו בעטראַכטען, וועלכע רעזולטאַטען עס וואָלטען מוזען ברינגען די אַנדערע זייטען פֿון דער קאָנקורענץ, וועלכע עס וואָלטען דורך די קאַרטעלען ניט בטל ווערען. נור איין פּונקט מוז מען דאָ בעמערקען: וואָס מעהר עס פֿערשווינדעט די קאָנקורענץ צווישען די קאַפּיטאַליסטען פֿון איין און דעם זעלבען אינדוסטריע־צווייג, אַלץ גרעסער ווערט דער געגענזאַץ צווישען זיי און די אונטערנעהמער פֿון די אַנדערע אינדוסטריע־צווייגען, וועלכע דאַרפֿען אָנקומען צו זייערע סחורות. ווען עס ווערט אויף דער קאַמפּף צווישען איינצעלנע פּראָדוצענטען פֿון איין און דעם זעלבען אינדוסטריע־צווייג, ווערט אַלץ שאַרפֿער

דער קאַמפּף צווישען די פּראָדוצענטען און קאָנסומענטען. מיר דאַרפען אָבער ניט פערגעסען, אַז יעדער פּראָדוצענט איז אין דער זעלבער צייט אויך אַ קאָנסומענט: דער באַהנעל־שפּינער, צום ביישפּיעל, איז אַ קאָנסומענט — איבער זיין פערזענליכען קאָנסום (פערברויך) — פון באַוואָל, קוילען, מאַשינען, אייל און ז. וו. דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטענקלאַס וואָלט שוין מעהר ניט געווען פעראינטערעסירט אויף איינצעלנע פּרייזען, נאָר עס וואָלט זיך צוטהיילט אויף שיכטען, וועלכע וואָלטען צווישען זיך מוזען פיהרען דעם ביטערסטען קאַמפּף.

ביי דער פרייער קאָנקורענץ צילט זיך יעדער קאַפּיטאַליסט צו פּראָדוצירען זוי פיעל עס איז מעגליך, צו ברענגען אויפ'ן מאַרק סחורה זוי פיעל עס איז מעגליך: וויל וואָס מעהר סחורה, אַלץ מעהר רווח — ביי גלייכע איבעריגע בעדינגונגען. נאָר זיין בערעכנונג, אַז מען וועט מעהר ניט קענען אָבזעצען די סחורות אויפ'ן מאַרק און דאָס, וואָס די סומע פון זיין קאַפּיטאַל איז בעגרענעצט — האַלטען איין זיין פּראָדוקציאָן. אַנדערש וואָלט ווערען, ווען די קאַרטעלען וואָלטען פערוואַנדעלט אַלע אינדוסטריע־צווייגען. זיי וואָלטען ניט רעגולירען די פּראָדוקציאָן און ניט מבטל זיין די קריזיסען, ווי עס רעכענען אייניגע אָפּטימיסטען, נאָר יעדער קאַרטעל וואָלט זיך געצילט צו פּראָדוצירען וואָס וועניגער, וויל וואָס וועניגער סחורה — אַלץ העכער וועגען די מקחים. די פריהערדיגע פּראַקטיק פון די סוחרים צו פערניכטען אַ טהייל סחורה, בעת דער מאַרק איז פול און פיעל מיט סחורה, כדי מען זאָל קענען נעהמען פאַר די איבעריגע אַ גוטען מקח — אַזאַ פּראַקטיק וואָלטען קאַרטעלען אַלע אָנגענומען. עס איז קלאָר, אַז די געזעלשאַפט קען דערביי ניט עקזיסטירען. ווען יעדער קאַרטעל צילט זיך צו פּראָדוצירען וועניגער, אידער מען דאַרף, מוז ער זיך פון דער אַנדער זייט סטאַרען צו צווינגען יענע קאַרטעלען, פון וועלכע ער ליעפערט סחורות, אַז זיי זאָלען פּראָדוצירען מעהרער, אידער מען דאַרף. דערצו זענען דאָ פיעל פערשיעדענע וועגען. דער איינפאַכסטער איז צו פערקלענערען דעם איינענעם געברויך נאָר אויף מעהרער, אידער דער אַנדערער קאַרטעל בעגרענעצט זיין פּראָדוקציאָן. דער צווייטער וועג בעשטעהט אין דעם, וואָס מען ווענדעט זיך צו דער וויסענשאַפט, אום צו געפינען אַזאַ מיטעל, מיט וועלכען מען זאָל קענען אויסקומען אָנשטאַט יענע סחורה, וועלכע מען פּראָדוצירט איצטער וועניגער. דער דריטער בעשטעהט דאַרינען, אַז די קאַרטעלען זאָלען זיך אַליין נעהמען פּראָ־

פראדוצירען די סחורה, וועלכע זיי דארפען ליעפערען פון אנדערע קארטעלען.

לאמיר צ. ב. אננעהמען, אז די בעלי־הבתים פון קופער־גראבען מאכען א קארטעל, בעגרענעצען די פראדוקציאן פון קופער און שטעלען אויף איהם זעהר הויכע מקחים. וואס וועט דערפון ארויסקומען? אייניגע פון די אונטערנעהמער, וועלכע פערארבייטען קופער, וועלען זייער בעטריעב אבשטעלען ביז א בעסערער צייט; אייניגע וועלען זוכען אנ׳אנדער מעטאל, וועלכער זאל קענען פערבייטען דעם קופער, אייניגע ווידער וועלען זיך אליין איינשאפען קופער־גראבען און וועלען פראדוצירען דעם נויטיגען קופער, און אויף אזא אופן וועלען זיי ווערען אונאבהענגיג פון דעם קופער־סינדיקאט. דער סוף וועט זיין, אז דער קופער־סינדיקאט וועט פענאנדערפאלען און וועט מוזען באנקראטירען, ד. ה. דער סוף דערפון איז א *קריזיס*.

כמעט אזא ערשיינונג איז טאקי, ווי עס איז בעקאנט, שוין אין דער אמת׳ן פארגעקומען.

וואו דאס קען אבער ניט פאסירען — און אייניגע אינדוסטריע־צווייגען, וועלכע געפינען זיך אין זעהר א גוטער לאגע, ווי צ. ב. די שטיין־קויהלען פראדוקציאן, שטעהען אזוי פעסט, אז זייערע קארטעלען איז אונמעגליך צו צורייסען — וואו דאס קען ניט פאסירען, דארטען רופען די קארטעלען אפט ארויס קריזיסען און געדריקטע צייטען דורך דעם, וואס זיי העכערען די מקחים און פערקלענערען דעם סכום (מאסע) פון רויהע מאטעריאלען, וועלכע זענען נויטיג פאר גרויסע אינדוסטריע־צווייגען צו פערקלענערען זייער בעטריעב. צו די קריזיסען פון דער איבער־פראדוקציאן, וועלכע עס קומען ארויס פון דער פרייער קאנקורענץ, לעגען נאך צו די קארטעלען די קריזיסען פון דער אונטער־פראדוקציאן*), וועלכע עס ווערען ארויסגערופען דורך דעם מאנאפאל.

די קארטעלען שאפען אלזא ניט אב די קריזיסען. ווען זיי וואלטען יע עטוואס אויפגעטהאן אין דעם פרט, וואלט דאס העכסטענס בעשטעהען אין דעם, וואס די קריזיסען וואלטען אננעהמען אנדערע פארמען — אבער ניט בעסערע. די באנקראטען וועלען ניט אויפהערען, דער אונטערשיעד וועט זיין נאר דער, וואס די באנקראטען וועלען ווערען גרעסערע; עס וועלען באנקראטירען ניט בלויז איינצעלנע קאפי־

*) ווען מען פראדוצירט צו וועניג.

טאַליסטען, נאָר מיט אַמאָל גאַנצע שיכטען פון קאַפּיטאַליסטען און דאָס וואָלט, פערשטעהט זיך, אויך אָנריהרען די גאַנצע גרויסע מאַסע מענשען, וועלכע זענען אין ווייער עקסיסטענץ אָבהענגיג פון דיזע קאַפּיטאַליסטען. די קאַרטעלען קענען די קריזיסען ניט אָבשאַפען, דערפאַר אָבער קענען זיי אַרויסרופען אַזעלכע שרעקליכע קריזיסען, וועלכע מיר האָבען נאָך ביז אַהער ניט געזעהען.

די קאַרטעלען וואָלטען קענען אָבשאַפען די קריזיסען נאָר דאַן, ווען אַלע קאַרטעלען וואָלטען זיך פערייניגט אין איין איינציגען קאַרטעל, אין וועמעס הענד עס וואָלטען זיך געפינען אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע נאַציאָנען, אַלזאָ ווען דאָס פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען וואָלטען אין דער אמת'ן בטל געווען, ערשט דאַן וואָלטען די קאַרטעלען געבען די מעגליכקייט צו בעזייטיגען די קריזיסען; פערקעהרט אָבער, כל זמן עס עקסיסטירט דאָס פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, איז אָנהייבענדיג פון אַ געוויסע מדרגה אין דער עקאָנאָמישער ענט־וויקלונג, אונמעגליך אויסצומיידען די קריזיסען.

מערקווירדיג, ווי די קריזיסען זענען ביז אַהער פאָרגעקומען כמעט פּונקטליך אַלע צעהן יאָהר. טאַלגרעוו'ס „ווערטערבוך פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע" רעכענט אויס פאַר ענגלאַנד פאָלגענדע קריזיס־יאָהרען: 1753, 1763, 1772-73, 1783, 1793, 1815, 1835, 1836-39, 1847, 1857, 1866, 1878, 1890; מיר קענען נאָך צולעגען דעם 1901 יאָהר. אַ חוץ ענגלאַנד זענען די קריזיסען אין דער צווייטער העלפט פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט פאָרגעקומען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקא און אין דייטשלאַנד. דער גרויסער קריזיס אין 1873 האָט זיך אָנגעהויבען פון דייטשלאַנד, די פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען געהאַט אַ בעזאָנדערס שווערען קריזיס אין 1893. דער קריזיס, וועלכער עס הערשט איצטער (פריהלינג 1901) איז נאָך אַהין ניט דערגאַנגען; אָבער קומען וועט ער אַהין געוויס.

די ווירטשאַפטליכע אויפבליהונג פון די לעצטע יאָהרען האָט אַרויסגערופען נישט בלויז ביי די בורזשואַזנע עקאָנאָמיסטען, נאָר אויך ביי סאָציאַליסטען דעם געדאַנק, אַז דורך די קאַרטעלען איז מעגליך צו מאַכען אַ סוף פון די קריזיסען, אַז עס איז שוין פערעלטערט געוואָרען יענע מיינונג פון די סאָציאַליסטען, נאָך וועלכע די קריזיסען זענען אַ נויטיגער פּראָדוקט פון דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־

אופן. דער לעצטער יאָהר האָט אָבער נאָך אַמאָל בעוויזען, אַז די אַלטע מיינונג פון די סאָציאַליסטען איז ריכטיג און אַז מען האָט זיך צו פיעל געאיילט מיט דער נייער מיינונג.

עס איז אונמעגליך מבטל צו זיין בלויז די שלעכטע זייטען פון דעם פריוואַט־אייגענטום און איהם אַליין איבערלאָזען עקזעסטירען ווי פריהער.

---

## 9. די כראָנישע (שטענדיגע) איבער־פּראָדוקציאָן.

נעבען די פּעריאָדישע קריזיסען, נעבען דער איבערפּראָדוקציאָן, וועלכע עס קומט פאָר פון צייט צו צייט און ביי וועלכער עס געהט פערלאָרען אי ווערט, אי קראַפט, ענטוויקעלט זיך אַלץ שטאַרקער די שטענדיגע (כראָנישע) איבערפּראָדוקציאָן מיט דער שטענדיגער פערלירונג פון קרעפטען.

מיר האָבען געזעהען, אַז די אומענדערונג פון דער טעכניק געהט אַלץ ווייטער אָהן אַנ׳אויפהער; זי פערנעהמט אַלץ מעהר פלאַץ, דען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן פערהאַפט פון יאָהר צו יאָהר אַלץ נייע אינדוסטריע־צווייגען, אַלץ נייע געגענדען. דעריבער וואַקסט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט אָהן אַנ׳אויפהער און דערצו (ווען מיר זאָלען נעהמען אַלע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטען אין איינעם) אַלץ גיכער און גיכער. אין דער זעלבער צייט זאַמלען זיך אָהן אַנ׳אויפהער נייע קאַפּיטאַלען. וואָס מעהר עס וואַקסט די עקספּלואַטאַציאָן פון דעם איינצעלנעם אַרבייטער און די צאָהל פון די עקספּלואַטירטע אַרבייטער (נישט בלויס אין איין לאַנד, נאָר אין אַלע לענדער, וועלכע דאָס קאַפּיטאַל עקספּלואַטירט), אַלץ מעהר וואַקסט אויך די מאַסע מעהרווערט, אַלץ גרעסער ווערען די עשירות, וועלכע דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס קען אָבלעגען יעדען יאָהר, אום צו מאַכען דערפון קאַפּיטאַל. און דעריבער קען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן קיינמאָל נישט בלייבען שטעהען אויף איין אָרט; איהר שטענדיגע פערגרעסערונג און די שטענדיגע פערברייטערונג פון איהר מאַרק — דאָס איז פאַר איהר אַ לעבענס־פראַגע; שטעהען אויף איין אָרט, דאָס איז פאַר איהר אַ טויט. אין דער צייט, ווען די

אַמאָליגע בעלי־מלאָכות און בויערען פון אַ געוויסען לאַנד פלעגען פון יאָהר צו יאָהר גלייך פיעל פּראָדוציערען, און די פּראָדוקציאָן פלעגט געוועהנליך וואַקסען נאָר אין איינעם מיט דער בעפעלקערונג, רופט אַרויס דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן נאָך דעם עיקר פון זיין נאַטור נאָך אַ שטענדיגען וואַקסען פון דער פּראָדוקציאָן. און ווען די פּראָדוקציאָן קען נישט וואַקסען צוליעב וועלכע עס איז שטערונגען — איז דאָס פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט ווי אַ מין קראַנקהייט, און וואָס לענגער זי געדויהערט, אַלץ שמערצליכער און שווערער איז איהר אַריבערצוטראָגען. ווען דער מאַרק פערברייטערט זיך אויף אַ געוויסע צייט, ערוועקט דאָס אויף אַ געוויסע צייט דעם חשק צו פערגרעסערען די פּראָדוקציאָן. אָבער אויסער דעם זעהען מיר אַ שטענדיגען יאָגען זיך צו פערגרעסערען די פּראָדוקציאָן, וואָס עס ליגט אין די בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן גופא; ניט די פערברייטערונג פון מאַרק רופט עס אַרויס, נאָר פערקעהרט, דיזע שטרעבונג פון פערברייטערען די פּראָדוקציאָן צווינגט צו פערגרעסערען שטענדיג דעם מאַרק.

אָבער דער מאַרק לאָזט זיך נישט ווי געהעריג איז פערברייטערען אין די לעצטע דרייסיג יאָהר, ווענינסטענס פאַר געוויסע אינדוסטריע־צווייגען; ד. ה. די פערברייטערונג פון מאַרק קומט נאָך אַלץ פאָר, אָבער אין דער צייט ווען די פּראָדוקציאָן האָט די טענדענץ צו וואַקסען אַלץ גיכער און גיכער, פערגרעסערט זיך דער מאַרק פאַר דיזע אינדוסטריע־צווייגען אַלץ לאַנגזאַמער און לאַנגזאַמער.

אמת, דאָס געביעט, וואו די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן קען פערברייטערען איהר מאַרק, איז מוראָ'דיג גרויס. זי טרעט אַריבער אַלע אָרטיגע און נאַציאָנאַלע גרענעצען, זי קען די גאַנצע ערד מאַכען פאַר איהר מאַרק, אָבער זי האָט די ערד זעהר קליין געמאַכט. נאָך מיט איינע הונדערט יאָהר צוריק האָט די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע, וועלכע האָט דער עיקר עקסיסטירט נאָר אין ע נ ג ל אַ נ ד, אָבגעזעצט איהרע סחורות אין מעריב־אייראָפּאַ און אויסער אייראָפּאַ אין אינזלען און פערשיעדענע לענדער, וואָס ליגען אויף די ברעגען פון ים. אָבער דער חשק רייך צו ווערען און די ענערגיע פון די קאַפּיטאַליסטען און פון זייערע פאָרקעמפּפער און העלפער זענען געווען אַזוי שטאַרק, די מיטלען, וועלכע זיי האָבען געהאַט אין די הענד, זענען געווען אַזוי גרויס, אַז פון דעמאָלט אָן האָבען זיך כמעט

אַלע לענדער געעפֿענט פֿאַר די סחורות פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע, וועלכע עקזיסטירט איצטער ניט נאָר אין ענגלאַנד, נאָר אין גאַנץ איירעפּאַ. און אויף אַזאַ אופֿן זענען איצטער געבליבען נאָר אַזעלכע מערק צו עפֿענען, פֿון וועלכע מען קען ווייניג וואָס אַרויסשלאָגען אַחוץ פֿיבער און... קלעפּ.

געוויס מאַכט די וואונדערליכע ענטוויקלונג פֿון די טראַנספּאָרט־מיהלען מעגליך אויסצונוצען יעדען מאַרק פֿון יאָהר צו יאָהר אַליין בעסער. אָבער גראַדע ביי יענע פֿעלקער, וועלכע זענען נישט גאַנץ ווילד, וועלכע האָבען ענטוויקעלט אַ געוויסע קולטור, געוויסע קול־טור־בעדערפֿניסען, קריגט דער מאַרק אַליין ווייטער און ווייטער אַנ־אַנדער אויסזעהן. ניט נאָר אין איירעפּאַ, נאָר אומעטום, וואוהין עס קומען נאָר אַריין די סחורות פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע, דאָרטען שטאַרבט אָב דער קליין־בעטריעב און די בעלי־מלאכות און בויערען ווערען פּראָלעטאַריער. דאָס רופֿט אַרויס אין יעדען מאַרק, וואו די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע זעצט אָב איהרע סחורות, צוויי וויכטיגע פֿערענדרונגען. צוליעב דעם, וואָס די דאָרטיגע בעפֿעלקערונג ווערט פּראָלעטאַריזירט, הייבט זי אָן ווייניגער צו קוי־פֿען, און דאָס מאַכט שווערער צו פֿערגרעסערען דעם אָבזאַץ פֿון סחורות אויף דיזען מאַרק. צווייטענס — און דאָס איז נאָך פֿיעל וויכטיגער — דורך דעם, וואָס עס בילדעט זיך דאָרטען אַ פּראָלע־טאַריאַט, ווערען בעשאַפֿען די יסודות פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופֿן. און אַזוי גראָבט די איירעפּעאישע גרויס־אינדו־סטריע פֿאַר זיך אַליין אַ קבר. ביי אַ געוויסער מדרגה אין איהר ענטוויקלונג בעשאַפֿט זי פֿאַר זיך אַליין מיט יעדער פֿערברייטערונג פֿון איהר מאַרק אַ נייעם קאָנקורענט. די גרויס־אינדוסטריע פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען, וועלכע איז כמעט ניט עלטער ווי אַ יאָהר 30־40, געהט דערצו, אַז זי וועט ניט נאָר פֿערנעהמען פֿאַר אַמעריקאַ, נאָר אויך בעקומען אַן אָרט אויפֿן וועלט־מאַרק. די נאָך יונגערע רוסישע אינדוסטריע הייבט אָן צו פֿערזאָרגען אַליין מיט איהרע פּראָדוקטען דעם גאַנצען מזרח־דיג־גרויסען געביעט, וועלכען רוסלאַנד בעהערשט אין איירעפּאַ און אַזיע; מזרח־אינדיע, כינאַ, יאַפּאַן, אויסטראַליע ענטוויקלען זיך אויך צו אינ־דוסטריע־מלוכות. וועלכע וועלען אויך פֿריהער אָדער שפּעטער קע־נען אויסקומען אָהן דער פֿרעמדער אינדוסטריע; קורץ, ווי עס שיינט,

איז שוין מעהר נישט וויַט דער מאָמענט, ווען דער מאַרק פון דער אייראָפּעאישער אינדוסטריע וועט זיך ניט בלויז ניט קענען מעהר פערגרעסערען, נאָר ווען ער וועט אָנהייבען קלענער צו ווערען. דאָס איז אָבער ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי דער באַנקראָט פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

צו די אינדוסטריע־צווייַגען, אין וועלכע די איבערפּראָדוקציאָן איז שוין געוואָרען אַ שטענדיגע (כראָנישע) ערשיינונג, דאַרף מען פריהער פאַר אַלץ צורעכנען די טעקסטילאינדוסטריע (וועבעריי און שפּינערייַ). אין ע נ ג ל אַ נ ד האָט אָנגעטראָפען דער ווערט פון די אַרויסגעפיהרטע באַוועל־סחורות (אַחוץ גאַרן), לייַנען, זייַד און וואָל־סחורות אין 1880־טען יאָהר 1766 מיליאָן מאַרק, אין 1897־טען יאָהר — נאָר נאָך 1572 מיליאָן. פון ד ײַ ט ש ל אַ נ ד האָט מען אין 1890־טען יאָהר אַרויסגעפיהרט פּראָדוקטען פון דער טעקסטיל־ און פילץ־אינ־דוסטריע אויף 500 מיליאָן מעהר, איידער מען האָט אַהין אַרייַנגע־פיהרט פון אַנדערע לענדער, אין 1899־טען יאָהר — נאָר נאָך אויף 410 מיליאָן מאַרק.

די צאָהל פון די אַרבייטער, וועלכע זענען בעשעפטיגט אין דער ענגלישער טעקסטיל־אינדוסטריע האָט אָנגעטראָפען אין 1885־טען יאָהר 1,034,261, אין 1895 — 1,075,751. זי האָט זיך אַלזאָ כמעט גאָר נישט פערמעהרט, בעת די בעפעלקערונג האָט זיך אין דעם זעלבען משך צייַט פערגרעסערט אויף 9 פּראָצענט. די צאָהל פון די טעקסטיל־אַרבייטער אין ע נ ג ל אַ נ ד ווערט אַלזאָ קלענער, אין פערגלייַך צו דער בעפעלקערונג. דאָס זעלבע קומט אויך פאָר אין ד ײַ ט ש ל אַ נ ד. דאָרטען האָט זיך די צאָהל פון די טעקסטיל־אַרבייטער אין דעם משך צייַט פון 1882—95 פערגרעסערט פון 910,089 ביז 993,257 — אויף 9 פּראָצענט, אין דער צייַט, ווען די גאַנצע בעפעלקערונג האָט זיך פערגרעסערט אויף 14,5 ($14^1/_2$) פּראָצענט.

די מעטאַל־אינדוסטריע האַלט נאָך אַפילו אומעטום אין גיכען וואַקסען. אָבער אין די אַלטע אינדוסטריע־לענדער וועט זי צום סוף אויך האָבען אַזאַ גורל, ווי די טעקסטיל־אינדוסטריע. וואו זאָל אָבער דאַן געפינען הזנה די אַרבייטער־בעפעלקערונג, וועלכע עס ווערט אַלץ גרעסער?

מיר האָבען שוין איינמאָל געהאַט אַ צייַט פון אַנאַלגעמיינעם כראָנישען קריזיס מיט די שרעקליכסטע ליידען פאַר דעם אַרבייטענדען

פאָלק. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער באַנקראָט פון דער קאַפּיטאַ-ליסטישער געזעלשאַפט איז געקומען (1873־1889). נאָך איין מאָל האָט זי זיך אויפגעהויבען ביז צו אַ בליהענדער לאַגע, און וועלכע די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט אָבער קיין אַנטייל נישט גענומען. דיזע בליהענדע צייט האָט זיך שוין איצט אויך געענדיגט, און מיר האָבען ווידער די פּערא[י]ניגונג פון כראָנישע קריזיסען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע מיט גיך פערבייגעהענדע קריזיסען אין דעם גאַנצען פּראָ-דוקציאָנס־אופן. און ווען די גיך פערבייגעהענדע קריזיסען קומען מיט אַ שרעקליכער רעגעלמעסיגקייט איינער נאָכ'ן אַנדערן און פערברייטערען זייער געביעט וואָס ווייטער אַלץ מעהר, דאַן פערנעהמט דער כראָנישער קריזיס איין אינדוסטריע־צווייג נאָך דעם אַנדערען.

דערפון קומט אַרויס, אַז עס וואַקסט דער סכום פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וועלכע עס ווערען ניט ווי געהעריג אָדער גאָר ניט אויס-גענוצט, דער סכום עשירות, וועלכע עס געהט אומזיסט פערלאָרען, דער סכום אַרבייטס־קרעפטען, וועלכע עס מוז איבעריג בלייבען, ניט ברייננענדיג קיין שום נוצען. צו זיי דאַרף מען צורעכענען ניט בלויז די מהנות פון אַרבייטער, וועלכע עס געהען אַרום אָהן אַרבייט, מהנות, וועלכע האָבען זיך אַזוי פערמעהרט, אַז זיי זענען געוואָרען אַ סכנה פאַר דער געזעלשאַפט, נאָר אויך די גרויסע און נאָך שטענדיג וואַק-סענדע אַרמעע פון פּאַראַזיטען אויף דעם קערפּער פון דער געזעל-שאַפט, וועלכע זוכען פאַר זיך — ווייל זיי קענען נישט געפינען קיין פּראָדוקטיווע אַרבייט — אַלערליי אַרטען אונוציגע, אָבער אָפּט זעהר ביטערע בעשעפטיגונגען, כדי צו קענען פיהרען האַטש אַנ'עלענדען לעבען; דאָס זענען קליינע הענדלער, שענקער, אַגענטען, פערמיט-לער; צו זיי געהערט ווייטער די גאַנצע מוראדיגע מאַסע פון לומ-פּען־פּראָלעטאַריער פון אַלערליי מינים, די גרעסערע און קלענערע שווינדלער, פערברעכער, די פּראָפעסיאָנאַלע פּראָסטיטוטקעס מיט אַלע די, וועלכע לעבען אַרום זיי. צו זיי געהערען ווייטער אויך די גרויסע מהנות מענשען, וועלכע פערדינגען זיך פאַר דינער ביי די רייכע; ענדליך די גרויסע מהנה סאָלדאַטען. דאָס שטענדיגע וואַקסען פון די אַרמעען אין די לעצטע דרייסיג יאָהר וואָלט כמעט אונמעגליך געווען אָהן דער איבערפּראָדוקציאָן, צוליעב וועלכער די אינדוסטריע האָט זיך געקענט אָבזאָגען פון אַזוי פיל אַרבייטס־קרעפטען.

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט הייבט אָן דערשטיקט צו

ווערען אין איהרע אייגענע עשירות; זיי ווערט אַלץ ווענינער פֿעהיג אויסצוהאַלטען די פֿאָלקאָמע ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפֿטען, וועלכע זיי האָט בעשאַפען. כדי זי זאָל נישט געהן צום גרונד, מוזען אַלץ מעהר פּראָדוקטיווע קרעפטען בלייבען איבעריג, נישט ברייגענדיג קיין שום פּעולה, אַלץ מעהר פּראָדוקטען מוזען פֿערלאָרען ווערען אָהן אַ נוץ.

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, די אַיינפיהרונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען גרויס־בעטריעב, אַנשטאָט דעם פריהערדיגען קלייינבעטריעב, די אייינפיהרונג פון אַזאַ בעטריעב, וואו די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זענען פֿעראייניגט אַלס פּריוואַט־אייגענטום אין ווענינ הענד, וואו די אַרבייטער זענען פּראָלעטאַריער אָהן אייגענס — דיזער פּראָדוקציאָנס־אופן איז געווען דאָס מיטעל צו פֿערמעהרען אָהן אַ שיעור די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט, וועלכע איז געווען זעהר בעגרענעצט ביי דעם האַנדווערק און דער בויערליכער לאַנדווירטשאַפט. דאָס אויסצופיהרען איז געווען די וועלטגעשיכטליכע אויפגאַבע פון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס. ער האָט דיזען ציעל דערגרייכט, ברייגענדיג שרעקליכע צרות פאַר די פֿאָלקס־מאַסען, וועלכע ער האָט עקספּראָפּריאירט און עקספּלואַטירט — אָבער ער האָט איהם דערגרייכט. דער קאַפּיטאַליסטענקלאַס איז אויך געווען אַזאַ געשיכטליכע נויטווענדיגקייט, אַקוראַט ווי די צוויי יסודות, פון וועלכע ער איז אויסגעוואַקסען: די סחורה־פּראָדוקציאָן און דאָס פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פּראָדוקטען, וועלכער איז מיט איהר ענג פֿערבונדען.

אויב אָבער דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס און זיינע יסודות זענען געווען געשיכטליך נויטיג, זענען זיי איצטער שוין מעהר נישט נויטיג. די אַרבייט פון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס געהט אַלץ מעהר איבער אין די הענד פון געדונגענע מענשען. דער גרעסטער טייל קאַפּיטאַליסטען האָט איצטער נאָך די אויפגאַבע — אויסצובריינגען דאָס, וואָס אַנדערע בעשאַפען. דער קאַפּיטאַליסט איז אויך אַזוי איבעריג געוואָרען, פונקט ווי דער פעאָדאַלער (פּריץ) מיט הונדערט יאָהר צוריק.

נאָך מעהר. ווי די גרויסע פּריצים אין 18־טען יאָהר־הונדערט, אַזוי איז איצטער דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס שוין געוואָרען אַ שטערונג פאַר דער ווייטערער ענטוויקלונג; דאָס פּריוואַט־אייגענטום אויף

די פראָדוקציאָנס־מיטלען האָט שוין לאנג אויפגעהערט צו פערויכערען יעדען פראָדוצענט זיין פריי־הייט און דעם אייגענטום אויף זיינע פראָ־דוקטען. ער פיהרט איצטער געשווינד דערצו, אז דיזעס אייגענ־טום און דיזע פרייהייט זאָלען בטל ווערען פאר דער גאנצער בע־פעלקערונג פון די קאפּיטאליסטישע נאציאנען. פון א יסוד פון דער געזעלשאפט ווערט ער אליך מעהר א מיטעל צו צערשטערען אלע יסודות פון דער געזעלשאפט. און פון א מיטעל צו יאָגען די גע־זעלשאפט זי זאָל וואָס גיכער ענטוויקלען אלע איהרע פראָדוקטיווע קרעפטען — איז ער איצטער געוואָרען א מיטעל, וועלכער עס צווינגט אליך מעהר די געזעלשאפט צו פערשווענדען און איבערלאָזען אָהן א שום נוצען איהרע פראָדוקטיווע קרעפטען.

און ניט נאָר פאר די פראָדוצענטען פון די קליין־בעטריעבען, נאָר פאר דער גאנצער געזעלשאפט איז דאָס פריוואט־אייגענטום אויף די פראָדוקציאָנס־מיטלען געוואָרען פונקט דער היפך פון דעם, וואָס ער איז פריהער געווען. פון א קראפט, וועלכע עס איז געווען די בעוועגענדע ספרוזשינע פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג, איז ער געוואָרען די סבה, וועלכע עס פיהרט די געזעלשאפט אין זומפּף, וועלכע עס פיהרט די געזעלשאפט צו איהר באנקראָט.



# IV.

# די צוקונפטס-מְלוּכָה.

## 1. סאָציאַלע רעפאָרמען און רעוואָלוציאָן.

די פּראָדוקטיווע קרעפטען, וועלכע עס האָבען זיך ענטוויקעלט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט גופא, פּאַסטען וואָס ווייטער אַלץ ווייניגער צו דער אייגענטומס־אָרדנונג, אויף וועלכער זי איז געבויט. וועלען אַיינהאַלטען אויף ווייטער דיזע אייגענטומס־אָרדנונג — הייסט מאַכען אונמעגליך די ווייטערע ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, הייסט פערמשפּט׳ען איהם צו שטעהען אויף איין אָרט, צו פוילען, אָבער צופוילט ווערען לעבעדיגערהייט, וואָס עס איז פֿערבונדען מיט די שרעקליכסטע קראַמפּפֿען און יסורים.

יעדע ווייטערע אויסבעסערונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטען פֿערגרעסערט דעם היפּך צווישען זיי און צווישען דער איצטיגער אָרדנונג פון פּריוואַט־אייגענטום. ווי פיעל מען האָט זיך ניט געפּרובט מבטל צו זיין דעם היפּך, אָדער צו מאַכען איהם האָטש קלענער, ניט אָנריהרענדיג דעם אייגענטום, האָט ער קיין פּעולה נישט געבראַכט און עס האָט קיין פּעולָה נישט געקאָנט ברייננען.

שוין זייט הונדערט יאָהר, אַז די דענקער און פּאָליטיקער פון די רייכע קלאַסען בעמיהען זיך אָבצוהאַלטען דעם אונטערגאַנג פון פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אָבצוהאַלטען די רעוואָלוציאָן דורך סאָציאַלע רעפאָרמען — ווי זיי רופען אָן יעדע אַריינמישונג אין ווירטשאַפטליכען לעבען, וועלכע עס האָט דעם צוועק מבטל צו זיין, אָדער וועניגסטענס צו פערגרינגערען די אָדער יענע ווירקונג פון דיזען פּריוואַט־אייגענטום, ניט אָנריהרענדיג איהם אַליין. זייט הונדערט יאָהר האָט מען שוין צוליעב דעם צוועק רעקאָמענדירט און אויסגעפּרובט די פֿערשיעדענסטע מיטלען; עס איז כמעט אונמעגליך אויפצוטהון נאָך עפּעס נייעס אויף דיזען געביעט. און די אַלע „שפּאָגעל־נייעסטע“ עצות פון אנזערע סאָציאַלע רופאים וועלכע קענען אין איניגע טעג העלפֿען, ווי זיי מיינען, גאָר אָהן

ווערהטאָג און אָהן הוצאות פון אַלע צרות — ווייזען זיך אַרויס, ווען מען בעטראַכט זיי בײַ'ם ליכט, אַלס גאַנץ אַלטע המצאות, וועלכע מען האָט שוין ערגעץ וואו און אין אַנאַנדער צײַט אויסגעפּרובט און וועלכע עס האָבען גענוג קלאָר בעוויזען, אַז מען קען פון זיי קיין שום פּעולה נישט ערוואַרטען.

מען זאָל נאָר אונז נישט שלעכט פערשטעהן. מיר האַלטען, אַז די סאָציאַלע רעפאָרמען קענען נישט האָבען קיין ווירקונג, אויף ווי פיעל זייער צוועק איז מבטל צו זיין דעם היפּך צווישען די פּראָדוקטיווע קרעפטען און דער איצטיגער אייגענטומס־אָרדנונג — דער היפּך, וועלכער עס וואַקסט שטענדיג אין פערלויף פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג — און אין דער זעלבער צײַט אײַנהאַלטען און פערשטאַרקען דיזע אייגענטומסאָרדנונג. דערמיט ווילען מיר אָבער נישט זאָגען, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, דער אונטערגאַנג פון דעם פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען וועט פון זיך אַליין פּאַסירען, אַז די נאַטורנויטווענדיגע און אונפערמיידליכע ענטוויקלונג וועט דאָס בעזאָרגען גאָר אָהן מענשליכע הילף; אויך ווילען מיר דערמיט נים זאָגען, אַז די אַלע סאָציאַלע רעפאָרמען האָבען קיין שום ממשות נישט, אַז די, וועלכע עס ליידען פון דעם היפּך צווישען די פּראָדוקטיווע קרעפטען און דער אייגענטומס־אָרדנונג און פון די צרות, וועלכע עס וואַקסט אַרויס אין דער געזעלשאַפט, האָבען קיין אַנדער ברירה נישט, ווי צונויפצולעגען די הענד, גאָרנישט טהון און רוהיג וואַרטען ביז דיזער היפּך וועט פערשווינדען.

ווען מען זאָגט, אַז די געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג איז נאַטור־נויטווענדיג און מען קען זי נים פערמיידען, לאָזט מען דאָך דערבײַ, פערשטעהט זיך, פון זינען נים אַרויס, אַז מענשען זענען מענשען און נים טויטע פּופּעס (קוקלעס), מענשען מיט געוויסע בעדירפנישען און תאוות, מיט געוויסע קערפּערליכע און גײַסטיגע קרעפטען, וועלכע זיי זוכען אויסצונוצען צוליעב זייער אייגענע טובה. נאָרניט טהון און וואַרטען, ביז די געזעלשאַפט וועט אַליין דער־גערען, וואָס ס'איז, ווי עס דאַכט זיך, אונפערמיידליך — דאָס הייסט נים איבערלאָזען דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג פרײַ צו גע־הען איהר וועג, נאָר דאָס הייסט אָבשטעלען זי אויף איין אָרט.

ווען מיר האַלטען דעם אונטערגאַנג פונ'ם פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר אונפערמיידליך, מיינען מיר נים

דערמיט, אַז אין אַ שענעם פריה־מאָרגען װעלען די געבראָטענע טױ־בען פון דער סאָציאַלער רעװאָלוציאָן פליהען אין מױל אַריין צו די עקספּלואַטירטע, װעלכע װעלען דערצו קיין שום מיהע ניט צו־לעגען. מיר האַלטען דעם קראַך פון דער איצטיגער געזעלשאַפט פאַר אונפערמיידליך, װייל מיר װייסען, אַז די עקאָנאָמישע ענט־װיקלונג בעשאַפט על פי טבע אַזעלכע בעדינגונגען, װעלכע צװינ־גען די עקספּלואַטירטע צו פיהרען אַ קאַמפּף געגען דעם פּריװאַט־אייגענטום; אַז זי פערמעהרט די צאָהל און די קראַפט פון די עקס־פּלואַטירטע און פערקלענערט די צאָהל און די קראַפט פון די עקס־פּלואַטאַטאָרען, װעלכע האַלטען זיך פאַר דער עקסיסטירענדער אָרדנונג; אַז זי פיהרט ענדליך די מאַסע פון דער בעפעלקערונג צו אַזעלכע אונערטרעגליכע בעדינגונגען װעלכע לאָזען איהר איבער נאָר איין ברירה: אָדער גאָרניט טהון און אײנגאַנצען אומגעבראַכט װערען, אָדער נעהמען זיך מיט אַלע כחות הרוב צו מאַכען די איצ־טיגע אייגענטומס־אָרדנונג.

אַזאַ איבערקעהרעניש קען אָננעהמען די פערשידענסטע פאָר־מען לויט נאָך די בעדינגונגען, ביי װעלכע זי קומט פאָר. זי מוז ניט זיין דוקא פערבונדען מיט רציחות און בלוט־פערגיסונג. אין דער װעלט־געשיכטע האָבען זיך שוין געטראָפען אַזעלכע פאַלען, װאו די הערשענדע קלאַסען זענען געװען בעזונדערס שאַרפזיניג, אָדער — בעזונדערס שװאַך און שרעקענדיג און האָבען נאָכגעגעבען מיט גוּ־טען, זעהענדיג, אַז מען װעט זיי דערצו צװינגען. אויך דאַרף זיך אַ סאָציאַלע רעװאָלוציאָן ניט ענדיגען דוקא מיט איין מאָל. דאָס האָט זיך אפילו נאָר קיים װען געטראָפען. רעװאָלוציאָנען גרייטען זיך צו דורך יאָהרען, דורך צעהנדליגער יאָהרען פון פּאָליטישען און װירטשאַפטליכען קאַמפּף און זיי פּאַסירען ביי שטענדיגער אומ־בײטונג פון דעם פערהעלטעניש צװישען איינצעלנע קלאַסען און פּאַר־טייען, ביי שטענדיגען װאַקסען און פאַלען פון זייער מאַכט. אָפט װערען די רעװאָלוציאָנען אָבגעהאַלטען אויף אַ צייט דורך אַ לאַנג דויערענדער רעאַקציאָן.

װי פערשידען עס זאָלען ניט זיין די פאָרמען, װעלכע אַ רעװאָלוציאָן קען אָננעהמען, אַ סאָציאַלע רעװאָלוציאָן איז אָבער קיינ־מאָל ניט פאָרגעקומען אונבעמערקט, שטילערהייט און אָהן אַקטי־

ווער אַריינמישונג פון די, וועלכע ליידען מעהר ווי אַלע פון דער הערשענדער אָרדנונג.

ווען מיר ערקלערען ווייטער, אז די סאָציאַלע רעפאָרמען, וועלכע בעריהרען ניט דאָס פּריוואַט־אייגענטום, זענען ניט אים שטאַנד מבטל צו זיין די הסכים, וועלכע די איצטיגע עקאָנאָמישע ענט־וויקלונג ברענגט מיט, ווילען מיר דערמיט בשום אופן ניט זאָגען, אַז אין די ראַהמען פון דער עקסיסטירענדער אייגענטומס־אָרדנונג איז פאַר די עקספּלואַטירטע גאָר אונמעגליך צו קעמפּפען געגען די צרות, וועלכע זיי האָבען אויף זיך; אַז זיי מוזען מיט געדולד אַריבערטראָגען אַלע פאָרמען פון דער עקספּלואַטאַציאָן, אַלע יסורים, וועלכע דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן ברענגט פאַר זיי; אַז כל זמן זיי ווערען איבערהויפּט עקספּלואַטירט, איז גאַניץ גלייך, אויף וועלכען אופן דאָס קומט פאָר. מיר ווילען דערמיט נאָר זאָ־גען, אַז זיי זאָלען די סאָציאַלע רעפאָרמען ניט שעצען צו הויך און זיי זאָלען ניט גלויבען, אַז די דאָזיגע רעפאָרמען קענען אומ־ענדערען די איצטיגע אָרדנונג אויף אַזוי פיעל, אַז זי זאָל זיי בע־פריעדיגען. און זיי זאָלען גוט בעטראַכטען די סאָציאַלע רעפאָר־מען, וועלכע מען לעגט זיי פאָר און פאַר וועלכע זיי קעמפּפען. ניין צעהנטעל פון אַלע רעפאָרם־פּראָיעקטען זענען ניט בלויז אונ־נוציג, נאָר גראַדע שעדליך פאַר די עקספּלואַטירטע. די ערנסטע זענען יענע פּראָיעקטען, וועלכע ווילען צופּאַסען די פּראָדוקטיווע קרעפטען צו ער אייגענטומס־אָרדנונג, וועלכע זיי ווילען ראַטעווען פון איהר געפעהרליכע לאַגע, און אויסמעקען פון דער געשיכטע די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון די לעצטע הונדערטער יאָהרען. די עקספּלואַטירטע, וועלכע קעמפּפען דערפאַר, פטר׳ען זייערע כחות אויף דעם אונזיניגען ציעל, לעבעדיג צו מאַכען דאָס, וואָס ס׳איז שוין לאַנג טויט.

מען קען ווירקען אויף דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג אויף פערשיעדענע אופנים; מען קען מאַכען, זי זאָל געהן גיכער און לאַנגזאַמער, מען קען איהרע ווירקונגען אָבשוואַכען און פערשטאַר־קען, מען קען איהר צוגעבען אַזאַ געשטאַלט, אַז זי זאָל ברענגען ווייניגער שמערצען אָדער מעהרער, לויט דעם פערשטאַנד און דער געזעלשאַפטליכער מאַכט, וואָס מען האָט. אָבער איין זאַך קען מען ניט: אָבשטעלען די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג אויף איין אָרט, אָדער

נאָר אומקעהרען זי צוריק. פערקעהרט, די ערפאַהרונג האָט בע-
וויזען, אַז אַלע מיטלען, דורך וועלכע מען פרובט זיך פערהאַלטען
די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, ברענגען קיין שום פעולה ניט, אָדער
זיי פערמעהרען נאָך מעהר די צרות, וועלכע זיי האָבען געזאָלט
בעזייטיגען. אָבער יענע מיטלען, דורך וועלכע מען קען ווירקליך
מעהר אָדער וועניגער העלפען צו דער אָדער יענער צרה פון דער
איצטיגער געזעלשאַפט, ווירקען אויך אַזוי, אַז זיי פערגיכערען דעם
גאַנג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג.

ווען, צ. ב. ש., די האַנדווערקער ווילען צוריק איינפיהרען
די אַמאָליגע צעכען, כדי אויפצוהייבען מיט זייער הילף דעם האַנד-
ווערק, איז זייער מיהע גאָר אומזיסט, ווייל די צעכען פאַסען גאָר ניט
צו די בעדערפעניסען פון די היינטיגע פראָדוקטיווע קרעפטען, צו
דער גרויס-אינדוסטריע. כדי די צעכען זאָלען קענען האָבען אַ קיום,
מוז מען פריהער בעזייטיגען די גרויס-אינדוסטריע, אויסמעקען פון
דער געשיכטע אַלע מעכנישע פאָרטשריטען פון דער נייער צייט.
און דאָס איז בשום אופן ניט מעגליך. דער חשק איינצופיהרען די
אַלטע צעכען האָט איצט דעריבער נאָר דעם איינציגען צוועק איבער-
צוגעבען אין די הענד פון די רעאַקציאָנערע פאַרטייען די קראַפט,
געלד און פאָליטישע מאַכט פון די האַנדווערקער, וואָס זיי נוצען
אויס ניט צוליעב דער טובה, נאָר צוליעב דער רעה פון די „קליינע
לייט“, צ. ב. ש., כדי צו מאַכען אַ יקרות אויף ברויט, פערגרע-
סערען די שטייערען, דעם יאָך פון מיליטאַריזמוס א. ז. וו.

יענע מיטלען אָבער, וועלכע די האַנדווערקער קענען ביי גע-
וויסע בעדינגונגען אויסנוצען פאַר דער אייגענער טובה, אויף צו פער-
בעסערען זייער לאַגע, זענען נאָר אַזעלכע, וועלכע גיעבען זיי די
מעגליכקייט צו פערגרעסערען זייערע בעטריעבען, צו פראָדוציערען
גרויסע מאַסען סחורות, צו ווערען קליינע קאַפּיטאַליסטען. אַזעלכע
מיטלען, ווי אַלערליי מינים גענאָסענשאַפטען, איינפיהרונג פון בי-
ליגע מאַטאָרען (בעוועגענדע מאַשינען) א. ז. וו., קענען, פערשטעהט
זיך, אויסהעלפען די עקאָנאָמיש-שטאַרקערע האַנדווערקער, אָבער
נאָר דורכדעם, וואָס זיי גיעבען די מעגליכקייט אַרויסצוואַרפען דעם
קליין-בעטריעב. די אָרימערע האַנדווערקער, וועלכע קענען זיך ניט
פערשאַפען קיין מאַטאָרען, וועלכע האָבען קיין קרעדיט ניט א. ז. וו.,
גיהען דאַמאָלס נאָך גיכער צום גרונד. די דאָזיגע מיטלען ברענגען

אַלזאָ ניצען נאָר פֿאַר פֿערשידענע אײנצעלנע האַנדװערקער, די ראַטעװען אָבער ניט דעם האַנדװערק, פֿערקערט, זי פֿערגיכערען נאָך זײן אונטערגאַנג.

אױך די שכירות־אַרבײטער האָבען פֿון אָנהױב געװאָלט אָבהאַלטען די ענטװיקלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער גרױס־אינדוסטריע; זי פֿלעגען ברעכען נײע מאַשינען, פֿלעגען ניט דערלאָזען אײנפֿיהרען פֿרױען־אַרבײט א. ז. װ. זי זענען אָבער פֿריהער פֿאַר די האַנדװערקער געקומען צום שכל, װי נאַריש ס'איז צו בענעהן זיך אױף אַזאַ אופֿן. זי האָבען געפֿונען אַנדערע, בעסערע און ריכטיגערע מיטלען, װי צו פֿערהיטען זיך, װי װײט מעגליך, פֿון די שעדליכע װירקונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציאָן, דורך זײערע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציאָנען (געװערקשאַפֿטען) און דורך זײער פּאָליטישער טהעטיגקײט, דורך די בײדע מיטלען, װעלכע שטיצען אונטער אײנער דעם צװײטען און דורך װעלכע זי האָט זיך אײנגעגעבען צו דערגרײכען אין די פֿערשידענע לענדער קלענערע אָדער גרעסערע פֿערבעסערונגען אין זײער לאַגע. אָבער יעדער נצחון פֿון די אַרבײטער, אין װאָס ער זאָל ניט בעשטעהן: אין פֿערהעכערונג פֿון די שכירות, אין פֿערקירצונג פֿון דער אַרבײטס־צײט, פֿערװעהרונג די אַרבײט פֿאַר צו יונגע קינדער, פֿערבעסערונג פֿון די היגיענישע (װאָס זענען נוגע דעם געזונד) בעדינגונגען א. ז. װ. — פֿערשאַפֿט נײע אורזאַכען, װעלכע פֿערגיכערען די עקאָנאָמישע ענטװיקלונג, צװינגענדיג, צ. ב. ש., די קאַפּיטאַליסטען צו פֿערבײטען די אַרבײטס־קרעפֿטען, װאָס זענען טײערער געװאָרען, דורך מאַשינען, אָדער פֿערגרעסערענדיג די הוצאות אױף דער פּראָדוקציאָן, װאָס די גרױסע קאַפּיטאַליסטען קענען גרינגער טראָגען, אײדער די קלײנע, װעלכע ס'װערט איבער דעם שװערער בײצושטעהן אין דעם קאָנקורענץ־קאַמפּף א. ז. װ.

װי ס'זאָל ניט זײן יושר'דיג און אַפֿילו נײטיג, װען צ. ב. ש. די אײנצעלנע האַנדװערקער זוכען צו פֿערבעסערען זײער לאַגע, לאָמיר זאָגען, דורכדעם, װאָס זי פֿערשאַפֿען קלײנע מאָטאָרען, אָדער װען די אַרבײטער גרינדען אָרגאַניזאַציאָנען, אָדער שטרעבען דורכצופֿיהרען אַזעלכע געזעצען, װעלכע זאָלען פֿערקירצען די אַרבײטס־צײט, פֿערבעסערען די אַרבײטס־בעדינגונגען, אָדער װעלכע זאָלען ברענגען אַנדערע פֿערגרינגערונגען אין זײער לאַגע, װאָלט עס דאָך

אָבער געווען אַ נאַרישקייט צו גלויבען, אַז אַזעלכע רעפֿאָרמען קענען אָבהאַלטען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן; און אויך אַזוי נאַריש וואָלט געווען צו רעכענען, אַז מען קען ניט האַלטען פֿאַר נוצליך געוויסע סאָציאַלע רעפֿאָרמען, ניט מודה זייענדיג דערמיט אויך, אַז ס'איז מעגליך איינצוהאַלטען די געזעלשאַפֿט אויף די זעלבע יסודות, אויף וועלכע זי שטעהט איצטער. פֿערקעהרט, מען קען שטעהן פֿאַר די דאָזיגע רעפֿאָרמען אויך פֿון רעוואָלוציאָנערען שטאַנדפּונקט, ווייל זיי פֿערגיכֿערען, ווי מיר האָבען געזעהן, דעם גאַנג פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג און ווייל זיי זענען בשום אופן ניט אים שטאַנד מבטל צו זיין די טענדענצען פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן (וועגען וועלכע מיר האָבען גערעדט אין די פֿריהערדיגע קאַפּיטלען), וועלכע פֿיהרען איהם צו זיין אייגענער פֿערניכטונג; זיי פֿערשטאַרקען נאָך, פֿערקעהרט, די דאָזיגע טענדענצען.

די פּראָלעטאַריזירונג פֿון די פֿאָלקס־מאַסען, די פֿעראייניגונג פֿון אַלע קאַפּיטאַלען אין די הענד פֿון וועניגע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע בעהערשען דאָס גאַנצע ווירטשאַפֿטליכע לעבען פֿון די קאַפּיטאַליסטישע נאַציאָנען, די כֿראָנישע איבערפּראָדוקציאָן, די קריזיסען, די אונזיכערע לאַגע פֿון יעדען איינצעלנעם מענשען — די דאָזיגע אַלע שרעקליכע און אויסערזיך־בּרענגענדע ווירקונגען פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן וואַקסען פֿון טאָג צו טאָג; און מען קען זיי דורך קיין שום רעפֿאָרמען, וועלכע עס האָבען ניט דעם צוועק אומצוענדערען די איצטיגע אייגענטומס־אָרדנונג, ניט אָבהאַלטען, ווי ווייט די דאָזיגע רעפֿאָרמען זאָלען ניט געהן.

ס'איז ניטאָ אַזאַ פּאַרטיי, וועלכע זאָל דאָס ניט פֿיהלען, אַפֿילו פֿון די עכֿט רעאַקציאָנערע פּאַרטייען, וועלכע שטעהען שטאָל און אייזען פֿאַר דער אַלטער אָרדנונג. יעדער פֿון זיי לויבט נאָך אין הימעל זייערע בעזונדערע רעפֿאָרמען, ווי אַ מיטעל צו פֿערמיידען דעם גרויסען קראַך פֿון דער איצטיגער געזעלשאַפֿט, אָבער זיי האָבען שוין אַלע אויפֿגעהערט צו גלויבען מיט אַן אמת'ן האַרצען אין זייערע וואונדערליכע רעצעפּטען.

עס העלפֿט גאָרניט, מען קען זיך ניט אויסדרעהען. דער רעכֿטליכער יסוד פֿון דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן, דאָס פּרי־

וואַט־אײַגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פאַסט וואָס ווײַטער אַלץ װעניגער צו דער נאַטור פֿון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווי מיר האָבען געזעהן אין די פֿריהערדיגע קאַפּיטלען. ס'איז נאָר נאָך אַ פראַגע, וויפיעל צײַט דער דאָזיגער פּריוואַט־אײַגענטום וועט זיך האַלטען. זײַן אונטערגאַנג וועט זיכער קומען, האָטש איצט קען קײנער זיכער ניט זאָגען, ווען און אויף וועלכען אופן ער וועט פֿאָרקומען.

## 2. פּריוואַט-אײגענטום און גענאָסענשאַפטליכעס אײגענטום.

באמת בעשטעהט מעהר די פֿראַגע ניט אין דעם, צי ס'איז מעגליך און ווי ס'איז מעגליך אײַנצוהאַלטען דעם פּריוואַט־אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, נאָר אין דעם, וואָס זאָל אָדער, ריכטיגער, וואָס מוז קומען אויף זײַן אָרט, ווײַל דאָ רעדט זיך ניט וועגען אַזאַ זאַך, וועלכע מען קען נאָכ'ן אײגענעם ווילען אויסטראַכטען פֿון קאָפּ, נאָר וועגען דעם, וואָס עס מוז נאַטור־נויטווענדיג קומען. מיר האָבען ניט פֿרײַ די ברירה צו פֿערבײַטען דעם פּריוואַט־אײגענטום אויף וועלכער אײגענטומס־אָרדנונג מיר ווילען, פּונקט ווי עס ווענדט זיך ניט אָן אונזער ווילען, אײַנצוהאַלטען אָדער אַוועקצוּוואַרפען איצטיגע אָרדנונג.

די זעלבע עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וועלכע הויבט אַרויס די פֿראַגע: מיט וואָס זאָל מען פֿערבײַטען דעם פּריוואַט־אײגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען? — בעשאַפֿט אויך די פֿאָרבעדינגונגען צו דער פֿערענטפֿערונג פֿון דער דאָזיגער פֿראַגע. אינים שוים פֿונים אַלטען אײגענטום הויבט שוין אָן צו שפּראָצען דער נײַער. אום צו ערקענען דעם כאַראַקטער פֿון דעם דאָזיגען נײַעם אײגענטום, מוזען מיר זיך ווענדען ניט צו אונזערע פּערזענליכע פֿערלאַנגען און וואונשען, וועלכע זענען אַזוי פֿערשידען בײַ יעדען מענשען, נאָר צו די פֿאַקטען וואָס ליגען פֿאַר אונזערע אויגען און וואָס זענען פֿאַר אַלעמען די זעלבע.

ווער ס'איז בעקאַנט מיט די איצטיגע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונ־

גען, דער ווייסט אויך, וואָס פאַר אַ פאָרם פון אייגענטום זיי וועלען פאָדערען, ווי באַלד די איצטיגע וועט ווערען אונמעגליך. מיר בעטען דעריבער אונזערע לעזער, זיי זאָלען אויך ביי'ם לעזען פון די פאָלגענדע זייטען, אין וועלכע מיר רעדען וועגען צוקונפט, האַלטען אין זינען, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דעם איצטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן, ווי ער איז אַמאָל געוועזען און ווי ער איז היינט.

די וואָרצלען פון דעם פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען ליגען, ווי מיר ווייסען, אין דעם קליין־בעטריעב. ליגט די פּראָדוקציאָן אין די הענד פון איינצעלנע פּראָדוצענטען — מאַכט דאָס פאַר נויטיג, אַז דאָס אייגענטום זאָל אויך ליגען אין איינצעלנע הענד. דער גרויס־בעטריעב איז, פערקעהרט, אַ *גענאָסענשאַפטליכע, געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן*. אין'ם גרויס־בעטריעב אַרבייט ניט יעדער אַרבייטער פאַר זיך, נאָר אַ סך אַרבייטער, אַ גאַנצע געזעלשאַפט, אַרבייטען צוזאַמען, כדי איינעם צו בעשאַפען אַ וואָסערען עס איז פּראָדוקט. און די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון דער איצטיגער גרויס־אינדוסטריע זענען זעהר גרויס און געוואַלדיג. ס'איז גאָר אונמעגליך, אַז יעדער איינצעלנער אַרבייטער זאָל פערמאָגען פאַר זיך זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. דער גרויס־בעטריעב, אויף דער מדרגה פון דער היינטיגער טעכניק, דערלאָזט אַלזאָ נאָר צוויי פאָרמען פון אייגענטום: אָדער די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, מיט וועלכע עס אַרבייט אַ גאַנצע גענאָסענשאַפט אַרבייטער, זאָלען זיין *פּריוואַט־אייגענטום* פון איין מענשען, — דאָס איז דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, וועלכער הערשט איצטער, מיט זיינע רעזולטאַטען, מיט דעם גאַנצען עלענד און עקספּלואַטאַציאָן, וואָס ער ברענגט פאַר די אַרבייטער, מיט דעם גאַנצען לוקסוס, אין וועלכען עס באָדען זיך די קאַפּיטאַליסטען. אויסער דעם איז מעגליך נאָר נאָך איין אייגענטומס־פאָרם — דאָס *געמיינזאַמע אייגענטום* (קהל'שע אייגענטום) פון אַלע אַרבייטער אויף אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען; דאָס איז דער גענאָסענשאַפטליכער פּראָדוקציאָנס־אופן. דאָ הערט אויף די עקספּלואַטאַציאָן פון די אַרבייטער, וועלכע ווערען אַליין די בעלי־הבתים איבער זייערע אייגענע פּראָדוקטען און צו וועלכע עס קומט איצט אַריין די מותרות (מעהר־ווערט), וואָס ביז אַהער האָבען די קאַפּיטאַליסטען פערנומען צו זיך אין די הענד.

פֿערבּיטען דעם פּריוואַט־איינענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען דורך דעם געזעלשאַפֿטליכען איינענטום — דאָס מאַכט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג וואָס ווייטער אַלץ מעהר נויטיגער.

אַז ס'איז נויטיג דאָס געזעלשאַפֿטליכע איינענטום — דערינען איז איבּערצייגט ניט נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַליין. דאָס האַלטען אויך פֿאַר נויטיג די אַנאַרכיסטען און די... ליבּעראַלען. אמת, די ליבּעראַלען ווילען, אַז מען זאָל געהן צו דעם דאָזיגען ציעל מיט אַזעלכע וועגען, מיט וועלכע מען וועט קיינמאָל ניט קענען דערגרייכען צו איהם. אַנשטאַט, אַז די אַרבּייטער, אַז זיי זאָלען מיט זייערע אָבּגעשפּאָרטע גראָשען פֿערשאַפֿען זיך גרויס־בּעטריעבּען — הייסט זיי אָבּנאַרען, אָבּער ניט געבּען זיי אַן עצה אָדער גאָר העלפֿען.

אָבּער דאָ רעדען מיר דערווייל ניט וועגען דעם וועג, מיט וועלכען מען קען דערגרייכען צו דעם דאָזיגען ציעל. דערמיט וועלען מיר זיך בּעשעפֿטיגען אין'ם ווייטערדיגען קאַפּיטעל; דאָ האָבּען מיר נעהענטער צו בּעשטימען דעם כאַראַקטער פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען איינענטום.

איינפֿאַכער פֿאַר אַלץ איז, ווען מען ערקלערט, אַז פֿון יעדער איינצעלנעם קאַפּיטאַליסטישען בּעטריעבּ זאָל ווערען אַ געזעלשאַפֿט. די אַרבּייטער פֿון אַזאַ בּעטריעבּ וועלען צו גלייכער צייט די בּעלי־הבּתים איבּער איהם. אַ היין דעם בלייבּט אַלץ ווי פֿריהער. די סחורה־פּראָדוקציאָן עקסיסטירט ווייטער, יעדער איינצעלנער בּעטריעבּ איז אינגאַנצען אומאָבּהענגיג פֿון דעם אַנדערען און פּראָדוצירט פֿאַר'ן מאַרק, אויף צו פֿערקויפֿען.

פֿאָרצושטעלען זיך אַזאַ פּראָדוקציאָנס־אופֿן — דערצו דאַרף מען, פֿערשטעהט זיך, קיין זעהר גרויסע פֿאַנטאַזיע ניט האָבּען; ער איז עהנליך צו דעם איצטיגען, ווי ווייט ס'איז נאָר מעגליך. ער איז דער אידעאַל פֿון די אַנאַרכיסטען און ליבּעראַלען. זיי בּיידע אונטערשיידען זיך נאָר מיט דעם, וואָס זיי לעגען פֿאָר פֿערשידענע וועגען צו דעם דאָזיגען אידעאַל. די אַנאַרכיסטען ווילען, אַז די אַרבּייטער זאָלען בּעקומען אין זייערע הענד די פֿערשידענע בּעטריעבּען דורך אַן'אַלגעמיינע רעוואָלוציאָן; די ליבּעראַלען גיעבּען אַן'עצה, צו האַלטען זיך מיט דעם איבּענדערמאַנטען וועג פֿון אָבּשפּאָרען.

לאָמיר זעהן, וואָס וואָלט אַרויסגעקומען, ווען עס וואָלט הער-שען דער דאָזיגער פּראָדוקציאָנס-אופן.

עֶר מאַכט דעם אַרבייטער פֿאַר אַנ׳אונטערנעהמער,— ניט פֿאַר אַ קאַפּיטאַליסט, ווייל קיין קאַפּיטאַליסטען קען שוין ניט זיין, ווען אַלע אַרבייטער פֿערמאָגען אַליין זייערע פּראָדוקציאָנס-מיטלען. עֶר בעפֿרייט די אַרבייטער פֿון אַלע צרות, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן ברענגט זיי, אָבער די סכנות, אין וועלכע עס שטעהט איצטער יעדער איינצעלנער זעלבסטשטענדיגער אונטערנעהמער, קאָנקורענץ, איבערפּראָדוקציאָן, קריזיסען, באַנקראָטען וועלען פֿון דער וועלט גאָר ניט אויסגעראַמט ווערען. די אונטערנעהמונגען, וועלכע שטעהען בעסער, וועלען נאָך ווי פֿריהער פֿערטרייבען פֿון מאַרק יענע, וועלכע שטעהען ערגער, און וועלען זיי צום סוף איינגאַנצען רואינירען. אַפּילו ווען די איינצעלנע אונטערנעהמונגען פֿון איין אינדוסטריע-צווייג וועלען זיך פֿעראייניגען אין אַ קאַרטעל, וועט דאָס אויך ניט העלפֿען. כדי דאָס קלאָר צו מאַכען, דאַרפֿען מיר נאָר אָנווייזען אויף אַלץ, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען די קאַרטעלען אין פֿאָריגען קאַפּיטעל.

פּונקט ווי היינט געהען צום גרונד קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, אַזוי וועלען דאַמאָלס באַנקראָטירען גענאָסענשאַפֿטליכע אונטערנעהמונגען. די אַרבייטער פֿון אַזעלכע גענאָסענשאַפֿטען וועלען פֿערלירען דורך דעם זייערע פּראָדוקציאָנס-מיטלען און וועלען ווערען ווידער — פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ע ר, וועלכע זענען געצוואונגען צו פֿערקויפֿען זייער אַרבייטס-קראַפֿט, כדי ניט צו שטאַרבען פֿון הונגער. די אַרבייטער פֿון די גליקליכערע גענאָסענשאַפֿטען וועלען דאַמאָלס דערזעהן, אַז פֿאַר זיי לוינט בעסער צו דינגען שכירות-אַרבייטער, איידער אַליין צו אַרבייטען, זיי וועלען ווערען עקספּלואַטאַטאָרען — ק אַ פּ י ט אַ ל י ס ט ע ן, און דער סוף פֿון ליעד וועט זיין, אַז אין אַ צייט אַרום וועלען מיר ווידער האָבען די אַלטע לאַגע, דעם אַלטען קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן.

די סחורה-פּראָדוקציאָן איז אויפֿ׳ן שטאַרקסטען אופן פֿערבונדען מיט דעם פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. די סחורה-פּראָדוקציאָן קען זיך ניט ענטוויקלען אָהן דעם דאָזיגען פּריוואַט-אייגענטום, און זי מאַכט צו גאָרנישט יעדע פּראָבע איהם צו בעזייטיגען.

ביי דער הערשאַפט פון דער סחורה־פּראָדוק־
ציאָן מוז דער גרויס־בעטריעב אָננעהמען די קאַפּי־
טאַליסטישע פאָרם; די גענאָסענשאַפטליכע פאָרם קען דאָ אויך
פאָרקומען, אָבער נאָר אין איינצעלנע פאַלען און אונפאָלקאָמען,
די קען קיינמאָל ניט ווערען די הערשענדע פאָרם פון דער פּראָדוק־
ציאָן.

ווער עס מיינט אַלזאָ מיט אַנאמת צו פערבייטען דעם קאַ־
פּיטאַליסטישען אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען דורך דעם
גענאָסענשאַפטליכען, דער מוז געהן אַמריט ווייטער, איידער די
אַנאַרכיסטען און ליבעראַלען ווילען געהן, ער מוז אויך שטרעבען
צו פערניכטען די סחורה־פּראָדוקציאָן.

## 3. די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן.

פערניכטען די סחורה־פּראָדוקציאָן — הייסט פערבייטען די פּראָ־
דוקציאָן פאַר'ן מאַרק, אויף צו פערקויפען, דורך דער פּראָ־
דוקציאָן פאַר דעם אייגענעם געברויך.

די פּראָדוקציאָן פאַר'ן אייגענעם געברויך קען אויך אָננעה־
מען צווייערליי פאָרמען: די פּראָדוקציאָן פון יעדער איינצעל־
נעם אויף צו בעפרידיגען זיינע פערזענליכע בעדערפענישען, און
די פּראָדוקציאָן פון אַגאַנצער געזעלשאַפט אָדער גענאָסענ־
שאַפט אויף צו בעפרידיגען איהרע אייגענע בעדערפענישען, ד.
ה. די בעדערפענישען פון אַלע איהרע מיטגליעדער.

די ערשטע אַרט פון דער פּראָדוקציאָן איז קיינמאָל ניט גע־
ווען קיין אַלגעמיינע פּראָדוקציאָנס־פאָרם. דער מענש האָט אַלע מאָל,
ווי ווייט מיר זענען בעקאַנט מיט זיין געשיכטע, געלעבט אין גע־
זעלשאַפטען. כדי צו בעפרידיגען אַסך פון זיינע בעדערפענישען,
האָט דער איינצעלנער מענש שטענדיג געמוזט אָנקומען צו אַנדערע
מענשען, זיי זאָלען מיט איהם צוזאַמען אַרבייטען, זיי זאָלען פאַר
איהם אַרבייטען, און דערפאַר אָבער האָט ער אויך געוועהנליך גע־
מוזט אַרבייטען פאַר אַנדערע. די פּראָדוקציאָן פון דעם איינצעלנעם
מענשען פאַר זיך אַליין האָט שטענדיג געשפּיעלט נאָר אַקלענע־

רֶע ראָלֶע; אִין אונזערֶע צײַטען עֶקסִיסטִירט זִי כּמעט ווִי גאָר נִיט.

דִי גענאָסענשאַפֿטלִיכֶע פּראָדוקציאָן פֿאַר'ן אײַגענעם געבּרויך אִיז געווען דִי הערשענדע פּראָדוקציאָנס-פֿאָרם, כּל זמן עס האָט זִיך נִיט ענטווִיקעלט דִי סחורה-פּראָדוקציאָן. זִי אִיז אַזוֹי אַלט, ווִי דִי פּראָדוקציאָן אִיבּערהויפּט. ווען מען זאָל אָננעהמען, אַז אַ וועלכער עס אִיז פּראָדוקציאָנס-אוֹפֿן פּאַסט בּעסער צוּ דעם מענשענס נאַטוּר, וואָלטען מוזען ערקלערען, אַז דִי גענאָסענשאַפֿטלִיכֶע פּראָדוקציאָן אִיז דער נאַטִירלִיכֿער פּראָדוקציאָנס-אוֹפֿן. זִי האָט אֶפּשר אָבּגעלעבּט אַזוֹי פֿיעל צעהנדלִיג-טויזענדער יאָהרען, ווִיפֿיעל דִי סחורה-פּראָדוקציאָן — טויזענדער יאָהרען. צוזאַמען מִיט דעם כֿאַראַקטער פֿון דִי פּראָדוקציאָנס-מִיטלען און דעם פּראָדוקציאָנס-אוֹפֿן האָבּען זִיך אויך געבּיטען דער כֿאַראַקטער, דִי גרוֹיס און דִי רעכֿטלִיכֿע בּעשטִימונגען פֿון דער פּראָדוצִירענדער גענאָסענשאַפֿט; אָדער זִי אִיז בּעשטאַנען פֿון אַ שבט אָדער פֿון אַ משפּחה, פֿון אַ מאַרק-גענאָסענשאַפֿט*) אָדער פֿון אַ הויז-גענאָסענשאַפֿט (אַ גרוֹיסע בּויער-פֿאַמִילִיע) — אִין פֿיעל ווִיכטִיגע פּרטים זענען זִי געווען גלײַך אײנע צוּ דִי צווייטע. יעדערע פֿון זִי פֿלעגט בּעפֿרִידִיגען אַלע אִיהרע בּעדערפֿענִישען (אָדער, לכל הפּחות, דִי נויטִיגסטע און דִי ווִיכטִיגסטע) מִיט דִי פּראָדוקטען פֿון דער אײגענער פּראָדוקציאָן. דִי פּראָדוקציאָנס-מִיטלען האָבּען געהערט דער גענאָסענשאַפֿט. דִי מִיטגלִידער האָבּען, אַלס גלײַכֿע און פֿרײַע מענשען, געאַרבּײט צוזאַמען, נאָכ'ן אײַנגעפֿיהרטען מנהג נאָך, אָדער נאָך אַ פּלאַן, וועלכֿען זײ האָבּען אַלײן אויסגעאַרבּײט אונטער דער פֿיהרונג פֿון מענשען, וועלכֿע זײ האָבּען דערויף אויסגעקלִיבּען, און וועלכֿע האָבּען זײ געמוזט אָבּגעבּען דין וחשבּון. דִי פּראָדוקטען פֿון דער גענאָסענשאַפֿטלִיכֿער אַרבּײט האָבּען געהערט צוּ דער גענאָסענשאַפֿט; אַ טײל פֿון זײ אִיז געגאַנגען צוּ בּעפֿרִידִיגען דִי געמײַנזאַמע בּעדערפֿענִישען פֿון דער גענאָסענשאַפֿט (פֿון אִיהר פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן), דִי אִיבּרִיגע פֿלעגט מען — אָדער נאָכ'ן אײַנגעפֿיהרטען מנהג נאָך, אָדער אַזוֹי, ווִי דער גאַנצער קהל פֿלעגט בּעשטִימען, — פֿער=

*) אַ מאַרקגענאָסענשאַפֿט — האָט זיך גערופֿען אין מיטעלאַלטער אַ קהלה (גענאָסענשאַפֿט), וועלכֿע עס האָט געהאַט בּשותּפֿות אַ געוויסען פּלאַץ (מאַרקע).

נאנדערטיילען צווישען די איינצעלנע פערזאנען אדער גרופען, פון וועלכע די געזעלשאפט איז בעשטאנען.

די מאטעריעלע לאגע פון אזא ארט געזעלשאפט, וועלכע פלעגט אויסקומען מיט איהר אייגענער פראדוקציאן, האט זיך געווענדט אן די פערזענליכע מעלות פון איהרע מיטגליעדער און די בעדינגונגען פון דער ארומיגער נאטור. וואס פרוכטבארער ס'איז געוועזן דאס ארט, אויף וועלכען זי האט געוואהנט, וואס פלייסיגער, וואס פעהיגער און קרעפטיגער עס זענען געוועזן איהרע מיטגליעדער, אלץ בעסער און זיכערער איז געוועזן די מאטעריעלע לאגע פון דער גאנצער געזעלשאפט. מגפות, פערפלייצונגען, אנפאלונגען פון א שטארקערען שונא האבען איהר געקענט ברענגען גרויסע היזקות און אמאל אפילו אינגאנצען פערניכטען, אבער איין זאך האט איהר גאר ניט געקימערט: די שטענדיגע פערענדערונג פון מארק. אדער זי האט גאר ניט געוואוסט פון א מארק, אדער זי האט געדארפט דעם מארק נאר פאר לוקסוס־זאכען.

אזא ארט געזעלשאפטליכע פראדוקציאן פאר דעם אייגענעם געברויך — דאס איז די קאמוניסטישע אדער, ווי מען זאגט היינט, די סאציאליסטישע פראדוקציאן. נאר דורך אזא ארט פראדוקציאנס־אופן קען מען בייקומען די סחורה־פראדוקציאן; ער איז די איינציג מעגליכע פארם פון דער פראדוקציאן, ווען די סחורה־פראדוקציאן איז געווארען אונמעגליך.

אבער דערמיט ווילען מיר ניט זאגען, אז איצטער איז געקומען א צייט, די טויטע לעבעדיג צו מאכען און אויפצומינטערן די אלטע פארמען פון דעם קהל'שען אייגענטום און דער געזעלשאפטליכער פראדוקציאן. דיזע פארמען זענען געוועזן צוגעפאסט צו געוויסע פראדוקציאנס־מיטלען; זיי האבען ניט געפאסט און פאסטען ניט צו מעהר ענטוויקעלטע פראדוקציאנס־מיטלען; און דעריבער פערשווינדען זיי אומעטום אין פערלויף פון דער עקאנאמישער ענטוויקלונג, און זייער ארט פערנעהמט די אויפבליהענדע סחורה־פראדוקציאן; און וואו זיי קענען נאך בייזשטעהן געגען דער סחורה־פראדוקציאן, דארטען זענען זיי א שטערונג פאר דער ענטוויקלונג פון די פראדוקטיווע קרעפטען. פונקט אזוי ווי עס וואלט געוועזען רעאקציאנער און אהן א שום פעולה צו פרובען בייקומען די סחורה־פראדוקציאן מיט אזעלכע מיטלען, ווי איינהאלטען און פון דאס ניי בעלעבען דעם רעשט פון

דעם אַלטען קאָמוניזמוס, וועלכער איז נאָך פערבליבען, בעזונדערס אין די אָבגעשטאַנענע בויערלִיכע קהלות.

די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן, וועלכע איז איצטער נויטיג געוואָרען צוליעב דעם, וואָס דער באַנקראָט פון דער סחורה-פּראָדוקציאָן ווערט אַלץ נעהענטער, וועט און מוז ענליך זיין אין פיעל וויכטיגע פּרטים מיט דער אַמאָליגער קאָמוניסטישער פּראָדוקציאָן, ווי וויַיט זיי זענען בּיידע צוויי אַרטען פון דער זעלביגער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן פאַר דעם אייגענעם געברויך. אָבער אויך פּונקט אויף אַזוי פיעל איז די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן אין פיעל פּרטים ענליך מיט דער פּראָדוקציאָן פון די בעלי-מלאכות, אויף ווי פיעל זיי זענען בּיידע אַ סחורה-פּראָדוקציאָן. און פונדעסטוועגען איז די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, אַלס אַ העכערע מדרגה פון דער סחורה-פּראָדוקציאָן, גאַנץ פערשיעדען פון דער בעל-מלאָכה'שער פּראָדוקציאָן; אַזוי וועט אויך זיין די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן, וואָס איז איצטער נויטיג געוואָרען, גאַנץ פערשידען פון די פריהערדיגע געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס-פאָרמען.

ניט פון דעם פאַרצייטיגען קאָמוניזמוס וועט אַרויסוואַקסען דער קומענדער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן, נאָר פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, וועלכע ענטוויקעלט אַליין די עלעמענטען, פון וועלכע עס וועט זיך בילדען די נייע פּראָדוקציאָן. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן בעשאַפט אַליין, ווי מיר וועלען זעהען אין פאָלגענדען קאַפּיטעל, די נייע מענשען, וועלכע זענען נויטיג פאַר'ן נייעם פּראָדוקציאָנס-אופן; זי בעשאַפט אָבער אויך די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע עס וועלען בילדען, ווי באַלד נאָר די נייע מענשען וועלען קריגען אַ דעה איבער זיי, די יסודות פון דעם נייעם פּראָדוקציאָנס-אופן.

דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן פאָדערט פון איין זייט, אַז די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען זאָלען איבער געהן אין געזעלשאַפטליכע. דאָס ווערט צוגעגרייט דורך דעם, וואָס די פערזאָנען פון די קאַפּיטאַליסטען ווערען, ווי מיר האָבען געזעהען, וואָס וויַיטער אַלץ איבעריגער אין דעםווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס. פון דער אַנדערער זייט פאָדערט דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן, אַז אַלע יענע אונטערנעהמונגען, וועלכע עס זענען נויטיג, לויט נאָך דער מדרגה פון דער פּראָדוקציאָן, אויף צו

בּעפֿרידיגען די וויכטיגסטע בּעדערפֿניסען פֿון אַ געזעלשאַפֿט, זאָלען זיך פֿעראייניגען אין איינציגע, גרויסע גענאָסענשאַפֿט. ווי די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פֿיהרט דערצו דערמיט, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען פֿעראייניגען זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אין די הענד פֿון וועניגע פֿירמעס, האָבּען מיר אין פֿאָריגען קאַפּיטעל געזעהען.

ווי גרויס מוז אָבּער זיין אַזאַ גענאָסענשאַפֿט, וועלכע בּעפֿרידיגט אַליין איהרע בּעדערפֿניסען? די סאָציאַליסטישע גענאָסענשאַפֿט איבּערהויפּט איז ניט אַנאויסגעטראַכטע פֿאַנטאַזיע, נאָר אַ נויטיגער פּראָדוקט פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, וועלכען יעדערער קען אַלץ קלאָרער ערקענען, וואָס בּעסער ער פֿערשטעהט דיזע ענטוויקלונג; ווי גרויס זאָל זיין דיזע גענאָסענשאַפֿט — דאָס ווענדט זיך אויך ניט אָן אונזער ווילען, נאָר דאָס וועט בּעשטימט ווערען דורך דער מדרגה פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג אין יענער צייט. וואָס ווייטער עס וועט געהן דיזע ענטוויקלונג, וואָס גרעסער עס וועט זיין די אַרבּייטס־טיילונג, וואָס ענטוויקעלטער עס וועלען זיין די פֿערקעהרס־מיטלען פֿון אייזענבּאַהנען, שיפֿען, טעלעגראַפֿען, אַלץ גרעסער וועט מוזען זיין די סאָציאַליסטישע גענאָסענשאַפֿט.

עס זענען שוין אַוועק צוויי הונדערט יאָהר, זינט איינער, אַ געטהערציגער ענגלענדער, דזשאָן בּעלערס, האָט פֿאָרגעלעגט דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט אַ פּראָיעקט (אין 1696) צו פֿערניכטען דעם עלענד, וועלכען עס האָט שוין דאַן מיטגעבּראַכט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופֿן, ווי יונג ער איז נאָך נישט געוועזען. ער האָט פֿאָרגעלעגט צו גרינדען גענאָסענשאַפֿטען, וועלכע זאָלען פֿאַר זיך אַליין פּראָדוצירען אַלץ וואָס זיי דאַרפֿען, סיי לאַנדווירטשאַפֿטליכע, סיי אינדוסטריעלע פּראָדוקטען. יעדע גענאָסענשאַפֿט האָט נאָך זיין רעכענונג געדאַרפֿט בּעשטעהן פֿון צוויי בּיז דריי הונדערט אַרבּייטער.

אין דער אינדוסטריע האָט דעמאָלט נאָך געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע דאָס האַנדווערק; דערבּיי האָט איך געהערשט די קאַפּיטאַליסטישע מאַנופֿאַקטור. פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פֿאַבּריק מיט מאַשין אַרבּייט האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט.

מיט הונדערט יאָהר שפּעטער האָבּען דעם זעלבּען געדאַנק, נאָר אין אַ טיפֿערער און פֿאָלקאָמענערער פֿאָרם, איבּערגענומען די

סאָציאַליסטישע דענקער. דער פאַבריק־סיסטעם האָט שוין אָבער אָנגעהויבען צו פערנעהמען אַנ'אָרט אין דער אינדוסטריע, דאָס האַנדווערק האָט שוין ערמעהרייז אָנגעהויבען אונטערגעהן, און דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער לעבען האָט דערגרייכט צו אַ העכערע מדרגה. די גענאָסענשאַפטען, וואָס זאָלען קענען אויסקומען מיט דער אייגענער פּראָדוקציאָן, וועלכע די סאָציאַליסטען האָבען אין אָנהויב פון 19־טען יאָהר־הונדערט געפאָדערט, כדי צו פערניכטען די צרות, וועלכע דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן האָט מיטגעבראַכט, זענען שוין געוועזען צעהן מאָל גרעסער, איידער די וועלכע בעללערס האָט פאָרגעלעגט (צ. ב. די פאַלאַנסטערס פון פוריע).

אָבער ווי גרויסאַרטיג עס איז נישט געוועזען דער ווירטשאַפטליכער מעכאַניזמוס פון פוריע'ס צייטען אים פערגלייך מיט דעם, וועלכער עס איז געוועזען אין בעלערס צייטען, — מיט אַ דור שפּעטער האָט ער שוין אויסגעוויזען פיצעלדיג. אין איהר נצחון'דיגען גאַנג האָט די מאַשין אַרויסגערופען אַ איבערקעהרעניש אין גאַנצען ווירטשאַפטליכען לעבען, זי האָט וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערגרעסערט די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען אויף אַזוי פיעל, אַז אייניגע פון זיי האָבען פערשפּרייט זייער ווירקונג כמעט איבער גאַנצע מלוכות; זי האָט אויך די פערשיעדענע אונטערנעהמונגען פון לאַנד געמאַכט וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָבהענגיג איינע פון די אַנדערע, אַזוי אַז ווירטשאַפטליך בילדען זיי אַלע נאָר איין בעטריעב; זי שטרעבט וואָס ווייטער אַלץ מעהר צו פעראייניגען דעם גאַנצען ווירטשאַפטליכען לעבען פון די קאַפּיטאַליסטישע נאַציאָנען אין איין איינציגען ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס.

די אַרבייטס־טיילונג ענטוויקעלט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער: וואָס ווייטער וואַקסט אַלץ מעהר די צאָהל בעטריעבען, פון וועלכע יעדערער פּראָדוצירט נאָר איין איינציגען ספּעציעלען פּראָדוקט: דיזע פּראָדוקטען אַרבייטען זיי אָבער פאַר דער גאַנצער וועלט. די איינצעלנע בעטריעבען ווערען אַלץ גרעסער; אין אייניגע פון זיי געפינען זיך טויזענדער אַרבייטער. בײַ אַזעלכע בעדינגונגען מוז אַ גענאָסענשאַפט, וועלכע זאָל אויסקומען מיט איהר אייגענער פּראָדוקציאָן און וועלכע זאָל אַרומנעהמען אַלע בעטריעבען, וואָס זענען נויטיג אויף צו בעפרידיגען איהרע בעדערפניסען, אַ סך גרעסער זיין, איידער די פאַלאַנסטערס און די סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס אין אָנהויב פון 19־טען

יאָהר־הונדערט. פון די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע עקסיסטירען איצטער, איז פאַרהאַנען נאָר איינע, וועלכע איז גענוג גרויס, אַז אין איהר זאָל זיך קענען געפינען גענוג אָרט פאַר דער ענטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער גענאָסענשאַפט, — דאָס איז די איצטיגע מלוכה.

נאָך מעהר, די פּראָדוקציאָן פון איינצעלנע בעטריעבען איז שוין אַזוי געוואַלדיג אויסגעוואַקסען און די פערשידענע קאַפּיטאַליסטישע נאַציאָנען זענען ווירטשאַפטליך אַזוי ענג פערבונדען צווישען זיך, דאָס מען וואָלט כמעט געקענט זיין אין ספק, אויב די גרענעצען פון דער מלוכה זענען ניט צו ענג פאַר דער סאָציאַליסטישער גענאָסענשאַפט.

מען דאַרף פונדעסטוועגען ניט פערגעסען אַנ'אַנדערן אומשטאַנד. ניט אַזוי דורך די עקסיסטירענדע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען, ווי דורך די עקסיסטירענדע בעדינגונגען פון דער עקספּלואַטאַציאָן האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט דער היינטיגער אינטערנאַציאָנאַלער פערקעהר. וואָס מעהר ס'איז פערברייטערט אין אַ געוויסען לאַנד די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן און וואָס גרעסער ס'איז די עקספּלואַטאַציאָן פון די אַרבייטענדע קלאַססען, וועלכע זי רופט אַרויס, אַלץ גרעסער איז בכלל די צאָהל פון די איבערגעבליבענע פּראָדוקטען, וועלכע מען קען אין לאַנד גופא ניט פערברויכען און וועלכע מען מוז דעריבער פיהרען אין פרעמדע לענדער. ווען די בעפעלקערונג פון אַ לאַנד האָט ניט קיין געלד אויף צו קויפען פאַר זיך אַ וועלכען עס איז פון די פּראָדוקטען, וועלכע זי פּראָדוצירט פאַר דעם מאַססען־געברויך, דאַמאָלס סטאַרען זיך די קאַפּיטאַליסטען פון דעם דאָזיגען לאַנד אַרויסצופיהרען דעם דאָזיגען פּראָדוקט אין אַנדערע לענדער, אַלץ איינס, צי די בעפעלקערונג קען אויסקומען אָהן איהם, צי ניט. זיי זוכען קויפער, ניט קאָנסומענטען. און דעריבער האָבען מיר טאַקי אַזוי אָפט געזעהן די שרעקליכע ערשיינונג, אַז פון אירלאַנד פיהרט מען אַרויס בעזונדערס פיעל ווייץ אין דער צייט, ווען דאָרטען איז אַ הונגער. די רוסישע קאַפּיטאַליסטען קען מען אין דער צייט פון אַ שרעקליכען הונגער אין זייער לאַנד אָבהאַלטען פון אַרויסצופיהרען תבואה נאָר דורך אַ געזעץ, וועלכער זאָל דאָס פערווערען.

ווען די עקספּלואַטאַציאָן וועט אויפהערען, ווען די פּראָדוק־

ציאָן פֿאַר דעם אייגענעם געברויך ווערט פֿערנעהמען דאָס אָרט פֿון דער פּראָדוקציאָן אויף צו פֿערקויפֿען, דאַמאָלס וועלען אַ סך ווענינער פּראָדוקטען אַרויסגעפֿיהרט און אַריינגעפֿיהרט ווערען פֿון איין מלוכה אין דער אַנדערער.

איננאַנצען, פֿערשטעהט זיך, וועט דער דאָזיגער פֿערקעהר צווישען די איינצעלנע מלוכות ניט קענען פֿערשווינדען. פֿון איין זייט האָט זיך זעהר שטאַרק ענטוויקעלט די אַרבייטס־צוטיילונג, און איינצעלנע ריזען־בעטריעבען מוזען האָבען זעהר אַ גרויסען געביעט, אום צו קענען אָבזעצען זייערע פּראָדוקטען; פֿון דער אַנדערער זייט האָט די ענטוויקלונג פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פֿערקעהר אַרויסגערופֿען אין די היינטיגע מלוכות אַזוי פֿיעל בעדערפֿענישען, וועלכע זענען שוין איצט געוואָרען נויטיג פֿאַר דער בעפֿעלקערונג און וועלכע מען קען בעפֿריעדיגען נאָר דורך אַריינגעפֿיהרטע פּראָדוקטען פֿון אַ פֿרעמדען לאַנד—צ. ב. ש. די בעדערפֿעניש פֿון קאַווע אין אייראָפּאַ,—אַז עס קומט אויס אונמעגליך, אַז די איינצעלנע סאָציאַליסטישע גענאָסענשאַפֿטען, אַפילו ווען זיי זאָלען פֿערנעהמען אַ גאַנצע מלוכה, זאָלען קענען בעפֿריעדיגען אַלע זייערע בעדערפֿענישען דורך זייער אייגענער פּראָדוקציאָן אַליין. און דעריבער וועלען מוזען די סאָציאַליסטישע גענאָסענשאַפֿטען אויף אַ וועלכען עס איז אופן בייטען זיך מיט סחורות, לכל הפּחות, פֿון אָנהויב. אין דערינען וועט אָבער קיין סכנה ניט בעשטעהן פֿאַר זייער עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיגקייט און זיכערהייט, ווי באַלד זיי וועלען אַלע נויטיגע פּראָדוקטען אַליין שאַפֿען פֿאַר זיך און נאָר מיט איבריגע זאַכען וועלען זיי זיך בייטען, ווי דאָס פֿלעגט טהון אַ פֿערצייטיגע בוי‏ער־ליכע פֿאַמיליע אין אָנהויב פֿון דער סחורה־פּראָדוקציאָן.

אַז יעדע סאָציאַליסטישע גענאָסענשאַפֿט זאָל אָבער קענען אַליין פּראָדוציערען פֿאַר זיך אַלץ, וואָס איהר איז נויטיג פֿאַר איהר קיום, דערצו וועט איהר די ערשטע צייט גענוג זיין צו זיין אַזוי גרויס, ווי די איצטיגע מלוכה.

אָבער די גרענעצען פֿון דער איצטיגער מלוכה בלייבען בשום אופן ניט שטענדיג די זעלבע. ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, איז די איצטיגע מלוכה אין עצם נאָר אַ פּראָדוקט און אַ געצייג פֿונ'ם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. איננאיינעם מיט דעם דאָזיגען פּראָדוקציאָנס־אופן און לויט זיינע בעדערפֿענישען נאָך ווערט גרע־

סער ניט נאר די קראַפט פון דער איצטיגער מלוכה, נאר אויך דאָס אָרט, וואָס זי פערנעהמט. דער אינעווייניגסטער מאַרק, דער מאַרק אין דער איינענער מלוכה זעלבסט, איז פאַר דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס פון יעדער לאַנד דאָס זיכערסטע אָרט אויף אָבצוזעצען זיינע סחורות; דעם דאָזיגען מאַרק קען ער לייכטער בעהערשען און גרינגער עקספּלואַטירען, איידער אַוועלכען עס איז אַנדערען. אין דעם ערך, ווי עס ענטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, אין דעם זעלבען ערך ווערט דעריבער אויך שטאַרקער די שטרעבונג פון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס פון יעדער מלוכה צו פערברייטערען איהרע גרענעצען. אין דעם זינען איז ניט אינגאַנצען אונגערעכט געווען יענער פּאָליטיקער, וועלכער האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז די איצטיגע מלחמות קומען מעהר ניט אַרויס צוליעב *דינאַסטישע*, נאָר צוליעב *נאַציאָנאַלע ציעלען*; מען מוז נאָר אונטער די נאַציאָנאַלע ציעלען פערשטעהן די ציעלען פון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס. קיין זאַך רוהרט שטאַרקער ניט אָן די לעבענס־אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען פון אַוועלכער עס איז נאַציאָן, ווי דאָס, וואָס מען פערקלענערט איהר געביעט. די פראַנצויזישע בורזשואַזיע וואָלט שוין לאַנג מוחל געווען דייטשלאַנד די פינף מיליאַרדען. דאָס אָבער, וואָס מען האָט ביי פראַנקרייך צוגענומען *עלזאַס־לאָטרינגען*, דאָס קען זי ניט פערגעסען.

אַלע איצטיגע מלוכות האָבען די בעדערפעניש זיך צו פערגרעסערען. גרינגער ווי אַלע איבריגע מלוכות קענען דאָס דערגרייכען די *פעראייניגטע שטאַאַטען*, וועלכע וועלען ווירקליך באַלד הערשען איבער גאַנץ *אַמעריקאַ*, און *ענגלאַנד*, וועלכע פערנעהמט אויף יענער זייט ים איין קאָלאָניע נאָך דער אַנדערער, צוליעב איהר הערשאַפט איבער די ימים. אויך *רוסלאַנד* איז ביז אַהער, אין געוויסע פּונקטען, ניט זעהר שווער געווען צו פערברייטערען איהרע גרענעצען.

ערגער פאַר אַלע שטעהען אין דעם פּרט די איראָפּעאישע מלוכות פון קאָנטינענט (פעסטלאַנד), וועלכע האָבען אויך, גלייך ווי די איבריגע מלוכות, די בעדערפעניש צו פערברייטערען זייערע גרענעצען; זיי זענען אָבער פעסט צוגעפּרעסט געוואָרען איינע צו די אַנדערע, און קיינע פון זיי קען ניט פערגרעסערען איהר געביעט, ניט דערשטיקענדיג איהרען שכן, וועלכער איז אַזוי שטאַרק, ווי

זי. די קאָלאָניאַל־פּאָליטיק פֿון די דאָזיגע מלוכות בעפֿריעדיגט נאָר ווייניג די בעדערפֿעניש פֿון זייער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן אין נייע געביעטען. דאָס איז איינע פֿון די שטאַרקסטע אורזאַכען פֿון דעם מיליטאַריזמוס, איינע פֿון די שטאַרקסטע אורזאַכען, וועלכע האָבען געמאַכט פֿון איראָפּאַ אַ סאָלדאַטען־לאַגער, צוליעב וואָס אַלע איראָפּעאישע מלוכות שטעהען אין אַ נאָמתער סכנה דערשטיקט צו ווערען. אויף צוויי וועגען איז מעגליך אַרויסצוגעהן פֿון דער דאָזיגער שווערער, אונמעגליכער לאַגע און צו בעפֿריעדיגען די בעדערפֿעניש פֿון אונזער ווירטשאַפֿטליכען לעבען אין נייע געביעטען: אַ וועלט־מלחמה, וועלכע וועט איניגע מלוכות צערשטערען און ביי די איבריגע אָבער — אינגאַנצען אַרויסציהען זייערע עצמות: אָדער די פֿעראייניגונג פֿון אַלע מלוכות אין איין בונד.

עס איז זיכער, אַז יעדע פֿון די איצטיגע מלוכות ציעלט זיך צו פֿערגרעסערען איהר לאַנד אין דעם זעלבען ערך, אין וועלכען עס קומט פֿאַר די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג. די דאָזיגע ענטוויקלונג זאָרגט, אויף אַזאַ אופֿן, אַליין דערפֿאַר, אַז די קומענדע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿטען זאָלען אומעטום זיין אויף אַזוי פֿיעל גרויס, וויפֿיעל ס'איז פֿאַר זיי נויטיג.*)

*) מיר ווילען נאָר פֿערביינגעהנדיג בעמערקען, אַז אַזוי ווי ביי דער הערשונג פֿון דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג קען די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג בשום אופֿן ניט שטעהן אויף איין אָרט, וועט איהר וויטערער גאַנג פֿיהרען דערצו, אַז עס ווילען זיך שטענדיג מוזען פֿערברייטערען די גרענעצען פֿון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, כדי זי זאָל קענען בליהען. מיר זענען פֿעסט איבערצייגט, אַז די איינצעלנע סאָציאַליסטישע נאַציאָנען ווילען זיך סוף כל סוף צונויפֿגיסען אין איין איינציגען סאָציאַלען קערפּער, אַז די גאַנצע מענשהייט וועט בילדען איין איינציגע געזעלשאַפֿט. אָבער דאָ האָבען מיר נאָר צו טהון מיט דעם, ווי עס ווילען זיך אָנהייבען בילדען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט־פֿאָרמען. מיר רעדען דאָ ניט וועגען דער שפּעטערדיגער ענטוויקלונג פֿון סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿטס־פֿאָרמען, און דעריבער איז דאָ ניט דער אָרט צו רעדען וועגען דער וועלט־רעפּובליק, אויף וועלכע מיר האָבען אָנגעוויזען.

## 4. דִי ווִירטשאַפֿטלִיכֶע בֶּעדַייטוּנג פֿוּן דֶער מְלוּכָה.

דִי אִיצטִיגֶע מלוכה אִיז אָבֶּער נִיט נאָר דִי אֵיינצִיגֶע פֿוּן אַלֶע אִיצטִיגֶע גֶעזֶעלשאַפֿטלִיכֶע אָרגאַנִיזאַציאָנֶען, ווֶעלכֶע אִיז גֶענוּג גרוֹיס, אַז אִין אִיהרֶע גרֶענֶעצֶען זאָל קֶענֶען גֶעפִֿינֶען פּלאַץ אַ סאָציאַלִיסטִישֶע גֶענאָסֶענשאַפֿט, נאָר זִי אִיז אוֹיך דֶער אֵיינצִיגֶער נאַטִירלִיכֶער יסוֹד פֿוּן דֶער דאָזִיגֶער גֶענאָסֶענשאַפֿט. אוּם דאָס בֶּעסֶער צוּ עֶרקלֶערֶען, ווֶעלֶען מִיר זִיך עֶרלוֹיבֶּען אַרוּמצוּרֶעדֶען נאָך אַנ׳אַנדֶער ענין.

דִי אֵיינצִיגֶע קהלות האָבֶּען שטֶענדִיג גֶעהאַט אוֹיף זִיך פֿעֶרשִׁידֶענֶע ווִירטשאַפֿטלִיכֶע אוֹיפֿגאַבֶּען. בַּיי דִי פֿעֶרצַייטִיגֶע קאָמוּנִיסטִישֶע גֶעזֶעלשאַפֿטֶען, ווֶעלכֶע מִיר גֶעפִֿינֶען אוֹיפ׳ן שְׁווֶעל פֿוּן דֶער גֶעשִׁיכטֶע פֿוּן דִי פֿעֶלקֶער, האָט עֶס, פֿעֶרשטֶעהט זִיך, אַנדֶערש נִיט גֶעקֶענט זַיין. ווֶען עֶס האָבֶּען זִיך עֶנטווִיקֶעלט דִי אִינדִיווִידוּעֶלֶע (פּעֶרזֶענלִיכֶע) ווִירטשאַפֿטֶען פֿוּן דִי קלֵיין־בֶּעטרִיבֶּען, דאָס פּרִיוואַט־אֵייגֶענטוּם אוֹיף דִי פּראָדוּקציאָנס־מִיטלֶען און דִי סחוֹרה־פּראָדוּקציאָן, זֶענֶען גֶעבּלִיבֶּען אַ סך גֶעזֶעלשאַפֿטלִיכֶע פֿוּנקציאָנֶען, ווֶעלכֶע דִי אִינדִיווִידוּעֶלֶע בֶּעטרִיבֶּען האָבֶּען נִיט גֶעקֶענט בֶּעזאָרגֶען, ווַייל דאָס אִיז גֶעווֶען אִיבֶּער זֵייעֶרֶע כּחוֹת, אָדֶער דִי דאָזִיגֶע פֿוּנקציאָנֶען זֶענֶען גֶעווֶען צוּ ווִיכטִיג, אַז מֶען זאָל זֵיי קֶענֶען אִיבֶּערלאָזֶען אֵיינצֶעלנֶע פּעֶרזאָנֶען אוֹיסצוּפִֿיהרֶען זֵיי נאָך זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם ווִילֶען. יֶעדֶער בֶּעזוּנדֶערֶער קהל האָט אַלֶע מאָל גֶעמוּזט זאָרגֶען פֿאַר׳ן יוּנגֶען דוֹר, פֿאַר דִי אַלטֶע, קראַנקֶע, אָרִימֶע (שוּהלֶען, בִּיקוּר־חוֹלים, צדקוֹת פֿאַר אָרִימֶע). אַחוּץ דֶעם, האָבֶּען זֵיי הוֹיפּטזֶעכלִיך גֶעהאַט אוֹיף זִיך צוּ רֶעגוּלִירֶען און צוּ עֶנטווִיקלֶען דֶעם פֿעֶרקֶעהר (ווֶעגֶען און גאַסֶען, מטבעות, מאַרק־פּאָלִיציי). ווַייטֶער האָבֶּען זֵיי אוֹיך גֶעמוּזט רֶעגוּלִירֶען און זִיכֶערֶען דִי ווִיכטִיגֶע אַלגֶעמֵיינֶע יסוֹדוֹת פֿוּן דֶער פּראָדוּקציאָן (וואַלד־פּאָלִיציי, רֶעגוּלִירוּנג פֿוּן וואַסֶער־קאַנאַלֶען א. ז. וו.).

אִין דֶער מִיטֶעלאַלטֶערלִיכֶער גֶעזֶעלשאַפֿט האָבֶּען דִי דאָזִיגֶע אַלֶע אַרבַּייטֶען אוֹיסגֶעפִֿיהרט דִי מאַרק־גֶענאָסֶענשאַפֿטֶען און דִי פֿעֶרשִׁידֶענֶע דאָרפִֿישֶע און שטֶעדטִישֶע קהלות, ווֶעלכֶע האָבֶּען זִיך פֿוּן זֵיי עֶנטווִיקֶעלט, ווִי אוֹיך דִי קִירכלִיכֶע אָרגאַנִיזאַציאָנֶען. דִי מִיטֶעלאַלטֶערלִיכֶע מלוכה האָט זִיך ווֶעגֶען דִי אַלֶע ענינים זֶעהר ווֶענִיג גֶעקִימֶערט.

דאָס האָט זיך אָבער געענדערט, ווען פון דער מיטעלאַלטער־ליכער מלוכה איז אויסגעוואַקסען די איצטיגע מלוכה, די מלוכה פון בעאַמטע און מיליטער, ווען די מלוכה איז געוואָרען אַ געצייג אין די הענד פון קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, וועלכער האָט פערנומען אַנ׳אָרט צווישען די הערשענדע קלאַסען, נעבען דעם קלאַס פון די ערד־בעזיצער, דעם אַדעל, קאָמפּפענדיג מיט איהם פאַר דער הערשאַפט, טיילענדיג מיט איהם די פּאָליטישע מאַכט, אָדער איהם גאָר אינגאַנצען אַרויסשטופענדיג פון זיין הערשענדער שטעלע. ווי יעדע מלוכה, אַזוי איז אויך די איצטיגע אַ געצייג אין די הענד פון די הערשענדע קלאַסען; די איצטיגע מלוכה וואָלט אָבער ניט געקענט ערפילען איהר אויפגאַבע, וואָלט ניט געקענט בעפריעדיגען די בעדערפעניסע פון דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, ווען זי וואָלט ניט מבטל געווען אָדער וואָלט ניט אַוועקגענומען די זעלבסטשטענדיגקייט פון די ווירטשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע האָבען פריהער עקסיסטירט און אויף וועלכע ס׳האָט זיך געהאַלטען די פאָר־קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט. דערמיט איז אָבער אויך נויטיג געוואָרען, אַז זי זאָל נעהמען אויף זיך אַ סך פונקציאָנען פון די דאָזיגע ווירטשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען.

אָבער אַפילו, וואו די מלוכה האָט איבערגעלאָזען די מיטעלאַלטערליכע אָרגאַניזאַציאָנען, האָבען זיי אויך אָנגעהויבען אונטערצוגעהן און זענען געוואָרען וואָס ווייטער אַלץ ווענינער אים שטאַנד צו ערפילען אַלע זייערע פונקציאָנען, און די דאָזיגע פונקציאָנען גופא זענען געוואָרען אַלץ גרעסער און ווילכטיגער, וואָס מעהר עס האָט זיך ענטוויקעלט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן; זיי זענען געוואַקסען אין וואַקסען נאָך איצטער איבער די כחות פון די איינצעלנע אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס געפינען זיך אין דער מלוכה, און די מלוכה ווערט סוף כל סוף געצוואונגען צו נעהמען אויף זיך יענע פון די דאָזיגע פונקציאָנען, צו וועלכע זי האָט גאָר קיין שום חשק ניט. אַזוי איז געוואָרען אונפערמיידליך נויטיג, אַז די מלוכה זאָל איבערנעהמען אויף זיך די פאָלקס־בילדונג און די בעזאָרגונג פאַר אָרימע, און ביז צו אַ געוויסען גראַד האָט זי שוין דאָס טאַקי געטהון. מאַכען מטבעות איז פון אָנהויב אָן געלעגען אויף דער מלוכה, שיצען די וועלדער, רעגולירען די טייכען, דורכלעגען וועגען, דאָס געהט איבער וואָס ווייטער אַלץ מעהר אין איהרע הענד.

ס'איז געווען אַ צייט, ווען דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס איז געווען ביי זיך אַזוי תּקיף, אַז ער האָט געגלייבט צו קענען אויסקומען אָהן דער ווירטשאַפֿטליכער טהעטיגקייט פֿון דער מלוכה. זי זאָל קיין אַנדערע זאַך ניט טהון, ווי נאָר פֿערשאַפֿען איהם זיכערהייט אין דעם אייגענעם לאַנד און אין אויסלאַנד, האַלטען אין צוים די פּראָלעטאַריער און די אויסלענדישע קאָנקורענטען, דעם גאַנצען ווירטשאַפֿטליכען לעבען זאָל זי אָבער לאָזען פֿריי געהן מיט זיין וועג, און דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס האָט געהאַט גענוג אורזאַכען דאָס צו פֿערלאַנגען. ווי גרויס זיין מאַכט איז ניט געווען, האָט דאָך די מלוכה איהם ניט אַלע מאָל אויף אַזוי פֿיעל געדיענט, אויף וויפֿיעל ער האָט פֿערלאַנגט; צייטענווייז האָט זיך די מלוכה אינגאַנצען געפֿונען אין די הענד פֿון די אַנדערע טהיילען פֿון די הערשענדע קלאַסען, קודם כל ביי די ערד־בעזיצער, דעם אַדעל. און אַפֿילו דאָרטען, וואו די מלוכה איז געווען געטריי דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, זענען אויך די בעאַמטע פֿון דער מלוכה, וועלכע האָבען אין געשעפֿטס־זאַכען להלוטין (אַבסאָלוט) גאָר ניט פֿערשטאַנען, אָפֿט געווען העכסט אונאַנגענעהמע פֿריינד פֿאַר איהם; זיי זענען אָפֿט געווען פּונקט אַזוי אומגעלומפּערט און אונגעשיקט, ווי יענער בער, וועלכער האָט געוואָלט ביי זיין פֿריינד, דעם פּרוש, אַראָבטרייבען אַ פֿליעג פֿון שטערן, און אגב האָט ער איהם דערביי צושפּאַלטען דעם מח אויף צוויי.

גראַדע ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער־בעוועגונג, האָט זיך ביי דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס פֿערברייטערט דער געדאַנק, אַז די מלוכה דאַרף זיך ניט אַריינמישען אין ווירטשאַפֿטליכען לעבען; און אָנהויב האָט זיך די דאָזיגע שטרעבונג פֿערברייטערט אין ע נ ג ל אַ נ ד, וואו זי האָט בעקומען דעם נאָמען מ אַ נ ט ש ע ס ט ע ר־ש ו ה ל ע, וועלכען מען האָט איהר שפּעטער אויך אין ד ײַ ט ש ל אַ נ ד געגעבען. די לעהרען פֿון דעם מאַנטשעסטערטום זענען געווען די ערשטע גייסטיגע כלי־זין, מיט וועלכען דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס האָט געקעמפֿט געגען דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־בעוועגונג — אין ענגלאַנד, ווי אין דייטשלאַנד. ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס צווישען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער האָט זיך גאַנץ אָפֿט פֿעסט געהאַלטען די מיינונג, אַז אַ מ אַ נ ט ש ע ס ט ע ר מ אַ ן און אַ ק אַ פּ י ט אַ ל י ס ט אָדער אַ קאַפּיטאַליסטען־פֿריינד זענען איינס און דאָס זעלבע. און אַז, פֿון דער

אַנדערער זייט, איז סאָציאַליזמוס דאָס זעלבע וואָס די לעהרע, וועלכע פאָדערט, אַז די מלוכה זאָל זיך אַריינמישען אין ווירטשאַפטליכע ענינים; ס'איז אויך קיין וואונדער ניט, וואָס זיי האָבען געגלויבט, אַז בייקומען דעם מאַנטשעסטערטום הייסט אויך בייקומען דעם קאַפּיטאַליזמוס. אַ גרויסער טעות! דער מאַנטשעסטערטום איז קיינמאָל מעהר ניט געוועזען ווי נאָר אַ שטה, אַ טעאָריע, וועלכע דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס פלעגט אַרויסשטעלען געגען די אַרבייטער און אַנאַנדערס מאָל אויך געגען די רעגירונגען, ווען פאַר איהם האָט עס געפּאַסט, דערביי פלעגט ער זיך אָבער דאָך אומעדום זעהר היטען דערפון, אַז מען זאָל דיזע טהעאָריע ניט דורכפיהרען אין גאַנצען, אין אַלע איהרע פּרטים. און איצטער האָט די מאַנשעסטער־לעהרע שוין כמעט גאָר אויפגעהערט צו האָבען אַ וועלכע עס איז ווירקונג אויף דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס.

דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס האָט ניט נאָר אָנגעוואָרען די פריהערדיגע תקיפות, וועלכע איז געוועזען די נויטיגע פאָרבעדינגונג פון דער מאַנשעסטער־לעהרע, נאָר ער האָט אויך אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענטוויקלונג מאַכט אומערסט נויטיג, אַז די מלוכה זאָל איבערנעהמען אויף זיך געוויסע ווירטשאַפטליכע אויפגאַבען.

און דיזע אויפגאַבען וואַקסען פון טאָג צו טאָג. עס ווערען אַלץ גרעסער יענע פונקציאָנען, וועלכע די מלוכה האָט איבערגענומען ביי די אויבענדערמאָנטע מיטעל־אַלטערליכע אָרגאַניזאַציאָנען — מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען, צ. ב., אָן די איצטיגע קאַנאַלען, וועלכע דער מלוכה קומט אויס דורכצופיהרען, אָן די רעגולירונג פון די טייכען: דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן רופט אָבער אויך אַרויס פאַר דער מלוכה נייע פונקציאָנען, פון וועלכע די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען פון מיטעל־אַלטער האָבען גאָר קיין שום בעגריף אַפילו ניט געהאַט און וועלכע נויטען די איצטיגע מלוכה אַריינצומישען זיך אויף'ן שטאַרקסטען אופן אין דעם ווירטשאַפטליכען לעבען. ווען די מלוכה־מענער פון די פריהערדיגע יאָהר־הונדערטען האָבען געמוזט זיין דער עיקר דיפּלאָמאַטען און יוריסטען, מוזען זיי איצטער זיין — אָדער זיי האָבען לכל הפּחות געדאַרפט זיין — דער עיקר נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען. אין די פּאָליטישע ויכוחים פון אונזער צייט שפּיעלען די גרעסטע ראָלע ניט זכיות, פּריווילעגיען, אַלטע דאָקומענטען און פרע-

צעדענטען*), נאָר עקאָנאָמישע כללים. עס איז גענוג זיך נאָר דערמאָנען, וואָס עס געהט איצטער אַריין אין דעם קרייז פֿון דער פּאָליטיק: באַנק־פּאָליטיק, קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, צאָל־פּאָליטיק, אייזענבאַהן־פּאָליטיק, סאָציאַל־פּאָליטיק, ווי צ. ב. ש. אַרבייטער־געזעצגעבונג, אַרבייטער־פערזיכערונג, בעזאָרגונג פֿון אָרעמע א. ז. וו.

אָבער נאָך מעהר. די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג טרייבט די מלוכה אויך דערצו, אַריינצונעהמען אין איהרע הענד וואָס ווייטער אַלץ מעהר בעטריעבען, ערשטענס, צוליעב די אינטערעסען פֿון איהר אייגענעם קיום, צווייטענס, כדי צו קענען בעסער ערפֿילען איהרע פֿונקציאָנען, און ענדליך, כדי צו פֿערגרעסערען איהרע הכנסות.

די קיסרים און הערשער פֿון מיטעל־אַלטער האָבען געצויגען זייער מאַכט דער עיקר פֿון די ערד, וועלכע עס האָט געהערט זיי אַליין אָדער דער מלוכה. דיעזער ערד־אייגענטום האָט זיך אין 16, 17 און 18־טען יאָהר־הונדערט אָפֿט נאָך פֿערגרעסערט דורך די ערד פֿון די קירכען און בויערן. פֿון דער אַנדערער זייט האָט דאָס בעדערפֿע־ניש אין געלד אָפֿט געצוואונגען די קיסרים און הערשער צו פֿערקויפֿען קאַפּיטאַליסטען מלוכה'שע ערד. אָבער אין דאָס רוב לענדער איז נאָך איצט אויך געבליבען ביי דער מלוכה אַ סך ערד און מעטאַל־ און קוילען־גרובען. צו דיזעס אייגענס פֿון דער מלוכה האָט די ענטוויקלונג פֿון מיליטאַריזמוס נאָך צוגעלעגט אַרסענאַלען (סקלאַדען פֿון געוועהר און שיפֿ־ווערפֿען (ווערקשטאַטען וואו מען בויט און פֿעריכט שיפֿען), די ענטוויקלונג פֿון דעם פֿערקעהר — פּאָטשטען, אייזענבאַהנען, טעלע־גראַפֿען, און ווען דער נויט אין געלד האָט זיך ביי די מלוכות פֿערגרע־סערט, זענען נאָך ענדליך דערצו צוגעקומען אַלערליי אַרטען מאָנאָפּאָלען.

שוין באַלד ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופֿן, ווען דער געלד־נויט פֿון די פֿירשטען איז געוועזן גרויס און זייערע הכנסות קליין, האָבען זיי אָנגעהויבען אַריינצונעהמען אין זייערע הענד די פּראָדוקציאָן פֿון פֿערשיעדענע סחורות, כדי צו פֿערגרעסערען אויף אַזאַ אופֿן דורך מלוכה־מאָנאָפּאָלען זייער הכנסה. אָבער די בעאַמטע פֿון דער מלוכה האָבען וועניג געטויגט צו דער פֿיה־רונג פֿון אַ וועלכער עס איז אונטערנעהמונג פֿון דער סחורה־פּראָדוק־

*) פּרעצעדענט — איז אַ צופֿאַל, וועלכער ס'ווערט אָדער קען ווערען אַ כלל, אַ תקנה, נאָך וועלכער מען פֿיהרט זיך אין פּראַקטישען לעבען.

ציאָן, אַז זי זאָל אַריינטראָגען ריוח; די ענטוויקלונג פון די שטייערן האָט בעקאַנט געמאַכט מיט פיעל רייכערע געלד־קוואַלען. דערצו האָבען זיך פערברייטערט די מאַנטשעסטערשע לעהרען, וועלכע האָבען אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף די בורזשואַזנע פיהרער פון דער מלוכה. עס האָט זיך געדערכענט פאַר אַ חטא ניט צו צולאָזען די קאַפּיטאַליס־טען צו אַ געשעפט, פון וועלכען זיי קענען ציהען ריוח. אויף אַזאַ אופן האָט די מאָנאָפּאָל־ווירטשאַפט אין דעם משך פון לעצטען יאָהר־הונדערט ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק קיין שום פאָרשריט ניט געמאַכט; פערקעהרט, זי איז נאָך געפאַלען.

ערשט אין די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען איז ווידער לעבע־דיגער געוואָרען די שטרעבונג איינצופיהרען מאָנאָפּאָלען. דער געלד־בעדאַרף פון די מלוכות וואַקסט גיך, און פאַר דער מלוכה ווערט אַלץ נויטיגער צו געפינען פאַר זיך נייע קוואַלען פון הכנסה. די דירעקטע און ניט־דירעקטע שטייערען זענען שוין אָבער אַזוי הויך, אַז עס איז זעהר שווער זיי שטאַרק נאָך צו פערגרעסערען. דאָס מאָנאָפּאָל פערשאַפט די מעגליכקייט צו בעקומען נייע הכנסות. פון דער אַנדערער זייט האָט די ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן אַליין געפיהרט דערצו, אַז די פערזאָנען פון דעם קאַפּיטאַליסט ווערט אַלץ איבריגער; זי אַליין האָט בעשאַפען אַ גאַנצע מחנה פון פּריוואַט־בעאַמטע, וועלכע עס האָבען איבערגענומען און ערפילען די אויפ־גאַבען פון די קאַפּיטאַליסטען; זי אַליין האָט געפיהרט דערצו, אַז דאָס רוב פון די קאַפּיטאַליסטישע גרויס־בעטריעבען זענען אויף אַזאַ אופן אָרגאַניזירט, אַז זיי קענען גאָר לייכט איבערגעהען אין ניט־פּערזענליכע, קהל'שע אייגענטום.

פאַר אַ מאָנאָפּאָל־בעטריעב, וועלכער זאָל קענען איינטראָגען ריוח, עקסיסטירען אַלזאָ איצטער פיעל בעסערע בעדינגונגען, איידער אין 18־טען און אפילו אין 19־טען יאָהר־הונדערט ביז מיט עטליכע צעהנדליג יאָהרען צוריק. אַז מען בעטראַכט דיעזען אומשטאַנד און דעם וואַקסענדען געלד־נויט פון די מלוכות, איז קיין וואונדער ניט, וואָס אידעען וועגען מאָנאָפּאָלען האָבען זיך כמעט אומעדום ווידער אויפ־געוועקט און וואָס זיי האָבען שוין ניט איין מאָל מנצח געוועזען. מיר האָבען שוין מאָנאָפּאָלען אויף טאַבאַק, זאַלץ, בראַנפען, שוועבעלעך, און עס פעהלען ניט קיין נייע פּראָיעקטען פון מאָנאָפּאָלען פון דער מלוכה.

אין דער צייט, ווען די ווירטשאַפטליכע פונקציאָנען און די ווירטשאַפטליכע מאַכט פון דער מלוכה ווערען אַלץ גרעסער, ווערט דער גאַנצער ווירטשאַפטליכער מעכאַניזמוס, ווי מיר האָבען געזעהען, וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערוויקעלט, אַלץ מעהר לעבּט־פיהלענד, און די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטישע אינטערנעהמונגען ווערען וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָבּהענגיג איינע פון די צווייטע. דערמיט ווערען זיי אָבּער אַלץ מעהר אָבּהענגיג פון דער גרעסטער אונטערנעהמונג פון דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, פון דער מלוכה. דערמיט וואַקסען אָבּער אויך די שטערונגען און אונאָרדנונגען אין דעם ווירטשאַפטליכטען מעכאַניזמוס, און דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס מוז ווידער אָנקומען, כדי זיי צו בעזייטיגען, צו דער גרעסטער ווירטשאַפטליכער מאַכט, וועלכע עס עקסיסטירט איבּער — צו דער מלוכה. און אויף אַזאַ אופן קומט אויס דער מלוכה שוין אין דער היינטיגער געזעלשאַפט אַלץ אָפטער צו נעהמען אויף זיך די אויפגאַבּע, צו אָרדנען און צו רעגולירען דעם ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס, און אַלץ גרעסער און מעכטיגער ווערען די הילפס־מיטלען, מיט וועלכע זי קען זיך בענוצען צוליעב דיזען צוועק. די ווירטשאַפטליכע ריזענמאַכט פון דער מלוכה, וועלכע די תלמידים פון דער מאַנטשעסטער־שוהלע האָבּען געהאַלטען פאַר אַ סאָציאַליסטישע אוטאָפּיע, ענטוויקעלט זיך פאַר זייערע אויגען, אַלס אַ אונפערמיידליכער רעזולטאַט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוק־ציאָנס־אופן!

---

## 5. דער מלוכה־סאָציאַליזמוס און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

די ווירטשאַפטליכע טהעטיגקייט פון דער איצגער מלוכה איז דער נאַטירליכער אויסגאַנגס־פונקט פון יענער ענטוויקלונג, וועלכע פיהרט צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

דערמיט איז פונדעסטוועגען בשום אופן ניט געזאָגט געוואָרען, אַז יעדער איבּערגאַנג פון אַ וועלכער עס איז ווירטשאַפטליכער פונק־ציאָן אָדער פון אַ וועלכען עס איז ווירטשאַפטליכען בעטריעבּ אין די הענד פון דער מלוכה איז אַ טריט צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, און אַז דיזע געזעלשאַפט וועט אַרויסקומען פון דעם

אַלגעמיינעם איבּערגאַנג פֿון דעם גאַנצען ווירטשאַפֿטליכען מעכאַניזמוס אין די הענד פֿון דער מלוכה, און דערבּיי דאַרף זיך דער עצם־כאַראַקטער פֿון דער איצטיגער מלוכה גאָר ניט פֿערענדערען.

דיזע מיינונג — די מיינונג פֿון די מלוכה־סאָציאַליסטען, ווי מען רופֿט זיי — איז געבּויט אויף אַ פֿאַלשער פֿאָרשטעלונג וועגען דער מלוכה. ווי יעדע אַרט מלוכה, איז אויך די איצטיגע מלוכה קודם כל אַ געציַיג צו בּעשיצען די אַלגעמיינע אינטערעסען פֿון די הערשענדע קלאַסען. דיזער כאַראַקטער פֿון דער מלוכה ענדערט זיך ניט, ווען זי נעהמט אויף זיך אַלגעמיינ־נוטצליכע פֿונקציאָנען, וועלכע זענען נוגע צו די אינטערעסען ניט נאָר פֿון די הערשענדע קלאַסען אַליין, נאָר אויך פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט; די מלוכה נעהמט אויף זיך דיזע פֿונקציאָנען אָפֿט נאָר דערפֿאַר, ווייל, ווען מען זאָל זיי פֿערלאָזען, קען דאָס אַוועקשטעלען אין אַ סכנה צוזאַמען מיט דער גאַנצער געזעלשאַפֿט אויך די הערשענדע קלאַסען; אָבּער אין קיין פֿאַל וועט די מלוכה נישט בּעזאָרגען דיזע פֿונקציאָנען אויף אַזאַ אופֿן, אַז דאָס זאָל זיין געגען די אַלגעמיינע אינטערעסען פֿון די העכערע קלאַסען, אָדער אַז זייער הערשאַפֿט זאָל צוליעב דעם שטעהען אין סכנות.

ווען די איצטיגע מלוכה נעהמט איבּער צו זיך אין די הענד געוויסע בּעטריעבּען און פֿונקציאָנען מהוט זי דאָס נישט כּדי צו פֿערקלענערען די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן — נאָר כּדי צו שיצען און צו בּעפֿעסטיגען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופֿן, אָדער כּדי אַליין צו נעהמען אַנ'אַנטייל אין דיזער עקספּלואַטאַציאָן, צו פֿערמעהרען דורך דעם איהר הכנסה און פֿערקלענערען די הוצאות פֿון קאַפּיטאַליסטען־קלאַס אויף אויסצוהאַלטען איהר. און די מלוכה איז נאָך אַנ'ערגערער עקספּלואַטאַטאָר, איידער אַ פּריוואַט־קאַפּיטאַליסט, ווייל זי האָט געגען די עקספּלואַטירטע נישט נאָר די מיטלען פֿון דער עקאָנאָמישער מאַכט פֿון דעם קאַפּיטאַליסט, נאָר אויך די פּאָליטישע מיטלען פֿון דער מלוכה־מאַכט און פּונקט אַזוי ווי בּיז אַהער, איז די שטרעבּונג פֿון דער מלוכה איבּערצונעהמען אין איהרע הענד פֿערשידענע ווירטשאַפֿטליכע פֿונקציאָנען און בּע־טריעבּען נישט געגאַנגען ווייטער, איידער דאָס האָט געפּאַסט פֿאַר די אינטערעסען פֿון די הערשענדע קלאַסען, אַזוי וועט עס ווייטער אויך זיין. כּל זמן די פֿערמעגענדע קלאַסען זענען אויך די הער־שענדע, וועט דעריבּער דער איבּערגאַנג פֿון בּעטריעבּען און פֿונק־

ציאָנען אין די הענד פון דער מלוכה קיין מאָל נישט געהן אַזוי ווייט, אַז דורך דעם זאָל געשעדיגט ווערען בכלל דאָס פּריוואַט־קאַפּיטאַל און דאָס פּריוואַט־ערד־אייגענטום, אַז עס זאָל פּערקלע־נערט ווערען זייער מאַכט און זייער מעגליכקייט צו עקספּלואַטירען.

ערשט דאַן, ווען די אַרבייטענדע קלאַסען וועלען ווערען די הערשענדע קלאַסען אין דער מלוכה, וועט די מלוכה אויפהערען צו זיין אַ קאַפּיטאַליסטי־שע אונטערנעהמונג; ערשט דאַן וועט עס מעגליך ווערען צו מאַכען פון איהר אַ סאָציאַליסטישע גע־נאָסענשאַפט.

אויף דיזער איבערצייגונג בעדוהט די אויפגאַבע, וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך געשטעלט: זי וויל, אַז די אַר־בייטענדע קלאַסען זאָלען זיך דערשלאָגען צו דער פּאָליטישער מאַכט, כּדי מיט איהר הילף צו מאַכען פון דער מלוכה אַ גרויסעווירטשאַפטס־גענאָסענ־שאַפט, וועלכע זאָל אין גאַנצען בעפרידיגען איהרע וויכטיגסטע בעדערפנישען דורך איהר אייגענער פּראָדוקציאָן.

מען וואַרפט אונז אויף, אַז מיר האָבען נישט קיין בעשטימטע ציעלען, אַז מיר קענען נאָר קריטיזירען, מיר וויסען אָבער נישט מיט וואָס צו פערבייטען די עקזיסטירענדע אָרדנונג. פּערקעהרט, מיר רעכענען, אַז קיין אַנדער פּאַרטיי האָט נישט אַזאַ קלאָרען און בע־שטימטען ציעל, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נאָך מעהר, צי האָ־בען דען די אַנדערע פּאַרטייען איבערהויפּט אַ ציעל? זיי שטעהען אַלע פעסט פאַר דער עקזיסטירענדער אָרדנונג, האָטש זיי אַלע זעהען, אַז מען קען איהר נישט איינהאַלטען און אַז עס איז גאָר אונמעגליך איהר צו דערטראָגען; אין זייערע פּראָגראַמען געפינט מען ניט מעהר ווי עטליכע קליינינקע צירעהאַניע־מיטלען, קאַלטע רפואות, מיט וועלכע זיי זאָגען צו און האָפען איינצוהאַלטען דאָס, וואָס ס'איז אונמעגליך איינצוהאַלטען, און צו מאַכען, אַז מען זאָל קענען דער־טראָגען דאָס, וואָס ס'איז אונמעגליך צו דערטראָגען.

פּערקעהרט, די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בויעט ניט אויף האָפ־נונגען און הבטחות, נאָר אויף דער אונפּערמיידליכער נויטווענדיג־קייט פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. ווער עס איז דאָס מודה,

דער מוז אויך אָננעהמען אונזער ציעל. ווער עס וויל דערוויזען, אַז אונזער ציעל איז אונמעגליך צו דערגרייכען, יענער מוז בעווייזען, אַז אונזער לעהרע פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג איז פאַלש, יענער מוז בעווייזען, אַז ס'איז נישטאָ קיין פאָרטשריט פון דעם קליין־בעטריעב צום גרויס־בעטריעב, אַז היינט פראָדוציערט מען נאָך אויך אַזוי, ווי מיט הונדערט און צוויי הונדערט יאָהר צוריק, אַז עס איז אַלע מאָל געוועזען אַזוי ווי איצטער. ווער עס וואָלט דאָס קענען בעווייזען, וואָלט, פערשטעהט זיך, געהאַט דאָס רעכט צו גלויבען, אַז עס ווערט אויף ווייטער אויך מוזען אַזוי בלייבען, ווי עס איז איצטער. ווער ס'איז אָבער ניט אַזוי שטאַרק פערנאַרט צו גלויבען, אַז די געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען זענען אַלע מאָל געוועזען די זעלבע, דער קען אויך ניט אָננעהמען על פי שכל, אַז די איצטיגע בעדינגונגען וועלען אייביג געדויערן. צי קען איהם אָבער אַנ'אַנדערע פּאַרטיי בעווייזען, וואָס וועט און וואָס מוז פערנעהמען זייער אָרט?

אַלע אַנדערע פּאַרטייען לעבען נאָר מיט דעם היינטיגען טאָג, פון האַנד אין מויל; די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז די איינציגע פּאַרטיי, וועלכע האָט אַ קלאָרען און בעשטימטען ציעל איין דער צוקונפט, וועלכע האָט ביי איהר טהעטיגקייט שטענדיג פאַר די אויגען דעם דאָזיגען גרויסען ציעל. אָבער די אַנדערע פּאַרטייען קענען ניט און ווילען ניט זעהן דעם דאָזיגען ציעל, ווייל די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קען איהם דערגרייכען, נאָר אַריבערטרעטענדיג איבער זייערע קעפּ. און ווייל זיי קענען עס ניט און ווילען עס ניט זעהן, ווייל זיי פערגלאָצען איינגעשפּאַרטערהייט זייערע אויגען אויף אַ פּוסטען אָרט איבער זייערע קעפּ, טענה'ן זיי מיט העזה, אַז מיר האָבען ניט קיין בעשטימטען ציעל, אַז מיר ווילען גלאַט, אין דער וועלט אַריין, צערשטערען אַלץ, וואָס עס עקסיסטירט איצטער, ניט וויסענדיג אַליין, צוליעב וואָס.

---

## 6. דער פּלאַן פון דער צוקונפטס-געזעלשאַפט.

---

מיר קענען ניט נעהמען אויף זיך די אויפגאַבע, צו פערענטפערען אַלע קשיות, צו ערקלערען אַלע טעות'ען און פערדרע־

הונגען, וועלכע אונזערע געגנער שטעלען ארויס אויף צו בעקעמפפען אונז. צו נארישקייט און שנאה העלפט ניט קיין שום רייד און ראיות. אונז וואלטען געקענט פערחלש'ען די פינגער שרייבענדיג, און דאך וואלט דערפון גאר ניט ארויסגעקומען.

נאר אויף איין קשיא וועלען מיר זיך דא אבשטעלען, ווייל די סאציאליסטען אליין האבען איהר ארויסגערופען; זי איז אזוי וויכטיג, אז מיר מוזען איהר דא טיעפער ערקלערען. די פערענטפערונג פון דער דאזיגער קשיא וועט דיענען דערצו נאך קלארער צו בעלייכטען דעם שטאנדפונקט און דעם ציעל פון דער סאציאל-דעמאקראטיע.

אונזערע געגנער טענה'ן, אז די סאציאליסטישע גענאסעשאפט וועט מען ערשט דאמאלס קענען רעכענען פאר מעגליך און ערשט דאמאלס וועט זי קענען ווערען א ציעל פאר מענשען מיט א פערשטאנד, ווען איהר פלאן וועט ליעגען פאר דער וועלט אין אן'אויסגעארבייט געשטאלט, ווען מען וועט איהם גוט ארומקלערען און געפינען, אז ער איז נוצליך און מען קען איהם אויספיהרען. א מענש מיט שכל, זאגען זיי, וועט קיינמאל ניט אנהויבען בויען א הויז, וואו ער וועט פריהער ניט האבען א פארטיגען פלאן פון דעם דאזיגען הויז און וואו ספעציאליסטען וועלען ניט געפינען, אז דער דאזיגער פלאן איז גוט. אין קיין פאל וועט ער אהן אזא פארטיגען פלאן ניט מרוצה ווערען צו בלייבען אויפ'ן גאס און איינצואווארפען זיין אלט הויז, כדי אבצורייניגען דעם פלאץ פאר דעם נייעם הויז. מיר, סאציאל-דעמאקראטען, דארפען, הייסט עס, בעווייזען דער וועלט דעם פלאן פון דער „צוקונפטס-מלוכה", ווי מען האט ליעב אנצורופען די סאציאליסטישע גענאסענשאפט אדער געזעלשאפט. ווען מיר ווייזען זיך ניט ארויס מיט אזא פלאן, איז דערפון געדרונגען, אז מיר ווייסען אליין ניט גוט, וואס מיר ווילען, און מיר האבען ניט קיין פעסטע אמונה אין אונזער זאך.

די דאזיגע טענה ווייזט אויס צו זיין זעהר א ריכטיגע, אויף אזוי פיעל א ריכטיגע, אז ניט נאר אונזערע געגנער, נאר פיעלע צווישען די סאציאליסטען גופא האבען אויך געהאלטען, אז ס'איז נויטיג אויסצוארבייטען אזא פלאן. און מען האט איהם באמת געמוזט רעכענען פאר א נויטיגסטע פארבעדינגונג פון דער נייער געזעלשאפט, כל זמן מען האט ניט געקענט די געזעצען פון דער

געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, און מען האָט געגלויבט, אַז געזעל־שאַפטליכע פאָרמען ווערען אויך אַזוי ווי הייַזער אויפגעבויט נאָכ'ן אייַגענעם ווילען. מען רעדט נאָך עד היום זעהר גערן וועגען אַ געזעלשאַפטליכען בנין.

נאָך גאָר ניט לאַנג האָט מען איבערהויפּט אָנגעהויבען צו קלערען וועגען דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג. פריהער איז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג אַזוי לאַנגזאַם פאָרגעקומען, אַז מען האָט איהר קוים געקענט בעמערקען. הונדערטער יאָהרען, אפילו טויזענ־דער יאָהרען פלעגען די מענשען בלייַבען שטעהן אויף דער זעל־בער מדרגה פון דער קולטור, די געצייַג פון דעם בויער אין די אָב־געשטאַנענע געגענדען זענען נאָך הייַנט גאָר ווענִיג פערשידען פון די געצייַג, וועלכע מיר בעגעגענען אין אָנהויב פון דער מענשלי־כער געשיכטע, אויף וויפיעל מיר האָבען וועגען דעם ידיעות.

דער אייַנצעלנער מענש האָט דעריבער אין די פריהערדיגע צייַטען גערעכענט, אַז דער עקסיסטירענדער פּראָדוקציאָנס־אופן קען זיך גאָר ניט פערענדערען: זייַן פאָטער און זייַן זיידע האָבען גע־פיהרט זייער ווירטשאַפט אַזוי ווי ער, און אויך אַזוי וועלען פיה־רען די ווירטשאַפט זייַנע זיהן און אייניקלעך. די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, וועלכע האָט עקסיסטירט, האָט זיך גערעכענט פאַר אונ־פערענדערליך, פון גאָט געגעבען; ווער עס האָט איהר אָנגעריהרט, איז געוועזען אַן אַפּיקורס. ווי גרויס עס זענען ניט געוועזען די פער־ענדערונגען, וועלכע די מלחמות און די קלאַסען־קאַמפּפען האָבען אַרויסגערופען אין דער געזעלשאַפט, דאָך האָט זיך געדאַכט, אַז זיי בעריהרען איהר נאָר פון אויבען־אויף. אמת, די דאָזיגע קאַמפּ־פען האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף די יסודות פון דער גע־זעלשאַפט; אָבער דאָס האָט ניט געקענט בעמערקען דער אייַנצעל־נער מענש, וועלכער האָט אַלייַן געלעבט אין דער צייַט פון די דאָ־זיגע פּאַסירונגען.

די היסטאָריע־שרייַבונג איז ביז הייַנטיגען טאָג אין עצם ניט מעהר, ווי אַ מעהר אָדער ווענִיגער ריכטיגע צוזאַמענשטעלונג פון ידיעות, וועלכע זענען אונז איבערגעבליבען פון אַזעלכע צוזעהערס. אויך זי בלייַבט דעריבער שטעהען פון אויבען־אויף, און ניט קו־קענדיג אויף דעם, וואָס יענער, וועלכער עס נעהמט אַרום מיט זייַן בליק די טויזענדער יאָהרען פון פערגאַנגענהייט, קען יאָ דייַטליך

זעהען, אַז די געזעלשאַפט האָט דורכגעמאַכט אַ געוויסען ענטוויק־לונגס־גאַנג, בעמערקען פונדעסטוועגען עס נאָר ניט אונזערע היס־טאָריע־שרייבער.

ערשט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן האָט אויף אַזוי פיעל פערגיכערט דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענט־וויקלונג, אַז די מענשען האָבען איהר דערזעהען און האָבען אָנגעהויבען וועגען איהר צו קלערען. נאַטירליך, האָבען זיי פון אָנהייב געזוכט די אורזאַכען פון דיזער ענטוויקלונג אויבען־אויף און האָבען זיך ניט אַראָבגעלאָזען טיעפער. אָבער ווער עס בעטראַכט די געזעלשאַפט פון אויבען־אויף, דער זעהט נאָר יענע בעוועגענדע קרעפטען, וועל־כע ווירקען דירעקט אויף דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט — און דאָס זענען ניט די פערענדערליכע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען, נאָר די פערענדערליכע אידעען פון די מענשען.

באַלד ווי דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן האָט זיך אָנגעהויבען, האָט ער אַרויסגערופען ביי די מענשען, וועלכע זע־נען אָבהענגיג פון איהם, קאַפּיטאַליסטען, פּראָלעטאַריער און ז. וו. נייע בעדערפנישען; דיזע בעדערפנישען זענען געוועזען אין גאַנצען פערשידען פון די בעדערפנישען פון יענע מענשען, וועלכע זענען געוועזען ווירטשאַפטליך פערבונדען מיט די איבערגעבליבענע רעכטען פון דעם פריהערדיגען פעאָדאַלען פּראָדוקציאָנס־אופן, פון די בע־דערפנישען פון די גרויסע ערד־בעזיצער, צעכאָווע מייסטערס און ז. וו. לויט דיזע פערשידענע בעדערפנישען האָבען אויך געהערשט פערשיעדענע אידעען וועגען דעם, וואָס איז יושר און ניט יושר, נוי־טיג און איבעריג, נוצליך און שעדליך. וואָס מעהר עס איז געוואַקסען דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, וואָס שטאַרקער עס זע־נען געוואָרען די קלאַסען, וועלכע עס האָבען אין איהם אַנ׳אַנטייל גענומען, אַלץ קלאָרער און זעלבסטשטענדיגער זענען געוואָרען די אידעען, וועלכע זענען צוגעפּאַסט געוועזען צו דעם נייעם פּראָדוקציאָנס־אופן, אַלץ מעהר האָבען זיי זיך פערברייטערט און אַלץ מעהר ווירקונג האָבען זיי בעקומען אין דער מלוכה, אַלץ מעהר האָבען זיי אָנגעהויבען צו בעשטימען דעם פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען, ביז די נייע אויפגעקומענע קלאַסען האָבען ענדליך אַריינ־גענומען אין זייערע הענד די מאַכט אין דער מלוכה און אין דער געזעלשאַפט און האָבען געקענט אומבייטען די געשטאַלט פון זיי

ביידען, אי פון דער מלוכה אי פון דער געזעלשאפט, נאך זייערע בעדערפנישען און אידעען נאך.

די דענקערס, וועלכע האבען געוואלט דערגעהן די אורזאכען פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג, האבען דעריבער פון אנהויב דערזעהען די בעוועגענדע קראפט פון דיזער ענטוויקלונג אין די אידעען פון די מענשען; זיי האבען שוין ביז צו א געוויסען גראד דערקענט, אז דיזע אידעען זענען ארויסגעוואקסען פון די מאטעריעלע בעדערפנישען; אבער זיי האבען נאך ניט דערגאנגען, אז דיזע בעדערפנישען האבען זיך געענדערט, און זייערע ענדערונגען זענען ארויסגעוואקסען פון די עקאנאמישע ענדערונגען, פון די ענדערונגען אין די פראדוקציאנס־בעדינגונגען. זיי האבען אנגענומען, אז די בעדערפנישען פון די מענשען — די „מענשעננאטור" — זענען אונפערענדערליך, שטענדיג די זעלבע. עס עקזיסטירט דעריבער, נאך זייער מיינונג נאך, נאר אנאיינציגע „אמת'ע" נאטירליכע", יושר'דיגע" געזעלשאפטס־ארדנונג, ווייל נאר איין איינציגע געזעלשאפטס־ארדנונג קען אין גאנצען פאסען צו דער „אמת'ער" נאטור פון דעם מענשען. אלע אנדערע געזעלשאפטס־ארדנונגען זענען ניט מעהר ווי פערנארונגען, וועלכע זענען מעגליך געווארען נאר דורך דעם, וואס די מענשען האבען פריהער ניט דערקענט, וואס פאר זיי איז נויטיג, ווייל זייער שכל איז געוועזען פערטונקעלט, — ווי איינע מיינען, איבער דער נאטירליכער נאַדישקייט פון די מענשען אדער, ווי אנדערע האלטען, איבער דעם, וואס די גלחים און רבנים און רעגירערס האבען בכוון פערנארעשט דעם שכל פון די מענשען.

נאך דיזער מיינונג נאך איז די געזעלשאפטליכע ענטוויקלונג א רעזולטאט פון דער ענטוויקלונג פון דעם פערשטאנד, פון דער ענטוויקלונג פון די אידעען. וואס קליגער די מענשען זענען, וואס בריה'שער זיי זענען אויסצוטראכטען די געזעלשאפטס־פארמען, וועלכע פאסטען בעסער צו דער מענשען־נאטור, אלץ יושר'דיגער און בעסער וועט זיין די געזעלשאפט.

דאס איז געוועזען די מיינונג פון די בורזשואזנע ליבעראלע דענקער. זי הערשט נאך עד־היום, אויף ווי פיעל עס גרייכט זייער ווירקונג. אונטער דער ווירקונג פון דיזער מיינונג זענען נאטירליך געשטאנען אויך די ערנסטע פון די נייערע סאציאליסטען אין אנ־

הייַב פון לעצטען יאָהר־הונדערט. ווי די ליבעראַלען, אַזוי האָבען זיי אויך גערעכענט, אַז די איינריכטונגען פון דער בורזשואַזנער געזעלשאַפט און פון דער בורזשואַזער מלוכה זענען אַרויסגעוואַקסען נאָר פון די אידעען פון די דענקער פון 18־טען יאָהר־הונדערט, פון די עקאָנאָמיסטען און אויפקלערער. זיי האָבען אָבער געזעהען, אַז די נייַע בורזשואַזנע געזעלשאַפט איז בשום אופן ניט אַזוי פאָלקאָמען, ווי די פילאָזאָפען פון 18־טען יאַהר־הונדערט האָבען ערוואַרטעט. די בורזשואַזנע געזעלשאַפט איז נאָך אויף אַזאַ אופן ניט געווען די אמת'ע געזעלשאַפט; דיזע דענקער האָבען אַפּנים ערגעץ וואו גע־מוזט מאַכען אַ פעהלער; איצטער מוז מען געפינען דיזען פעהלער און אויסקלערען אַ נייַע געזעלשאַפטס־פאָרם, וועלכע זאָל בעסער פאַ־סען צו דער מענשען־נאַטור, איידער די עקזיסטירענדע. מען מוז אָבער אויך דעם פּלאַן פון דעם נייַעם געזעלשאַפטליכען בנין אויסאַרבייַ־טען נאָך בעסער און פּינקטליכער, איידער דאָס האָבען געטהון קע־נע אין אַדאַם סמיט, מאָנטעסקיע און רוססאָ, כדי אַ וואָסערע עס איז אונערוואַרטעטע סבה זאָל ווידער ניט מאַכען די גאַנצע רעכענונג צו נאַרנישט. עס האָט זיך נאָך מעהר געדוכט, אַז עס איז נויטיג גוט אויסצואַרבייטען דעם נייַעם פּלאַן דערפאַר, ווייל די סאָציאַליסטען האָבען אין אָנהייַב פון לעצטען יאָהר־הונדערט ניט געהאַט פאַר זייערע אויגען, ווי די אויפקלערער פון 18־טען יאָהר־הונדערט, אַ געזעלשאַפטס־פאָרם, וואָס זאָל האַלטען בייַם אונטער־געהן, זיי האָבען אויך ניט געהאַט פאַר זייערע אויגען קיין מעכ־טיגען קלאַס, וועלכער זאָל זייַן פעראינטערעסירט אין דער פערניכ־טונג פון דיזער געזעלשאַפטס־פאָרם.

די נייַע געזעלשאַפט, צו וועלכער זיי האָבען געשטרעבט, האָבען זיי ניט געקענט אַרויסשטעלען ווי אַ זאַך, וואָס מוז אונ־פערמיידליך קומען, נאָר ווי אַ זאַך, וואָס עס איז כדאַי צו פערלאַנגען. דעריבער האָבען זיי געמוזט אַרויסשטעלען זייער געזעלשאַפטס־אידיאַל וועהר דייַטליך, אַז די מענשען זאָלען עס זע־העון, פשוט זעהען מיט די אויגען, אַז זיי זאָלען קריגען אַ שטאַרקען חשק צו איהם, און קיינער זאָל ניט זייַן אין ספק, אַז אַזאַ גע־זעלשאַפט איז ניט קיין פוסטע פאַנטאַזיע און איז מעגליך צו דער־גרייכען.

אונזערע נעגנער זענען אין זייערע מיינונגען וועגען דער גע־

זעלשאַפט געבליבען בײַ דעם שטאַנד־פּונקט, אויף וועלכען די וויסענשאַפט איז געשטאַנען אין אָנהויב פון דעם 19־טען יאָהר־הונדערט; די איינציגע אַרט פון סאָציאַליזמוס, וועלכע זיי קענען בעגרײַפען, איז דעריבער דער נאָר וואָס געשילדערטער סאָציאַליזמוס פון די אוטאָפּיסטען, וועלכע עס האָבען געהאַט פאַר זייער אויסגאַנגס־פּונקט די זעלבע געדאַנקען ווי זיי. אונזערע געגנער בעטראַכטען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ווי אַ קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונג, אַן אַקציען־געזעלשאַפט, וועלכע דאַרף זיך „גרינדען“, און זיי זאָגען זיך אָב צו פערשרײַבען זיך אויף די אַקציעס, ביז די „גרינדער“ בעבעל, זינגער און קאָמפּ. וועלען ניט בעווײַזען שוואַרץ אויף ווײַס, אַז די נײַע אונטערנעהמונג איז מעגליך דורכצופיהרען, און זי וועט אײַנטראָגען ריוח.

דיזע מיינונגען האָבען נאָך געקענט האָבען אַ טעם אין אָנהויב פון 19־טען יאָהר־הונדערט. היינט דאַרף שוין די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מעהר ניט אָנקומען צום קרעדיט פון דיזע העררן, כדי דורכגעפיהרט צו ווערען אין לעבען.

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט שטאַרבט אָב; איהר אונטערגאַנג איז נאָר נאָך אַ פראַגע פון צײַט; די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וועלכע עס איז אונמעגליך אָבצושטעלען, פיהרט מיט נאָטהווענדיגקייט צום באַנקראָט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. די בילדונג פון אַ נײַער געזעלשאַפטס־פאָרם אָנשטאָט דער עקזיסטירענדער איז ניט מעהר בלויז אַ זאַך, וואָס עס איז כדאַי צו פערלאַנגען, זי איז געוואָרען אַ זאַך, וועלכע איז אונפערמײַדליך.

און אַלץ גרעסער און מעכטיגער ווערען די מחנות פון די אַרבייטער, וועלכע האָבען ניט קיין פערמעגען, פאַר וועלכע דער עקזיסטירענדער פּראָדוקציאָנס־אופן איז געוואָרען אונמעגליך צו דערטראָגען, וועלכע קענען בײַ זײַן אונטערגאַנג גאָר ניט פערליהרען אין אַלץ געווינען; וועלכע מוזען זיך סטאַרען דורכצופיהרען אַ נײַע געזעלשאַפטס־פאָרם, וואָס זאָל זײַן צוגעפאַסט צו זייערע אינטערעסען, אויב זיי ווילען זיך דערשלאָגען צו דער גאַנצער ווערדע, וועלכע קומט זיי אַלס מענשען.

דאָס אַלץ זענען ניט קיין פאַנטאַזיעס, דאָס אַלץ האָבען די דענקער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בעוויזען מיט קלאָרע

פּאַקטען פון דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן. די פאַקטען בע־וויזען פיעל קלערער און איבערציינגען יעדערען שטאַרקער, איידער די העכסטע גאוניישע, אין אַלע פּרטים אויסגעאַרבייטע בילדער פון אַ צוקונפטיגער מלוכה. אַזעלכע בילדער קענען אין בעסטען פאַל בעווייזען, אַז די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז ניט אונמעגליך; אָבער זיי קענען קיינמאָל ניט אַרומנעהמען דעם גאַנצען געזעלשאַפט־ליכען לעבען, זיי מוזען אַלע מאָל לאָזען פּוסטע ערטער, דורך וועלכע דער געגנער קען דורכקריכען. פערקעהרט, דערווייזען, אַז די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז אונפערמיידליך, הייסט ניט נאָר בעווייזען, אַז זי איז מעגליך, נאָר אויך, אַז זי איז די איינציג מעגליכע. וואָלט זי געווען אונמעגליך, וואָלט זיך איבערהויפּט אָבגעשטעלט יעדע ווייטערע עקאָנאָמישע ענטוויקלונג. די היינטיגע געזעלשאַפט וואָלט דאַן מוזען פערפוילען, ווי די גע־זעלשאַפט פון דער רוימישער וועלט־מדינה כמעט מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק, און סוף כל סוף צוריקקעהרען צו דער באַרבאַריי (ווילדקייט).

בלייבען שטעהן ביי דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציאָן איז אונמעגליך; אָדער פאָרוועררטס צום סאָציאַליזמוס, אָדער צוריק צו דער באַרבאַריי.

ביי אַזאַ לאַגע איז נאָר איבריג צו וועלען געווינען ביי אונ־זערע געגנער דורך שענע פלענער פון דער צוקונפטס־געזעלשאַפט זייער פערטרויען צו אונז. וועגען די קלאָרע און דייטליכע פאַקטען פון דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן בעווייזען ניט די נויטהענדיגקייט פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, יענער וועט אַודאי בלייבען טויב צו די פאַנאַנדערריהמונגען פון אַזאַ צושטאַנד, וועלכער עקסיס־טירט נאָך ניט, וועלכען ער קען ניט בעגרייפען און ניט זעהן.

אָבער אויפשטעלען אַ פּלאַן, ווי די צוקונפטס־מלוכה זאָל איינ־געאָרדנעט זיין, האָט איצט ניט נאָר קיין שום צוועק ניט, נאָר דאָס שטימט אויך דורכאויס ניט מיט דעם איצטיגען שטאַנדפּונקט פון דער וויסענשאַפט. אין פערלויף פון לעצטען יאָהרהונדערט איז ניט נאָר פאָרגעקומען אַ גרויסע עקאָנאָמישע איבערקעהרעניש, נאָר ס'איז אויך פאָרגעקומען אַ גרויסע איבערקעהרעניש אין די מענשליכע קעפּ. מען האָט אָנגעהויבען אָהן אַנ'ערך טיעפער צו פערשטעהן די אור־זאַכען פון דעם געזעלשאַפטליכען פאָרטשריט. שוין אין די 40־גער

יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט האָבען אונז מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס בעוויזען — און פון דאַמאָלס אָן האָט דאָס בעשטעטיגט יעדער ווייטערער פאָרטשריט אין דער געזעלשאַפטליכער וויסענשאַפט, — אַז אין דער אונטערשטער שורה ווערט די געשיכטע פון דער מענשהייט בעשטימט ניט דורך די אידעען פון די מענשען, נאָר דורך דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, וועלכע געהט אָהן אַנ׳אויפהער פאָרווערטס, נאָך בעשטימטע געזעצען, און ניט נאָך די וואונשען און קאַפריזען פון מענשען. מיר האָבען אין די פריהערדיגע קאַפּיטלען געזעהן, ווי עס געהט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, ווי זי שאַפט נייע פראָדוקציאָנס־פאָרמען, וועלכע ברענגען מיט זיך די נויטווענדיגקייט פון נייע געזעלשאַפטס־פאָרמען, ווי זי רופט אַרויס נייע בעדערפעניסען, וועלכע צווינגען די מענשען צו קלערען וועגען זייערע געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסען און צו געפינען מיטלען, ווי צו צופּאַסען די געזעלשאַפט צו די נייע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען. וואָרום די דאָזיגע צופּאַסונג קומט ניט פאָר פון זיך אַליין. זי קומט פאָר נאָר דורך דער פערמיטלונג פון טראַכטענדע מענשען־קעפּ, פון אידעען. אָהן טראַכטען, אָהן אידעען קומט קיין פאָרטשריט ניט פאָר. אָבער די אידעען זענען נאָר די פערמיטלער פון דעם געזעלשאַפטליכען פאָרטשריט; ניט זיי גיבען דעם ערשטען שטופּ דעם דאָזיגען פאָרטשריט — ווי מען האָט אַמאָל גערעכענט און ווי אַ סך רעכענען נאָך עד היום — נאָר די פערענדערונגען פון די עקאָנאָמישע בעדינגונגען.

אויף אַזאַ אופן זענען עס ניט די פילאָזאָפען און די דענקער, וועלכע עס בעשטימען די ריכטונג פון געזעלשאַפטליכען פאָרטשריט; זי ווערט בעשטימט דורך די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג. די דענקער קענען די דאָזיגע ריכטונג ד ע ר ק ע נ ע ן, און זיי דערקענען דאָס קלאָרער און שאַרפער, וואָס טיעפער זיי פערשטעהען די ביזהעריגע ענטוויקלונג; זיי קענען איהר אָבער ניט פ ו ן פ אָ ר א ו י ס אָ נ ו ו י י ז ע ן נאָכ׳ן אייגענעם רצון.

אָבער אָפילו דערקענען די ריכטונג פון היסטאָרישען פאָרטשריט קען מען אויך נאָר ביז צו אַ געוויסען גראַד, וואָרום דער מעכאַניזמוס פון דער מענשליכער געזעלשאַפט איז זעהר אַ פערפלאָנטערטער און אָפילו פאַר׳ן שאַרפסטען דענקער איז אונמעגליך צו דערגעהן אַלע זייטען פון דעם מענשליכען לעבען אַזוי גרונדליך, אויסצומעסטען אַלע קרעפטען, וועלכע ווירקען אין דער געזעלשאַפט,

אַזוֹי פּוּנקטליך, אַז עֶר זאָל קעֶנעֶן פריהעֶר מיט זיכעֶרהייט זאָגעֶן, צוּ וועֶלכעֶ געֶזעֶלשאַפטליכעֶ פאָרמעֶן עֶס וועֶלעֶן ברעֶנגעֶן די צוזאַמעֶנווירקוּנג פוּן די דאָזיגעֶ קרעֶפטעֶן און זייעֶר ווירקוּנג איינעֶ אויף די אַנדעֶרעֶ.

אַ נייַעֶ געֶזעֶלשאַפטס־פאָרם ווערט ניט איינגעֶפיהרט אויף אַזאַ אוֹפן, אַז איינצעֶלנעֶ מעֶנשעֶן מיט בעֶזונדעֶרס שאַרפעֶ קעֶפּ שטעֶלעֶן אויף אַ פּלאַן, ווי איהר צוּ'ם בעֶסטעֶן איינצוּאָרדנעֶן, און דעֶרנאָך הייבעֶן זיי אָן ביסלעֶכווייז איינרעֶדעֶן די אַנדעֶרעֶ, אַז דעֶר דאָזיגעֶר פּלאַן איז נוּצליך, און ווען זיי האָבעֶן בעֶקוּמעֶן די נויטיגעֶ מאַכט־מיטלעֶן, נעֶהמעֶן זיי זיך מיט אַ רוּהיגעֶן קאָפּ אויפבויעֶן דעֶם סאָציאַלעֶן בנין נאָך דעֶם דאָזיגעֶן פּלאַן נאָך.

אַ נייַעֶ געֶזעֶלשאַפטס־פאָרם איז ביז אַהעֶר שטעֶנדיג געֶוועֶן אַ רעֶזוּלטאַט פוּן לאַנגעֶ קאַמפּפעֶן, ביי וועֶלכעֶ דעֶר נצחון פלעֶגט אויספאַלעֶן דאָ אויף איין זייַט, דאָ אויף דעֶר אַנדעֶרעֶר זייַט. עֶס האָבעֶן געֶקעֶמפּפט די עֶקספּלואַטירטעֶ קלאַסעֶן געֶגעֶן די עֶקספּלואַטירעֶנדעֶ; עֶס האָבעֶן געֶקעֶמפּפט די אוּנטעֶרגעֶהעֶנדעֶ, רעֶאַקציאָנעֶרעֶ געֶגעֶן די אויפקוּמעֶנדעֶ, רעֶוואָלוּציאָנעֶרעֶ קלאַסעֶן. אין די דאָזיגעֶ קאַמפּפעֶן פעֶרבינדעֶן זיך די פעֶרשידעֶנעֶ קלאַסעֶן אויף פעֶרשידעֶנסטעֶ אוֹפנים איינעֶ מיט די אַנדעֶרעֶ, כּדי אינאיינעֶם צוּ בעֶקעֶמפּפעֶן די קלאַסעֶן, וועֶלכעֶ שטעֶהעֶן געֶגעֶן זיי: אין דעֶם לאַנגעֶר פוּן די עֶקספּלואַטירטעֶ האָבעֶן אַנ'אַנדעֶרס מאָל געֶקעֶמפּפט אינאיינעֶם רעֶוואָלוּציאָנעֶרעֶן און רעֶאַקציאָנעֶרעֶן; אין דעֶם לאַגעֶר פוּן רעֶוואָלוּציאָנעֶרעֶן — אַנ'אַנדעֶרס מאָל עֶקספּלואַטאַטאָרעֶן און עֶקספּלואַטירטעֶ. אין די איינצעֶלנעֶ קלאַסעֶן גוּפא געֶפינעֶן זיך אָפט פעֶרשידעֶנעֶ ריכטוּנגעֶן, לויט נאָך דעֶר פעֶרשידעֶנהייט פוּן דעֶם פעֶרשטאַנד, טעֶמפּעֶראַמעֶנט (טבע) און לעֶבעֶנס־בעֶדינגוּנגעֶן פוּן די איינצעֶלנעֶ פעֶרזאָנעֶן און פוּן גאַנצעֶ שיכטעֶן. די מאַכט פוּן יעֶדעֶר איינצעֶלנעֶם קלאַס האָט זיך עֶנדליך שטעֶנדיג געֶביטעֶן; זי איז געֶפאַלעֶן אָדעֶר געֶוואַקסעֶן, לויט נאָך דעֶם, אויף וויפיעל דעֶר דאָזיגעֶר קלאַס האָט פעֶרשטאַנעֶן די ווירקליכעֶ געֶזעֶלשאַפטליכעֶ בעֶדינגוּנגעֶן, אויף וויפיעל עֶס האָבעֶן זיך פעֶרגרעֶסעֶרט אָדעֶר פעֶרקלעֶנעֶרט די געֶשלאָסעֶנהייט און די גרוֹיס פוּן זיינעֶ אָרגאַניזאַציאָנעֶן און זיין בעֶדייַטוּנג אין דעֶם עֶקאָנאָמישעֶן מעֶכאַניזמוּס.

אין די פעֶרעֶנדעֶרליכעֶ קעֶמפּפעֶן פוּן די דאָזיגעֶ קלאַסעֶן זעֶ־

נען ביסלעכווייז פאַנאַנדערגעפאַלען די אַלטע געזעלשאַפטליכע פאָרמען, וועלכע האָבען קיין קיום ניט געקענט האָבען, און זייער אָרט האָבען פערנומען נייע. ניט אַלע מאָל זענען געווען די נייע פאָרמען, מיט וועלכע מען פלעגט פערבייטען די אַלטע, באַלד פון אָנהויב די ריכטיגע: דאָס וואָלט געווען מעגליך נאָר אין דעם פאַל, ווען די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען וואָלטען בעקומען די גאַנצע הערשאַפט און ווען זיי וואָלטען פאָלקאָמען פערשטעהן די געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסען. וואו און כל זמן דאָס האָט ניט פּאַסירט, האָט מען שטענדיג געמוזט מאַכען פעהלערען; אָפט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די נייע פאָרמען האָבען אינגאַנצען אָדער אַ טייל פון זיי כמעט אויך אַזוי ניט געטויגט, ווי די אַלטע, וועלכע מען האָט פערניכטעט. אָבער וואָס שטאַרקער עס האָט געשפאַרט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, אַלץ קלאָרער איז געוואָרען דאָס, וואָס זי פאָדערט, אַלץ גרעסער איז געוואָרען די קראַפט פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען דורכצופיהרען דאָס, וואָס עס איז נויטיג. יענע איינריכטונגען פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען, וועלכע האָבען דורכאויס ניט געשטימט מיט די פאָדערונגען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, פלעגען באַלד אונטערגעהן און גיך פערגעסען ווערען; פערקעהרט אָבער, יענע פון זייערע איינריכטונגען, וועלכע זענען געווען נויטיג, פלעגען זיך אין אַ קורצער צייט טיעף איינוואָרצלען, און די אָנהענגער פון דער אַלטער אָרדנונג פלעגען זיי שוין מעהר ניט קענען פערניכטען.

אויף דעם דאָזיגען אופן איז ביז אַהער ענטשטאַנען יעדע נייע געזעלשאַפטס-אָרדנונג; רעוואָלוציאָנערע צייטען, ווי מען רופט זיי, אונטערשיידען זיך פון די אַנדערע צייטען אין דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג נאָר מיט דעם, וואָס דאַמאָלס קומען פאָר די דאָזיגע פאַסירונגען פיעל האַסטיגער און גיכער, ווי געוועהנליך.

מען זעהט, אַז געזעלשאַפטס-פאָרמען ווערען ניט אויסגעבויט ווי הייזער. ביים אויפבויען פון נייע געזעלשאַפטס-פאָרמען קען מען ניט בענוצען קיין פריהער-אויסגעאַרבייטע פּלענער. אויפשטעלען איצטער, ווען מיר זענען דערגאַנגען צו דעם דאָזיגען געדאַנק, „פּאָזיטיווע פּראָיעקטען", ווי אויפצובויען די צוקונפטס-מלוכה, איז אונגעפעהר אויך אַזוי טיעפזיניג און נוצליך, ווי, למשל, שרייבען פון פאָראויס די געשיכטע פון דער קומענדער מלחמה.

דער גאַנג פון דער ענטוויקלונג איז בשום אופן ניט אונ-אָבהענגיג פון די איינצעלנע פּערזאָנען. יעדער, וואָס איז טהעטיג אין דער געזעלשאַפט, האָט אויף איהר אַ גרעסערע אָדער אַ קלע-נערע ווירקונג. איינצעלנע פּערזאָנען, וועלכע צייכנען זיך בעזונדערס אויס דורך זייערע טאַלאַנטען אָדער דורך זייער געזעלשאַפטליכער לאַגע, קענען האָבען אַ ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דער ענטוויק-לונג פאַר גאַנצע מלוכות אויף צעהנדליגער יאָהרען, איינע פון זיי פערגיכערען דעם פאָרטשריט, אויפדעקענדיג נייע געדאַנקען וועגען די געזעצען פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, אָדער פערברייי-טענדיג זיי צווישען די מאַסען, אָדער אָרגאַניזירענדיג די רעוואָלו-ציאָנערע קלאַסען, פעראייניגענדיג זייערע קרעפטען און העלפענדיג, אַז מען זאָל זיי ווי געהעריג אויסנוצען; אַנדערע ווירקען פּונקט פערקעהרט און שטערען דערמיט דעם פאָרטשריט. די טהעטיגקייט פון די ערשטע פיהרט צו דער פערגיכערונג פון דער ענטוויקלונג, צו דער פערקלענערונג פון די ליידען און דעם צאָהל קרבנות, וועל-כע זי ברענגט מיט; די טהעטיגקייט פון די אַנדערע פיהרט צו דער שטערונג פון דער ענטוויקלונג, צו דער פערמעהרונג פון די ליידען און קרבנות, וואָס בעגלייטען איהר. אָבער קיינער קען ניט, ניט דער מעכטיגסטער קייזער און ניט דער שאַרפסטער דענקער, בע-שטימען נאָכ'ן אייגענעם ווילען נאָך די ריכטונג פון דער ענט-וויקלונג און פּונקטליך פון פאָראויס זאָגען, וועלכע פאָרם זי וועט אָננעהמען.

עס איז דעריבער אַ גרויסע נאַרישקייט צו פערלאַנגען פון אונז, אַז מיר זאָלען געבען אַ בילד פון דער „צוקונפטס-מלוכה", צו וועלכער מיר ציעלען זיך. די דאָזיגע פאָדערונג, וועלכע מען האָט נאָך קיינמאָל קיין אַנדערע פּאַרטיי ניט געשטעלט, איז אַזוי נאַריש, אַז עס וואָלט גאָר איבריג געווען צו פערליערען אויף איהר אַזוי פיעל רייד, ווען די דאָזיגע נאַרישע פאָדערונג וואָלט ניט גע-ווען די ערנסטעסטע פון אַלע קשיות, וועלכע אונזערע געגנער ברענ-גען געגען אונז; די אַנדערע קשיות זענען נאָך פיעל נאַרישער.

עס האָט נאָך קיינמאָל אין דער וועלטס-געשיכטע ניט פּאַ-סירט, אַז אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי זאָל האָבען פון פאָראויס זעהן, שוין ניט גערעדט וועגען דעם, זי זאָל קענען בעשטימען נאָכ'ן איי-גענעם ווילען נאָך, וועלכע פאָרמען עס וועט אָננעהמען די נייע גע-

זעלשאפט, צו וועלכע זי ציעלט זיך. עס איז שוין געוועזן א גרויסער געווינס פאר'ן פארטשריט, ווען עס האט זיך איהר איינגעגעבען צו דערקענען די טענדענצען, וועלכע פיהרען צו דער דאזיגער געזעלשאפט, וואס דורכדעם איז איהר פאליטישע טהעטיגקייט געווען א בעוואוסטע, ניט בלויז אנאינסטינקטיווע; מעהר קען מען אויך פון דער סאציאל־דעמאקראטיע ניט פערלאנגען.

עס איז נאך אבער קיינמאל ניט געוועזען קיין פארטיי, וועלכע זאל אזוי טיעף דערגעהן און אזוי פונקטליך בעגרייפען די געזעלשאפטליכע טענדענצען פון איהר צייט, ווי די סאציאל־דעמאקראטיע.

דאס איז ניט איהר פערדיענסט, נאר איהר גליק. זי האט דערפאר צו פערדאנקען דעם אומשטאנד, וואס זי שטעהט אויף די פלייצעס פון דער בורזשואזנער עקאנאמיע, וועלכע האט פארגענומען די ערשטע וויסענשאפטליכע דערפארשונג פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען און פון די געזעצען פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג. איהר האט מען אויך צו פערדאנקען דערפאר, וואס די רעוואלוציאנערע קלאסען, וועלכע האבען פערניכטעט דעם פעאדאלען פראדוקציאנס־אופן, האבען געהאט א פיעל קלארערען בעוואוסטזיין פון זייערע געזעלשאפטליכע אויפגאבען, האבען פיעל וועניגער געליטען פון פעהלערען, איידער וועלכער עס איז פון די פריהערדיגע פון די רעוואלוציאנערע קלאסען. אבער די דענקער פון דער סאציאל־דעמאקראטיע האבען נאך פיעל וויטער געפיהרט די דערפארשונג פון דער געזעלשאפטליכער ארדנונג, זיי האבען איהר פיעל מעהר פערטיעפט, איידער ווער עס איז פון די בורזשואזנע עקאנאמיסטען, וואס זענען געוועזען פאר זיי. דאס „קאפיטאל" פון מארקס איז געווארען, ווי אלע זענען מודה, דער עק־שטיין, דער זייל פון דער איצטיגער עקאנאמישער וויסענשאפט, און אויף וויפיעל ער שטעהט העכער פאר די ווערק פון קענע, אדאם סמיט און ריקארדא, אויף אזוי פיעל איז פאר דער סאציאל־דעמאקראטיע קלארער איהר ציעל, אויף אזוי פיעל פערשטעהט זי די געזעלשאפטליכע פערהעלטניסען בעסער, איידער די רעוואלוציאנערע קלאסען צו'ם סוף פון 18־טען און צו'ם אנהויב פון לעצטען יאהרהונדערט; ווען די סאציאל־דעמאקראטיע זאגט זיך אב פארצולעגען פאר דעם געערטען עולם א פלאן פון דער צוקונפטס־מלוכה, ער זאל זיך מטריח

זײַן איהם אַרומקוקען, איז דאָ נאָך ניטאָ קײַן שום גרונד פֿאַר די בורזשואַזנע שריפטשטעלער צו מאַכען דערפון הוזק און צו דרינגען, אַז מיר ווייסען אַלײַן ניט, וואָס מיר ווילען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זעהט קלאָרער די צוקונפט, איידער דאָס האָבען געקענט זעהן די עקאָנאָמיסטען און אויפקלערער, אַלע די, וואָס האָבען דורכגעלעגט אַ וועג פֿאַר דער הײַנטיגער געזעלשאַפטס־אָרדנונג.

מיר האָבען געזאָגט, אַז אַ דענקער קען דערקענען די טענדענצען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון זײַן צײַט, אַז עס איז איהם אָבער אונמעגליך פון פריהער צו זעהן די פֿאָרמען, אין וועלכע די דאָזיגע טענדענצען וועלען זיך אויסדריקען. ס'איז גענוג אַ קוק צו טהון אויף די עקסיסטירענדע פֿערהעלטניסען, אום צו דערקענען, ווי ריכטיג דער דאָזיגער כּלל איז. די טענדענצען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן זענען אין אַלע לענדער, וואו ער הערשט, די זעלביגע; און דאָך ווי פֿערשידען זענען די פֿאָרמען פון דער מלוכה און פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען אין די פֿערשידענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער! אין ענגלאַנד זענען זיי גאַנץ אַנדערש ווי אין פֿראַנקרײַך, אין פֿראַנקרײַך זענען זיי אַנדערש ווי אין דײַטשלאַנד, און אין די דאָזיגע אַלע לענדער זענען זיי ווידער גאָר אַנדערע ווי אין אַמעריקאַ! די געשיכטליכע טענדענצען פון דער אַרבײַטער־בעוועגונג, וועלכע ווערט אַרויסגערופען דורכ'ן עקסיסטירענדען פּראָדוקציאָנס־אופן, זענען אויך אומעטום די זעלביגע, אָבער די פֿאָרמען, וואָס די דאָזיגע בעוועגונג נעהמט אָן, זענען אין יעדער לאַנד בעזונדערע.

די טענדענצען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן זענען איצט גאַנץ גוט בעקאַנט. אין דאָך איז קיינער ניט אימשטאַנד צו זאָגען, וועלכע פֿאָרמען ער וועט אָננעהמען אין 10, 20, 30 יאָהר אַרום — רעכענענדיג, אַז ער וועט נאָך ציהען אַזוי לאַנג. פון אונז אָבער פֿערלאַנגט מען, אַז מיר זאָלען פֿינאַנדערלעגען דעם פּלאַן פון די געזעלשאַפטליכע פֿאָרמען, וועלכע וועלען עקזיסטירען נאָך דעם אונטערגאַנג פון דעם איצטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן!

ווען מיר זאָגען זיך אָב אויפצושטעלען אַזאַ פּלאַן פון דער „צוקונפטס־מלוכה" און די מיטלען פון דעם איבערגאַנג צו איהר, הייסט עס ניט, אַז מיר האַלטען פֿאַר אוננוצליך אָדער גאָר פֿאַר שעדליך איבערהויפּט צו קלערען וועגען דער סאָציאַליסטישער גע־

זעלשאַפט. דאָס וואָלט הייסען, אַרויסוואַרפען די קאָרען אין איינעם מיט די פסולת. אוננוצליך און שעדליך איז בלויז צו מאַכען בעשטימטע פאָזיטיווע פראָיעקטען, ווי אַיינצואָרדנען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. פאָרלעגען בעשטימטע פראָיעקטען, ווי אַיינצואָרדנען די געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסען, קען מען נאָר פאַר אַזעלכע געביעטען, וועלכע מען קען גוט אַרומזעהען און בעטראַכטען, וועלכע ליגען ניט ווײַט פון אונז נאָך דער צײַט און נאָך דעם אָרט. פאָזיטיווע פראָיעקטען קען אַלזאָ די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאָרלעגען בלויז פאַר דער הײַנטיגער געזעלשאַפט, אָבער ניט פאַר דער קומענדער. פראָיעקטען, וועלכע עס געהען אַריבער דיזען גרענעץ, האָבען צו טהון מיט אויסגעטראַכטע קאָפּ־סברות, און ניט מיט פאַקטען. זיי זענען אויף אַזאַ אופן נאָר פאַנטאַזיעס, חלומות, וועלכע וועלען אין בעסטען פאַל קיין שום ווירקונג ניט האָבען. ווען אָבער זייער פערפאַסער האָט אויף אַזוי פיעל גענוג טאַלענט און ענערגיע, אַז זײַנע פראָיעקטען זאָלען קענען האָבען אַ וועלכען עס איז ווירקונג אויף מענשען, דאַן קען דיזע ווירקונג נאָר אין דעם בעשטעהן, וואָס זיי וועלען אַראָב פיהרען פון וועג, פטר'ען אומזיסט קרעפטען.

אָבער דיזע פאַנטאַזיעס, געגן וועלכע מען מוז שטאַרק קעמפפען, דאַרף מען ניט פערבײַטען מיט די פאָרשונגען, וועלכע האָבען דעם צוועק צו דערגעהן, וואָסער ריכטונג וועלען אָננעהמען די טענדענצען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, ווען זי וועט שוין מעהר ניט שטעהן אויפ'ן קאַפּיטאַליסטישען, נאָר אויף דעם סאָציאַליסטישען יסוד. דאָ רעדט זיך ניט וועגען אויסזוכען רעצעפטען פאַר דער גאָרקיך פון דער צוקונפט", נאָר וועגען דער וויסענשאַפטליכער בעאַרבײַטונג פון רעזולטאַטען, צו וועלכע מען איז געקומען בײַ דער אונטערזוכונג פון געוויסע פאַקטען. אַזעלכע פאָרשונגען זענען בשום אופן ניט אוננוציג, ווײַל וואָס קלאָרער מיר זעהען די צוקונפט, אַלץ צוועקמעסיגער וועלען מיר אויסנוצען אונזערע קרעפטען אין דער געגענוואַרט. די בעדײַטענדסטע דענקער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבען זיך שוין בעשעפטיגט מיט אַזעלכע פאָרשונגען. אין די ווערק פון מאַרקס און ענגעלס געפינען זיך צושפּרײַט אין פערשיעדענע ערטער פיעל רעזולטאַטען פון אַזעלכע אונטערזוכונגען. בעבעל האָט צוזאַמענגעקליבען אַלע זײַנע פאָרשונגען, וואָס זענען שייך צו דיזער פראַגע, אין זײַן בוך „די פרוי און דער סאָציאַליזם".

יעדער טראַכטענדער סאָציאַליסט האָט געוויס געקלערט וועגען אַזעלכע פראַגען, ווײַל יעדער, וועלכער שטעלט זיך אַ גרויסען ציעל, פיהלט אַ בעדערפעניש קלאָר צו מאַכען זיך יענע בעדינגונגען, בײַ וועלכע דער דאָזיגער ציעל וועט קענען דערגרייכט ווערען. און דאָ עקסיסטירען די פערשידענסטע מיינונגען און דעות, לויט נאָך דער פערשידענהייט פון די עקאָנאָמישע ידיעות, פון די לעבענס־בעדינגונגען, טעמפעראַמענט, פאַנטאַזיע און בעקאַנטשאַפט מיט אַנדערע, ניט קאַפּיטאַליסטישע, בעזונדערס קאָמוניסטישע געזעלשאַפטס־פאָרמען. די דאָזיגע פערשידענהייט אין די מיינונגען און דעות וועגען דער צוקונפטס־געזעלשאַפט שטערען אויף אַ האָר ניט דער געשלאָסענהייט און אַחדות פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ווי עס זאָל ניט זײַן פערשידען די געשטאַלט, וועלכע אונזער ציעל נעהמט אָן אין די אויגען פון פערשידענע מענשען, וויכטיג איז, אַז זיי זאָלען איהם זעהן אין דער זעלבער ריכטונג — אין דער זעלבער און אין דער ריכטיגער ריכטונג.

מיר וואָלטען דאָ געקענט ענדיגען דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל, ווײַל די פערשידענע מיינונגען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גופא איבער דער „צוקונפטס־מלוכה" האָבען גאָר קיין שום שייכות ניט צו דער פראַגע: וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ווילען. מיר ווילען איבערמאַכען די איצטיגע מלוכה אין אַ ווירטשאַפטס־גענאָסענשאַפט, וועלכע זאָל אויסקומען מיט איהר אייגענער פּראָדוקציאָן. וועגען דעם איז אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניטאָ קיין פערשידענע מיינונגען. ווי די גענאָסענשאַפט וועט זיך ענטוויקלען און וועלכע טענדענצען זי וועט בעשאַפען — וועגען דעם צו קלערען איז אויף קיין אופן ניט איבריג; אָבער צו וועלכע רעזולטאַטען עס ברענגען די דאָזיגע מחשבות — דאָס איז אַ פּריוואַט־זאַך פון יעדען איינצעלנעם. דער פאַרטיי געהט דאָס גאָר ניט אָן און עס דאַרף איהר ניט אָנגעהן, ווײַל דאָס האָט ניט קיין דירעקטע ווירקונג אויף דער טהעטיגקייט פון דער פאַרטיי.

עס זענען פונדעסטוועגען פערברייטערט אַזוי פיעל פאַלשע מיינונגען איבער דעם, אויף וועלכען אופן די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ווילען איינאָרדנען זייער „צוקונפטס־מלוכה", מיינונגען, פיעל פון וועלכע זענען געבליבען בירושה פון דער צייט פון דעם אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזמוס, און פיעלע זענען אויסגעטראַכט געוואָרען פון אונ־

זויסענדע אָדער שלעכטס־מיינענדע שרײַבערס, — אַז עס וואָלט אויס־זוייזען, אַז מיר ווילען דאָס בכיון פערשווײַגען, ווען מיר וואָלטען זיך דאָ קורץ ניט אָבשטעלען, אַם ווענינגסטענס, אויף איינינע פון די דאָזינע מיינונגען, האָטש מיר רעכענען, אַז פאַר יעדען טראַכ־טענדען מענשען האָט פון די ביז־איצטיגע ערקלערונגען געדאַרפט ווערען גאַנץ קלאָר, אין וועלכען זינען מען דאַרף זיך פאָרשטע־לען די „צוקונפטס־מלוכה". מיר וועלען דעריבער אויף איינינע ביי־שפּילען בעווײַזען, וואָס פאַר אַ געשטאַלט עס וועלען דאַרפען בעֶ־קומען די טענדענצען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג אין אַ סאָ־ציאַליסטישער געזעלשאַפט.

---

## 7. די „אָבשאַפונג פון דער פאַמיליע".

---

איינער פון די פערברייטעטסטע בלבולים אויף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בעשטעהט אין דער מיינונג, אַז זי וויל אָבשאַפען די פאַמיליע; אונז איז שוין אין צווייטען קאַפּיטעל (זײַטע 21 און די פאָלג.) אויסגעקומען צו רעדען וועגען דעם, און דערפאַר קענען מיר זיך דאָ בעגנוגען נאָר מיט עטליכע ווערטער.

„אָבשאַפען" די פאַמיליע, פערניכטען איהר דורך געזעצען און פאַנאַנדערדרייסען מיט געוואַלד — וועגען דעם טראַכט קיינער ניט אין דער פאַרטיי; נאָר ווער עס שטעלט זיך ניט אָב פאַר דער גראָב־סטער פעלשונג, קען צושרײַבען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַזאַ מיי־נונג, און נאָר אַ נאַר קען זיך איינשמועסען, אַז אַ פאַמיליען־פאָרם איז מעגליך צו בעשאַפען אָדער פערניכטען דורך געזעצען און גזרות (דעקרעטען).

די הײַנטיגע פאַמיליע שטעהט בשום אופן ניט אין געגענ־זאַץ צו דעם עצם־האַראַקטער פון דער גענאָסענשאַפטליכער פּראָדוק־ציאָן. עס איז דעריבער אויף קיין אופן גאָר ניט נויטיג צו צער־שטערען די עקסיסטירענדע פאַמיליען־פאָרם, אום איינצופיהרען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. ניט דער עצם־האַראַקטער פון דער גע־נאָסענשאַפטליכער פּראָדוקציאָן פיהרט צו דער צערשטערונג פון דער איצטיגער פאַמיליע, נאָר די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג. מיר האָבען

שוין אין דעם איבערן־דערמאָהנטען קאַפּיטעל געזעהן, אויף וועלכען אופן עס ווערט ביי היינטיגע ציטען צערשטערט די פאַמיליע, ווי עס ווערען אָבגעריסען דער מאַן, די ווייב און די קינדער איינע פון די אַנדערע, ווי די פּראָסטיטוציאָן פערברייטערט זיך צווישען גרויסע מאַסען, ווי עס וואַקסט די צאָהל מענשען, וועלכע האָבען ניט התונה.

די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז ניט קיין שטערונג פאַר דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג; זי וועט נאָך, פערקעהרט, צוגעבען איהר קראַפט. און די דאָזיגע ענטוויקלונג וועט, ווי ביז אַהער אַזוי אויך ווייטער, פיהרען דערצו, אַז די הויז־אַרבייטען וועלען איינע נאָך דער אַנדערער איבערגעהן אין בעזונדערע אינדוסטריעלע בעטריעבען, אַז די פרוי וועט הערען פון אַנ׳אַרבייטערין אין דער איינענער שטוביגער בעל־הבית׳שקייט אַנ׳אַרבייטערין אין גרויס־בעטריעב. אָבער דער דאָזיגער איבערגאַנג וועט שוין מעהר ניט בעדייטען פאַר דער פרוי אַנ׳איבערגאַנג פון דער הויז־שקלאַפעריי צו דער שכירות־שקלאַפעריי; ער וועט איהר מעהר ניט אַרויסרייסען פון איהר געשטיצטער לאַגע אין דער פאַמיליע, אום צו וואַרפען איהר אין די שוואַכסטע און וועניגער פון אַלע געשטיצטע שיכטען פון פּראָלעטאַריאַט; דורך איהר אַרבייט אין דעם גענאָסענשאַפטליכען גרויס־בעטריעב וועט די פרוי ווירטשאַפטליך ווערען גלייך מיט׳ן מאַן און וועט נעהמען אין דער געגאָסענשאַפט אַ גלייכען אַנטייל, ווי ער. זי וועט זיין זיינע אַ פרייע געגאָסין, בעפרייט (עמאַנציפּירט) ניט נאָר פון דער קנעכטשאַפט פונ׳ם איינענעם הויז, נאָר אויך פון דער קנעכטשאַפט פון קאַפּיטאַל. זייענדיג אַליין איבער זיך אַ בעל־דעה, זייענדיג גלייך מיט׳ן מאַן, וועט זי מאַכען אַ סוף פון יעדען אַרט פּראָסטיטוציאָן, פון דער געזעצליכער, ווי פון דער אונגעזעצליכער, און צו׳ם ערשטען מאָל אין דער וועלט־געשיכטע וועט די פערבינדונג צווישען מאַן און ווייב, געבויט אויף דער גלייכער טרייקייט פון איינעם צו דער אַנדערער, אָנהויבען צו עקסיסטירען אין דער ווירקליכקייט, ניט נאָר נאָכ׳ן נאָמען נאָך, ווי ביז איצט.

דאָס זענען נישט אוטאָפּיסטישע פּראָיעקטען, נאָר וויסענשאַפטליכע איבערצייגונגען, געבויט אויף געוויסע פאַקטען. ווער עס וויל בעווייזען, אַז זיי זענען פאַלש, מוז בעווייזען, אַז עס עקזיסטירען נישט דיזע פאַקטען; און אַזוי ווי דאָס האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבען,

בלייבט, פערשטעהט זיך, פאַר די דאַמען און הערען, וועלכע ווילען ניט וויסען פון דיזער ענטוויקלונג, נאָר איין ראיה" — צו שרייען אין איין קול, אַז זייערע זיטליכע געפיהלען קענען עס ניט פערטראָגען, און צו בעווייזען דורך ליגען און פעלשונגען, ווי הויך עס שטעהט זייער אייגענע זיטליכקייט. דערמיט וועלען זיי, פערשטעהט זיך, אַפילו אויף אַ מינוט ניט אויפהאַלטען די אונפערמיידליכע ענטוויקלונג.

איינס איז זיכער, אַז ניט דורך דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אָדער דורך דעם עצם-כאַראַקטער פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן וועט פונאַנדערפאַלען די אַלטע פאַמיליענפאָרם, נאָר דורך דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, וועלכע עס קומט פאָר שוין זייט צעהנדליגער יאָהרען פאַר אונזערע אויגען. די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט ניט און קען ניט אויפהאַלטען דיזע ענטוויקלונג, זי וועט נאָר פערניכטען די פייניגענדע און ערנידריגענדע זייטען פון איהרע רעזולטאַטען, די זייטען וועלכע זענען נאַטור-נויטהווענדיג פערבונדען מיט דיזער ענטוויקלונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אין דער צייט, ווען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט פיהרט דערצו, אַז עס ווערט פונאַנדערגעריסען יעדע פאַמיליען-פערבונדיג, יעדער פעסטער פאַמיליען-לעבען, וועט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט נאָר אויף אַזוי פיעל פאָרקומען די צערשטערונג פון דער איצטיגער פאַמיליען-פאָרם, אויף ווי פיעל איהר אָרט וועט פערנעהמען אַ העכערע פאַמיליען-פאָרם.

דאָס איז דער ריינער אמת וועגען דעם, ווי די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ציעלט זיך צו צערשטערען דעם פאַמיליען-לעבען.

## 8. די קאָנפיסקאַציאָן פון אייגענטום.

אונזערע געגנער, וועלכע ווייסען בעסער, וואָס מיר ווילען, איידער מיר אַליין, און וועלכע קענען זיך פאָרשטעלען די „צוקונפטס-מלוכה" קלאָרער און בעשטימטער איידער מיר, זענען אויך דערגאַנגען, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט אַנדערש ניט קענען קומען צו איהר הערשאַפט, נאָר דורך דער עקספּראָפּריאַציאָן (אָבנעהמען דאָס אייגענס) פון די האַנדווערקער און בויערן, ביי וועל-

כע עס וועט אַליין קאָנפיסקירט ווערען (אָבנעהמען, ניט אומקעהרענדיג דעם היזק). ניט נאָר דאָס הויז מיט דעם הויף, נאָר אויך דאָס בעוועגליכע אייגענס, אָהן וועלכען מען קען אויסקומען, און... דאָס מזומנ'ע געלד, וואָס זיי האָבען אָנגעקליבען אין די שפּאָר־קאַסען. נעבען דער טענה, אַז מיר ציעלען זיך כלומר'שט צו צוּרייסען מיט געוואַלד יעדע פאַמיליען־פערבינדונג, איז דאָס אויך איינע פון די קונציגסטע גענג, מיט וועלכע אונזערע געגנער ווילען אונז געבען מאַט.

דערויף דאַרף מען בעמערקען, אַז דער עצם־האַראַקטער פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איז אויף קיין אופן ניט פערבונדען מיט אַזאַ קאָנפיסקאַציאָן.

וועגען דער קאָנפיסקאַציאָן געפינט זיך ניט אין סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פּראָגראַם קיין איין וואָרט. ניט דערפאַר, ווייל די פּאַרטיי האָט מורא אָבצושרעקען דערמיט וועמען עס איז, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל מען קען וועגען דעם בעשטימט גאָר ניט זאָגען. בעשטימט קען מען נאָר ערקלערען, דאָס די טענדענץ פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג מאַכט פאַר נויטיג, אַז די גרויס־בעטריעבען זאָלען איבערגעהן אין געזעלשאַפטליכען אייגענטום און זיי זאָלען לטובת הכלל געפיהרט ווערען. אויף וועלכען אופן דער דאָזיגער איבערגאַנג וועט פּאָרקומען, צי די אונפערמיידליכע עקספּראָפּריאַציאָן וועט פּאָרקומען אַזוי, אַז מען וועט דערביי אומקעהרען דעם היזק, אָדער ניט, צי זי וועט דורכגעפיהרט ווערען בשלום, אָדער מיט געוואַלד — דאָס זענען פראַגען, אויף וועלכע קיין מענש קען קיין ענטפער ניט געבען. די פערגאַנגענהייט גיט אונז אויך ניט קיין ענטפער אויף די דאָזיגע פראַגען. דער איבערגאַנג קען אויף דעם פערשיעדענסטען אופן פּאָרקומען, פּונקט ווי די בעפרייאונג פון דעם פעאָדאַלען יאָך איז פּאָרגעקומען אין די פערשיעדענע לענדער אויף דעם פערשיעדענסטען אופן. די פאָרם פון דעם איבערגאַנג העננט אָב פון דער אַלגעמיינער לאַגע, ביי וועלכער ער וועט פּאָרקומען, פון דער קראַפט און בעוואוסטזיין פון יעדערן פון די אינטערעסירטע קלאַסען א. ז. וו., — דורכאויס פון בעדינגונגען, וועלכע מען קען פון פריהער ניט אויסרעכענען. די גרעסטע ראָלע אין דער געשיכטליכער ענטוויקלונג שפּיעלען אַזעלכע זאַכען, אויף וועלכע מען האָט זיך גאָר ניט גערעכט.

עס פערשטעהט זיך, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטען פער־לאַנגען, אַז די אונפערמיידליך־געוואָרענע עקספּראָפּריאַציאָן פון די גרויס־בעטריעבען זאָל ברענגען ווי ווייט מעגליך וועניגער ליידען, אַז זי זאָל פאָרקומען בשלום און מיט'ן מיטשטימונג פון אַלע צדדים. אָבער די היסטאָרישע ענטוויקלונג ווערט אויך אַזוי וועניג בעשטימט דורך אונזערע פערלאַנגען, ווי דורך די פערלאַנגען פון אונזערע געגנער.

אויף קיין פאַל קען מען ניט זאָגען, אַז די דורכפיהרונג פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פּראָגראַם פאָדערט ביי אַלע בעדינ־גונגען, אַז עס זאָל קאָנפיסקירט ווערען דאָס אייגענטום, וועלכען עס וועט נויטיג זיין צו עקספּראָפּריאירען.

דערפאַר קען מען אָבער בעשטימט זאָגען, אַז די עקאָנאָ־מישע ענטוויקלונג מאַכט פאַר נויטיג נאָר די עקספּראָפּריאַציאָן פון א טייל פון דעם עקסיסטירענדען אייגענטום. די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פאָדערט, אַז די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זאָלען איבערגעהן אין געזעלשאַפטליכען אייגענטום; דאָס פּריוואַט־אייגענ־טום אויף די מיטלען פון פּערזענליכען פערברויך ווערט דורך דעם אויף קיין אופן ניט אָנגערירט. דאָס איז נוגע ניט נאָר לעבענס־מיטלען, מעבעל א. ז. וו.; מען דאַרף זיך דערמאָהנען, וואָס מיר האָבען אין פאָריגען קאַפּיטעל געזאָגט וועגען די שפּאָר־קאַסען. זיי זענען אַ מיטעל אויף צו פערשאַפען פאַר די קאַפּי־טאַליסטען די מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט'ן אייגענטום פון די ניט־קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען. יעדע פון די קליינע סומען, וואָס ליעגען אין די שפּאָר־קאַסען איז אַליין צו קליין אויף צו פיהרען אַ קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונג. ערשט דורכדעם, וואָס אַ סך אַזעלכע סומען קלייבען זיך צונויף אין באַנק, קענען זיי דינען פאַר אַ קאַפּיטאַל. אין דעם ערך, ווי די קאַפּיטאַליסטישע אונטער־נעהמונגען וועלען איבערגעהן אין דעם אייגענטום פון דער געזעל־שאַפט, וועט אַלץ קלענער ווערען די מעגליכקייט צו בעקומען פּראָ־צענטען פאַר די סומען, וואָס מען לעגט אַריין אין באַנק. און זיי וועלען אויפהערען צו זיין קאַפּיטאַל און וועלען ווערען ווי אַנ' אוצר, וועלכער טראָגט קיין פּראָצענט ניט אַריין, אַ זאַפּאַס פאַר דעם געברויך. אָבער דאָס איז דאָך עפּעס גאַנץ אַנ־דערש, ווי קאָנפיסקירען דאָס מזומנ'ע געלד, וואָס עס ליעגט אין די שפּאָר־קאַסען.

אַזאַ קאָנפיסקאַציאָן איז אָבער ניט נאָר ניט נויטיג צוליעב עקאָנאָמישע טעמים, נאָר זי איז אויך גאַנץ אונגלויבליך איבער פּאָליטישע טעמים. די קליינע סומען, וואָס ליגען אין די שפּאָרקאַסען, געהערען אַם מעהרסטענס צו די עקספּלואַטירטע קלאַסען, צו יענע קלאַסען, וואָס זייער קראַפט אַליין קען איינפיהרען אין דער געזעלשאַפט דעם סאָציאַליזמוס. נאָר ווער עס רעכענט, אַז די דאָזיגע קלאַסען זענען איינגאַנצען עובר-בטל, נאָר יענער קען גלויבען, אַז כּדי צו בעקומען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען אין זייערע הענד, וועלען זיי אָנהייבען דערפון, וואָס זיי וועלען ביי זיך גופא אַוועקנעהמען זייערע אָבגעשפּאָרטע גראָשענס.

אָבער דער איבערגאַנג צו דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן איז ניט נאָר ניט פערבונדען מיט דער עקספּראָפּריאַציאָן פון די געברויכס-מיטלען, נאָר ער פּאָדערט אויך ניט, אַז אַלע בעלי-הבתים פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען זאָלען עקספּראָפּריאירט ווערען.

דער **גרויס-בעטריעב**, אָט ווער עס מאַכט נויטיג די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט; די געגאָסענשאַפטליכע פּראָדוקציאָן פאָדערט אויך דעם געגאָסענשאַפטליכען אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. אָבער פּונקט ווי דאָס פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען פּאַסט הורכּאוים ניט צו דער געגאָסענשאַפטליכער אַרבייט אין דעם גרויס-בעטריעב, אַזוי פּאַסט אויך הורכּאוים ניט דאָס געגאָסענשאַפטליכע אָדער געזעלשאַפטליכע אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען צו דעם קליין-בעטריעב.

דער קליין-בעטריעב פּאָדערט, ווי מיר האָבען געזעהן, דעם פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. פערניכטען דעם דאָזיגען פּריוואַט-אייגענטום אין די קליינע בעטריעבען וואָלט דאָך געוויס קיין שום צוועק ניט געהאַט, ווייל די טענדענץ פון דעם סאָציאַליזמוס געהט דערצו, צו מאַכען די אַרבייטער פאַר בעלי-הבתים איבער די נויטיגע פּראָדוקציאָנס-מיטלען. די עקספּראָפּריאַציאָן פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען אין דעם קליין-בעטריעב וואָלט אויף אַזאַ אופן געווען אַ משוגעת, ווייל דאָס וואָלט הייסען אָבנעהמען זיי ביי זייערע ביז-איצטיגע בעלי-הבתים, כּדי אומצוקעהרען זיי ווידער צוריק אין די זעלבע הענד.

**דער איבערגאַנג צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט פּאָדערט אַלזאָ בשום אופן ניט די עקס-**

פּראָפּריאַציאָן פון די קליינע האַנדווערקער און קליינבויערן. דער דאָזיגער איבערגאַנג וועט ביי זיי גאָר ניט אַוועקנעהמען, נאָר, פערקעהרט, ער דאַרף פאַר זיי ברענגען געוויסע נוצען. די כאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ברענגט מיט זיך, ווי מיר האָבען געזעהן, די טענדענץ צו פערבייטען די סחורה־פּראָדוקציאָן אויף דער פּראָדוקציאָן פאַר'ן אייגענעם פערבּרויך; דעריבער וועט זי זיך אויך מוזען ציעלען דערצו, אַז אַלע געזעלשאַפטליכע אָבגאַבען, שטייערען אָדער צינזען פאַר די היפּאָטעקען (פערמשכנ'טע אייגענס), וועלכע וועלען אַריבערגעהן אין געזעלשאַפטליכען אייגענטום (ווי ווייט זיי וועלען אינגאַנצען ניט בטל ווערען), זאָלען די מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט אַריינטראָגען ניט מיט געלד, נאָר מיט פּראָדוקטען: תבואה, ווין, בהמות א. ז. וו. און דאָס איז אָבער פאַר די בויערן אַ גרויסע פערגרינגערונג. זיי ציעלען זיך שוין איצטער אין פיעלע ערטער צו דערגרייכען דערצו. נאָר דאָס איז אונמעגליך, כל זמן עס הערשט די סחורה־פּראָדוקציאָן. נאָר די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט קען איהר ברענגע, און דערמיט וועט זי פערניכטען איינע פון די הויפּט־אורזאַכען, צוליעב וועלכע עס ווערט חרוב די בויערליכע ווירטשאַפט.

באמת ווערען בויערן און האַנדווערקער עקספּראָפּריאירט, ווי מיר האָבען געזעהן, דורך די קאַפּיטאַליסטען. די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט מאַכען אַ סוף צו דער דאָזיגער עקספּראָפּריאַציאָן.

עס פערשטעהט זיך, אַז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג וועט ניט אָבגעהאַלטען ווערען דורך דעם סאָציאַליזמוס, פערקעהרט, ער, דער סאָציאַליזמוס, איז דער איינציגער מיטעל מעגליך צו מאַכען דעם ווייטערען גאַנג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, נאָכדעם, ווי זי וועט דערגרייכען ביז צו דער לעצטער מדרגה, צו וועלכער זי קען דערגעהן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. ווי אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, אַזוי וועט זיך דער גרויס־בעטריעב אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אויך וואָס ווייטער אַלץ מעהר ענטוויקלען און וועט אַלץ מעהר איינשלינגען די קליין־בעטריעבען. דאָ איז אָבער אויך ריכטיג דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דער פאַמיליע. די ריכטונג פון דער ענטוויקלונג וועט בלייבען די זעלבע, אָבער דער סאָציאַליזמוס וועט

פערניכטען אַלע צרות און לײַדען, אַלע שרעקליכע ערשײַנונגען, װעלכע בעגלײַטען די ענטװיקלונג אין דער הײַנטיגער געזעלשאַפט, און אין דער זעלבער צײַט װעט ער געבען יעדערן די מעגליכקײַט הנאָה צו האָבען פון די נוצען, װעלכע זי ברענגט.

װען דער בויער אָדער האַנדװערקער מוז הײַנט װאַרפען די אַר־בײַט אין אַ קלײן־בעטריעב און אָנקומען פאַר אַ נ'אַרבײַטער אין אַ גרויס־בעטריעב, הײסט דאָס פאַר איהם װערען פון אַ בעל־הבית אַ פּראָלעטאַריער.

אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט װעט, פערקערט, דער בויער אָדער דער האַנדװערקער, װעלכער עס װעט איבערגעהן צו דער אַרבײַט אין אַ געזעלשאַפטליכען גרויס־בעטריעב, בעקומען אַ חלק פון אַלע נוצען, װאָס דער גרויס־בעטריעב פערשאַפט; זײַן לאַגע װעט זיך בעדײַטענד פערבעסערען; זײַן איבערגאַנג פון קלײן־בעטריעב צו'ם גרויס־בעטריעב װעט מעהר ניט הײסען — װערען פון אַ בעל־הבית אַ פּראָלעטאַריער, פערקעהרט, גיכער — װערען פון אַ מענשען מיט אַ קלײנעם פערמעגען אַ מענשען מיט אַ גרויסען פער־מעגען.

דער זעלבסטשטענדיגער קלײן־בעטריעב מוז אונטערגעהן, מען קען איהם דערפון ניט ראַטעװען, אָבער נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מאַכט מעגליך דעם גאַנצען כלל בויערן און האַנדװערקער צו װע־רען אַרבײַטער אין דעם גרויס־בעטריעב, ניט אַראָב־לאָזענדיג זיך דערבײַ ביז צו דער מדרגה פון פּראָ־לעטאַריאַט. נאָר אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט װעט דער אונפערמײַדליך־געװאָרענער אונטערגאַנג פון דער בויערליכער לאַנד־װירטשאַפט און פון דעם האַנדװערק אויפהײבען די לאַגע פון די בויערן און האַנדװערקער.

די בעװעגענדע קראַפט פון דער עקאָנאָמישער ענטװיקלונג װעט שוין מעהר ניט זײַן די קאָנקורענץ, װעלכע מאַכט אַ תל פון די אָבגעשטאַנענע אונטערנעהמונגען און עקספּראָפּריאירט זײערע בעלי־הבתים, נאָר די צוציהונגס־קראַפט, מיט װעלכער די הע־כער ענטװיקעלטע בעטריעבען און בעטריעבס־פאָרמען װעלען צוציהען צו זיך די אַרבײַטער פון די אָבגעשטאַנענע בעטריעבען און בע־טריעבס־פאָרמען.

אַזאַ אַרט ענטוויקלונג ברענגט ניט מיט זיך קיין ליידען און אויסער דעם געהט זי אויך פיעל גיכער, איידער די ענטוויקלונג, וואָס די קאָנקורענץ רופט אַרויס. היינט, ווען די איינפיהרונג פון נייע, העכערע בעטריעבס־פאָרמען קענען אַנדערש ניט פאָרקומען, ווי עס זאָלען ניט עקספּראָפּריאירט ווערען דורכדעם די בעלי־הבתים פון די אָבגעשטאַנענע בעטריעבען, ווי דאָס זאָל ניט ברענגען דחקות און צרות פאַר די גרויסע אַרבייטער־מאַסען, וועלכע ווערען איבּריג, — מוז יעדער עקאָנאָמישער פאָרטשריט אַרויסרופען אַנ׳איינגע־שפּאַרטען ווידערשטאַנד. מיר האָבען געזעהן, ווי שטאַרק עס האַלטען זיך זעהר אָפט די פּראָדוצענטען פאַר די פערעלטערסטע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען, ווי פערצווייפעלט זיי בינדען זיך צו צו די דאָזיגע פאָרמען, כל זמן ס׳איז פאַרהאַן אין זיי אַ פונק פון לעבען. קיינמאָל איז נאָך אַ פּראָדוקציאָנס־אופן געוועזען אַזוי רעוואָלוציאָנער, ווי דער איצטיגער, קיינמאָל האָט נאָך ניט פּאַסירט, אַז אַ פּראָ־דוקציאָנס־אופן זאָל אין פערלויף פון איין יאָהר־הונדערט אַרויס־רופען אַזעלכע גרויסע איבּערקעהרענישען אויף אַלע געביעטען פון דער מענשליכער טהעטיגקייט; און פונדעסטוועגען וויפיעל הורבות פון פערעלטערטע, אָבגעלעבטע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען האַלטען זיך נאָך עד היום!

ספּעציעל אין דער לאַנדווירטשאַפט האָבען מיר געפונען, אַז דער בויערליכער בעטריעב פערזינקט אַלץ מעהר אין זומפּ און האַלט אין פיעל ערטער ביי׳ם פאָלקאָמען אונטערגאַנג, אַז אָבער דער גרויס־בעטריעב שלינגט איהם בשום אופן ניט איין געשווינד. ווי באַלד אָבער עס וועט ניט זיין קיין מורא אַריינגעשליידערט צו ווערען אין פּראָלעטאַריאַט דורכדעם, וואָס מען וואַרפט אַוועק דעם זעלבסטשטענ־דיגען בעטריעב, ווי באַלד אָבער עס וועלען זיך אַרויסווייזען אויף די פערשיעדענסטע געביעטען די מעלות פון דעם געזעלשאַפטלי־כען גרויס־בעטריעב פאַר אַלע, וועלכע עס נעהמען אין איהם אַנ׳ אַנטהייל, ווי באַלד יעדער וועט האָבען די מעגליכקייט צו געניסען פון די דאָזיגע מעלות, — וועלען נאַר נאַרען נאָך שטרעבען איינצו־האַלטען פערעלטערטע בעטריעבס־פאָרמען.

וואָס דעם קאַפּיטאַליסטישען גרויס־בעטריעב האָט זיך ניט איינגעגעבען אין פערלויף פון הונדערט יאָהר, וועט דער סאָציאַ־ליסטישער גרויס־בעטריעב דערגרייכען אין אַ קורצע צייט: איינשלינ־

געגען די אָבגעשטאַנענע קליין־בעטריעבען. ער וועט עס דערגרייכען אָהן עקספּראָפּריאַציאָן, דורך דער קראַפֿט, מיט וועלכער עס ציהט צו זיך דער בעטריעב, וואָס בּרענגט מעהר נוצען.

וואו די בּויערלּיכע פּראָדוקציאָן איז נאָך ניט קיין סחורה־פּראָדוקציאָן, נאָר דער עיקר אַ פּראָדוקציאָן פֿאַר'ן אייגענעם געבּרויך, וועט נאָך אפֿשר די בּויערליכע לאַנדווירטשאַפֿט זיך האַלטען אַ קורצע צייט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט. סוף כל סוף וועלען אויך די דאָזיגע מאַסען פֿון דער בּויערליכער בּעפֿעלקערונג אָנהייבּען צו פֿערשטעהן די מעלות פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען גרויס־בּעטריעב.

דער איבּערגאַנג פֿון קליין־בּעטריעב צו'ם גרויס־בּעטריעב אין דער לאַנדווירטשאַפֿט וועט פֿערגיכערט און פֿערגרינגערט ווערען הויפּטזעכליך. דורכדעם, וואָס עס וועט וואָס ווייטער אַלץ מעהר בטל ווערען דער קאָנטראַסט צווישען שטאָדט און דאָרף, דורך די טענדענץ אַריבּער־צוטראָגען די אינדוסטריע פֿון שטאָדט אויפ'ן לאַנד — אַ טענדענץ, וואָס די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט וועט מוזען אין זיך האָבּען. ליידער, מוזען מיר זיך דאָ בּעגנוגען מיט דער דאָזיגער קורצער בּעמערקונג, ווייל עס וואָלט אונז צו ווייט פֿערפֿיהרען, ווען מיר וואָלטען זיך נעהמען בּרייטער אַרומרעדען דעם דאָזיגען פּונקט.

## 9. די פֿאַנאַנדערטיילונג פֿון די פּראָדוקטען אין דער „צוקונפֿטס־מלוכה".

מיר וועלען בּעטראַכטען נאָר נאָך איין פּונקט, וואָס האָט אַ שייכות צו דער „צוקונפֿטס־מלוכה", יענעם פּונקט, וועלכען פֿיעלע רעכענען פֿאַר דעם וויכטיגסטען פֿון אַלע איבּעריגע. די ערשטע פֿראַגע, מיט וועלכער אַ זייטיגער מענש ווענדט זיך צו אַ סאָציאַליסט, איז געוועהנליך אַזאַ: „ווי וועט איהר טיילען אייערע עשירות? וועט יעדער בּעקומען אַ גלייכען חלק און יעדער דאָס זעלבּע?

טיילען! דאָס געהט דעם פֿיליסטער (בּטלן) פֿון זינען ניט אַרויס. נאָר אין דער הלוקה ליגט פֿאַר איהם דער גאַנצער סאָציאַליזמוס. נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק האָבּען אין דייטשלאַנד די גע־

בילדעטסטע מענשען גערעכענט, אז די קאמוניסטען ווילען פאנאנדער־טיילען צווישען פאלק אלע עשירות, וועלכע זענען פאראנען ביי דער נאציאן.

דאס, וואס דיזע מיינונג האט זיך געקענט אזוי פער׳עקשנ׳ט איינהאלטען, ניט קוקענדיג אויף אלע פראטעסטען פון דער סאציאל־דעמאקראטיע, אין דעם איז שולדיג ניט אליין די אונארענטליכקייט און די שלעכטס פון אונזערע געגנער, נאר — און אפשר דער עיקר — דאס וואס זיי זענען ניט פעהיג צו פערשטעהן די בעדינגונגען, וועלכע עס האט בעשאפען די ענטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע. דער קרייז פון די אידעען, אין וועלכע זיי לעבען, געהט נאך אפט ניט ווייטער פאר די מיינונגען, וועלכע האבען געפאסט פאר דעם קליין־בע־טריעב. נאכ׳ן שטאנד־פונקט פון דעם קליין־בעטריעב איז די הלוקה די איינציגע מעגליכע פארם פון סאציאליזמוס. דעם קליינבירגער און בויער איז טאקע באמת זעהר לייכט צו קומען אויף דעם גדאנק וועגען טיילען זיך. זינט עס האט זיך אנגעהויבען די סחורה־פראדוק־ציאן אין די אלטע צייטען, איז זעהר אפט פארגעקומען, אז בויערען אדער בעלי־מלאכות, וועלכע איניגע רייך־געווארענע פאמיליען — פון סוחרים אדער ערד־בעזיצערס — האבען געבראכט צו ארימקייט און אבהענגיגקייט, פלעגען זיך זוכען צו העלפען דורך דעם, וואס זיי פלעגען פערטרייבען די גבירים און צוטיילען זייער אייגענס. ערשט מיט הונדערט יאהר צוריק, בעת דער פראנצויזישער רעוואלוציאן, וועלכע עס האט אזוי שטארק אונטערגעשטריכען, אז דאס רעכט אויף פריוואט־אייגענטום איז הייליג, האבען די בויערען און די בעלי־מלאכות געטיילט — צ. ב. די עשירות פון די קירכען. די הלוקה — דאס איז דער סאציאליזמוס פון דעם קליינ־בע־טריעב, דער סאצ׳יאליזמוס פון די „קאנסערוואטיווע״ פאלקס־שיכטען, פון די „מלוכה־פיהרערס״, נישט דער סאציאליזמוס פון דעם גרויס־אינדוסטריעלען פראלעטאריאט.

עס האט פיעל געדויערט, ביז עס האט זיך סוף כל סוף איינ־געגעבען אריינשלאגען אין די פילאזאפישען מוחות פון דער דייטשער נאציאן, אז די סאציאל־דעמאקראטען ווילען ניט טיילען, נאר פער־קעהרט, זיי ציעלען זיך פונקט צו דעם היפך דערפון, — צו פער־איניגען אין די הענד פון דער געזעלשאפט די פראדוקציאנס־

מיטלען, וועלכע זענען ביז אַהער צוטיילט צווישען פיעלע בעלי־בתים.

דערמיט אָבער איז ניט פערענטווערט געוואָרען די פראַגע וועגען דעם טיילען. ווען די פראָדוקציאָנס־מיטלען געהערען דער געזעל־שאַפט, איז זי נאַטירליך אויך דער בעל־דעה איבער די פראָדוקטען, וועלכע ווערען אויסגעאַרבייט מיט דיזע פראָדוקציאָנס־מיטלען. אויף וועלכען אופן וועט זי צוטיילען דיזע פראָדוקטען צווישען איהרע מיטגלידער? וועט יעדערער בעקומען אַ גלייכען חלק, אָדער לפי ערך נאָך זיין אַרבייט נאָך? און צי וועט מען אין לעצטען פאַל פאַר יעדע אַרבייט בעקומען דעם גלייכען שכר, גאַנץ גלייך צי זי איז אַנגע־נעהם אָדער אונאַנגענעהם, שווער אָדער לייכט, צי זי פאָדערט אַ וועלכע עס איז קענטניס אָדער ניט?

אין דעם ענטפער אויף דיזע פראַגען ליגט, ווי עס דוכט זיך, דער רעכטער עיקר פון סאָציאַליזמוס. ניט נאָר אונזערע געגנער האָבען אַסך געטומעלט וועגען איהר, נאָר די פריהערדיגע סאָציאַליסטען האָבען אויך געשענקט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע וועגען דער פאַנאַנדערטיילונג פון די פראָדוקטען. פון פורי'ע ביז ווייט־לינג און פון ווייטלינג ביז בעללאַמי האָבען זיך פיעלע אויף דעם פערשידענסטען אופן געפרובט צו געבען אַן ענטפער אויף דיזער פראַגע, אין וועלכען עס איז אָפט געלעגען פיעל שכל און טיעפקייט. „פּאָזיטיווע פּראָיעקטען" פעהלען אויך נישט, און פיעלע פון זיי זענען אויך אַזוי איינפאַך ווי פּראַקטיש.

די פראַגע איז אָבער באמת גאָר ניט אַזוי וויכטיג, ווי פיעלע האָבען אָפט געהאַלטען.

די פאַנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען פלעגט מען רעכענען פאַר אַ זאַך, וואָס איז גאַנץ אונאָבהענגיג פון דער פּראָדוקציאָן. און אַזוי ווי די צרות און הפכים פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָ־דוקציאָנס־אופן האָבען זיך צוערשט אַרויסגעוויזען אין דער אַרט, ווי די פּראָדוקטען ווערען פאַנאַנדערגעטיילט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, איז דאָס גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די עקספּלואַטירטע און זייערע פריינד האָבען געזעהען דעם וואָרצעל פון אַלע צרות אין דער „אונגערעכטער" פאַנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען.

נאַטירליך האָבען זיי גערעכענט, לויט די מיינונגען, וועלכע האָבען געהערשט אין אָנפאַנג פון לעצטען יאָהר־הונדערט, אַז דיזע פאַנאַנדערטיילונג קומט אַרויס פון די הערשענדע אידעען, פון די

מייִנונגען וועגען רעכט און אונרעכט. און כּדי צו פערניכטען די אונ־גערעכטע פאַנאַנדערטיילונג, דאַרף מען אויסקלערען אַ בּעסערע און גערעכטערע און קלאָר בּעוויַיזען דער וועלט איהרע מעלות. די גע־רעכטע פאַנאַנדערטיילונג האָט ניט געקענט זיַין קיין אַנדרע, ווי נאָר דער היפּך פון דער עקזיסטירענדער. הייַנט הערשט די גראָבּסטע און די שרעקליכסטע אונגלייַכהייַט. דער פּרינציפּ פון דער פאַנאַנדער־טיילונג זאָל דעריבּער זיַין — ווי אַ טייל האָט געהאַלטען — די גלייַכהייַט. הייַנט לעבּט דער לעדיגגעהער אין רייַכקייַט, דער אַר־בּייטער אין דהקות, דעריבּער האָבּען אַנדערע גע'טענ'ט: יעדערער זאָל בּעקומען נאָך זייַן אַרבּייט נאָך (אָדער ווי מען דריקט זיך הייַנט אויס, — אין דעם נייַעם נוסח: יעדערען דער פּראָ־דוקט פון זייַן אַרבּייט). אָבּער מען האָט אָנגעהויבּען מסופּק צו זייַן ווי אין דעם ערסטען אַזוי אויך אין דעם אַנדערען פּרינציפּ, און אַזוי האָט מען אַרויסגעשטעלט נאָך אַ דריטען: יעדערען נאָך זייַנע בּעדערפניסען.

פון דעמאָלט אָן האָבּען די סאָציאַליסטען דערקענט, אַז די פאַנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען אין אַ וועלכער עס איז געזעל־שאַפט, ווענדט זיך ניט אָן די הערשענדע מייִנונגען איבּער רעכט, אָן די טעאָריען וועגען רעכט, נאָר אָן דעם פּראָדוקציאָנס־אופן, וועלכער עס הערשט אין איהר. דער חלק פון די ערד־בּעזיצער, קאַפּיטאַ־ליסטען און שכירות־אַרבּייטער אין דעם גאַנצען פּראָדוקט פון דער הייַנטיגער געזעלשאַפט ווערט בּעשטימט דורך דער ראָלע, וועלכע עס שפּיעלען אין דעם הייַנטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן די ערד, דאָס פערמעגען פון די קאַפּיטאַליסטען און די אַרבּייטס־קראַפט. אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט, פערשטעהט זיך, די פאַנאַנדער־טיילונג פון פּראָדוקטען ניט פאָרקומען נאָך געזעצען, וועלכע עס ווירקען בּלינד און וועלכע עס געהען אַרייַן אין לעבּען, כּמעט ניט קומענדיג צום בּעוואוסטזייַן פון די פּעראינטערעסירטע צדדים. אַזוי ווי עס ווערט הייַנט אין אַ גרויסער אינדוסטריעלער אונטערנעהמונג אויסגערעכענט און אייַנגעאָרדענט נאָך איין בּעשטימטען פּלאַן די פּראָדוקציאָן און די בּעצאָהלונג פון שכירות, אַזוי וועט דאָס אויך מוזען זייַן אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וועלכע וועט זייַן אויך ניט מעהר ווי אַנ'איינציגער, מורא'דיג גרויסער אינדוסטריעלער בּעטריעבּ. די פּעראינטערעסירטע צדדים וועלען אַלייַן אויפשטעלען

די תּקנות. נאָך וועלכע די פּראָדוקטען וועלען זיך פֿאַנאַנדערטיילען, אָבער זיי וועלען ניט האָבען די פֿרייע ברירה אויפֿשטעלען וועלכע תּקנות זיי ווילען, דיזע תּקנות וועט מען ניט קענען אויסטראַכטען פֿון קאָפּ, כּדי צו בלייבען טריי דעם אָדער יענעם „פּרינציפּ", נאָר זיי וועלען בעשטימט ווערען דורך די בעדינגונגען, וועלכע עס וועלען הערשען אין דער געזעלשאַפֿט, און קודם־כּל דורך די בעדינגונגען פֿון דער פּראָדוקציאָן.

אַזוי וועט צ. ב. דער גראַד פֿון דער פּראָדוקטיוויטעט פֿון דער אַרבייט אין דער אָדער יענער צייט האָבען די גרעסטע ווירקונג אויף דעם אופֿן, ווי מען וועט פֿאַנאַנדערטיילען די פּראָדוקטען פֿון דער אַרבייט. מען קען זיך פֿאָרשטעלען, אַז די אָנווענדונג פֿון דער וויסענשאַפֿט אין דער אינדוסטריע וועט מיט דער צייט אויפֿהייבען די פּראָדוקטיוויטעט פֿון דער אַרבייט ביז אַזאַ הויכען גראַד, אַז די מענשען וועלען האָבען אַלץ וואָס זיי דאַרפֿען איבער־גענוג; דאַן וועט דער פּרינציפּ: „יעדערען נאָך זיינע בעדערפֿנישען" דורכגעפֿיהרט ווערען גאָר לייכט, כּמעט פֿון זיך אַליין. פֿערקעהרט, ווי טיעף מען זאָל ניט זיין איבערצייגט אין דער גערעכטיגקייט פֿון דיזען פּרינציפּ, וואָלט מען איהם ניט קענען דורכפֿיהרען, אויב די פּראָדוקטיוויטעט פֿון דער אַרבייט וואָלט בלייבען אַזוי נידעריג, אַז מען וואָלט אָהן פֿיעל איבעריגע האָרעוואַניע ניט קענען אויסאַרבייטען מעהר, איידער מען דאַרף גראַדע האָבען.

דער פּרינציפּ: „יעדערען דאָס פּראָדוקט פֿון זיין אַרבייט" וועט אין יעדען פֿאַל ניט קענען אויסהאַלטען, ווייל ער שטימט דורך אויס ניט מיט די בעדערפֿנישען פֿון דער פּראָדוקציאָן. דען אויב דיזער פּרינציפּ זאָל יאָ האָבען אַ זינן, מוז מען איהם נאָר אַזוי פֿערשטעהן, אַז אַלע פּראָדוקטען פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אַרבייט זאָל מען יעדער מאָל פֿאַנאַנדערטיילען צווישען די מיטגלידער פֿון דעם סאָציאַליסטישען קהל. דיזער געדאַנק, אַקוראַט ווי דער געדאַנק וועגען דער גרויסער הלוקה, מיט וועלכער עס דאַרף זיך כּלומר'שט אָנהויבען די הערשאַפֿט פֿון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, געהערט צו דעם געדאַנקען־קרייז פֿון דעם היינטיגען פּריוואַט־אייגענטום. יעהרליך טיילען אַלע פּראָדוקטען פֿון דעם פֿערגאַנגענעם יאָהר, — וואָלט הייסען פֿאַנאַנדערטיילען ניט נאָר די מיטלען פֿון פּערזענליכען געברויך, נאָר אויך די מיטלען פֿון דער פּראָדוקציאָן, וועלכע זענען

אין דעם משך פון יאָהר אויסגעאַרבייט געוואָרען, וואָלט הייסען בּיסלעכווייז ווידער צוריק איינפיהרען דעם פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

דער עצם־כאַראַקטער פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן בּרענגט נויטווענדיג מיט, אַז אַ געוויסער טייל פון די פּראָדוקטען, וועלכע עס ווערען אויסגעאַרבּייט, זאָל פאַנאַנדערגעטיילט ווערען. אַלע יענע פּראָדוקטען, וועלכע מען מוז האָבּען, כּדי ווייטער צו פיהרען און צו פערגרעסערען די פּראָדוקציאָן (ווי אויך אויף אומצוקעהרען די הזיקות, וועלכע עס קענען זיך טרעפען), וועלען פערשטעהט זיך, ניט פאַנאַנדערגעטיילט ווערען. אויך ניט יענע פּראָדוקטען, וועלכע מען מוז האָבּען פאַר דעם קהל'שען געבּרויך ד. ה. וועלכע דיענען אויף צו בּויען, אויסהאַלטען אָדער פערבּרייטערען אַלערליי געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, צ. בּ. שוהלען, ערציהונגס־הייזער, שפּיטעלער, פערגניגונגס־ערטער א. ז. וו.

שוין אין דער איצטיגער געזעלשאַפט האַלט אין שטענדיגען וואַקסען די צאָהל און די גרויס פון אַזעלכע איינריכטונגען; אויך אויף דיזע געבּיעטען שטופּט אַרויס דער גרויס־בּעטריעב וואָס ווייטער אַלץ מעהר דעם קליין־בּעטריעב — אין דעם פאַל, ווענען וועלכען מיר רעדען, ספּעציעל די פאַמיליע. אין אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט דיזע ענטוויקלונג נאַטירליך ניט געשטערט ווערען, זי וועט, פערקעהרט, נאָך גיכער פאָרקומען.

די צאָהל פון די פּראָדוקטען, וועלכע עס קענען איבּערגעהן אין פּריוואַט־געבּרויך, פּריוואַט־אייגענטום, וועט אויף אַזאַ אופן אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט זיין אַ סך קלענער אין פערגלייך מיט דעם סכום פון אַלע פּראָדוקטען, איידער אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, וואו כּמעט אַלע פּראָדוקטען זענען סחורות, פּריוואַט־אייגענטום. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלען ניט פאַנאַנדערגעטיילט ווערען, ווי היינט, כּמעט אַלע פּראָדוקטען, נאָר בּלויז אַ רעשט פון זיי.

אָבּער אויך דיזען רעשט וועט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ניט קענען פאַנאַנדערטיילען גאַנץ נאָכ'ן פרייען ווילען. אויך דערבּיי וועט זי זיך שטענדיג מוזען רעכענען מיט דעם, וואָס עס פאָדערט די ווייטערער פיהרונג פון דער פּראָדוקציאָן. און אַזוי ווי די פּראָדוקציאָן וועט זיך שטענדיג ענדערען און ענטוויקלען, וועלען שוין

איבער דעם טעם אַליין זיך ענדערען אויפ׳ן פערשיעדענסטען אופן די פאָרמען און די אַרטען פון דעם פּראָדוקטען־פּאַנאַנדערטיילונג אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אויב מען רעכענט, אַז מען קען אויסקלערען אַ געוויסען סיסטעם פון אַ פּאַנאַנדערטיילונג, וועלכע זאָל טויגען פאַר אייביגע צייטען, איז דאָס אַ הוילע אוטאָפּיע. אויך אויף דיזען געביעט, ווי אויף אַלע אַנדערע, וועט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט קיין שפּרונג ניט מאַכען, נאָר זי וועט ווייטער ענטוויקלען די פּאַרטיגע פאָרמען, וועלכע זי וועט געפינען. די פּאַנאַנדערטיילונג פון פּראָדוקטען וועט אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אַ גאַנץ לאַנגע צייט פאָרקומען אֶפשר נאָר אין פאָרמען, וועלכע עס וועלען זיין אַ ווייטערע ענטוויקלונג פון די איצטיגע שׂכירות־פאָרמען. פון דיזע פאָרמען וועט זי מוזען אַרויסגעהן, און אַזוי ווי די שׂכירות־פאָרמען בייטען זיך ניט נאָר דער צייט נאָך, נאָר זיי זענען אויך אין דער זעלבער צייט פערשיעדען פאַר פערשיעדענע אַרבייטס־צווייגען און אין פערשיעדענע געגענדען, איז עס דעריבער ניט אונמעגליך, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט זאָלען אין איין צייט עקזיסטירען איינע נעבען די אַנדערע, די פערשיעדענסטע פאָרמען פון פּאַנאַנדערטיילונג, לויט נאָך די פערשיעדענע היסטאָרישע טראַדיציאָנען און געוואָהנהייטען, וועלכע וועלען איבערבלייבען צווישען דער בעפעלקערונג, און לויט נאָך די פערענדערליכע בעדערפנישען פון דער פּראָדוקציאָן. מען דאַרף זיך ניט פאָרשטעלען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ווי אַ פערגליווערטע אָדער ווי אַנ׳אויסגעגאָסענע פון איין פורעם, נאָר ווי אַ געזעלשאַפט, וועלכע עס געפינט זיך אין אַ שטענדיגער ענטוויקלונג און וועלכע איז רייך מיט די פערשיעדענסטע פערענדערליכע פאָרמען, וואָס עס קומט מיט דער נאַטור אַרויס פון דער וואַקסענדער אַרבייטס־טיילונג, וועלט־פערקעהר און דער הערשאַפט פון וויסענשאַפט און קונסט אין דער געזעלשאַפט.

אַ הויך דער „הלוקה” האָט די „גלייכהייט” פערשאַפט פיעל קאָפּ־וועהטאָג אונזערע געגנער. „די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, זאָגען זיי, ווילען, אַז יעדערער זאָל בעקומען אַ גלייכען חלק פון אַלע פּראָדוקטען. דער פלייסיגער מענש זאָל אַלזאָ בעקומען גלייך ווי פיעל דער פוילער; די שווערע און אונאַנגענעהמע אַרבייט זאָל ניט בעסער בעצאָהלט ווערען ווי לייכטע און אַנגענעהמע, די איינפאַכטע האַנד־

אַרבּײַט — ניט ערגער ווי די קינסטלערישע אַרבּײַט, צו װעלכער מען דאַרף זיך יאָהרען לאַנג לערנען, און ז. וו. עס פערשטעהט זיך, אַז בּײַ אַזעלכע בּעדינגונגען וועט יעדערער אַרבּײַטען ווי ווײַט מעגליך ווע- ניגער, קײנער וועט ניט װעלען אויספיהרען די שווערע און אונאַנגע- נעהמע אַרבּײַטען, קײנער וועט ניט װעלען וואָס עס איז אויסלערנען זיך, און דער סוֹף וועט זײַן, אַז די גאַנצע געזעלשאַפט וועט חָרב ווערען און וועט צוריק קעהרען צו דער בּאַרבּאַרײַ. דערפוֹן זעהט מען קלאָר. אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע שטרעבּונגען קענען ניט דורכ- געפיהרט ווערען.

אַז די אַלע טענוֹת האָבּען קײן שום זינן ניט, דאָס איז כּמעט ניט נויטיג אויספיהרליך צו ערקלערען נאָכדעם וואָס מיר האָבּען פריי- הער געזאָגט. מיר האָבּען ניט אַזעלכע שאַרפע אויגען, ווי אונזערע געגנער, און דעריבּער קענען מיר בּשוּם אוֹפן ניט זאָגען אַזוֹי בּע- שטימט ווי זײ, צו וועט די „צוקונפטס-מלוכה" יאָ אָדער ניט אַרוֹיס- געבּען אַ געזעץ, אַז אַלעמענס הכנסוֹת זאָלען זײַן גלײַך. און אויבּ אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וואָלט עס יאָ אָבּער ווען עס איז איינפאַלען אַרויסצוגעבּען אַזאַ געזעץ, און אויבּ דיזער געזעץ וואָלט ווירקליך בּרײַנגען צו יענע בּיטערע צרוֹת, וועלכע אונזערע געגנער זעהען אַזוֹי קלאָר פוּן פאָראויס, וואָלט דער נאַטירליכע רעזולטאַט דער- פון געוועזען אַזאַ, אַז עס וואָלט בּטל ווערען ניט די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן, נאָר דער פּרינציפּ פוּן גלײַכהײַט.

אונזערע געגנער וואָלטען פוּן דער גלײַכהײַט פוּן די הכנסוֹת נאָר דאַמאָלס געהאַט דאָס רעכט צו דרינגען, אַז ס'איז אונמעגליך דורכצופיהרען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, ווען זײ וואָלט זיך אײַנגעגעבּען צו בּעווײַזען, 1) אַז די דאָזיגע גלײַכהײַט קען אין קײן שוּם פאַל ניט שטימען מיט דעם ווײַטערען גאַנג פוּן דער פּראָדוק- ציאָן. דאָס האָבּען זײ בּיז אַהער ניט בּעוויזען און זײ וועלען עס קײנמאָל ניט קענען בּעווײַזען, ווײַל דער אַנטײל, וואָס דער אײנ- צעלנער נעהמט אין דער פּראָדוקציאָן, העננט אָב ניט בּלויז פוּן דעם געצאָהלט, וואָס ער בּעקומט, נאָר פוּן די פערשידענסטע בּע- דינגונגען: ווי שולדיגקײטס-געפיהל, די ליבּע צו כּבוֹד, די שטרע- בּונג אַריבּערצויאָגען דעם צווײטען, די געוואָהנהײט, די צוציהונגס- קראַפט פוּן דער אַרבּײַט א. ז. וו. וואָס פאַר אַ געשטאַלט די דאָזיגע בּעדינגונגען וועלען אָננעהמען אין דער צוקונפטיגער געזעל-

שאַפט, וועגען דעם קענען מיר נאָר מאַכען פערשיעדענע סברות, אָבער מיר קענען דאָס ניט וויסען בעשטימט; און — אגב איז צו בעמערקען — די סברות, וואָס מיר קענען וועגען דעם מאַכען, זענען ניט פאַר דער מיינונג פון אונזערע געגנער, נאָר געגען איהר. אונזערע געגנער האָבען אָבער אויסער דעם געמוזט, צווייטענס, בעווייזען, אַז די גלייכהייט פון די הכנסות איז אַזוי פעסט פערבונדען מיט דעם עצם־האַראַקטער פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז מען קען זיך גאָר נישט פאָרשטעלען אַזאַ אַרט געזעלשאַפט אָהן דער דאָזיגער גלייכהייט. אויך דאָס קענען זיי בשום אופן ניט בעווייזען, ווארום עס איז גענוג נאָר צו וואַרפען אַ בליק אויף די פערשיעדענע פאָרמען פון דער קאָמוניסטישער פּראָדוקציאָן, וועלכע האָבען בּיז אַהער עקסיסטירט, פון דעם פּערביטזייגען קאָמוניזמוס ביי די אַמאָליגע ווילדע בּיז די מאַרק־גענאָסענשאַפטען און הויז־גענאָסענשאַפטען פון דייטשע בויערן, אום צו זעהן, אַז דאָס גענאָסענשאַפטליכע אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען קען זיך פערטראָגען מיט די פערשיעדענסטע אופנים פון דער פאַנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען. אַלע פאָרמען פון'ם היינטיגען שׂכירות־סיסטעם — אַ בעשטימטער געהאַלט, שׂכירות פון שעה אָדער פון טאָג, שׂכירות פון שטיק, פּרעמיעס (בעלאָהנונג) פאַר אַזאַ אַרבייט, וואָס שטעהט העכער פאַר'ן געוועהנליכען דורכשניט, פערשיעדענע בעצאָהלונג פאַר פערשיעדענע טהעטיגקייטען — די דאָזיגע אַלע שׂכירות־פאָרמען, פערשטעהט זיך, אין אַנ'אומגעענדערטעס, מעהר פאַסענדעס געשטאַלט, קענען שטימען מיט דעם עצם־האַראַקטער פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. און יעדע פון די דאָזיגע פאָרמען וועט מסתמא צייטענווייז שפּיעלען אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע ראָלע, לויט נאָך די פערשיעדענע בעדערפעניששען און געוואָהנהייטען פון די געזעלשאַפטס־מיטגליעדער און לויט נאָך די פערשיעדענע בעדערפענישען פון דער פּראָדוקציאָן אין די פערשיעדענע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטען.

דערמיט ווילען מיר פונדעסטוועגען ניט זאָגען, אַז אויך דער פּרינציפּ פון דער גלייכהייט (וועלכע מוז ניט זיין דוקא אַזאַ מין אויסגלייכונג, ביי וועלכער אַליך זאָל זיין אויסגעגאָסען ווי פון איין פאָרם) פון די הכנסות אָדער פון די מאַטעריעלע לעבענס־בעדינגונגען וועט ניט שפּיעלען קיין ראָלע אין די סאָציאַליסטישע געזעל=

שאַפטען, נאָר ער וועט ניט שפּיעלען די ראָלע פון אַ ציעל, וועלכען מען וועט פלוצלונג דערגרייכען דורך אַ געצוואונגענער *אויסגלייכונג*, נאָר ער וועט זיין מעהר ניט ווי אַ *טענדענץ*, אַ ציעל, צו וועלכען עס וועט שטרעבען די נאַטירליכע *ענטוויקלונג*.

אונזערע געגנער סטאַרען זיך אָבשרעקען די אַרבייטער און די קליין־בירגער מיט דעם, וואָס זיי זאָגען, אַז די אויסגלייכונג פון די הכנסות וואָלט זייער לאַגע נאָר פערערגערען, ווייל, אויב מען וואָלט פאַנאַנדערטיילען די גאַנצע הכנסה פון די פערמעגענדע קלאַסען צווישען די אָרעמסטע קלאַסען, וואָלט דאָס אויך ניט געקלעקט אויף אויפצוהייבען די הכנסה פון די דאָזיגע קלאַסען ביז צו דער דורכשניטליכער הכנסה פון דעם אַרבייטער־קלאַס. צוליעב דעם פּרינציפּ פון „גלייכהייט" וואָלטען אַלזאָ די אַרבייטער און קליין־בירגער, וועלכע געפינען זיך אין אַ בעסערער מאַטעריעלער לאַגע, אויך עטוואָס מוזען אַוועקגעבען פון זייער הכנסה. זיי וואָלטען דורך דעם סאָציאַליזמוס פערליערען און ניט געווינען.

אמת איז אין דערינען נאָר דאָס, אַז די צאָהל פון די אביונים און, קודם־כל, פון די לומפּען־פּראָלעטאַריער איז היינט אַזוי אויסגעוואַקסען, און זייער נויט איז אַזוי גרויס, אַז ווען מען וואָלט צוטיילען צווישען זיי אַלע מורא'דיג גרויסע הכנסות פון די רייכע, וואָלט עס קוים געקלעקט אויף צו פערשאַפען זיי אַ לעבען פון אַ בעסער בעצאָהלטען אַרבייטער. אָבער אַז גראַדע דאָס זאָל זיין אַ טעם, צוליעב וועלכען ס'איז בעזונדערס נויטיג איינצוהאַלטען אונזער פּראַקטיגע געזעלשאַפט — איז נאָך אַ גרויסע פראַגע. מיר קלערען, אַז אפילו די *פערקלענערונג* פון דער דהקות, וועלכע אַזאַ פאַנאַנדערטיילונג וואָלט געקענט ברענגען, וואָלט שוין אויך געווען אַ פאָרטשריט.

אָבער עס רעדט זיך גאָר ניט, ווי מיר ווייסען, וועגען „טיילען", נאָר וועגען ענדערונג פון דעם *פּראָדוקציאָנס־אופן*. דער איבערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן צו דער סאָציאַליסטישער מוז אָבער אָהן אַ שום ספק אַרויסרופען אַ זעהר שטאַרקען וואַ[illegible]ן פון דער מאַסע פּראָדוקטען, וואָס ווערען יע[illegible]ווייערע בעשאַפען. מיר דאַרפען ניט פערגעסען, אַז די קאַפּי־ פּראָדוק־
עבישען און



און וואַרטען.

סחורה־פּראָדוקציאָן איז געוואָרען אַ שטערונג פאַר דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, אַ שטערונג פאַר דער פאָלקאָמענער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטען אין דער היינטיגער געזעלשאַפט. זי איז ניט נאָר ניט אים שטאַנד איינצושלינגען די קליין־בעטריעבען, אין דעם ערך, אין וועלכען די טעכנישע ענטוויקלונג מאַכט דאָס מעגליך, — אָדער נאָך מעהר — פאָדערט עס, נאָר זי האָט אפילו אויך גאָר ניט מעהר די מעגליכקייט צו בעשעפטיגען אַלע אַרבייטס־קרעפטען פון דער געזעלשאַפט. זי פערשווענדט פיעל אַרבייטס־קרעפטען, וואָס פערנדיג וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערען טייל אין דער מהנה פון די אַרבייטסלאָזע, פון די לומפען־פּראָלעטאַריער, פון די פּאַראַזיטען, פון די אינפּראָדוקטיווע קליינע הענדלער, און אויפהאַלטענדיג אַ̈ נ׳ אַנדערע טייל אין דער פאָרם פון אַ שטעהענדען חיל אָהן אַ שום נוצען פאַר דער פּראָדוקציאָן.

אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וואָלט פאַר די דאָזיגע אַלע אַרבייטס־קרעפטען געפונען פּראָדוקטיווע אַרבייט; זי וואָלט די צאָהל אַרבייטער, וואָס בעשעפטיגען זיך אין דער פּראָדוקציאָן, אויף אַ סך פערמעהרען, אפשר אין צווייען; אין דעם זעלבען ערך וואָלט אָבער אויך וואַקסען די מאַסען פּראָדוקטען, וואָס וועלען יעהרליך אויסגעאַרבייט. די דאָזיגע פערברייטערונג פון דער פּראָדוקציאָן וואָלט שוין אַליין זיין גענוג אויף צו העכערען די הכנסה פון אַלע אַר־בייטער, ניט נאָר פון די אָרעמסטע צווישען זיי.

דער איבערגאַנג צו אַ סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן וואָלט אָבער אויך, ווי מיר האָבען שוין בעוויזען, שטאַרק מיטגעהאָלפען, אַז עס זאָלען גיכער פערשווינדען די קליין־בעטריעבען, און זייער אָרט זאָלען פערנעהמען די גרויס־בעטריעבען; דערמיט וואָלט אָבער ־לל זעהר געשטיגען די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. עס ־יעגליך געווען ניט בלויז צו פערגרעסערען די הכנסה פון נאָר אויך צו פערקירצען די אַרבייטס־צייט.

־יריבער קיין שום זינען ניט צו טענה׳ן, אַז דער די גלייכהייט פון דער בעטלערשער טאָרבע ־יבערגאַנג צו דער סאָציאַליסטישער פּראָדוק־ . אויפהייבען די מאַטעריעלע לאַגע פון אַלע ־קלאַסען, אויך פון די בויערן און קליין־ביר־ די אומשטענדען און די עקאָנאָמישע בעדינגונגען,

צ־.

פּרינציפּ מ.
זאויסגלייכונג,
פאָרם) פון די
גונגען וועט ניט ש־.

בּײַ װעלכֶע דער דאָזיגער איבּערגאַנג װעט פאָרקומען, װעט די דאָזיגע אויפהײבּונג זײַן, אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע, אָבּער אין יעדען פאַל — אַ ק ע נ ט י ג ע. און פון דאַמאָלס אָן װעט יעדער װײַטערער עקאָנאָמישער פאָרטשריט מיט זיך בּרענגען אַ פ ע ר בּ ע ס ע ר ו נ ג פון דער אַלגעמײנער מאַטעריעלער לאַגע.

דערצו האָט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט נאָך אַ װיכטיגע מעלָה געגען דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. זי װעט פערשאַפען ניט נאָר אַ בּ ע ס ע ר ע מ אַ ט ע ר י ע ל ע ל אַ ג ע, נאָר אויך די ז י כ ע ר ה י י ט פ ו ן ד ע ר ע ק ס י ס ט ע נ ץ, די זיכערהײט, װעלכע עס קען איצט ניט געבּען די גרעסטע עשירות. אויבּ די פערבּעסערונג פון דער מאַטעריעלער לאַגע איז װיכטיג נאָר פאַר די, װעלכע װערען איצט עקספּלואַטירט, איז אָבּער די זיכערהײט פון דער עקסיסטענץ אַ טײַערע מתּנה אויך פאַר די איצטיגע עקספּלואַטאַטאָרען, פאַר די, װעלכע לעבּען אין אַזאַ װאָהלטאָג, אַז זײ פעהלט שוין גאָרניט, אָדער אָפּט אין אַזאַ לוקסוס, װעלכען מען קען מעהר ניט פערמעהרען. די אונזיכערהײט שװעבּט איבּער דעם רײַכען, װי איבּער דעם אָרעמען, און זי איז אפשר נאָך בּיטערער פאַר דער נויט; זי מאַכט עס, אַז דער רעיון װעגען נויט לאָזט ניט רוהיג לעבּען אַפילו יענע, װעלכע פיהלען איהם נאָך גאָר ניט. זי איז אַ שׂטן, װעלכער שאַנעװעט ניט אַפילו פּאַלאַצען.

אַלע פאָרשער, װעלכע האָבּען זיך בּעקענט מיט קאָמוניסטישע קהילות, װי צ. בּ. ש. די אינדישע אָדער די רוסישע דאָרפס־קהילות (אײדער זײ זענען צופאַלען צוליעבּ דער סחורה־פּראָדוקציאָן, צוליעבּ דער אַרײַנמישונג פון דער מלוכה, צוליעבּ דער געלד־װירטשאַפט און דעם װאוכער, װעלכען זי האָט מיטגעבּראַכט), אָדער בּויערליכע הויזגענאָסענשאַפטען, װעלכע געפינען זיך נאָך עד היום צװישען די דרום'דיגע סלאַװען, האָט זיך פריהער װי אַלץ געװאָרפען אין די אויגען דער געפיהל פון רוהיגקײט, זיכערהײט און געזעצטקײט, װאָס האָט געהערשט צװישען אַלע זײערע מיטגלידער. זײַענדיג אינגאַנצען אונאָבּהענגיג פון די פערענדערונגען, װאָס קומען פאָר אויפ'ן מאַרק, און זײַענדיג גאַנצע בּעלי־הבּתּים איבּער זײערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, קומען זײ אויס מיט זײער אײגענער פּראָדוקציאָן, רעגולירען זײ זײער אַרבּײט לויט זײערע בּעדערפעניסען און װײסען פון פאָראויס, אויף װאָס זײ קענען האָפען און װאַרטען.

און דאָך איז די זיכערהייט, וועלכע די פּערציפּיטיגע קאָמו-ניסטישע געזעלשאַפטען האָבען פערשאַפען, ניט געוועזען קיין פאָל-שטענדיגע. זייער הערשאַפט איבער דער נאַטור איז געוועזען זעהר קליין. די קהילות אַליין זענען אויך ניט געוועזען זעהר גרויס. עס פלעגען ניט זעלטען זיך טרעפען היזקות דורך אַ מגפה אויף בהמות, דורך אַ ניט-געראָטען יאָהר, פערפלייצונגען א. ז. וו. און פלעגען דאַמאָלס בעריהרען די גאַנצע געזעלשאַפט. אויף וויפיעל זיכערער וועט, פערקעהרט, שטעהן אַ סאָציאַליסטישער קהל, גרויס, ווי די איצטיגע מלוכה, וועלכער וועט זיך בענוצען מיט אַלע מעכטיגע מיטלען, וואָס די היינטיגע וויסענשאַפט פערשאַפט!

## 10. דער סאָציאַליזמוס און די פרייהייט.

אַפילו אַ סך פון אונזערע געגנער האָבען פערשטאַנען און מודה געוועזען, אַז אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט פערשאַפט פאַר איהרע מיטגליעדער אַ גוטע מאַטעריעלע לאַגע און זיכערהייט. אָבער, טענה'ן זיי, די דאָזיגע טובות קאָסטען צו טייער, פאַר זיי וועט מען מוזען אָבצאָהלען מיט דער גאַנצער פ ר י י ה י י ט. די פויגעל אין שטייג האָט אַלע טאָג גענוג שפייז; זי איז פערזיכערט פון הונגער, פון שלעכטען וועטער און פיינד; אָבער עס פעהלט איהר די פרייהייט, און דעריבער איז זי דאָך אַן אונגליקליך בעשעפעניש, וואָס בעגעהרט שטענדיג אַרויסצורייסען זיך אויף דער פרייער וועלט, אויף דער וועלט פון סכנות און נויט, אַהין צום קאַמפף פאַר'ן לעבען.

דער סאָציאַליזמוס, זאָגען זיי, פערניכטעט די ווירטשאַפט-ליכע פרייהייט, די פרייהייט פון דער אַרבייט, ער פיהרט איין אַזאַ דעספּאָטיזמוס, גענען וועלכען דער העכסט-אונבעגרענעצטער פּאָלי-טישער אַבסאָלוטיזמוס איז אַ פרייער צושטאַנד, ווייל דער דאָזיגער אַב-סאָלוטיזמוס פערשמיעדט אין קייטען נאָר איין זייט פון מענש'ן, דער סאָציאַליזמוס אָבער — דעם גאַנצען מענשען.

דער שרעק פאַר דער קנעכטשאַפט פון קאָמוניזמוס איז אַזוי גרויס, אַז עס זענען אַפילו פאַראַנען סאָציאַליסטען, וועלכע ציט-טערען פאַר איהם, — די אַ נ אַ ר כ י ס ט ע ן. זיי קענען דעם ק אָ מ ו-

ניזמוס ניט אָנזעהן פונקט אַזוי שטאַרק, ווי די סחורה־פּראָדוקציאָן, און כּדי ניצל צו ווערען פון זייערע ביידענס סכּנות, ווילען זיי איינפיהרען... ביידע מיט אַמאָל. זיי הילען אַ־קאָמוניזמוס מיט סחורה־פּראָדוקציאָן. אין דער טעאָריע איז דאָס אַנ׳אונזינען, אין דער פּראַקטיק לאָזט זיך דאָס אויס מיט אַרבייטער־געגאָסענשאַפטען פון דער ליבעראַלער „זעלבסט־הילפע״, וועלכע מיר האָבען שוין אויבען דערמאָהנט.

עס איז ריכטיג, ווען מען זאָגט, אַז די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן שטימט ניט מיט דער פאָלקאָמענער פרייהייט פון דער אַרבייט, דאָס הייסט, מיט דער פרייהייט פונ׳ם אַרבייטער צו אַרבייטען, ווען, וואו און ווי ער וויל. אָבער די דאָזיגע פרייהייט פונ׳ם אַרבייטער שטימט ניט מיט קיין צוזאַמענאַרבייטען פון מעהרערע מענשען נאָך איין פּלאַן נאָך, אין וועלכער פאָרם אַזאַ אַרבייט זאָל ניט געפיהרט ווערען, אויפ׳ן קאַפּיטאַליסטישען, אָדער אויפ׳ן געגאָסענשאַפטליכען יסוד. די פרייהייט פון דער אַרבייט איז מעגליך נאָר פאַר דעם קליינבעטריעב, און פאַר איהם אויך, נאָר ביז צו אַ געוויסען גראַד. אֲפילו דאָרטען, וואו דער קליינבעטריעב איז בעפרייט פון אַלע דריקענדע תּקנות — ווי די תּקנות וועגען פעלד־אַרבייטען, צעכען א. ז. וו. — בלייבט דאָך דער איינצעלנער אַרבייטער אָבהענגיג פון נאַטירליכע און געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען, — דער בויער, צ. ב. ש. פון דעם וועטער, דער האַנדווערקער — פונ׳ם מאַרק א. ז. וו. אָבער פונדעסטוועגען פערשאַפט דאָך דער קליין־בעטריעב די מעגליכקייט פון אַ געוויסער פרייהייט פון דער אַרבייט. די דאָזיגע פרייהייט איז זיין אידעאַל, דער רעוואָלוציאָנערסטער אידעאַל, אויף וועלכען עס איז פעהיג דער קליינבירגער, וועלכער קען זיך ניט אויפהייבען איבער דעם שטאַנדפּונקט פון דעם קליין־בעטריעב.

מיט הונדערט יאָהר צוריק, אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, האָט נאָך דער דאָזיגער אידעאַל געהאַט אַ גרונד אין דיווירטשאַפטליכע פערהעלטניסען; היינט האָט ער קיין שום זינען ניט, און קען נאָר נאָך אַרומבלאָנדזען אין די קעפּ פון אַזעלכע לייט, וועלכע זעהען ניט, וואָס פאַר אַ ווירטשאַפטליכע איבערקעהרעניש ס׳איז פון דאַמאָלס אָן פאָרגעקומען. מיט׳ן אונטערגאַנג פונ׳ם קליין־בעטריעב מוז זיין פערבונדען דער אונטערגאַנג פון

דער פּריוואַטהייט פון דער אַרבייט. ניט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען פער־ניכטען איהר, נאָר די פאָרטשריטען פון דער גרויס־אינדוסטריע, וועלכע מען קען ניט אויפהאַלטען. דווקא יענע, וועלכע שרייען מעהר פאַר אַלעמען, אַז ס׳איז נויטיג די פּריוואַטהייט פון דער אַרבייט, — די קאַפּיטאַליסטען, העלפען מעהר פאַר אַלעמען, אַז די דאָזיגע פּריוואַטהייט זאָל פערניכטעט ווערען.

ניט נאָר פאַר דער פאַבריק־אַרבייט קען ניט עקסיסטירען די פּריוואַטהייט פון דער אַרבייט, נאָר פאַר יעדער אַרבייט, וואו דער איינצעלנער מענש ווירקט נאָר, אַלס אַ גליעד פון איין גרויסען און גאַנצען קערפער. זי עקסיסטירט אויך ניט פאַר די אַרבייטער פון דער מאַנופאַקטור און דער קאַפּיטאַליסטישער הויז־אינדוסטריע, אָבער זי עקסיסטירט אויך ניט פאַר אַלע יענע קאָפּ־אַרבייטער, וועל־כע בעשעפטיגען זיך אין פערשידענע אונטערנעהמונגען און האָבען ניט פאַר זיך קיין זעלבסטשטענדיגע בעשעפטיגונג. דער שפּיטאַל־דאָקטאָר, ווי דער שוהל־לעהרער, דער אייזענבאַהן־בעאַמטער, ווי דער צייטונגס־שרייבער א. ז. וו. — זיי אַלע האָבען ניט די פּריוואַטהייט פון דער אַרבייט, זיי זענען פערבונדען מיט בעשטימטע תקנות, זיי מוזען אַרבייטען אין בעשטימטע ערטער און צו בעשטימטע צייטען א. ז. וו. און אַזוי ווי דער גרויס־בעטריעב פערנעהמט, ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, דאָס אָרט פון דעם קליין־בעטריעב אויף די געביעטען פון דער גייסטיגער טהעטיגקייט פונקט אַזוי, ווי אויף אַלע אַנדערע געביעטען פון דער מענשליכער אַרבייט, הערט אויך פאַר די קאָפּ־אַרבייטער, שוין אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, אַלץ מעהר בעגרענעצט די פּריוואַטהייט פון דער אַרבייט.

אמת, ביי דער הערשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע האָט נאָך אַלץ דער אַרבייטער אַ געוויסע פּריוואַטהייט. ווען פאַר איהם פּאַסט היינט ניט די אַרבייט אין איין אונטערנעה־מונג, איז ער פריי צו זוכען זיך אַרבייט אין אַנ׳אַנדערער; ער קען פון איין בעל־הבית אַוועקגעהן צו׳ם אַנדערען. אין אַ סאָציאַליסטי־שען קהל זענען אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פעראייניגט אין איין האַנד, עס איז פאַראַן נאָר איין איינציגער „ברויט־געבער״, וועל־כען ס׳איז אוממעגליך צו בייטען.

אין דעם פּרט האָט אַלזאָ דער איצטיגער שכירות־אַרבייטער אַזאַ פּריייהייט, מיט וועלכער עס וועט זיך ניט קענען בענוצען דער אַר־

בייטער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אָבער מען קען דאָך אַזאַ פרייהייט ניט רעכענען פאַר דער פרייהייט פון דער אַרבייט. ער מעג וואַנדערען פון איין פאַבריק אין דער אַנדערער ווי אָפט ער וויל, ער וועט דאָך אין קיינער ניט געפינען די פרייהייט פון דער אַרבייט, אין יעדער זענען די אַרבייטען, וועלכע יעדער איינצעלנער אַרבייטער דאַרף אויספיהרען, בעשטימט און רעגולירט אין אַלע פרטים. דאָס פאָדערט די טעכניק פון דער אַרבייט.

די פרייהייט וועלכע דער אַרבייטער וועט פערליערען ביי דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן, איז אויף אַזאַ אופן ניט די פרייהייט פון דער אַרבייט, נאָר די פרייהייט אַליין צו זוכען פאַר זיך א בעל-הבית. דיזע פרייהייט האָט איצטער געווים ניט קיין קליינע בעדייטונג, זי איז פאַר דעם אַרבייטער אַ גרויסער שוץ, ווי דאָס איז בעקאַנט יעדערען, וועלכער עס האָט זיך בעשעפטיגט אָדער בעשעפטיגט זיך אין אַ מאָנאָפּאָל-בעטריעב. אָבער אויך דיזע פרייהייט ווערט דורך דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג אַלץ וועניגער זיכער; די וואַקסענדע אַרבייטסלאָזיגקייט בריינגט מיט, אַז די צאָהל פון די שטעלען, וועלכע עס ווערט פריי, איז פיעל קלענער איידער די צאָהל פון די בעלנים אויף זיי. דער אַרבייטסלאָזער מוז געוועהנליך צופרידען זיין, ווען איהם גיט זיך איבערהויפּט איין צו געפינען אַן אָרט און דאָס, וואָס די פּראָדוקציאָנס-מיטלען פעראייניגען זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אין וועניג הענד, פיהרט דערצו, אַז סוף כל סוף געפינט דער אַרבייטער אין יעדען בעטריעב דעם זעלבען „אַרבייט-געבער" אָדער, לכל הפחות, די זעלבע אַרבייטס-בעדינגונגען.

וואָס אונזערע געגנער האַלטען פאַר אַ בייזע מחשבה פון די שונאים פון דער קולטור און פרייהייט, פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטען, איז אַ נאַטור-נויטווענדיגע טענדענץ פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג אין דער היינטיגער געזעלשאַפט. אויך דאָ איז דאָס פּונקט אַזוי ריכטיג, ווי אויף פיעלע אַנדערע געביעטען.

עס איז ניט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, נאָר די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, דורך וועלכע עס ווערט פערניכטעט די פרייהייט אויסצוקלייבען זיך ערטער, וואו צו אַרבייטען, אַקוראַט ווי די פרייהייט אין פערלויף פון דער אַרבייט. אמת די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וויל ניט און קען אויך גאָר ניט שטערען דיזער ענטוויקלונג; אָבער, ווי מיר האָבען שוין אויף אַנדערע געביעטען געזעהן, וועט זי אויך דאָ

צוגעבען דער ענטוויקלונג אַנ'אַנדער געשטאַלט, וועלכע עס פּאַסט בעסער פאַר די אינטערעסען פון די אַרבייטער. זי קען ניט פערניכטען דעם אַרבייטערס אָבהענגיגקייט פון דעם ווירטשאַפטליכען מעכאַניזמוס, אין וועלכען עס איז נאָר אַ קליינער רעדעל, אָבער דעם אַרבייטערס אָבהענגיגקייט פון אַ קאַפּיטאַליסט, וועמעס אינטערעסען עס זענען געגענזעצליך און פיינדליך צו זיינע אינטערעסען, וועט זי פערבייטען מיט זיין אָבהענגיגקייט פון אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער ער אַליין איז אַ מיטגליעד, פון אַ געזעלשאַפט, וואָס בעשטעהט פון גענאָסען, וואָס האָבען די גלייכע רעכטען און די גלייכע אינטערעסען.

אַזאַ אָבהענגיגקייט קען אפשר אַ וועלכען עס איז ליבעראַלען אַדוואָקאַט אָדער ליטעראַט אויסזוייזען פאַר אַ זאַך, וואָס איז אונמעגליך צו דערטראָגען, אַנדערש אָבער טראַכט וועגען דעם דער איציגער פּראָלעטאַריער. דאָס בעווייזט די געווערקשאַפטליכע בעוועגונג. די געווערקשאַפטען גיבען אונז שוין איצטער אַ בילד פון יענער „טיראַניי" פון דער סאָציאַליסטישער „צוואַנגס־מלוכה", וועגען וועלכער עס פּלוידערען אונזערע געגנער. און די געווערקשאַפטען ווערען שוין איצטער אויפ'ן פּינקטליכסטען און שטרענגסטען אופן רעגולירט די אַרבייטס־בעדינגונגען פון יעדער איינצעלנעם, און דאָך איז עס נאָך ביז אַהער קיין מיטגליעד פון דיזע געזעלשאַפטען אין זינען ניט איינגעפאַלען צו זעהען דערינען אַנ'אונערטרעגליכע בעגרענצונג פון זיין פּערזענליכער פרייהייט. וועד עס האָט יאָ געפונען פאַר נויטיג צו בעשיצען די „פרייהייט פון דער אַרבייט" געגען דיזען „טעראָריזמוס" — אָפט מיט געוועהר, פערגיסענדיג בלוט — דאָס זענען געוועזען ניט אַרבייטער, נאָר זייערע עקספּלואַטאַטאָרען. אונגליקליכע פרייהייט, וואָס געפינט הײנט ניט קיין אַנדערען מליץ יושר, ווי נאָר שקלאַפען־בעזיצער!

אָבער די אונפרייהייט פון דער אַרבייט וועט פערלירען אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט ניט נאָר איהר דריקענדען כאַראַקטער, נאָר זי וועט ווערען דער יסוד פאַר דער העכסטער פרייהייט, וועלכע איז ביז אַהער מעגליך געוועזען פאַר דער מענשהייט.

אין פלוג זעהט דאָס אויס ווי צוויי זאַכען, וואָס שטויסען אום איינע די אַנדערע, אָבער דאָס דוכט זיך נאָר אַזוי אויפ'ן ערשטען קוק.

איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען די גרויס־אינדוסטריע, איז דער מענש, וועלכער עס האָט זיך בעשעפטיגט מיט דער אַרבייט אום

צו פראָדוצירען און צו בעקומען די פּראָדוקטען, וואָס זיינען נויטיג צום לעבען, קורץ געזאָגט, מיט דער אַרבייט צוליעב היונה, געווען אין גאַנצען אַריינגעשטאָן אין דיזער בעשעפטיגונג; זי האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל איהר אָבגעבען אַלע קרעפטען, ניט בלויז די קערפּערליכע, נאָר אויך די גייסטיגע, דאָס איז ריכטיג ניט נאָר פאַר׳ן פישער און יעגער, נאָר ניט ווייניגער אויך פאַר׳ן בויער, האַנדווערקער און סוחר, דער לעבען פון אַ מענשען, וועלכער עס פלעגט זיך בעשעפטיגען מיט אַרבייט צוליעב היונה, פלעגט כמעט גאָר ניט אַרויסגעהען פון די ד׳ אַמות פון זיין ווערק. נאָר אין דער אַרבייט פלעגען זיך פערשטאַרקען זיינע מוסקעלען און נערוועז, נאָר די אַרבייט פלעגט אויסשאַרפען זיין שכל און פלעגט אַרויסרופען ביי איהם אַ לוסט צום וויסען, אָבער וואָס מעהר די אַרבייטסטהיילונג האָט זיך ענטוויקעלט, האָט זי אַלץ איינזייטיגער געמוזט מאַכען דעם מענשען, אויף וועלכען עס איז געלעגען די דאַגה פון היונה. זיין גייסט און קערפּער האָבען אויפגעהערט זיך צו בעשעפטיגען אויף די פערשיעדענסטע געביעטען און צו ענטוויקלען אַלע זיינע פעהיגקייטען. זייענדיג אין גאַנצען אַריינגעטאָן אין זיין ספּעציעלער אַרבייט, האָט ער אויפגעהערט אַרומצונעהמען מיט זיין שכל די גאַנצע וועלט, צו פערשטעהען אַלע אַרומיגע ערשיינונגען. ביי אַזעלכע בעדינגונגען האָבען נאָר יענע, וועלכע עס זיינען פריי געבליבען פון דער אַרבייט פאַר זייער ביסעל היונה, געקענט האָבען אַ האַרמאָנישע *) און פאָלקאָמע ענטוויקלונג פון די קערפּערליכע און גייסטיגע קרעפטען. נאָר זיי האָבען זיך געקענט אָבגעבען מיט די פראַגען וועגען די געזעצען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און פון דער נאַטור, נאָר זיי זיינען פעהיג געווען פילאָזאָפיש צו דענקען, ד. ה. צו זוכען דעם העכסטען אמת ניט צוליעב וועלכע עס איז פראַקטישע צוועקען, נאָר צוליעב דעם אמת אַליין. אָבער ביז דער איינפיהרונג פון די מאַשינען האָט מען געקענט פריי ווערען פון׳ם יאָך פון היונה, נאָר אַרויפוואַרפענדיג איהם אויף אַנדערע, נאָר דורך די עקספּלואַטאַציאָן.

די אידעאַליסטישע פילאָזאָפישע אומה, וועלכע די געשיכטע קען נאָר ביז אַהער, די איינציגע עקסיסטירענדע געזעלשאַפט פון דענקער און קינסטלער, וועלכע האָט געדיענט דער וויסענשאַפט און דער קינסט,

*) האַרמאָניש ענטוויקעלט הייסט אַ זאַך נאָר דאַן, ווען אַללע איהרע זייטען זענען ענטוויקעלט.

איז געווען די אַלטע אַטהעניִשע *) אַריסטאָקראַטיִע, די ערד־און שקלאַ־בענבעזיטצער פֿון אַטהען.

די אַרבּייִט — ניט נאָר די שקלאַפֿען־אַרבּייִט, נאָר אויך די פֿרייִע אַרבּייִט — האָבּען זיי געהאַלטען פֿאַר אַ בּזיון, און זיי זיינען טאַקי געווען גערעכט. ניט פֿון גאוה ווענען האָט סאָקראַט געזאָגט: די קרעמער און די האַנדווערקער פֿעהלט בּילדונג שוין צוליִעב דעם אַלייִן, וואָס זיי האָבּען ניט קיין פֿרייִע צייַט, אָהן וועלכער עס איז אוממעגליך צו קריגען אַ גוטע ערציהונג. זיי לערנען נאָר, וואָס זייער פּראָפֿעסיאָן פֿאָדערט, צום וויסען אַלייִן האָבּען זיי קיין חשק ניט. אַזוי בּעשעפֿטיגען זיי זיך מיט רעכענען צום צוועק פֿון דעם האַנדעל, ניט אום בּעקאַנט צו ווערען מיט דער טהעאָריִע פֿון די צאָהלען. זיי האָבּען אין זיך קיין קראַפֿט צו שטרעבּען צו העכערע אידעאַלען. דער געשעפֿטס־מאַן זאָגט: „די פֿרייִד פֿון עהרע און לערנען איז גאָר ניט ווערט אין פֿערגלייך מיט פֿרייִד פֿון אַ פֿערדיענ־סטער מטבע. עס מעגען די שמידען, סטאָליאַרעס, שוסטערס זעהר גוט קענען זייער אַרבּייִט — דאָס רוב פֿון זיי האָבּען דאָך נשמות פֿון שקלאַ־פֿען, זיי וויסען ניט, וואָס איז שעהן, וואָס איז גוט און גערעכט“.

פֿון יעמאָלט אָן איז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג ווייַטער געגאַנ־גען, די אַרבּייִטסטהיילונג האָט דערגרייכט צו זעהר אַ הויכער מדרגה, און דער אונגעהייערער וואוקס פֿון דער סחורה־פּראָדוקציאָן האָט געצוואונגען די עקספּלואַטאַטאָרען און די געבּילדעטע מענשען צו נעהמען זיך פֿאַר געשעפֿטען. גלייך מיט די האַנדווערקער און בּויערן מוזען זיך איצטער אויך די רייַכע אין גאַנצען איבּערגעבּען מיט זייער געשעפֿט; ניט אין גימנאַזיום און אַקאַדעמיעס פֿערזאַמלען זיי זיך, נאָר אויף די בּירזשעס און מערק. די ספּעקולאַציעס, אין וועלכע זיי זענען אַריינגעטהאָן מיט לייַב און לעבּען, האָבּען קיין שום שייכות ניט צו די בּעגריפֿען פֿון אמת און גערעכטיגקייַט, נאָר מעהר ניט צו וואָל און בּראַנפֿען, צו רוססישע הלואות און פּאָרטוגעזישע קופּאָנעס. אויף אַזעלכע ספּעקולאַ־ציעס גיבּען זיי אַוועק אַלע זייערע גייסטיגע קרעפֿטען. און נאָך דער אָבּ־געטהאָנענער „אַרבּייִט“ בּלייַבּט בּיי זיי קראַפֿט און לוסט נאָר נאָך פֿאַר די גרעבּסטע פֿערגעניגונגען.

פֿאַר די געבּילדעטע איז אָבּער די בּילדונג, ווי מיר האָבּען געזעה־ען, געוואָרען אַ סחורה. זיי האָבּען אויך ניט קיין צייַט און קיין לוסט צו

*) אַטהען — די הויפּשטאָדט פֿון גריכענלאַנד.

זוכען דעם אֶמת נאָר פון זיינעטוועגען, צו שטרעבען צו דעם אידעאַל.
יעדערער פערגראָבט זיך אין זיין ספּעציאַליטעט און רעכענט פאַר פער-
לאָרען יעדע מינוט, וואָס ער גיט אַוועק אויף עפּעס צו לערנען, פון וואָס
ער קען ניט מאַכען קיין „תכלית". דעריבער איז איצטער אַזוי גרויס גע-
וואָרען די שטרעבונג צו פערטרייבען פון די גימנאַזיען די גריכישע און
לאַטיינישע שפּראַכען; און דאָס איז ניט אַזוי צוליעב פּעדאַגאָגישע
(ערציהערישע) טעמים, ווי צוליעב דעם ציעל, אַז די יוגענד זאָל לערנען
נאָר, וואָס איהר וועט ווען עס איז „צוניטץ קומען", — דאָס הייסט, וואָס
זי וועט קענען אויסבייטען אויף מזומנים.

די געלעהרטע און קינסטלער פערלירען אויך די לוסט צו פער-
שטעהען דעם גאַנצען וועלט-בנין, די שטרעבונג צו אַ פאָלקאָמענער,
האַרמאָנישער ענטוויקלונג. אומעטום בעגעגענט מען נאָר די איינזייטיגע
שטרעבונג צו ערלערנען און זיך ספּעציאַליזירען נאָר אין איין פאַך,
וויסענשאַפט און קונסט לאָזען זיך אַראָב ביז צו דער מדרגה פון אַ פּראָס-
טע אַרבייט. אויך פאַר זיי איז ריכטיג דאָס, וואָס סאָקראַט האָט געזאָגט
וועגען דער אַרבייט. דאָס פילאָזאָפישע דענקען האַלט אין אויסשטאַרבען
— ד. ה. צווישען די קלאַסען, וועלכע מיר האָבען דאָ דערמאָנט.

דערווייל האָט זיך אָבער בעוויזען אַ נייער סאָרט אַרבייט, די
אַרבייט אויף דער מאַשין, און אַ נייער קלאַס, דאָס פּראָלעטאַריאַט.

די מאַשין מאַכט, אַז מען דאַרף צו דער אַרבייט קיין שום שׂכל
ניט צולעגען; דער אַרבייטער ביי דער מאַשין דאַרף מעהר ניט קלערען,
דאַרף ניט טראַכטען, ער מוז נאָר פאָלגען דער מאַשין און מבטל זיין דעם
אייגענעם רצון. די מאַשין בעפעהלט, וואָס ער האָט צו טהאָן; ער איז
מעהר ניט ווי אַ צוגאָב צו איהר.

וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט וועגען דער מאַשינאַרבייט, איז
אויך ריכטיג, אפילו געוועהנליך אין אַ קלענערען ערך, פאַר די בעזונדערע
אַרבייטען, אויף וועלכע עס איז צוטהיילט די פּראָדוקציאָן אין דער
מאַנופאַקטור און הויז-אינדוסטריע. די צוטהיילונג פון דער אַרבייט פון
אַ האַנדווערקער, וועלכער עס אַרבייט אויס אַ גאַנצען פּראָדוקט, אין אַ
סך בעזונדערע אַרבייטען, פון וועלכע יעדערע האָט צו טהאָן נאָר מיט
אַ טהייל פון אַ גאַנצען פּראָדוקט און ווערט אויסגעפיהרט מיט'ן האַנד
אויף'ן פּשוטסטען אופן, — אָט דיזע צוטהיילונג פון דער אַרבייט איז,
ווי עס איז בעקאַנט, די הקדמה און דעראיבערגאַנג צו דער מאַשין.

די ערשטע ווירקונג דערפון, וואָס די אַרבייט האָט פערלאָרען אין

גאַנצען איהר שׂכל'דיגען אינהאַלט, און דער אַרבּייטער דאַרף נאָר איבּער־חזר'ען איינע און די זעלבּע אַרבּייט, — איז דאָס, וואָס בּיים פּראָלעטאַריער שטאַרבּען אָבּ, ווי עס הייסט זיך, זיינע גייסטיגע קרעפטען.

שפּעטער וועקט דאָס אָבּער אויף אין דעם פּראָלעטאַריער דעם געפיהל פון פּראָטעסט געגען דער צילאַנגער אַרבּייטסצייט. פאַר איהם הייסט אַרבּייטען נישט די אייגענע זאַך וואָס לעבּען. דער לעבּען הייבּט זיך פאַר איהם אָן ערשט דאַן, ווען די אַרבּייט ענדיגט זיך. פאַר יענעם אַרבּייטער, פאַר וועלכען אַרבּייטען הייסט לעבּען — האָט די פרייהייט פון דער אַרבּייט אַ גלייכע בּעדייטונג, ווי אַ פרייער לעבּען. יענער אַרבּייטער אָבּער, וועלכער לעבּט נאָר דאַן, ווען ער אַרבּייט נישט, קען דערגרייכען צו אַ פרייען לעבּען נאָר דורך דער בּעפרייאונג פון דער אַרבּייט. עס פערשטעהט זיך, אַז דיזע אַרבּייטער קענען זיך נישט ציעלען אַראָבּצואַרפען פון זיך יעדען יאָך פון אַרבּייט. די אַרבּייט איז דאָך די נויטיגסטע בּעדינגונג, אָהן וועלכע עס איז אונמעגליך דער לעבּען. אָבּער זיי מוזען נויטווענדיג שטרעבּען דערצו, אַז די אַרבּייט, וואָס זיי דאַרפען אויספיהרען, זאָל אויף אַזוי פיעל פערקלענערט ווערען, אַז זיי זאָל איבּערבּלייבּען צייט צום לעבּען.

אין דערינען ליעגט איינער פון די שטאַרקסטע וואָרצלען פון דעם קאַמפף פאַר דער פערקירצונג פון דער אַרבּייטס־צייט, וועלכען עס פיהרען די איצטיגע פּראָלעטאַריער, פון קאַמפף, דער בּעל־מלאכה אָדער בּויער פון דער אַלטער וועלט קענען גאָר נישט פערשטעהען. דאָס איז נישט קיין קאַמפף פאַר קליינע עקאָנאָמישע פערבּעסערונגען, פאַר אַ בּיסעל העכערע שׂכירות, פאַר די פערקלענערונג פון דער צאָהל פון די אַרבּייטסלאָזע; דיזע צוועקען שפּיעלען דערבּיי אויך אַ ראָלע, אָבּער אין עצם איז דאָס אַ קאַמפף פאַר'ן לעבּען.

דערפון אָבּער, וואָס די אַרבּייט האָט דורך דער מאַשין אָנגעוואָרען איהר גייסטיגען אינהאַלט — דערפון קומט אַרויס נאָך אַ רעזולטאַט: דער פּראָלעטאַריער גיט נישט אָבּ אַלע זיינע גייסטיגע כּחות אין דער צייט ווען ער אַרבּייט, אַזוי ווי די געשעפטס־לייט אויף זייער בּעשעפטיגונג. דער פּראָלעטאַריער בּענוצט נישט זיינע גייסטיגע כּחות אין דער צייט ווען ער אַרבּייט; אַלץ שטאַרקער איז דעריבּער בּיי איהם די שטרעבּונג צו אַ גייסטיגער אַרבּייט אויסער זיין טעגליכער אַרבּייט, ווען עס בּלייבּט איהם נאָר ווי פיעל פרייע צייט. איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען אין דער היינטיגער צייט איז דער

דאָרשט צום וויסען פון פּראָלעטאַריאַט. אין דער צייט, ווען אַלע אַנדערע קלאַסען זוכען אויס אַלערליי גרעבסטע פערגניגונ־גען אויף צו פטר'ען ווי עס איז זייער ליידיגע צייט, שטרעבט דער פּראָלעטאַריאַט מיט דער גרעסטער התמדה צו בילדונג. ווער עס האָט נאָר געהאַט די געלעגענהייט צו טהון צווישען פּראָלעטאַריער, דער קען ריכטיג אָבשאַצען, ווי גרויס עס איז זייער חשק און בעגעהר צו השכלה און וויסען. נאָר אפילו דער ווער עס שטעהט ווייט פון פּראָלעטאַריאַט, קען זיך דאָס אויך פאָרשטעלען, ווען ער וועט פער־גלייכען די צייטונגען, צייטשריפטען און בראָשיורען פון די אַרבייטער מיט די ליטעראַטור, וועלכע עס איז פערשפּרייט אין אַנדערע גע־זעלשאַפטליכע קרייזען.

און דיזע שטרעבונג צו וויסען איז ניט צוליעב אַ וועלכען עס איז פּראַקטישען תכלית. דער אַרבייטער ביי דער מאַשין קען דאָס וויסען ניט העלפען צו פערהעכערען זיין הכנסה. ווען ער זוכט דעם אמת, זוכט ער איהם פון זיינעטוועגען אַליין, און ניט צוליעב וועלכע עס איז מאַטעריעלע נוטצען. און דעריבער בעניגענט ער זיך ניט מיט אַ איינצעלנעם קלענערען געביעט; ער וויל אַליך פערשטעהען; די גאַנצע געזעלשאַפט, די גאַנצע וועלט וויל ער בעגרייפען. ער זוכט צו דערגעהען גראַדע די שווערסטע רעטעניסען. מיט גרויס חשק גיט ער זיך אָב מיט פּראַגען פון פילאָזאָפיע און מעטאַפיזיק, עס איז אָפט שווער איהם אַראָבצוברייגנען פון הימעל צוריק אויף דער ערד.

ניט דאָס בעזיטצען פון וויסען, נאָר די שטרעבונג צום וויסען איז דער עכטער סמן פון אַ פילאָזאָף. אין די פּעראַכטעטע, אונוויסענדע פּראָלעטאַריער פלאַקערט ווידער אויף דער פילאָזאָפישער גייסט פון די גלענצענדע דענקער פון דער אַטהענישער אַריסטאָקראַטיע. אָבער אַ פרייע ענטוויקלונג פון דיזען גייסט איז אין דער הייטיגער געזעלשאַפט ניט מעגליך. די פּראָלעטאַריער האָבען דאָך ניט די מיטלען זיך צו לערנען, זיי פעהלט דער פיהרער, וועלכער זאָל זיי ווייזען די וועג צום סיסטעמאַטישען לערנען; זיי מוזען מיט די אייגענע כחות בייקומען אַלע שטערונגען און צופאַלען פון אַ ניט סיסטעמאַטישער זעלבסט־בילדונג, און דערצו נאָך, און דאָס איז דער עיקר, פעהלט זיי די נויטיגע פרייע צייט! וויסענשאַפט און קונסט בלייבען פאַר זיי די היילינע לאַנד, וועלכע זיי זעהען פון ווייטען, פאַר וועלכער זיי קלאַפּען און וואָהין זיי קענען אָבער ניט אַריינטרעטען.

ערשט דער נצחון פון סאָציאַליזמוז וועט עפענען פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט אַלע קוועלען פון בילדונג; ערשט דער נצחון פון סאָציאַליזמוז וועט מאַכען מעגליך, אויף אַזוי פיעל צו פערקירצען די צייט, וואָס עס איז נויטיג אויף צו פערדינען הזנה, אַז דעם אַרבייטער וועט איבערבלייבען גענוג פרייע צייט אויף בילדונג און לערנען זיך. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן וועקט דעם דאָרשט צום וויסען בייַ דעם פּראָלעטאַריאַט, אָבער נאָר דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן קען איהם בענוגענען.

ניט די פרייהייט פון דער אַרבייט, נאָר די בעפרייאונג פון דער אַרבייט, וועלכע די מאַשינ־אַרבייט וועט אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט מעגליך מאַכען ביז צו אַ הייכען גראַד, וועט ברייַנגען דער מענשהייט די פרייהייט פון לעבען, די פרייהייט פון קינסטלערישע און וויסענשאַפטליכע בעשעפטיגונג, די פרייהייט פון די עדעלסטע תענוגים.

יענע גליקליכע האַרמאָנישע בילדונג, וועלכע מיר געפינען נאָר איינמאָל אין דער וועלט געשיכטע אַלס די פּריווילעגיע פון אַ קליינעם הויפען אויסגעוועהלטע אַריסטאָקראַטען, וועט הערשען צווישען אַלע ציוויליזירטע פעלקער; דאָס וואָס פאַר די אַריסטאָקראַטען פלעגען אָבטהאָן די שקלאַפען, וועלען פאַר די פעלקער אָבטהאָן די מאַשינען, נאָר מיט דעם אונטערשיעד, וואָס די בעפרייאונג פון דער אַרבייט פאַר הזנה וועט אין אַ סאָציאַליסטעשער געזעלשאַפט אויסעדעלען די פעלקער, וועט אויפהייבען זייער גייסט, ניט ברייַנגענדיג דערבייַ די אַלע שעדליכע ווירקונגען, דורך וועלכע די שקלאַפען־ווירטשאַפט האָט סוף כל סוף געמאַכט אַ תל פון די אַריסטאָקראַטען פון אַטהען. און פונקט אַזוי, ווי די הייַנטיגע הילפמיטלען פון דער וויסענשאַפט און קונסט זענען שטאַרקער און מעכטיגער פאַר די, וועלכע עס זענען געווען בעקאַנט מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק; און פונקט אַזוי, ווי די הייַנטיגע קולטור־וועלט האָט מוראָ'דיג אַריבערגעיאָגט דאָס קליינע גריכענלאַנד, אַזוי וועט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מאָראַליש און מאַטעריעל שטעהען ווייַט העכער פאַר דער גלענצענדסטער געזעלשאַפט, וועלכע עס איז ביז אַהער בעקאַנט אין דער געשיכטע.

וואויל איז דעם מענשען, וועמען עס איז בעשערט אַוועקלעגען זייַנע כחות אין קאַמפּף פאַר די פערווירקליכונג פון דיזען וואונדערליך־הויכען אידעאַל!

V.

# דער קלאסען-קאמפף.

## דער סאציאליזמוס און די פערמעגענדע קלאסען.

מיר האבען שוין אויספיהרליך בעוויזען, אז די אומבייטונג פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן דורך די סאציאליסטישע איז נוגע ניט בלויז די אינטערעסען פון די ניט פערמעגענדע און עקספלואטירטע, נאר אויך די גאנצע געזעלשאפטליכע ענטוויקלונג; דערמיט אבער איז דאס אין א געוויסען זין נוגע אפילו די אינטערעסען פון די פערמעגענדע און עקספלואטאטארען. אויך זיי ליידען פון די הפכים, וועלכע שטאמען פון דעם איצטיגען פראדוקציאנס'אופן. א טהייל פון זיי ווערט פערדארבען פון דעם שטענדיגען ליידיגגעהען, אנדערע פטר'ן זייערע כחות, זיך יאגענדיג אהן א'ן אטהעם נאך פרנסה, און איבער זיי אלעמען הייינגט דער חלף פון באנקראט, פון דעם אראבפאלען אין פראלעטאריאט.

אבער אין דער אמת'ן זעהען מיר, אז די גרויסע מאסע פון די פערמעגענדע און עקספלואטירענדע איז ניט בלויז מסופק און האט ניט קיין צוטרויען צום סאציאליזמוס, נאר זי ווייזט צו איהם ארויס די ביטערסטע שנאה.

איז דען אין דערינען שולדיג נאר דאס אליין, וואס זיי וויסען ניט און פערשטעהען ניט די איצטיגע לאגע? אבער די רעדעלפיהרער צווישען די געגנער פון סאציאליזמוס זענען דוקא יענע, וועלכע פערנעהמען אין דער מלוכה, אין דער געזעלשאפט און אין דער וויסענשאפט אזא ארט, וועלכער עס האט זיי געדארפט זעהר גוט אויסלערנען צו בעגרייפען די געזעצען פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג און צו פערשטעהען איהר ריכטונג.

און די בעדינגונגען פון דער היינטיגער געזעלשאפט זענען אזוי שרעקליך, אז קיין ערנסטער פאליטיקער אדער געלעהרטער דערוועגט זיך מעהר ניט אבצולייקענען די גערעכטיגקייט פון דער סאציאליסטישער קריטיק, פערקעהרט, די קלערסטע קעפף אין אלע

ניט־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זענען מודה, אַז די סאָציאַליסטישע קריטיק האָט אין זיך אַ „שטיק אמת"; נאָך מעהר, אַנדערע פון זיי האַלטען אַפּילו דעם נצחון פון סאָציאַליזמוס אונפערמיידליך — אָבער מיט אַ תנאי, ד. ה. נאָר דאַן אונפערמיידליך, ווען די געזעלשאַפט וועט פּלוצלינג ניט אָפּקעהרען פון איהר פּאַליטען וועג און וועט זיך ניט אויסבעסערען; דאָס, רעכענען זיי, ווענדט זיך אָן דעם אייגענעם ווילען פון די מענשען, און עס קען געשעהן גאָר לייכט, ווען מען זאָל זיך נאָר אַיילען צו בעפריעדיגען די פערלאַנגען פון דער אָדער יענער פון דיזע פּאַרטייען.

און אויף אַזאַ אופן זעהען מיר, אַז גראַדע יענע מיטגלידער פון די ניט־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע פערשטעהען בעסער ווי די אַנדערע די סאָציאַליסטישע קריטיק, ווילען ניט מודה זיין די רעזולטאַטען, וועלכע עס שטעלען זיך אַרויס בײַ דיזער קריטיק, און וואו עס קומט צום רעכטען עיקר, דרייען זיי זיך אַרויס דורך אַ לאָגיש־פאַלשען פּילפּול.

די אורזאַכע פון דיזער אינטערעסאַנטער ערשיינונג איז ניט שווער צו פערשטעהען. ווען אַפּילו געוויסע ניט גאַנץ אונוויכטיגע אינטערעסען פון די פערמעגענדע גופא זענען געגען דעם פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פאָדערען אָבער זייערע אַנדערע אינטערעסען, וועלכע עס זענען זיי פיעל נעהנטער און פערשטענדליכער, אַז דיזעס פּריוואַטאייגענטום זאָל אַיינגעהאַלטען ווערען.

קודם כל איז דאָס נאַטירליך ריכטיג געגען די גבירים; דורך די אָבשאַפונג פון דעם פּריוואַטאייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען קענען זיי דירעקט גאָר נישט געווינען. אמת, פון דעם וועלען אַרויסקומען, פאַר דער געזעלשאַפט אַזעלכע וויכטיגע טובות, פון וועלכע זיי וועלען אויך האָבען ווינאָדעס, אָבער דערצו איז נאָך לפי ערך ווייט. פערקעהרט, דאָס, וואָס די רייכע וועלען מוזען אָנווערען בײַ דער אָבשאַפונג פון פּריוואַטאייגענטום — דאָס וואַרפט זיך גלייך אין די אויגען. זייער בעדייטונג און מאַכט וועט געוויס מוזען קלענער ווערען, אַנדערע פון זיי וועלען אפשר אויך ביז צו אַ געוויסען גראַד פערלירען זייער בעקוועמליכקייט און וואוילטאָג, לויט נאָך די בע־דינגונגען, בײַ וועלכע עס וועט פּאָרקומען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

אַנדערש שטעהט עס מיט די נידעריגערע שיכטען פון די

פערמעגענדע, מיט די עקספלואטירטע צווישען זיי, מיט די קליינע האנדווערקער, קליינבויערן און ז. וו. פון זייער מאכט און בעדייטונג האבען זיי ניט וואס צו פערלירען, זייער מאטעריעלע לאגע קען זיך נאר פערבעסערען דורך די איינפיהרונג און די ענטוויקלונג פון דעם סאציאליסטישען פראדוקציאנס־אופן. אבער כדי צו קענען דאס פערשטעהען, מוזען זיי זיך אבזאגען פון די מיינונגען און אידעען, וואס הערשען צווישען די קלאסען, צו וועלכע זיי געהערען. פאר'ן קליינעם בירגער אדער קליינבויער מיט זייערע קליינע השגות (בעגריפען) איז דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־אופן ניט בעגרייפליך, האטש זיי פיהלען דאך אויף זיך אליין זיינע ווירקונגען; נאך ווייניגער איז פאר זיי בעגרייפליך דער סאציאליזמוס אין זיין איצטיגער געשטאלט; בעזאנדערס, דאס וואס זיי פערשטעהען גאר לייכט איז די נויטווענדיקייט פון פריוואט־אייגענטום אויף די פראדוקציאנס־מיטלען פאר זייער פראדוקציאנס־אופן.

כל זמן דער האנדווערקער פיהלט און דענקט, ווי א האנד־ווערקער, דער בויער, ווי א בויער, און דער קליינער הענדלער, ווי א קליינער הענדלער, כל זמן זיי האבען א שטארקען קלאסען־בעוואוסט־זיין, מוזען זיי שטעהען פעסט פאר'ן פריוואטאייגענטום אויף די פראדוקציאנס־מיטלען און זיין טויב פאר'ן סאציאליזמוס, ווי שלעכט עס זאל זיי ניט געהען.

מיר האבען אין א פריהערדיגען קאפיטעל געזעהען, ווי דאס פריוואטאייגענטום אויף די פראדוקציאנס־מיטלען שמידט צו די אונטער־געהענדע קליינבירגער און קליינע בויערן צו זייערע אבגעשטאנענע בעטריעבען, אפילו ווען דיזע בעטריעבען זענען שוין מעהר ניט אים שטאנד צו פערשאפען זיי אפילו א מיטעלמעסיגען לעבען, און אפילו ווען זיי וואלטען געקענט פערבעסערען זייער לאגע, איבער־געהענדיג צו שכירות־ארבייט. אזוי איז אויך דאס פריוואטאייגענטום די מאכט, וועלכע עס שמידט צו אלע פערמעגענדע קלאסען צו דעם היינטיגען פראדוקציאנס־אופן, אפילו יענע, וועלכע עס געהערען אין דער אייגענער צייט צו די עקספלואטירטע, אפלו יענע, וועמעס אייגענס עס איז אזוי קליין, אז מען קען איהם אנרופען מיט דעם נאמען „אייגענס" נאר אויף א גלעכטער.

נאר יענע פון די קליינבירגער און קליין־בויערן, וועלכע עס גלויבען ניט אין דעם וויטערען קיום פון זייער קלאס, וועלכע עס

הײבּען אָן צו פֿערשטעהען, אַז דער פּראָדוקציאָנס־אופֿן, אויף וועלכען עס איז געבּויט זייער עקזיסטענץ, האַלט בּיים אונטערגעהען, נאָר יענע זענען אים שטאַנד צו בּעגרייפֿען די לעהרען פֿון סאָציאַליזמוס. אָבּער זייער ניט־געבּילדעטקייט און זייערע קליינע השגות, די נאַטיר־ליכע רעזולטאַטען פֿון זייערע לעבּענסבּעדינגונגען, שטערען זעהר דערצו, אַז זיי זאָלען אָנהייבּען צו פֿערשטעהען, אַז זייער קלאַס קען קיין קיום ניט האָבּען. זייער עלענד און זייער האַסטיגע נאָכיאָגענס נאָך אַ מיטעל, וועלכער זאָל זיי פֿון איהם בּעפֿרייען, האָט בּיז אַהער דאָס רוב געבּראַכט נאָר דערצו, אַז זיי האָבּען זיך לייכט געלאָזט פֿיהרען פֿון יעדען דעמאַגאָג *), וועלכער עס קען זיך אַרויסוויזען נענוג בּרייטקייט און תּקיפֿות און וועלכער שטעלט זיך ניט אָבּ צו צו זאָגען זיי הרים וגבעות.

צווישען די העכערע שיכטען פֿון די פֿערמעגענדע קען מען געפֿינען מעהר בּילדונג און אַ טיפֿערען פֿערשטאַנד. עס איז נאָך אויך פֿערבּרייטערט צווישען אַנדערע געבּילדעטע דער רעשט פֿון דעם אַלטען אידעאַליזמוס, נאָך פֿון דער צייט פֿון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּפֿען, וועלכע די אויפֿגעקומענע בּורזשואַזיע האָט געפֿיהרט, נאָך פֿון דער צייט פֿון דער אויפֿקלערונג.

אָבּער וועה דעם בּורזשואַ, וועלכער עס געהט אַראָבּ פֿון רעכטען וועג און הייבּט זיך אָן צו אינטערעסירען מיט דעם סאָציאַליזמוס און צו טהאָן פֿאַר איהם! איהם בּלייבּט בּאַלד נאָר איין בּרירה: אָדער זיך אָבּצוזאָגען פֿון זיינע אידעען, אָדער זיך צושיידען מיט יענער געזעל־שאַפֿט, וועלכע עס האָט איהם בּיז אַהער ניט נאָר צוגעשמידט צו זיך, נאָר אויך אונטערגעהאַלטען אין לעבּען. נאָר ווייניגע האָבּען אַזוי פֿיעל מוטה און זעלבּסטשטענדיקייט צו דערגרייכען בּיז צו דיזען פּונקט, וואו די וועגען צושיידען זיך, און צווישען דיזע ווייניגע געפֿינען זיך אויך נאָר ווייניג, וועלכע עס האָבּען די קראַפֿט, קימענדיג צו דיזען פּונקט, צו צורייסען אַלע פֿערבּינדונגען מיט זייער אייגענעם קלאַס. און אויך זיי — דיזע ווייניגע פֿון די ווייניגע — פֿלעגען בּיז אַהער דאָס רוב גיך פֿערמאַטערט ווערען; זיי פֿלעגען שפּעטער הרטה האָבּען אויף זייערע „יוגענד־חטאים" און פֿלעגען „קליגער" ווערען.

די בּורזשואַזנע אידעאַליסטען זענען צווישען די מיט־

*) דעמאַגאָג — אַ פֿאָלקס פֿיהרער, וועלכער בּענוצט זיך פֿאַר זיינע אייגענע ציעלען מיט די שוואַכע זייטען און ניעדריגסטע געפֿיהלען פֿון דער מאַסע.

גליעדער פון דער העכערער בורזשואזיע די איינציגע, פון וועלכע עס איז איבערהויפּט מעגליך צו ערוואַרטען, אַז זיי זאָלען זיך איבער־געבען צו די אידעען פון סאָציאַליזמוס. אָבער דאָס רוב פון די בורזשואַזנע אידעאַליסטען, וועלכע פערשטעהען מעהר אָדער וועניגער טיעף די געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען און די אויפגאַבען פון דער צייט, פטר'ען נאָר אומזיסט זייער גאַנצע ענערגיע אויף צו זוכען אַ „פריעדליכע" פערענטפערונג פון דער „סאָציאַלער פראַגע", אויף צו געפינען אַ מיטעל, וועלכער זאָל מאַכען שלום צווישען זייער מעהר אָדער וועניגער סאָציאַליסטישען וויסען און יושר מיט די קלאַסען־אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, אויף זאַכען, וועלכע עס זענען פונקט אַזוי מעגליך, ווי נאַסער פייער און ברענענדיגע וואַסער.

נאָר יענע פון די בורזשואַזנע אידעאַליסטען קענען ווערען אמת'ע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען ניט נאָר דערגרייכט צום נויטיגען טהעאָרעטישען פערשטאַנד, נאָר וועלכע האָבען, וועניגסטענס בײַ זיך אין האַרצען, שוין לאַנג זיך אָבגעשיידט פון דער בורזשואַזיע, און וועלכע האָבען אין זיך גענוג קראַפט און שטאַרקייט אַוועקצוואַרפען פאַר דער גאַנצער וועלט זייער בורזשואַזנעם אָרט אין דער געזעלשאַפט.

פון די פערמעגענדע קלאַסען האָט אויף אַזאַ אופן דער סאָציאַליזמוס ניט פיעל צו ערוואַרטען. איינצעלנע פון זייערע מיטגליעדער קען מען נאָך צוציהען צום סאָציאַליזמוס, אָבער נאָר אַזעלכע, וועלכע געהערען ניט מעהר נאָך זייער בעוואוסטזיין נאָך צו דעם קלאַס, צו וועלכען זיי געהערען לויט זייער עקאָנאָמישער לאַגע. דאָס וועט שטענדיג אויסמאַכען נאָר אַ קליינע צאָהל מענשען, אויסער אין רעוואָ־לוציאָנערע צייטען, ווען מען וועט רעכענען, אַז דער סאָציאַליזמוס הייבט אָן אַריבערצואוועגען די וואָג. דאַמאָלסט וועט זיך מן הסתם אָנהייבען אַבייזע לויפענעש פון די רייהען פון די פערמעגענדע קלאַסען.

אָבער ביז אַהער האָבען זיך די סאָציאַליסטישע אַרמייען אָנ־געקליבען ניט פון די קלאַסען, וועלכע קענען וואָס עס איז, חוץ אויך אפשר ניט פיעל, פערלירען, נאָר פון די „וועלכע האָבען ניט וואָס צו פערלירען, אַחוץ נאָר זייערע קייטען, און וועלכע האָבען צו געווינען אַ גאַנצע וועלט".

## 2. מְשרתים און דִיענסט–לַייט.

מעֶן קעֶן אָבעֶר פונדעֶסטוועֶגעֶן בשום אופן נִיט זאָגעֶן, אַז צווִישעֶן אַלעֶ שִׁיכטעֶן פון דִי נִיט־פּעֶרמעֶגעֶנדעֶ קלאַסעֶן קעֶן דִי סאָציאַלדעֶמאָקראַטיעֶ געֶווינעֶן פאַר זִיך פִיעל אַנהעֶנגעֶר.

מִיר קעֶנעֶן זִיך דאָ נאַטִירלִיך נִיט פּעֶרנעֶהמעֶן מִיט דעֶר עֶנטוויקלונגס־געֶשִׁיכטעֶ פון דעֶם פּראָלעֶטאַריאַט; דאָס ווִיכטִיגסטעֶ וועֶגעֶן דעֶם האָבעֶן מִיר שוין געֶזאָגט אִין צווייטעֶן קאַפּיטעֶל, וואו מִיר האָבעֶן בעֶטראַכט דִי ראָלעֶ פון דעֶם פּראָלעֶטאַריאַט אִין דעֶם היַינטִיגעֶן פּראָדוקציאָנס־אופן. דאָ וועֶלעֶן מִיר נאָר צולעֶגעֶן נאָך אייניגעֶ בעֶמעֶרקונגעֶן, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן נויטִיג, ווִי מִיר רעֶכעֶנעֶן, כּדי צו עֶרקלעֶרעֶן דִי ראָלעֶ, וואָס עֶס שפּיעלעֶן דִי פּעֶרשִׁיעדעֶנעֶ שִׁיכטעֶן פון דעֶם פּראָלעֶטאַריאַט אִין דעֶם עֶקאָנאָמִישעֶן און פּאָלִיטִישעֶן קאַמפּף פון אונזעֶר ציַיט.

מִיר ווייסעֶן שוין, אַז ווען אַפִילו דעֶר געֶלִיעבטעֶר שפּרִיכוואָרט פון פִילִיסטעֶר, אַז אביונים זעֶנעֶן אַלעֶ מאָל געֶווען, אִיז פאַלש, מוז מעֶן דאָך מודה זיַין, אַז דִי אָרעֶמקיַיט אִיז אויך אַזוי אַלט ווִי דִי סחורה־פּראָדוקציאָן. אֶמת, אִין אַמאָלִיגעֶ יאָהרעֶן, זעֶנעֶן בכלל געֶווען וועֶנִיג אָרעֶמעֶ לַייט. אִין מִיטעֶל־אַלטעֶר צ. ב. אִיז זעֶהר קליין געֶווען דִי צאָהל פון אַזעֶלכעֶ מעֶנשעֶן, וועֶלכעֶ האָבעֶן נִיט געֶהאַט דִי נויטִיגעֶ פּראָדוקציאָנס־מִיטלעֶן אויף צו פִיהרעֶן אַ איַיגעֶנעֶם בעֶטרִיעב. פאַר דעֶם גרעֶסטעֶן טהייל פון וועֶנִיגעֶ נִיט־פּעֶרמעֶגעֶנדעֶ אִיז לַייכט געֶווען צו געֶפִינעֶן פאַר זִיך אַ'ן אָרט אִין אַ פּעֶרמעֶגעֶנדעֶר פאַמִילִיעֶ אַלס קנעֶכט, העֶלפּעֶר, געֶזעֶל אָדעֶר שטוב־מיידעֶל; דאָס זעֶנעֶן דאָס רוב געֶווען אִינגעֶרעֶ לַייט, וועֶלכעֶ האָבעֶן נאָך געֶהאַט דִי האָפנונג זִיך צו דעֶרשלאָגעֶן מִיט דעֶר ציַיט צו אַ איַיגעֶנעֶם ווִירטשאַפטס־בעֶטרִיעב און אַ איַיגעֶנעֶר בעל־הבתּישקיַיט. אִין יעֶדעֶן פאַל האָבעֶן זיי געֶאַרבייט אִין איינעֶם מִיט דעֶם בעל־הבית פון הויז אָדעֶר מִיט זיַין פרוי און פלעֶגעֶן אִין איינעֶם מִיט זיי געֶנִיסעֶן דִי פרוכט פון זייעֶר אַרבייט. אַלס מִיטגלִיעדעֶר פון אַ פּעֶרמעֶגעֶנדעֶר פאַמִילִיעֶ זעֶנעֶן זיי קיין פּראָלעֶטאַריעֶר נִיט געֶווען; זיי האָבעֶן זִיך געֶפִיהלט עֶנג פּעֶרבונדעֶן מִיט דעֶם פּעֶר־

מעגען פון דער פאמיליע, אין די נוטצען, וועלכע ער האט געבראכט, האבען זיי געהאט א חלק, פון די היזקות—האבען זיי געליטען. און דאס פאסירט נאך איצטער אויך אין יענע פערוואָרפענע געגענדען, וואו אזעלכע פאטריארכאלישע פערהעלטניסען האבען זיך נאך איינגעהאלטען. וואו די דינסטלייט געהערען צו דער פאמיליע פון דעם פערמעגענדען, דאָרטען שטעהען זיי פאר׳ן איינגענטום, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אליין פערמעגען זיי גאָרנישט, דאָרטען געפינט דער סאָציאליזמוס קיין אָרט ניט.

עהנליך איז דאס געוועזען מיט די האנדווערקס-געזעלען (פערגל. קאפיט. II ,1).

נעבען די קנעכט און געזעלען זענען ענטשטאנען די בעדינער. א טהייל ניט-פערמעגענדע זענען אוועק דינען ביי די פאמיליען פון די גרעסערע עקספלואטאטאָרען, אין מיטעל-אלטער און אין אנהויב פון דער נייער צייט, ספעציעל ביי די פאמיליען פון די אדעליגע (פריצים) און פירשטען, העכערע גייסטליכע און סוחרים. זיי האבען ביי זיי ערטער ניט כדי זיי צו העלפען אין דער ארבייט, נאָר כדי זיי צו שיצען אָדער כדי זיי צו בעשעהנען דעם הויף, אלס געדונגענע סאָלדאטען אָדער לאקייען. דער בעדינער ארבייט ניט אין איינעם מיט זיין בעל-הבית און האט ניט די זעלבע פערגניגונגען וואס ער; דאָ פעהלט דער פאטריארכאלישער פערהעלטניס און דעריבער פעהלט דאָ אויך די אחדות צווישען בעל-הבית און קנעכט, וועלכע עס קומט דערפון ארויס. אָבער דערפאר ענטוויקעלט זיך א׳ן אנדער ארט אחדות צווישען דעם בעל-הבית און דעם בעדינער. וואו מען האלט פיעל בעדינער, דאָרטען זענען זיי אויך צוטהיילט אויף פערשידענע כתות. יעדער איינצעלנער פון זיי קען האפען צו פערנעהמען א העכערען אָרט, צו בעקומען מעהר הכנסה און קריגען מעהר מאכט און בעדייטונג. דיזע פערמעהרונג ווענדט זיך אָן זיין בעל-הבית׳ס קאפריזען. וואס מעהר ער קען זיך אונטערטעהניג מאכען און זיך צו׳הנפה׳נען און וואס מעהר ער יאָגט אין דערינען אריבער זיינע חברים, אל׳ין מעהר האפנונגען האט ער אויף דעם חסד פון זיין בעל-הבית. אזוי פיהלט זיך דער בעדינער ענג פערבונדען מיט דעם בעל-הבית און איז פערקעהרט א פערבאָרגענער שונא פון אלע זיינע חברים. און נאך א׳ן אנדער מין אחדות בילדעט זיך צווישען דעם בעל-הבית און דעם בעדינער. וואס גרעסער עס איז די הכנסה, דער כבוד און

דיִ מאַכט פון זײַן בעל־הבית, אַלץ מעֶהר קומט דעֶרפון אַרײַן דעֶם בעֶדיִענעֶר. בעֶזאָנדעֶרס איִז דאָס ריִכטיִג געֶגעֶן דיִ לוקסוס־בעֶדיִענעֶר, וועֶלכעֶ האָבעֶן קײַן אַנדעֶר מלאכה ניִט, וויִ נאָר צו „מעֶלדעֶן“, וויִ נאָר צו בעֶווײַזעֶן, וויִ פיִעל איִבעֶריִגעֶ געֶלד עֶס האָט זײַער בעל־הביִת, און איִהם צו העֶלפעֶן גיִך און אַנגעֶנעֶהם אויסצובריִנגעֶן דיִזעֶ געֶלד, דיִנעֶנדיִג איִהם אונעֶרשראָקעֶן און „טרײַ“ בײַ אַלעֶ זײַנעֶ משוגע'תן און תאוות. און דעֶריִבעֶר פיִהלט זיִך דעֶר בעֶדיִענעֶר עֶנג פעֶרבונדעֶן מיִט דעֶם עֶקספּלואַטאַטאָר און אונטעֶרדריִקעֶר; עֶר איִז אַלעֶ מאָל אויף זײַן צד געֶגעֶן דיִ עֶקספּלואַטיִרטעֶ און אונטעֶרדריִקטעֶ; אָפט בעֶגעֶהט עֶר זיִך מיִט זיִי אַפּיִלו פיִעל עֶרגעֶר און גראָבעֶר, איידעֶר זײַן בעל־הבית אַלײן; דעֶן זײַן בעל־הבית, אויב עֶר איִז נאָר אַ מעֶנש מיִט אַ וועֶלכעֶן עֶס איִז פעֶרשטאַנד, וועֶט עֶר דאָך ניִט קוילעֶנעֶן דיִ הוהן, וועֶלכעֶ עֶס לעֶגט איִהם גאָלדעֶנעֶ אײעֶר; עֶר וויִל איִהר אײַנהאַלטעֶן ניִט נאָר פאַר זיִך אַלײן, נאָר אויך פאַר זײַנעֶ יורשיִם. דעֶר בעֶדיִענעֶר האָט זיִך דעֶרמיִט ניִט וואָס צו רעֶכעֶנעֶן.

עֶס איִז קײַן וואונדעֶר ניִט, וואָס בײַ'ם פאָלק איִז קײנעֶר ניִט אַזוי פעֶר'מיִאוסט, וויִ דיִ בעֶדיִענעֶר, דעֶר לאַקײַ, וואָס זײַן טעֶלעֶר־לעֶקעֶרײַ צו דיִ „גרויסעֶ לײַט“ און זײַן אַכזריות צו דעֶם קלײנעֶם מעֶנשעֶן איִז אַרײַן איִן אַ שפּריִכוואָרט. אַ נשמה פון אַ לאַקײַ — דעֶרמיִט מײנט מעֶן אַלעֶרלײ מעֶגליִכעֶ ניִעדריִגקײטעֶן.

עֶס פעֶרשטעֶהט זיִך, דיִ בעֶדיִנגונגעֶן, וועֶלכעֶ עֶס אַרבײטעֶן אויס דעֶם כאַראַקטעֶר פון בעֶדיִענעֶר, וויִרקעֶן ניִט נאָר אויף דעֶם ניִט־פעֶרמעֶגעֶנדעֶן פון דיִ אונטעֶרשטעֶ שיִכטעֶן, נאָר אויך אויף דעֶם ניִט־פעֶרמעֶגעֶנדעֶן אָדעֶר וועֶניִג־פעֶרמעֶגעֶנדעֶן פון דיִ העֶכעֶרעֶ שיִכ־טעֶן, וויִ צ. ב. אויף דעֶם פעֶראָרעֶמטעֶן פּריִץ, וועֶלכעֶר זוכט פאַר זיִך אַ תכליִת, קריִגעֶנדיִג אַ שטעֶלעֶ אַלס אַ העֶכעֶרעֶר לאַקײַ איִן אַ פיִרשטליִכעֶן הויף, אַלס אַ הויף־מעֶנש*).

*) ווי נאָהענט עס זענען דער לאַקיי און דער הויף-מענש איינער צו דעם אַנדערען בעווייזט אונז אויפ'ן אינטערעסאַנטעסטען אופן דער ראָמאַן פון לעמאַזש „זשיל בלאַז“, דיזע מוסטערגעשיכטע פון דער לאַקייאישער נשמה. פון דער אַנדערער זייט איז דער בעדיענער גאַנץ נאָהענט צום לומפּען-פּראָלעטאַריאַט. זשיל בלאַז איז אויסגעוואַקסען פון אַ פּשוט'ען לאַקיי און פּערערלעקע ביז צו אַ סעקרעטאַר און ליעבלינג פון דעם ערסטען מיניסטער ביי'ם שפּאַנישען קעניגליכען הויף, און דערביי האָט זיך זיין כאַראַקטער בעצם אויף אַ האָר ניט אומגעביטען.

אָבער דאָ האָבען מיר צו טהון נאָר מיט די נידעריגערע בעַ־דיענער און דעריבער מוזען מיר זיך אָבזאָגען, ווי אינטערעסאַנט דאָס וואָלט ניט געווען, מעהר זיך צו פערנעהמען מיט דעם פערגלייך צווי־שען זיי און די אַדעליגע בעדיענער — אַ פערגלייך, וועלכער שפּרינגט נאָך דערביי גלייך אין די אויגען און וועלכער עס איז ניט שווער ווייטער צו פיהרען. דאָ ווילען מיר נאָר בעווייזען, פאַר וואָס דער סאָציאַליזמוס קען ניט בעזונדערס פיעל רעכענען אויף די פערשיעדענע משרתים און בעדיענער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי געהערען צו די ניט־פערמעגענדע שיכטען. זיי זענען גיכער אַ שוץ־מויער פאַר דער איצטיגער געזעלשאַפט.

דער וואוקס פון דער עקספּלואַטאַציאָן, פון דער מאַסע מעהר־ווערטה, וואָס ווערט יעהרליך בעשאַפען, אין די פערגרעסערונג פון דער ל.קסוס, וועלכע עס קמט דערפון אַרויס, רופען אַרויס אַ שטענ־דיגע פערמעהרונג פון דער צאָהל פון די בעדיענער און משרתים. אָבער צום גליק פאַר דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג האָט זיך זעהר פערקלענערט די צאָהל פון דעם אַנדערען סאָרט משרתים, פון די געדונגענע סאָלדאַטען, זינט עס איז פאָרגעקומען אין דער מיליטער־אָרגאַניזאַציאָן אַ איבערקערעניש, פאַר וועלכער די פראַנצויזי־שע רעוואָלוציאָן האָט דורכגעלעגט אַ וועג, זינט מען האָט אָנגעביטען דעם געדונגענעם חיל אויף דעם חיל, וואָס ווערט רעקרוטירט פון גאַנצען פאָלק אויפ'ן גרונט פון דעם אַלגעמיינעם מיליטער־דיענסט. אין גאַנצען, פערשטעהט זיך, איז דיזער סאָרט משרתים ניט פערשוואונדען, און טאַקי דעם רעשט פון איהם האָבען מיר ניט וועניג צו פערדאַנקען דאָס, וואָס דער „בעוואָפענטער פאָלק" האָט זיך ביז אַהער דאָס רוב אַרויס־געוויזען פאַר אַנ'איינריכטונג, וועלכע איז זעהר ווייט פון אַ דעמאָ־קראַטישער.

אָבער ניט קוקענדיג אויף דער שטענדיגער פערגרעסערונג פון דעם לוקסוס, ווירקט אַ שטאַרקע טענדענץ אויך געגען דער פערמעה־רונג פון דער אייגענטליכער דינערשאַפט און איבערהויפּט פון הויז־משרתים; די צערשטערונג פון דער אַלטער, אַריבערגעקומענער פאַ־מילענפאָרם און די אַרבייטס־טהיילונג, וועלכע עס מאַכט וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַרבייטען פון דער שטוביגער בעל־הבית'ישקייט און פון דער פערזענליכער בעדינגונג פאַר בעזאָנדערע אונהאַבהענגיגע פראָ־פעסיאָנען: פאַבריקמאַכערס, בעל־עגלה'ס, טרעגערס און ז. וו.; דיזע

אַלע פּראָפעסיאָנען, וועלכע עס האָבּען פריהער געהערט צו דער בּעשעפטיגונג פון אַ בּעדינער, בּעווייזען נאָך אַ צייט נאָכדעם, ווי זיי זענען זעלבּסטשטענדיג געוואָרען, די כאַראַקטעריסטישע סמנים פון זייער אָבּשטאַמונג, אָבּער דאָך הייבּען זיי אָן בּיסלעכווייז איבּערצונעהמען די מעלות און די מיינונגען פון די אינדוסטריעלע שׂכירות־אַרבּייטער.

---

## 3. דאס לומפּען־פּראָלעטאַריאַט.

ווי גרויס עס איז ניט געוועזען צייטענווייז די צאָהל פון די אַלע הויז־און לוקסוס־משרתים, פון די געזעלען און געדונגענע סאָלדאַטען, האָבּען דאָך געוועהנליך ניט אַלע ניט־פערמעגענדע געקענט געפינען פאַר זיך אַן אָרט. די ניט־פערמעגענדע, וועלכע האָבּען ניט געטויגט צו דער אַרבּייט—קינדער, אַלטע לייט, קאַליקעס, קראַנקע—האָבּען, פערשטעהט זיך, זייער בּרויט ניט געקענט פערדינען דורך קיינע פון דיזע פּראָפעסיאָנען, אָבּער נאָך אין אָנהויבּ פון דער נייערער צייט איז צו זיי צוגעקומען, ווי מיר האָבּען געזעהען, אַזאַ גרויסע מאַסע אַרבּייט־זוכענדע—דער עיקר בּויערן, פערטריבּענע פון זייערע ערד אָדער אַנטלאָפענע איבּער די אַכזריות פון די פּריצים—אַז פיעלע, וועלכע זענען פעהיג געווען צו אַרבּייט, זענען געקומען צו דער זעלבּער לאַגע, אין וועלכער עס האָבּען זיך געפונען די, וואָס טויגען ניט צו דער אַרבּייט. פאַר זיי איז קיין אַנדער עצה ניט געבּליבּען, ווי צו בּעטלען, צו גנבֿ'ענען אָדער לעבּען פון פּראָסטיטוציאָן. מען האָט זיי נאָר געגעבּען איין בּרירה: אָדער שטאַרבּען פון הונגער, אָדער געהען געגען אַלע עקזיסטירענדע בּעגריפען וועגען בּושה און מענשליכער ווירדע. זיי האָבּען געקענט אויפהאַלטען זייער לעבּען נאָר דורך דעם, וואָס זיי האָבּען שטענדיג מעהר געזאָרגט פאַר די נעהנסטע פערזענליכע בּעדערפנישען, אידער פאַר זייער גוטען שם. עס איז קלאָר, אַז אַזאַ לאַגע מוז בּיז צום העכסטען גראַד פערדאַרבּען די מדות פון דעם מענשען.

דיזע פערדאָרבּענהייט איז געוואָרען און ווערט אַלץ פערמעהרט דורך דעם, וואָס די אַרבּייטס־לאָזע קבצנים זענען פאַר דער געזעלשאַפט העכסט איבּעריג, וואָס ניט נאָר די געזעלשאַפט דאַרף זיי ניט, נאָר זי וואָלט נאָך פערקעהרט אַראָבּגעוואָרפען פון זיך אַן איבּע-

ריגע משא, ווען זי וואָלט פון זיי פטור געוואָרען. עס מוז אָבער פערדאָרבען ווערען יעדער קלאַס, וועלכער עס איז איבעריג, וועלכער עס ערפילט ניט אין דער געזעלשאַפט קיין נויטיגע פונקציאָנען. דאָס איז ריכטיג געגען די נידעריגסטע ווי וועגען די העכסטע קלאַסען.

און די בעטלער קענען זיך ניט אויפהייבען אַפילו אין די אייגענע אויגען און איינשמועס'ען זיך, אַז זיי זענען נויטיג; זיי האָבען ניט קיין זכרונות וועגען אַזאַ צייט, ווען זייער קלאַס האָט געבראַכט אַ פעולה דער געזעלשאַפט, זיי קענען ניט, זיך אָנשפאַרענדיג אויף זייער מאַכט, מיט געוואַלט צווינגען די געזעלשאַפט אויפצוהאַלטען זייער פּאַראַזיטען-לעבען.

מען פערטראָגט זיי נאָר: שפּלידיגקייט איז דעריבער דער ערשטער הויב פון דעם בעטלער, זי רעכענט זיך פאַר דער בעסטער מדה פון דעם קבצן. אַקוראַט ווי די בעדינטע, סטאַרעט זיך אויך דיזער סאָרט פּראָלעטאַריער זיך אונטערצוהנפ'ענען ביי די „גרויסע לייט"; זיי שטעהען ניט פיינדליך געגען דער עקסיסטירענדער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. פערקעהרט, זי מוזען אָנקומען צו די ברעקלעך, וועלכע עס פאַלען פון גבירי'ס טיש: ווי קענען זיי פערלאַנגען אַז דער גביר זאָל פערשווינדען! זיי אַליין ווערען ניט עקספּלואַטירט; אָבער וואָס מעהר עס ווערט עקספּלואַטירט דער אַרבייטער, אַלין גרעסער איז די הכנסה פון דעם רייכען, אַלץ מעהר בעל-צדקה קען ער זיין, אַלץ מעהר קענען פון איהם ערוואַרטען די אָרעמע לייט. זיי בעקומען אַ חלק פון דער עקספּלואַטאַציאָן, אַקוראַט ווי די בעדינטע, פאַר וואָס זאָלען זיי געגען איהר קעמפּפען? אין די ערשטע צייטען פון דער רעפאָרמאַציאָן*) אין דייטשלאַנד, ווען די קאַטוילישע קירכע איז ביי אַלע קלאַסען געוועהן פער'מיאוס'ט ביז צום העכסטען גראַד, ווייל זי האָט זיי אַלעמען עקספּלואַטירט, זענען איהר נאָר דיזע פּראָלעטאַריער טריי געבליבען, ווייל זיי פלעגען בעקומען פון איהר רייכערע נדבות, איידער פון די קאַרגע שטאָדטיגע בירגער און פון די בעראַבעוועטע בויערן.

*) די רעפאָרמאַציאָן איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד אין אָנהויב פון 16-טען יאהרהונדערט און איז אויך בעשטאַנען פון דער רעליגיעזער זייט אין דעם, וואָס אַטייל פון דייטשען פאָלק האָט זיך אָבגעריסען פון דער קאַטולישער קירכע און האָט אָנגענומען די לעהרע פון לוטהער.

דיזער סאָרט פּראָלעטאַריאַט — דאָס לומפּען־פּראָלעטאַריאַט — איז נאָך קיין מאָל ניט נאָך זיין איינענעם ווילען אַרויסגעטרעטען געגען דער עקספּלואַטאַציאָן, אָבער, פערשטעהט זיך, אַז ער איז אויך ניט קיין שוץ־מויער פון דער עקספּלואַטאַציאָן, ווי עס איז אַמאָל געווען דער צווייטער סאָרט בעדינטע, דער געדונגענער היל. ציטערענדיג פאַר יעדע מאַכט און ניט האָבענדיג קיין שום פּרינציפּען, איז ער אין יעדער צייט קאַפּאַבּעל גאָר אָהן ישוב־הַדעת אַוועקצוואַרפען יענע, פון וועמענס נדבות ער האָט געלעבט, ווי באַלד נאָר זיי פערלירען זייער מאַכט און רייכקייט. ער איז קיין מאָל ניט געשטאַנען אין די ערשטע רייהען פון אַ רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, אָבער ביי אַלע אונרוהען האָט ער זיך אַלע מאָל די מינוט געפינען ביי דער האַנד, כּדי אַריינצוכאַפּען עפּעס אין טומעל. ער האָט צייטענווייז מיטגעהאָלפען צו געבען דעם הערשענדען קלאַס, וועלכער עס האָט געהאַלטען ביי'ם פאַלען, דעם לעצטען טוידט־קלאַפּ. געוועהנליך האָט ער זיך ביי אַ רעוואָלוציאָן בענוגענט דערמיט, וואָס ער האָט איהר עקספּלואַטירט און פערשמוצט, כּדי איהר צו פערקויפען ביי דער ערשטער געלעגענהייט דעם שׂונא.

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן האָט דאָס לומפּען־פּראָלעטאַריאַט שטאַרק פערמעהרט; ער פיהרט איהר צו שטענדיג אַלץ נייע רעקרוטען, פון איהם בעשטעהט אַ גרויסער טהייל פון דער בעפעלקערונג, בעזאָנדערס אין די גרויסע שטעדט.

אין כאַראַקטער און מיינונגען שטעהט צו איהם זעהר נאָהענט יענער טהייל פון די קליין־בויערן און קליין־בורזשואַ, וועלכער איז ביז צום טיעפסטען גראַד געפאַלען, וועלכער האָט פערלאָרען די האָפנונג זיך אויפצוהויבען מיט די איינענע קרעפטען און וועלכער רעכענט ווי עס איז זיך צו האַלטען אויפ'ן וואַסער דורך די נדבות, וואָס עס וואַרפען איהם צו די העכערע קלאַסען.

## 4. די קינדערצייט פון לוין־פּראָלעטאַריאַט.

פון דיזע געפאַלענע קליין־בויערן און קליין־בורזשואַ האָט די ניי־געבאָרענע קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, בעזאָנדערס די גרויס־אינדוסטריע, דער עיקר צונויפגעקליבען איהרע אַרבייטס־קרעפטען.

זי האָט פערלאַנגט ניט אַזוי ג ע ל ע ר ע נ ט ע אַרבייטער, ווי ג ע ד ו ל ד י ג ע, א ו נ ט ע ר ט ע ה נ י ג ע אַרבייטער, וועלכע זאָלען זיך אין גאַנצען אָבגעבען אין דעם רשות פון דעם גרויסען מעכאַניזמוס פון דער איצטיגער פאַבריק, — פון דעם מעכאַניזמוס, וועלכער קען נאָר דאַן אַרבייטען אָהן אַ שטערונג, ווען יעדע פון זיינע פיעלע רעדלעך פיהרט אויס פינקטליך און שטענדיג איהרע בעשטימטע בעוועגונגען. און דאָס, וואָס די נייע אויפגעקומענע גרויס־אינדוסטריע האָט רעקרוטירט דעם גרעסטען טהייל פון איהרע אַרבייטס־קרעפטען פון יענע אַרבייטער־שיכטען, וועלכע זענען געשטאַנען זעהר נאָהענט צו דעם לומפען־פראָלעטאַריאַט אָדער פון דעם לומפען־פראָלעטאַריאַט גופא, האָט זעהר שלעכט געווירקט אויף די לאַגע פון אַלע שכירות־אַרבייטער. ווי די קאַפּיטאַליסטען האָבען זיך בעגאַנגען מיט די שכירות־אַרבייטער פון דיזע נידעריגע שיכטען, וועלכע עס האָבען אַלץ אונטערטעהניג אַריבערגעטראָגען, אַזוי האָבען זיי זיך אויך אָנגעהויבען צו בעגעהען מיט אַלע שכירות־אַרבייטער איבערהויפּט. די אַרבייט גופא, וועלכע עס מאַכט עדעל דעם מענשען, ווי די בורזשואַזנע עקאָנאָמיסטען און מאָראַליסטען האָבען ליעב צו טענה׳ן, איז די ערשטע צייט געוואָרען פאַר׳ן פראָלעטאַריער דער קוואַל פון נאָך וויטערע ערנידערונגען, ניט פון אויפהייבונג. די אונטערטהעניגקייט פון די אַרבייטער האָט עס מעגליך געמאַכט די קאַפּיטאַליסטען צו פערלענגערען די אַרבייטס־צייט ביז צום העכסטען גראַד. וועלכע שטאַרקע בעוועגענדע אורזאַכען עס טרייבען דערצו אין דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע, האָבען מיר שוין אין צווייטען קאַפּיטעל געזעהען. דאָס קאַפּיטאַל לאָזט דעם פראָלעטאַריער ניט איבער קיין מינוט צייט צום לעבען, צו בילדען זיך, אויב ער איז דערצו ניט געצוואונגען. דאָרטען וואו מען שטערט איהם ניט, נויט ער דעם אַרבייטער צו האָרעווען ביז די לעצטע כחות. בלייבט שוין יע אַ קורצע ווילע צווישען דער אַרבייטס־צייט און שלאָף, דאַן קלעקט זי גראַדע נאָר אויף די גרעבסטע פערגניגונגען, שכרות אָדער זנות, כדי צו פערשטיקען דעם בעוואוסטזיין פון זיין ביטערע לאַגע. דער צוזאַמען־אַרבייטען פון מענער און ווייבער, דערוואַקסענע און קינדער, וועלכע עס קען צווישען פרייע, לעבעדיגע מענשען, וואָס האָבען דעם בעוואוסטזיין פון זייער הויך, ווערען אַ שטענדיגער וועקער פאַר זייער גייסט און אַ קוואַל פון אויסעדעלונג פאַר זייערע מדות, איז אין דער קאַפּיטאַליסטישער פאַבריק אין די ערשטע צייטען

געוואָרען אַ מיטעל צו פערגרעסערען דורך איהרע פערדאָרבענע וויר־קונגען די סכנה פון דער גײַסטיגער און מאָראַלישער פער'סמ'ונג, צו פער־ברייטערען נאָך גיכער די פערדאָרבענהײַט צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט.
עס איז קײַן וואונדער ניט וואָס אין אָנהויב פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער גרויס־אינדוסטריע איז כמעט קײַן אונטערשיעד ניט געוועזען צווישען די אַרבײַטענדע פּראָלעטאַריער און די לומפּען־פּראָלעטאַריער. זיי טיעף זײַ זענען געוועזען פערזונקען אין פערברעכען, שכרות, גראָב־קייט און שמוץ — קערפּערליכען און גײַסטיגען — קען מען אַם בעסטען זעהען פון דעם מוסטער־ווערק, אין וועלכען פרידריך ענגעלס האָט בעשריבען די לאַגע פון די אַרבײַטענדע קלאַסען אין ענגלאַנד אין די ערשטע צעהנדליגער יאָהרען פון פאָריגען־יאָהר־הונדערט*).

## 5. אויפהייבונג פון דעם לומפּענפּראָלעטאַריאַט.

עס האָט אויסגעוויזען, אַז דער בעגריף „פּראָלעטאַריער" און די טיעפסטע פערדאָרבענהײַט בעדײַטען אײַנס און דאָס זעלבע. עס זענען נאָך איצטער פאַראַנען לײַט, וועלכע האַלטען זיך בײַ דיזער מײַנונג אין צווישען זיי געפינען זיך אַזעלכע, וועלכע מײַנען, אַז זיי זענען העכסט הײַנט־מאָדישע מענשען. און דאָך האָט זיך נאָך אין יענער צײַט, ווען דאָס אַרבײַטענדע פּראָלעטאַריאַט האָט נאָכ'ן אויסזעהען געהאַט אַזוי פיעל סמנים מיט'ן לומפּען־פּראָלעטאַריאַט, געבילדעט אַ טיעפער אָבגרונד צווישען די ביידע סאָרטען פּראָלעטאַריער.
דאָס לומפּען־פּראָלעטאַריאַט איז אין עצם אומעטום געבליבען דער אייגענער, וואו און ווען ער איז נאָר אַרויסגעטרעטען אין גרויסע מאַסען. דאָס לומפּען־פּראָלעטאַריאַט אין דעם איצטיגען בערלין אָדער לאָנדאָן אונטערשיידעט זיך ניט זעהר פיעל פון דעם לומפּען־פּראָלעטאַריאַט אין דעם אַלטען רוים. פערקעהרט, דער איצטיגער אַרבײַטענדער פּראָלעטאַריאַט איז אַ גאַנץ בעזונדערע ערשײַנונג, וועל־כע די וועלט־געשיכטע האָט נאָך ביז אַהער ניט געזעהען.

*) דיעזער זעהר וויכטיגער בוך איז צום ערשטען מאָל אַרויס אין 1845 יאָהר אונטער דעם נאָמען: „די לאַגע פון די אַרבײַטענדע קלאַסען אין ענגלאַנד".

צווישען דעם לומפּען־פּראָלעטאַריאַט און דעם אַרבּייטענדען פּראָלעטאַריאַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן איז קודם־כּל פאַרהאַן דער גרויסער הויפּט־אונטערשייד, וואָס דער ערשטער איז אַ פּאַראַזיט אין דער געזעלשאַפט, און דאָס אַרבּייטענדע פּראָלעטאַריאַט איז איינער פון די יסודות, אויף וועלכע עס שטעהט די געזעלשאַפט, און דער דאָזיגער יסוד ווערט וואָס ווייטער אַלץ מעהר ניט נאָר דער וויכטיגסטער, נאָר אויך סוף כּל סוף דער איינציגער קוואַל, פון וועלכען די געזעלשאַפט שעפּט איהר קראַפט. דער אַרבּייטענדער פּראָלעטאַריער האָט ניט קיין פערמעגען, אָבער ער לעבט ניט פון קיין נדבות; ניט נאָר וואָס די געזעלשאַפט האַלט איהם ניט אויף, נאָר, פערקעהרט, ער האַלט אויף די געזעלשאַפט דורך זיין אַרבּייט. אין די ערשטע צייטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן האָט זיך געוויס דער אַרבּייטענדער פּראָלעטאַריער געפיהלט אַלס אַנ'אָרעמאַן; דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער עקספּלואַטירט איהם, האָט ער געהאַלטען פאַר זיין בעל־טובה, וועלכער גיט איהם אַרבּייט און דערמיט אויך ברויט, פאַר זיין ברויט־געבער, אַרבּייט־געבער. די דאָזיגע „פּאַטריאַרכאַלישע״ פערהעלטניסען ווענען נאַטירליך זעהר אַנגענעהם די קאַפּיטאַליסטען. זיי פאָדערען נאָך איצט אויך פון זייערע אַרבּייטער פאַר די שכירות, וואָס זיי צאָהלען זיי, ניט נאָר די אַרבּייט, אויף וועלכער דער אַרבּייטער האָט זיך פערדונגען, נאָר אויך אונטערטהעניגקייט און דאַנקבּאַרקייט.

אָבער די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן קען אין ערגעץ ניט עקסיסטירען אַ לענגערע צייט, וואו די פּאַטריאַרכאַלישע פערהעלטניסען, וועלכע עקזיסטירען פון אָנהויב צווישען די בעלי־הבּתּים און די אַרבּייטער, זאָלען ניט גענצליך פערניכטעט ווערען. זיי פערקנעכטעט און טעמפּע די אַרבּייטער זאָלען ניט זיין, פריהער אָדער שפּעטער דערזעהען זיי פאָרט, אַז זיי ווענען די ברויט־געבער פון דעם קאַפּיטאַליסט, און ניט פערקעהרט. אין דער צייט, ווען זיי בלייבען אָרעם, אָדער ווערען נאָך אַפילו אָרעמער, ווערט דער קאַפּיטאַליסט אַלץ רייכער. און ווען זיי בעטען ביי'ם פאַבּריקאַנט, ביי דעם כּלומר'שטדיגען פּאַטריאַרך, מעהר ברויט, דערלאַנגט ער זיי שטיינער.

פון די לומפּען־פּראָלעטאַריער און בעדיענטע אונטערשיידען זיך די אַרבּייטענדע פּראָלעטאַריער דורכדעם, וואָס זיי לעבען ניט

פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציאָן; פון די הויז־משרתים און האַנדווערקס־געזעלען (פערגלייך קאַפּיטעל II.) אונטערשיידען זיי זיך דורכדעם, וואָס זיי אַרבייטען ניט און לעבען ניט צוזאַמען מיט זייערע עקספּלואַטאַטאָרען, וואָס פאַר זיי איז פערשוואונדען יעדער פערזענליכעם פערהעלטניס צווישען דעם עקספּלואַטאַטאָר און עקס־פּלואַטירטען. זיי לעבען אין פינסטערע לעכער און בויען פאַר זייער עקספּלואַטאַטאָר אַ פּאַלאַץ, זיי הונגערען און פערשאַפען איהם דעם בעסטען און טייערסטען מאָהלצייט, זיי האָרעווען ביז בײַ זיי גֶעהען אויס די לעצטע כחות, כדי צו שאַפען פאַר איהם און פאַר זיין פאַמיליע די מיטלען צו פטר'ען די לײדיגע צייט.

דאָס איז אַ גאַנץ אַנדערער קאָנטראַסט ווי דער, וואָס האָט עקסיסטירט צווישען דעם רייכען און דעם „קליינעם מענשען“, דעם אָרעמאַן פון דער פאָר־קאַפּיטאַליסטישער צייט. דער דאָזיגער איז מקנא דעם רייכען, ער גיט איהם אָב כבוד און זעהט אין איהם אַ מוסטער, אַן אידעאַל, ער וואָלט וועלען זיין אויף זיין אָרט, אַן עקספּלואַטאַטאָר גלייך ווי ער. איהם קומט גאָר ניט אויפ'ן זינען אַרויף, צו פערלאַנגען, אַז די עקספּלואַטאַציאָן זאָל פערניכטעט ווערען. דער אַרבייטענדער פּראָלעטאַריער איז דעם רייכען ניט מקנא, ער ווינשט זיך ניט צו זיין אויף זיין אָרט; ער פערהאַסט איהם און פעראַכטעט איהם. ער האָט איהם פיינד אַלס זיין עקספּלואַטאַטאָר און פעראַכטעט איהם אַלס אַן איבריגען פּוסט־און־פּאַס־ניק. ער האָט פון אָנהויב פיינד נאָר יענעם קאַפּיטאַליסט, מיט וועלכען ער האָט גראַדע אַליין צו טהון, אָבער באַלד דערקענט ער, אַז זיי אַלע בכלל בעגעהען זיך מיט איהם אויף דעם זעלבען אופן, און זיין ערשטע פּערזענליכע פיינדשאַפט ענטוויקעלט זיך צו אַ בעוואוסטער שׂנאה קעגען דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטען־קלאַס.

די דאָזיגע שׂנאה צי די עקספּלואַטאַטאָרען איז איינער פון די ערשטע סימנים, מיט וועלכע עס צייכענט זיך אויס דאָס אַרבייטענדע פּראָלעטאַריאַט. די קלאַסען־שׂנאה איז בשום אופן ניט קיין רעזולטאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע — נאָך לאַנג, איידער מען האָט איהר נאָך אָנגעהויבען פיהרען צווישען דעם אַרבייטער־קלאַס, האָט זיך די דאָזיגע שׂנאה אַרויסגעוויזען. בײַ די בעדיענטע, הויז־משרתים אין האַנדווערקס־געזעלען איז אַזאַ שטאַרקע און ביטערע קלאַסען־שׂנאה אונמעגליך. בײַ די נאָהענטע פערזענ־

ליכע בעציהונגען צווישען זיי און זייערע „בעלי־הבתים“, וואָלט אַזאַ אַרט שׂנאה פאַר זיי אונמעגליך מאַכען יעדע נוצליכע טהעטיגקייט. אין די דאָזיגע פראָפעסיאָנען איז ניט זעלטען דער קאַמפּף צווישען די שׂכירות־אַרבייטער און זייערע בעלי־הבתים און מייסטערס; אָבער מען קומט שטענדיג דורך. אין דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן קענען די אַרבייטער טראָגען די ביטערסטע שׂנאה קעגען דעם אונטערנעהמער, ניט שטערענדיג דערמיט דעם גאַנג פון דער פּראָדוקציאָן, יאָ, נאָך מעהר, דער אונטערנעהמער קען אפילו די שׂנאה גאָר ניט בעמערקען.

די אַרבייטער ווייזען פון אָנהויב אַרויס זייער שׂנאה צו די עקספּלואַטאַטאָרען נאָר אין איינצעלנע־פאַלען און מיט וועניג דרייסטקייט. אויב עס דאַרף געדויערען אַ געוויסע צייט, ביז די פּראָלעטאַריער בעמערקען, אַז דער פאַבריקאַנט גיט זיי אַרבייט גאָר ניט פון גוטסקייט וועגען, געדויערט נאָך לענגער, ביז זיי געפינען אין זיך דעם מוט אַרויסצוטרעטען אין קאַמפּף קעגען דעם „בעל־הבית“.

דער לומפּען־פּראָלעטאַריער איז שרעקעדיג און שפלדיג, ווייל ער פיהלט זיך איבריג און האָט ניט קיין מאַטעריעלען אָנשפּאַר־פונקט. דעם גלייכען האַראַקטער ווייזט פון אָנהויב אַרויס אויך דאָס אַרבייטענדע פּראָלעטאַריאַט, אויף וויפיעל עס ווערט רעקרוטירט פון דעם לומפּען־פּראָלעטאַריאַט און פון די שיכטען, וועלכע שטעהען נאָהענט צו איהם. ער פיהלט, אמת, די גאַנצע אַכזריות, וואָס איהם קומט אויס אַריבערצוטראָגען, אָבער ער פּראָטעסטירט קעגען דעם גאָר בעהאַלטענערהייט, ער קריצט מיט די ציינע, ווען קיינער הערט ניט. בעזונדערס ענערגישע און היציגע נאַטורען גיסען אויס זייער כעס אין פערבאָרגענע פערברעכען.

דער בעוואוסטזיין פון דער אייגענער קראַפט און דער גייסט פון אָפענעם קאַמפּף ענטוויקעלט זיך צווישען די שיכטען פון די שׂכירות־אַרבייטער, וועגען וועלכע מיר רעדען דאָ, ערשט דאַן, ווען זיי קומען צום בעוואוסטזיין, אַז זיי האָבען אַלע גלייכע אינטערעסען, צום בעוואוסטזיין פון דער אַ ח ד ו ת (סאָלידאַריטעט), וואָס עס הערשט צווישען זיי. דער ג ע פ י ה ל פ ו ן אַ ח ד ו ת וועקט אויף דעם פּראָלעטאַריאַט צו אַ נייעם מאָראַלישען לעבען, דער דאָזיגער געפיהל הויבט אויף דעם אַרבייטענדען פּראָלעטאַריאַט פון דעם זומפּ פון לומפּען־פּראָלעטאַריאַט.

די אַרבּײטס־בּעדינגונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן בּעווײַזען אַלײן די אַרבּײטער, ווי נויטיג עס איז פֿאַר זײ, אַז זײ זאָלען זיך האַלטען פֿעסט אַלע צוזאַמען, אַז דער אײנצעלנער זאָל מבטל זײַן זײַן רצון געגען דעם רצון פֿון כּלל. אין דער צײַט, ווען אין דעם האַנדווערק אין זײַן עכטער מוסטער־פֿאָרם מאַכט יעדער אײנצעלנער פֿאַר זיך אַלײן אַ גאַנצען פּראָדוקט, איז די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע געבּויט אויף דעם צוזאַמען־אַרבּײטען, אויף דער קאָאָפּעראַציאָן. דער אײנצעלנער אַרבּײטער קען דאָ, אָהן זײַנע חברים, גאָר ניט מאַכען. ווען זײ נעהמען זיך פֿאַר דער אַרבּײט מיט זײערע פֿעראײניגטע קרעפֿטען, נאָך אײן פּלאַן נאָך, דאַמאָלס קען יעדער אײנציגער פֿון זײ אָבּטהון צווײ־דרײַ מאָל אַזוי פֿיעל. די אַרבּײט מאַכט פֿאַר זײ, אויף אַזאַ אופֿן, קלאָר, וואָס פֿאַר אַ מאַכט עס ליגט אין דער פֿעראײניגונג, און ענטוויקעלט צווישען זײ אַ פֿרײַע פֿרײַנדליכע דיסציפּלין, וועלכע עס איז די פֿאָרבּעדינגונג פֿון אַ געגענזײַטיגער, סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן; זי איז אָבּער אויך אַ פֿאָרבּעדינגונג פֿון יעדען נצחון'דיגען קאַמפּף פֿון פּראָלעטאַריאַט קעגען דער עקספּלואַטאַציאָן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן ערציהט אַלײן דעם פּראָלעטאַריאַט צו איהר אײגענער מפּלה און צו דער אַרבּײט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט.

די גלײַכהײט פֿון די אַרבּײטס־בּעדינגונגען וועקט אין דעם פּראָלעטאַריאַט אפֿשר נאָך מעהר אײדער די קאָאָפּעראַציאָן דאָס געפֿיהל פֿון אחדות. אין אַ פֿאַבּריק עקסיסטירט צווישען די אַרבּײטער גאָר ווייניג, אָפֿט אַזוי וועניג ווי גאָר ניט, קײן העכערע און נידעריגע מדרגות, קײן יעראַרכיע *). צו די העכערע שטעלעס לאָזט מען געוועהנליך ניט צו דעם פּראָלעטאַריער, און די צאָהל פֿון זײ איז אַלע מאָל אַזוי קלײן, אַז זײ האָבּען גאָר קײן שום בּעדײַטונג ניט פֿאַר דער גאַנצער מאַסע אַרבּײטער. נאָר זעהר וועניג אַרבּײטער קען מען אונטערקויפֿען מיט די דאָזיגע בּעסערע שטעלעס, פֿאַר דעם גרעסטען טײל אַרבּײטער עקסיסטירען גלײַכע אַרבּײטס־בּעדינגונגען, און דער אײנצעלנער האָט קײן מעגליכקײַט ניט צו פֿערבּעסערען זײ פֿאַר זיך אַלײן; זײַן לאַגע קען זיך נאָר דאַן אויפֿהײבּען, ווען עס הײבּט זיך אויף די לאַגע פֿון'ם כּלל, די לאַגע

*) יעראַרכיע — אַ טרעפּ פֿון העכערע און נידעריגע שטעלעס.

פון אַלע זײַנע מיטאַרבײַטער. די פאַבריקאַנטען פּריבען זיך, אָמת, צו זײַען קנאָה און שנאָה צווישען די אַרבײַטער, אײַנפירענדיג קינסט-ליך אונגלײַכהײַטען אין די אַרבײַטס-בעדינגונגען. אָבער די אויסגלײַ-כענדע ווירקונג פון דער איצטיגער גרויס-אינדוסטריע איז צו שטאַרק, אַז מען זאָל קענען דורך אַזעלכע מיטלען — שטיק-אַרבײַט, פּרע-מיען א. ז. וו. — אויף לאַנג דערשטיקען צווישען די אַרבײַטער דעם בעוואוסטזײַן, אַז זייערע אינטערעסען זענען גלײַך. וואָס לענגער עס געדויערט די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, אַלץ קרעפטיגער ענט-וויקעלט זיך די פּראָלעטאַרישע אחדות, אַלץ טיעפער וואָרצעלט זי זיך איין אין דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלץ מעהר צײַכענט ער זיך אויס מיט איהר.

מיר דאַרפען נאָר אָנווײַזען אויף דעם, וואָס מיר האָבען אוי-בען געזאָגט וועגען דער דינערשאַפט, אום קלאָר צו מאַכען, ווי שטאַרק עס אונטערשײַדעט זיך פון איהר אין דעם דאָזיגען פּרט דאָס אַרבײַטענדע פּראָלעטאַריאַט. אָבער אויך די הויך-משׂרתים שטעהען אָב אין דעם פּרט פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער קאַפּי-טאַליסטישער פּראָדוקציאָן, אפילו אויך די האַנדווערקס-געזעלען.

די אחדות פון די האַנדווערקס-געזעלען שטעלט זיך אָב בײַ אַ פּונקט, וועלכען די אחדות פון די פּראָלעטאַריער האָט אַריבער-געטרעטען. די אחדות פון די האַנדווערקס-געזעלען, ווי אויך פון די פּראָלעטאַריער, פערברײַטערט זיך ניט נאָר צווישען די אַרבײַ-טער פון איין און דער זעלבער אונטערנעהמונג; ווי די פּראָלעטאַ-ריער, אַזוי זענען שוין אויך די האַנדווערקס-געזעלען ביסלעכווײַז גע-קומען צום שׂכל, אַז די אַרבײַטער טרעפען אומעטום אָן די גלײַכע געגנער, אַז אומעטום האָבען זיי גלײַכע אינטערעסען. די האַנדווערקס-געזעלען האָבען געגרינדעט נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנען, אָרגאַניזאַ-ציאָנען, וועלכע נעהמען אַרום די אַרבײַטער פון דער גאַנצער נאַ-ציאָן, אין אַזאַ צײַט, ווען די בורזשואַזיע האָט נאָך געשטעקט ביז די אויערען אין זומפּ פון קליין-שטעדטישען און קליין-מלוכה'שען פּאַטריאָטיזמוס. דאָס פּראָלעטאַריאַט פון אונזער צײַט איז אינגאַנצען אינטערנאַציאָנאַל נאָך זײַנע געפיהלען און נאָך זײַנע מעשׂים נאָך: אין אַ צײַט פון די ביטערסטע קאַמפּפען צווישען נאַציאָנאַליטעטען, אין אַ צײַט, ווען די הערשענדע קלאַסען הערען זיך ניט אויף צו

גריַיטען צו מלחמות, האָבען זיך די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פעראייניגט.

אין אָנהויב פון אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנען געפינען מיר זיי שוין בײַ די האַנדווערקס-געזעלען; זיי האָבען שוין אויך בעוויזען, אַז זיי זענען פעהיג אַריבערצוטרעטען די נאַציאָנאַלע גרענעצען. נאָר איין צוים האָבען זיי ניט געקענט אַריבערטרעטען: די פּראָפעסיאָן. דער דײַטשער קירזשנער אָדער שמיד האָט געקענט זײַן, אַרומפאָהרענדיג איבער דער וועלט, אַ גוטער גאַסט בײַ זיינע חברים, קירזשנער, שמידען, אין שוועדען אָדער אין דער שווייץ. פערקעהרט, אָבער, די שוסטערס אָדער די סטאָליאַרעס פון איין לאַנד, פון איינענע געבורטס-שטאָדט, זענען איהם געבליבען פרעמד; ווײַל די פּראָפעסיאָנען אין דעם האַנדווערק זענען געוועזען שטרענג אָבגעטהיילט איינע פון די אַנדערע. יאָהרען לאַנג פלעגט זיך דאָס לערן-יונגעל מוזען לערנען די אַרבײַט, ביז ער פלעגט ווערען אַ פּועל, און זײַן גאַנצען לעבען פלעגט ער דאַן בלײַבען טרײַ זײַן מלאכה. ווען זײַן מלאכה האָט געבליהט און איז געשטאַנען גוט, איז ער אויך געווען תקיף. אויב עס האָט עקסיסטירט אַ געוויסער געגענזאַץ צווישען דעם געזעלען און דעם מײַסטער פון זײַן מלאכה, איז אָבער אויך ניט קלענער געווען דער געגענזאַץ צווישען איהם און די מײַסטערס און געזעלען פון אַנדערע מלאכות. אין די בליהענסטע צײַטען פון דער מלאכה געפינען מיר די געזעלען-חברות פון די פערשיעדענע מלאכות פערפלאָנטערט אין פײַנדליכע מחלוקות און הייסע קאַמפּפען איינע מיט די אַנדערע.

די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן מישט, פערקעהרט, צונויף די פערשיעדענע פּראָפעסיאָנען איינע מיט די אַנדערע. אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעהמונג אַרבײַטען דאָס רוב אַרבײַטער פון פערשיעדענע פאַכען איינע נעבען די אַנדערע און איינע מיט די אַנדערע צוליעב איין בעשטימטען צוועק. פון דער אַנדערער זײַט האָט זי די טענדענץ סתם מבטל צו זײַן אין דער פּראָדוקציאָן דעם בעגריף פון דער פּראָפעסיאָן. די מאַשין פערקירצט די אַמאָליגע יאָהרענלאַנגע לעהרענצײַט פון דעם אַרבײַטער ביז אויף אַ לעהרענצײַט פון אַ פּאָאַר וואָכען, אָפט טעג. זי גיט דעם איינצעלנעם אַרבײַטער די מעגליכקײַט איבערצוגעהען אָהן בעזונדערס גרויסע שוועריגקײַטען פון איין מלאכה צו דער אַנדערער. אָפט צווינגט זי איהם דערצו דורך דעם, וואָס

זי מאַכט איהם איבּעריג אין דער אַרבּייט, מיט וועלכער ער האָט זיך בּיז אַהער בּעשעפטיגט, וואַרפט איהם אַרויס אויפ'ן גאַס און צווינגט איהם צו זוכען זיך אַנ'אַנדער טהעטיגקייט. די פרייהייט אויסצוקלייבּען אַ פּראָפעסיאָן נאָך דעם אייגענעם ווילען, וועלכע דער בּטלן האָט מורא צו פערליערען אין דער „צוקונפטס־מלוכה", האָט שוין איצטער פערלוירען פאַר דעם אַרבּייטער יעדע ווירקליכע בּעדייטונג.

בּיי אַזעלכע בּעדינגונגען ווערט דעם פּראָלעטאַריער לייכט אַריבּער צו טרעטען דעם גרענעץ, בּיי וועלכען עס זענען געבּליבּען שטעהן די האַנדווערקס־געזעלען. אויב דער אַחדות־בּעוואוסטזיין פון איצטיגען פּראָלעטאַריאַט איז אַ אינטערנאַציאָנאַלער, נעהמט ער טאַקי אויך אַרום דעם גאַנצען אַרבּייטער קלאַס בּכלל.

פערשיעדענע פאָרמען פון שכירות־אַרבּייט האָבּען עקזיסטירט שוין אין אַלטערטום און אין מיטעלאַלטער. אויך דער קאַמפּף צווישען די שכירות־אַרבּייטער און זייערע עקספּלואַטאַטאָרען איז נישט קיין נייעס. אָבּער ערשט אונטער דער הערשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע בּילדעט זיך אַנ'איינהייטליכער קלאַס פון שכירות־אַרבּייטער, וועלכע פערשטעהען זעהר גוט, אַז זיי אַלע האָבּען די אייגענע אינטערעסען, און זאָגען זיך אַלץ מעהר אָבּ ניט נאָר פון זייערע פּערזענליכע, נאָר אויך פון זייערע אָרטיגע און פּראָפעסיאָנאַלע אינטערעסען — ווי ווייט זיי עקזיסטירען נאָך — צוליעבּ די גרויסע געמיינזאַמע אינטערעסען פון דעם גאַנצען קלאַס. ערשט אין אונזער יאָהר־הונדערט בּעקומט דער קאַמפּף פון די שכירות־אַרבּייטער געגען דער עקספּלואַטאַציאָן דעם כאַראַקטער פון אַ קלאַסען־קאַמפּף. און ערשט דורך דעם איז מעגליך געוואָרען, אַז דיזער קאַמפּף זאָל בּעקומען אַ ווייטערען, העכערען ציעל, ווי נאָר צו פערניכטען די לעת־עתה'דיגע צרות, אַז די אַרבּייטער־בּעוועגונג זאָל ווערען אַ רעוואָלוציאָנערע בּעוועגונג.

דער בּעגריף אַרבּייטער־קלאַס ווערט אָבּער וואָס ווייטער אַלץ בּרייטער. דאָס, וואָס מיר האָבּען דאָ געזאָגט וועגען דער אַחדות פון דעם אַרבּייטער־קלאַס, איז קודם כל ריכטיג אַנטקעגען די אַרבּייטענדע פּראָלעטאַריער פון דער גרויס־אינדוסטריע. נאָר אַקוראַט ווי דאָס אינדוסטריעלע קאַפּיטאַל ווערט וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַ מוסטער פאַר'ן גאַנצען קאַפּיטאַל, נאָך מעהר, פאַר אַלע ווירטשאַפטליכע אונטערנעהמונגען, וואָס געפינען זיך בּיי די קאַפּיטאַליסטישע נאַציאָנען, אַזוי

ווערט דער דענקען און פיהלען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס אַר־
בייט אין דער גרויס־אינדוסטריע, וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַ מוסטער
פון דעם דענקען און פיהלען פון די שׂכירות־אַרבייטער בכלל. דער
בעוואוסטזיין פון די אַלגעמיינע אינטערעסען־אחדות דרינגט דורך אויך
די אַרבייטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער מאַנופאַקטור און פון דעם
האַנדווערק, די אַרבייטער פון דעם האַנדווערק דאָס גיכער, וואָס מעהר
דער האַנדווערק פערליערט זיין אַמאָליגען האַראַקטער און נעהענטערט
זיך צו דער מאַנופאַקטור, אָדער לאָזט זיך אַראָב צו דער מדרגה פון
דער קאַפּיטאַליסטיש עקספּלואַטירטער הויז־אינדוסטריע.

צו זיי שטעהען צו ביסלעכווייז די אַרבייטער פון די ניט־
אינדוסטריעלע שטאָדטישע פּראָפעסיאָנען, ווי די, וועלכע אַרבייטען
אַרום מסחר, טראַנספּאָרט, אין אַכסניות און רעסטאָראַציעס. אויך די
דאָרפישע אַרבייטער קומען ביסלעכווייז צום בעוואוסטזיין, אַז זיי האָ־
בען די איינענע אינטערעסען ווי די איבריגע שׂכירות־אַרבייטער, ווי באַלד
נאָר די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן צושטערט אין דער לאַנדווירט־
שאַפט דעם אַלטען פּאַטריאַרכאַלישען פּראָדוקציאָנס־אופן און מאַכט
איהר פאַר אַן אינדוסטריע, אין וועלכער עס אַרבייטען שׂכירות־פּראָ־
לעטאַריער, און ניט קנעכט, וואָס געהערען צו דער הויזגעזינד פון
דעם ערד־בעזיצער. נאָך מעהר, די ווענינער תקיפ'ע פון די זעלבסט־
שטענדיגע בעלי־מלאכות הייבען אויך אָן סוף כל סוף צו פיהלען זיי־
ער אחדות מיט די שׂכירות־פּראָלעטאַריער, ביי געוויסע אומשטענדען —
אפילו בויערן אויך. אָט אַזוי ווערען די אַרבייטענדע קלאַסען וואָס ווייי־
טער אַלץ מעהר צוזאַמענגעשמאָלצען אין איין איינציגען איינהייטליכען
אַרבייטער־קלאַס, וואָס ווערט בעלעבט מיט דעם גייסט פון דעם
פּראָלעטאַריאַט פון דער גרויס־אינדוסטריע, וועלכע וואַקסט אָהן אַנ־
אויפהער אין דער צאָהל און קריגט אַלץ אַ גרעסערע עקאָנאָמישע
בעדייטונג. אַלץ מעהר פערברייטערט זיך צווישען דעם גאַנצען אַר־
בייטער קלאַס דער גייסט פון הברה'שע אחדות, פון דער געגאָסענ־
שאַפטליכער דיסציפּלין, פון דער שׂנאה צום קאַפּיטאַל, דער גייסט,
וועלכע איז האַראַקטעריסטיש פאַר דעם גרויס־אינדוסטריעלען פּראָ־
לעטאַריאַט. עס פערברייטערט זיך אָבער אויך צווישען איהם יענער
אונגעשטילטער דאָרשט צו וויסען, וועלכען מיר געפינען ביי'ם פּראָ־
לעטאַריאַט, ווי מיר האָבען אָנגעוויזען אין סוף פון פאָריגען קאַפּיטאַל.

אַזוי ענטוויקעלט זיך ביסלעכווייז פון דעם מבוזה'דיגען, דער־

שלאגענעם, נידעריג־געפאלענעם פראלעטאריאט א נייע וועלטגעשיכטליכע קראפט, פאר וועלכער עס הויבען אן ציטערן די אלטע געזעלשאפטליכע קרעפטען. עס וואקסט אויס א נייער קלאס מיט א נייער מאראל און א נייער פילאזאפיע, פון טאג צו טאג פערגרעסערט זיך זיין צאהל, זיין אחדות, זיין עקאנאמישע נויטיגקייט פאר דער געזעלשאפט, זיין זעלבסט־בעוואוסטזיין און פערשטאנד.

## 6. דער שטרייט צווישען די טענדענצען, וועלכע עס הייבען אויף און דריקען אראב דעם פראלעטאריאט.

די אויפהייבונג פון פראלעטאריאט פון זיין נידעריגער לאגע איז אן אונפערמיידליכער נאטור־נויטיגער פראצעס. אבער דיזער פראצעס קומט פאר נישט בשלום און ניט אלע מאל גלייך. די טענדענצען פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן פיהרען, ווי מיר האבען געזעהען אין 2־טען קאפיטעל, דערצו, אז די ארבייטענדע בעפעלקערונג זאל וואס ווייטער אלץ נידעריגער א אבגעדריקט ווערען. די מאראלישע נייגעבורט פון פראלעטאריאט איז מעגליך נאר דורך דעם שטרייט געגען דיזע טענדענצען און זייערע טרעגער, די קאפיטאליסטען. זי איז מעגליך נאר דורך דעם, וואס עס ווערען געגען פערשטארקט די אנדערע טענדענצען, וועלכע עס דריקען געגען דער אראבדריקונג פון דעם פראלעטאריאט, וועלכע עס ווערען געבוירען אין איהם דורך די נייע בעדינגונגען, אונטער וועלכע ער ארבייט און לעבט. די אראבדריקענדע טענדענצען פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן זענען אבער זעהר פערשידען אין פערשידענע צייטען, אי פערשידענע געגענדען און אין פערשידענע אינדוסטריע־צווייגען; זיי ווענדען זיך אן דער לאגע פון מארק, אן דעם, ווי גרויס עס איז די קאנקורענץ צווישען די איינצעלנע אונטערנעהמונגען, ווי הויך עס איז די מדרגה פון דער ענטוויקלונג פון די מאשינען אין דער אדער יענעם אינדוסטריע־צווייג, ווי טיעף די קאפיטאליסטען פערשטעהען זייערע ווייטערע אינטערעסען א. ז. וו., א. ז. וו. די געגענווירקענדע טענדענצען, וועלכע ענטוויקלען זיך צווישען די איינצעלנע שיכטען

פֿון פּראָלעטאַריאַט, ווענדען זיך אויך אָן די פֿערשידענסטע בעדינגונגען, אָן די געוואוינהײַטען און די בעדערפֿנישען פֿון יענע קלאַסען פֿון דער בעפֿעלקערונג, פֿון וועלכע עס רעקרוטירען זיך דאָס רוב די אָדער יענע פּראָלעטאַריער; פֿון דעם גראַד, פֿון דער געניטקײַט אָדער קראַפֿט, וועלכע עס פֿאָדערט די אַרבײַט אין יענעם אינדוסטריע־צווײַג, אין וועלכען זיי זענען בעשעפֿטיגט; פֿון דעם, ווי ווײַט עס איז אײַנגעפֿיהרט פֿרויען־ און קינדער־אַרבײַט; פֿון דעם, ווי גרויס עס איז די אינדוסטריעלע רעזערווען־אַרמעע, וועלכע איז בשום אופן ניט גלײַך פֿאַר אַלע בעשעפֿטיגונגען; פֿון דעם ווי טיעף די אַרבײַטער פֿערשטעהען זייערע אינטערעסען, און צום סוף פֿון דעם, צו די אַרבײַט פֿאָדערט די צושפּרייטונג און אָבזונדערונג אָדער די פֿעראייניגונג און צוזאַמענציהונג פֿון די אַרבײַטער א. ז. וו.

יעדע פֿון דיזע בעדינגונגען איז פֿאַר די פֿערשידענע אינדוסטריע־צווײַגען און אַרבײַטער־שיכטען שטאַרק פֿערשידען, און דערצו בײַטען זיי זיך און פֿערענדערען זיך שטענדיג, ווײַל די טעכנישע און עקאָנאָמישע איבערקעהרעניש געהט אָהן אַנ׳אויפֿהער. טאָג־טעגליך ווערען בעשאַפֿען נײַע פּראָדוקציאָנס־צווײַגען, די עקזיסטירענדע ווערען אָהן אַנ׳אויפֿהער געענדערט. ווי אין אָנהויב פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופֿן אַזוי זעהען מיר נאָך הײַנט, ווי אַלץ נײַע שיכטען פֿון דער בעפֿעלקערונג פֿאַלען אַראָב אין פּראָלעטאַריאַט, געהען אינטער אין דעם לומפּען־פּראָלעטאַריאַט, ווי אַלץ נײַע שיכטען הייבען זיך פֿון דאָרטען אויף; אין דעם אַרבײַטענדען פּראָלעטאַריאַט גופֿא קען מען אויך בעמערקען אַ שטענדיגע בעוועגונג אַרויף און אַראָב; אַ טייל פֿון די אַרבײַטער־שיכטען הייבען זיך באַרג־אַרויף, אַנ׳אַנדער טייל — באַרג־אַראָב, לויט נאָך דעם, וועלכע טענדענצען עס וועגען בײַ זיי איבער: די אַראָבדריקענדע אָדער אויפֿהייבענדע.

אָבער צום גליק פֿאַר דער ווײַטערער ענטוויקלונג פֿון דער מענשליכער געזעלשאַפֿט קומט פֿאַר דאָס רוב פּראָלעטאַריער שיכטען פֿריהער אָדער שפּעטער דער מאָמענט, ווען די אויפֿהייבענדע טענדענצען ווערען להלוטין איבער. און אויב דיזע טענדענצען האָבען נאָר איין מאָל אויף אַ וועלכער עס איז פּראָלעטאַריער־שיכט אויף אַזוי פֿיעל געווירקט, אַז זיי האָבען אין איהר אויפֿגעוועקט דעם זעלבסט־בעוואוסטזײַן, דעם קלאַסען־בעוואוסטזײַן, דעם בעוואוסטזײַן פֿון אַחדות

פון אַלע איהרע מיטגליעדער צווישען זיך און מיט דעם גאַנצען אַר־בייטער קלאַס, דעם בעוואוסטזיין פון דער קראַפט, וועלכע עס שפּראָצט אַרויס פון דער פעסטער אַהדות; ווי באַלד נאָר זיי האָבען אין דיזער פּראָלעטאַריער־שיכט ענטוויקעלט דעם געפיהל פון זעלבסט־אַכטונג און דעם בעוואוסטזיין, אַז דער עקאָנאָמישער לעבען קען זיך אָהן איהר ניט בעגעהן; ווי באַלד זיי האָבען נאָר איין מאָל אַרויסגערופען אין איהר די איבערצייגונג, אַז דעם אַרבייטער־קלאַס שטעהט פאַר אַ בעסערע צוקונפט; ווי באַלד נאָר אַ פּראָלעטאַריער־שיכט האָט זיך איין מאָל אַזוי הויך אויפגעהויבען, איז עס שוין אָהן אַ שיעור שווער איהר צוריק אַראָבצושטופען צו דער דערשלאָגענער מאַסע פון יענע אַראָבגע־פאַלענע נפשות, וועלכע קענען אפילו טראָגען אַ שנאה, וועלכע קע־נען זיך אָבער ניט פעראייניגען צו אַ דויערענדען, פעסטען קאַמפף, וועלכע זענען זיך מייאש פון זיך און פון זייער צוקונפט, און זוכען אין שיכּרות צו פערגעסען אויף זייער ביטערע לאַגע, וועלכע שעפּען פון זייערע צרות און ליידען ניט די קראַפט צו אַ דרייסטען קאַמפף, נאָר די שטרעבונג צו אַ שרעקעדיגע אינטערטעניגקייט. עס איז כּמעט אונמעגליך ווידער צו דערשטיקען דעם קלאַסען־בעוואוסטזיין אין פּראָלעטאַריער־שיכט, ווי באַלד ער האָט זיך נאָר איין מאָל אין איהר פעסט איינגעוואָרצעלט. די אַראָבדריקענדע טענדענצען פון דעם קאַפּי־טאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן מעגען דאַן אַרויסטרעטען ווי שווער זיי ווילען — דיזע שיכטען קענען זיי אַראָבזעצען נאָר עקאָנאָמיש, אָבער ניט מאָראַליש — סיידען נאָר ווען דער דרוק איז אַזוי גרויס, אַז ניט נאָר וואָס ער דריקט אַראָב, נאָר ער דערשטיקט אין גאַנצען, ווי דאָס קומט פאָר אין איניגע הויז־אינדוסטריען, וועלכע האַלטען אין אונטערגעהן. וואו עס איז אַזוי ווייט ניט דערגאַנגען, וועט די אונטער־דריקונג האָבען נאָר איין ווירקונג — זי וועט אַרויסרופען אַ ווידערשטאַנד: זי ווירקט אויף אַזאַ אופן ניט פערדאַרבענד, גיכער רופט זי אַרויס נאָך אַ ביטערע שנאה; דער פּראָלעטאַריער לאָזט זיך דורך דעם ניט אַראָב צו דער מדרגה פון אַ בעטלער, ער הייבט זיך, פערקעהרט, אויף צו דער מדרגה פון אַ מאַרטירער.

———

## 7. די פילאַנטראָפּיע *) און די אַרבייטער־שוץ־געזעצגעבונג.

---

אויב יעדע פּראָלעטאַריער־שיכט וואָלט מוזען אויסקומען נאָר מיט איהרע אייגענע קרעפטען אַליין, דעמאָלט וואָלט זיך ביי דאָס רוב פון זיי פיעל שפּעטער אָנגעהויבען דער פּראָצעס פון זייער אויפהייבונג, ער וואָלט געדויערט נאָך לענגער און וואָלט זיין נאָך שמערצליכער ווי איצטער. אָהן פרעמדע הילף וואָלטען אַנדערע פּראָלעטאַרישע שיכטען, וואָס פערנעהמען איצטער אַ השוב׳דיגען אָרט, קיינמאָל ניט געווען אים שטאַנד בייצוקומען אַלע שוועריגקייטען, וועלכע עס האָט אין זיך, ווי יעדער אָנהייב, אויך דער אָנהייב פון זייער אויפהייבונג פון דעם זומפּ, אין וועלכען דער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַריינגעשליידערט דורך דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. די הילף פאַר דיזע פּראָלעטאַריער־שיכטען איז געקומען פון אַנדערע שיכטען, וועלכע שטעהען אין דער געזעלשאַפט העכער פאַר זיי, פון די העכערע שיכטען פון דעם אַרבייטענדען פּראָלעטאַריאַט ווי אויך פון די פערמעגענדע קלאַסען.

די הילף פון די פערמעגענדע קלאַסען האָט ספּעציעל אין די ערשטע צייטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס־אינדוסטריע געהאַט ניט קיין קליינע בעדייטונג.

אין מיטעלאַלטער איז די אָרימקייט געווען אַזוי זעלטען, אַז די געזעלשאַפטליכע (דער עיקר די קירכליכע) און די פּריוואַטע צדקות איז געווען גאַנץ גענוג, אַז מען זאָל איהר קענען בייקומען. קיין גרויסע קאָפּפערדרעהעניש האָט די אָרימקייט דעמאָלט ניט געבראַכט; ווי ווייט זי האָט געוועקט דעם מענשען צו טראַכטען, האָט זי העכסטענס אַרויפגעפיהרט אויפ׳ן רעיון וועגען מוסר און פרומקייט. מען האָט גערעכענט, אַז זי איז אַ פּעדאַגאָגישער מיטעל ביי גאָט אין די הענד: דעם זינדיגען שטראָפט ער מיט אָרימקייט, אויף פרומע שיקט ער זי אָן ווי אַ נסיון, כדי זיי צו געבען די מעגליכקייט נאָך גלענ־

---

*) מענשענפריינדליכקייט.

צענדער צו בעוויזען זייער בטחון אויף גאָט. פאַר די רייכע איז אָבער די אָרימקייט געווען אַ מושטירונגס־פּלאַץ פאַר זייערע גוטע מדות, וועלכער האָט זיי אויסגעוויזען אַקוראַט אַזוי נויטיג פאַר דער גאולה פון זייער נשמה, ווי, למשל, אַ גימנאַסטיקע־פּלאַץ פאַר דער פערשטאַרקונג פון זייער גוף.

בשעת אָבער די אַלטע פעאָדאַלע לאַנדווירטשאַפט איז פינאַנדער געפאַלען דורך די ענטוויקלונג פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן און די פריי־געוואָרענע פויערן האָבען אָנגעהויבען צו לויפען אין די שטעדט, און דאָרטען האָט זיך אָנגעהויבען די „איבער־בעפעלקערונג”, די אַרבייטסלאָזיגקייט, די מאַסען־אָרימקייט, דעמאָלט האָט דיזע אַקוראַט אַזוי נייע ווי שרעקליכע און געפעהרליכע ערשיינונג אָנגעהויבען ציצוציהען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע דענקענדע און פיהלענדע מענשען. געגען דער מאַסען־אָרימקייט האָבען שוין ניט געקלעקט די מיטעלאַלטערליכע מיטלען פון צדקה, און דערצו נאָך האָט די רעפאָרמאַציאָן פערשטאָפּט דעם וויכטיגסטען קוואַל פון נדבות, די צדקה פון דער קאַטוילישער קירכע. זאָרגען פאַר אַלע אָרימע — דאָס האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר אַרויסגעוויזען אַלס אַ אויפגאַבע, וועלכע איז געווען איבער די כחות פון דער געזעלשאַפט, עס איז אויסגעוואַקסען אַ נייע געזעלשאַפטליכע אויפגאַבע: **אויסראַמען דעם דלות.** די פערשידענסטע פּראָיעקטען ווי אויסצוליייזען די געזעלשאַפט פון מאַסען־אָרימקייט האָט מען אויסגעקלערט, לויט נאָך דעם פערשטאַנד און דעם יושר פון זייערע מחברים, אָנהייבענדיג פון דער בעקוועמער מעטאָדע צו פערניכטען די אָרימקייט, דורך דעם וואָס מען האָט די אָרימע לייט פשוט אָבגעראַמט פון וועג (דורך דער תליה אָדער דער פערשיקונג), ביז צו די טיעף־דורכגעקלערטע פּלענער פון אַ נייער, קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. דיזע פּלענער זענען זעהר געפעלען געוואָרען די געבילדעטע, אָבער די בעקוועמע מעטאָדען זענען געווען די איינציגע, פון וועלכע עס האָבען געהאַלטען פערשידענע בעלי־טובות פון לאַנד און די חכמים פון דער מלוכה. אָבער ביי דער אָרימקייט פלעגט אויסוואַקסען דאָס מעהר נייע קעפּ, וואָס מעהר פּראָלעטאַריער מען האָט געקעפּט און פערשיקט.

אָבער ביסלעכווייז האָט די פראַגע וועגען דער אָרימקייט ווידער בעקומען אַנ'אַנדער פּנים. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן איז אויפגעקומען און האָט זיך אָנגעהויבען אַלץ מעהר צו פערברייטען,

אַלין מעהר צו ווערען דער הערשענדער אין דער געזעלשאַפט. פון דעמאָלט אָן האָט די אויפגאַבע ווי מבטל צו זיין די אָרימקייט אויפגעהערט צו עקזיסטירען פאַר די דענקער פון דער בורזשואַזיע. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן האַלט זיך אויפ'ן פּראָלעטאַריאַט; איהם פערניכטען, היסט אונמעגליך מאַכען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן. די אָרימקייט פון דער מאַסע איז דער יסוד פון די קאַפּיטאַליסטישע גרויסע עשירות; ווער עס וויל פערניכטען די מאַסען־אָרימקייט, יענער גראָבט אונטער די עשירות פון די קאַפּיטאַליסטען. ווער עס וויל היינט העלפען די אַרבייטער צו ווערען איינענטימער, יענער גראָבט אונטער דעם איינענטום, יענער איז אַ איבערקעהרער, אַ פיינד פון דער געזעלשאַפט.

אמת, די געפיהלען פון רחמנות און מורא — וואָרום די אָרימקייט איז געפעהרליך פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט: זי הויבט אַרויס מגפות און פערברעכען — ריפען נאָך אַרויס אַזוי ווי פריהער אין די בורזשואַזנע קרייזען אַ געוויסען מיטגעפיהל צום פּראָלעטאַריאַט און ברענגען מיט, אַז פיעלע פון די טיעפער דענקענדע און פיהלענדע בורזשואַ זענען גרייט וואָס עס איז צו טהון פאַר די פּראָלעטאַריער: אָבער פאַר דער גרויסער מאַסע פון דיזע בורזשואַ, וועלכע האָבען ניט די העזה אָדער זענען ניט בכח זיך צו צושיידען מיט זייער קלאַס, באַשטעהט די אויפגאַבע ניט מעהר אין דעם ווי צו פערניכטען דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר בלויז אין דעם, ווי צו פערבעסערן די לאַגע פון די פּראָלעטאַריער. די פּראָלעטאַריער דאַרפען פעהיג זיין צו דער אַרבייט און ווערען צופריעדען, זיי טאָרען ניט אָבער אויפהערען צו זיין פאָלגענדיגע פּראָלעטאַריער. דאָס איז דער גרענעץ פון דער בורזשואַזער פילאַנטראָפּיע, ווייטער געהט זי ניט.

אין דיזע גרענעצען קען זיך נאַטירליך די פילאַנטראָפּיע אַרויסווייזען אויף די פערשידענסטע אופנים. דאָס רוב פון איהרע מעטאָדען ברייננען אָבער גאָר קיין שום נוצען ניט, אָדער זיי זענען העכסטענס אימשטאַנד צו פערגרינגערען אויף אַ רגע די לאַגע פון איינצעלנע פערזאָנען. בשעת אָבער די קאַפּיטאַליסטישע גרויס־אינדוסטריע האָט אין די ערשטע צעהנדליגער יאָהרען פון 19־טען יאָהר־הונדערט אָנגעהויבען צו הערשען אין ענגלאַנד (פריהער ווי אַלין אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע) מיט די אַלע שרעקען, וועלכע זי איז פעהיג אַרויסצורופען, דעמאָלט זענען די קלוגסטע פון די פילאַנטראָפּען געקומען

צוּ דער אִיבּערצייגוּנג, אַז נאָר דוּרך אֵיין מִיטעל אִיז מעגלִיך צוּ ווִירקען געגען דעם, אַז דִי אַרבּייטער פוּן דִיזער אִינדוּסטריע זאָלען אִין גאַנצען נִיט פערדאָרבּען ווערען: דִי מלוּכה זאָל דוּרך געזעצען בּעשִיצען דִי אַרבּייטער, לכל־הַפּחוֹת, דִי ווענִיגער פוּן אַלע געשִיצטע אַרבּייטער־שִיכטען — דִי קִינדער אוּן פרויען.

דִי קאַפִּיטאַלִיסטען פוּן דער גרויס־אִינדוּסטריע האָבּען נאָך דעמאָלט נִישט געשפִּיעלט דִי פִירענדע ראָלע צווִישען דִי פערמעגענדע קלאַסען, אַזוֹי ווִי הײַנט. דִי בּעגרענעצוּנג פוּן זײער מאַכט אִיבּער דִי אַרבּייטער האָבּען געפאָדערט פערשִידענע סײַ עקאָנאָמִישע, סײַ פּאָלִיטִישע אִינטערעסען פוּן דִי נִיט־קאַפִּיטאַלִיסטען צווִישען דִי פערמעגענדע קלאַסען, פוּן דִי ערד־בּעזִיצער אוּן קלײן־בּוּרזשוּאַ; ווײַטער אִיז אוֹיך געוואָרען קלאָר, אַז ווען מען זאָל נִיט בּעגרענעצען דִי מאַכט פוּן דִי קאַפִּיטאַלִיסטען, וועט אוּנטערגעהן דער יסוֹד, אוֹיף וועלכען עס האָט פוּנאַנדערגעבּלִיהט דִי אִינדוּסטריע פוּן ענגלאַנד, זײַן אַרבּייטער־קלאַס, דאָס אִיז געווען אַ טעם, וועלכער האָט יעדען דענקענדען מִיטגלִיעד פוּן דִי הערשענדע קלאַסען, וועלכער עס האָט זִיך געקענט אוֹיפהײבּען העכער פאַר דִי אִינטערעסען פוּן דער אִיצטִיגער רגע, געמוּזט מאַכען פאַר אָנהענגער פוּן אַרבּייטער־שוּץ: דאָס האָבּען ענדלִיך אוֹיך געפאָדערט דִי עגאָאִיסטִישע אִינטערעסען אַפִילוּ פוּן דִי אײנצעלנע גרויסע פאַבּרִיקאַנטען גוּפא, וועלכע עס האָבּען געהאַט דִי מִיטלען לײַכט אַרִיבּערצוּטראָגען דִיזע בּעגרענצוּנג אוּן צוּצוּפּאַסען צוּ אִיהר דִי פּראָדוּקציאָן, בּעת יענע פוּן זײערע קלענערע קאָנקוּרענטען, וועלכע האָבּען זִיך נאָך נאָר מִיט דער הִילף פוּן דער שרעקלִיכסטער אַרבּייטער־שִינדערײַ, מִיט מאַטערנִיש געהאַלטען אוֹיפ'ן וואַסער, האָט דער אַרבּייטער־שוּץ געטרִיבּען צוּם בּאַנקראָט. נִיט קוּקענדִיג אוֹיף דאָס אַלץ, אִיז האָטש אִין דעם אַרבּייטער־קלאַס גוּפא האָט זִיך ענטווִיקעלט אַ מעכטִיגע בּעוועגוּנג פאַר דעם אַרבּייטער־שוּץ, האָט מען דאָך געמוּזט פִירען אַנ'אײנגעשפּאַרטען קאַמפּף, בִּיז עס האָט זִיך אײנגעגעבּען זִיך צוּ דערשלאָגען האָטש דִי ערשטע, גאַנץ שעמעוודִיגע שוּץ־געזעצען, אוּן נִיט ווענִיגער אִיז אוֹיסגעקוּמען צוּ קעמפּפען דערפאַר, אַז מען זאָל זײ אַלץ ווײַטער פערבּרײטערען.

אָבּער פוּנדעסטוועגען ווִי קלײן עס זענען פוּן אָנהוֹיבּ נִיט געוועזען דִי דערגרײכטע רעזוּלטאַטען, האָבּען זײ דאָך געדִיענט דערצוּ, אוֹיפצוּוועקען דִי פּראָלעטאַריער־שִיכטען, וועלכע עס האָבּען פוּן זײ

געהאַט אַ פּעולה, פֿון זייער טעמפּקייטן און צו צובּרעכען די קייטען, װעלכע עס האָבען אָבּגעהאַלטען די אױפֿהײבּענדע טענדענצען פֿון זייער סאָציאַלער לאַגע. נאָך מעהר, איידער מען האָט זיך נאָך דערשלאָגען צו אַ נצחון, איז שױן דער קאַמפּף אַלײן, װעלכער עס האָט זיך דערפֿאַר געפֿיהרט, גענוג געװען, כּדי צו בּעװײַזען די פּראָלעטאַריער, װי װיכטיג, װי נױטיג זיי זענען, אַז זיי זענען אַ מאַכט. שױן דער קאַמפּף אַלײן האָט זיי אױפֿגעמונטערט און האָט אױפֿגעװעקט אין זיי זעלבּסט־בּעװאוסטזײַן און זעלבּסט־אַכטונג, האָט דערשטיקט אין זיי דעם געפֿיהל פֿון יאוש און האָט געשאַפֿען פֿאַר זיי אַ ציעל, װעלכער געהט װײַטער פֿאַר די אינטערעסען פֿון דער איצטיגער מינוט.

נאָך אַן אַנדער מיטעל אױף אױפֿצוהײבּען דעם אַרבּײטער־קלאַס, אַ מיטעל, װעלכען די בּורזשואַזיע שטיצט אױך אונטער, איז די פֿאָלקס־שוהלע. מעהר צו רעדען װעגען דעם, געהערט אָבּער ניט צום ענין פֿון אונזער אַרבּײט. די פֿאָלקס־שוהלע איז אַ װיכטיגער מיטעל, װעלכען מען דאַרף ניט שעצען צו קלײן, אָבּער פֿאַר דער אױפֿהײבּונג פֿון פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ קלאַס איז דיזער מיטעל פֿאַר װעניגער װיכטיג, איידער אַ בּרײטע אַרבּײטער־שוץ־געזעצגעבּונג.

װאָס מעהר עס ענטװיקעלט זיך דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופֿן, װאָס מעהר די גרױס־אינדוסטריע פֿעריאָגט די אַנדערע פּראָדוקציאָנס־פֿאָרמען אָדער פֿערענדערט זייער עצם־האַראַקטער, אַלץ נױטיגער װערט שטענדיג צו פֿערשטאַרקען דעם אַרבּײטער־שוץ און איהם צו פֿערבּרײטערען ניט נאָר איבּער אַלע צװײַגען פֿון דער גרױס־אינדוסטריע, נאָר אױך איבּער דעם האַנדװערק, דער הױז־אינדוסטריע און דער לאַנד־װירטשאַפֿט. אָבּער אין דעם זעלבּען ערך װאַקסט אױך די װירקונג פֿון די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען אין דער בּורזשואַזנער געזעלשאַפֿט; אין דעם זעלבּען ערך נעהמען איבּער אױך די ניט־קאַפּיטאַליסטישע פֿערמעגענדע קלאַסען, קלײן־בּורזשואַזיע און ערד־בּעזיצער, די אידעען און געדאַנקען פֿון די קאַפּיטאַליסטען, אין דעם זעלבּען ערך װערען די דענקער און מלוכה־מענער פֿון דער בּורזשואַזיע פֿון איהרע פֿאָרזיכטיגע פֿיהרער — איהרע געדונגענע שלעגערס, װעלכע זענען גרײט צו קעמפֿפֿען פֿאַר יעדען אינטערעס, װאָס איז נוגע די קאַפּיטאַליסטען אין דעם אָדער יענעם מאָמענט.

די פֿערװיסטונגען, װעלכע די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן

בריינגט פאר איהרע ארבייטער, זענען אזוי שרעקליך, אַז געגען אַ געוויסען בעגרענעצטען מאָס פון געזעצליכען אַרבייטער־שוץ האָבען די העזה אַרויסצוטרעטען נאָר יענע קאַפּיטאַליסטען און קאַפּיטאַל־פריינד, וועלכע האָבען קיין שום בושה ניט, וועלכע האַלטען וועלען איינשלינגען די גאַנצע וועלט. דערפאַר אָבער געפינען זיך איצטער צווישען די פערמעגענדע קלאַסען וועניג מענשען, וועלכע זאָלען שטעהן פאַר אַ געהעריגען, ברייטען אַרבייטער־שוץ, וואָס זאָל אַריבערגעהן איבער דיזען בעגרענעצטען מאָס, ווי, למשל, פאַר דעם 8־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג, וועלכער בעדייטעט איצטער דאָס זעלבע, וואָס אין די פערציגער יאָהרען דער 10־שטונדיגער אַרבייטס־טאָג פאַר דער ענגלישער אינדוסטריע. די בורזשואַזע פילאַנטראָפּיע ווערט אַלץ פאָרזיכטיגער, זי לאָזט אַלץ מעהר איבער פאַר די אַרבייטער אַליין, צו פיהרען דעם קאַמפף פאַר אַ געהעריגען אַרבייטער־שוץ. דער קאַמפף פאַר ווייטגעהענדען אַרבייטער־שוץ ווערט אַלץ מעהר אַ ריינער קלאַסען־קאַמפף צווישען פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע. אויף דעם איראָפּעאישען פעסטלאַנד, וואו דער קאַמפף פאַר די אַרבייטער־שוץ־געזעצען האָט זיך אָנגעהויבען פיעל שפּעטער, איידער אין ענגלאַנד, האָט ער פון אָנהויב אָן געטראָגען דיזען כאַראַקטער. דער פּראָלעטאַריאַט האָט מעהר ניט וואָס צו האָפען אויף די פערמעגענדע קלאַסען אין זיין קאַמפף פאַר דער פערבעסערונג פון זיין געזעלשאַפטליכער לאַגע. ער קען בויען נאָר אויף זיין אייגענער קראַפט, דאָס הייסט, קודם כל, אויף דער קראַפט פון יענע ברייטע פיעלע שיכטען, וועלכע האָבען ניט אָנגעהויבען אָדער פון דאָס ניי געוואונען די פעהיגקייט און לוסט צום קאַמפף.

## 8. דער קאַמפף פון די פּראָפעסיאָנעלע־בונדען.

דער קאַמפף צווישען די שכירות־אַרבייטער און זייערע עקספּלואַטאַטאָרען איז קיין נייעס ניט. מיר געפינען איהם שוין אין סוף מיטעלאַלטער אין דעם האַנדווערק צווישען געזעלען און מייסטערס, ווי באַלד נאָר די מייסטערס האָבען אונטער דער ווירקונג פון דער אויפבליהענדער סחורה־פּראָדוקציאָן און דעם וועלט־פערקעהר אָנ־

געהויבען צו פיהלען אין זיך קאַפּיטאַליסטישע גוסטען און אַפּעטיטען. אייניגע פון זיי האָבען זיך שוין אין 15־טען יאָהרהונדערט געפּרוווט אויף אַזוי פיעל צו פערמעהרען די צאָהל פון די געזעלען, וועלכע עס האָבען ביי זיי געאַרבייט, אַז זיי זאָלען קענען לעבען פון פרעמדע אַרבייט, ניט אַרבייטענדיג אַליין, אָדער זיי פלעגען זיך, לכל־הפּחות, פּרווען אַרויפוואַרפען אויף זייערע געזעלען דעם גרעסטען טייל פון דער אַרבייט. מען האָט שוין דעמאָלט געקענט בעמערקען די שטרעבונגען צו פערמעהרען די אַרבייטס־טעג, פערקלענערען די צאָהל פון ימים־טובים און אַפילו איינצופיהרען זונטאָג־אַרבייט. דערביי האָבען זיך די הערען מייסטערס געסטאַרעט אָבצוזונדערען זיך פון זייערע געזעלען; די געזעלען האָבען געדאַרפט צופרידען זיין מיט שלעכטערע קעסט א. ז. וו. דער געזעלען האָט זיך שוין מעהר נישט געפיהלט ביי דעם מייסטער, ווי אין אַנ'אייגענער געזינד. צום סוף האָבען די צעכאָזע מייסטערס אָנגעהויבען פערצוימען דעם וועג צו זייער מלאכה. דעם געזעלען, וועלכער איז ניט געווען אַ זוהן אָדער אַנ'איידעם פון אַ מייסטער, האָט מען זעהר שווער געמאַכט צו ווערען אַ מייסטער, אָפט איז דאָס פאַר איהם גאָר אונמעגליך געוואָרען. אַזוי איז דער געזעלען־שטאַנד אַלץ מעהר געוואָרען אַ בעזונדערער שטאַנד, ער האָט אויפגעהערט צו זיין בלויז אַ צווישען־סטאַציאָן צווישען אַ לערן־יונגעל און אַ מייסטער.

ווי נאָר די מייסטערס האָבען זיך אָנגעהויבען צו פיהרען אויפ'ן קאַפּיטאַליסטישען שטייגער, האָט דאָס גאַנץ נאַטירליך געבראַכט דערצו, אַז דאָס פערהעלטניס צווישען זיי און זייערע אַרבייטער האָבען ביז צו אַ געוויסען גראַד אָנגענומען דעם שאַרפען כאַראַקטער פון דעם שפּעטערדיגען היפך צווישען קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמער און שכירות־אַרבייטער. אָבער די געזעלען זענען גאָר ניט געווען געקנעכטעט פון דעם זעלביגען טייג, ווי די דערשלאָגענע און אַראָבגעפאַלענע פּראָלעטאַריער אין אָנהויב פון דער גרויס־אינדוסטריע. זענענדיג ביי זיך שטייף און האָבענדיג חשק צום קאַמפף, פלעגען זיי ניט נאָר אָבשלאָגען יעדען קלאַפּ, וואָס מען פלעגט זיי וועלען געבען, זיי פלעגען נאָך וואו מעגליך אויף יעדען קלאַפּ ענטפערען מיט נאָך אַ שטאַרקערען. די שטעדט זענען געווען קליין; די צאָהל פון די געזעלען אין יעדער פּראָפעסיאָן איז דעריבער געווען לפי ערך ניט גרויס אין איין שטאָדט. זיי איז נאָך לייכטער געווען

זיך צו פערייניגען צוליעב דעם, וואָס געוועהנליך פלעגט זיך יעדע מלאָכה געפינען אין אַ בעזונדערער גאַס. די אַרבייט פלעגט זיי אַפילו אָבזונדערען איינע פון די אַנדערע, נאָר ווענינע, זעלטען מעהרער ווי איינער אָדער צוויי, פלעגען אַרבייטען ביי איין מייסטער. אָבער ניט אין דער אַרבייט איז בעשטאַנען זייער גאַנצער לעבען. ימים־טובים זענען אין יאָהר געווען אָהן אַ שעור, און דאָס פערבריינגען די צייט מיט די איבעריגע חברים האָט דעמאָלט אין לעבען פון יעדען איינצעלנעם געשפּיעלט אַקוראַט אַזאַ גרויסע ראָלע ווי די אַרבייט. און דאָס פלעגט פעראייניגען די געזעלען. זייערע שיינקען זענען געוואָרען דער מיטעלפונקט פון זייערע אָרגאַניזאַציעס, דאָרטען פלעגען זיי זיך גרייטען צום קאַמפף געגען די מייסטערס, ווער עס פלעגט ניט צושטעהן צו זיינע חברים, יענער איז געווען אין חרם. און אַזוי ווי די פּראָפעסיאָנען זענען געווען אָבגעזונדערט איינע פון די אַנדערע, האָט די אַרויסטרייבונג פון דער געזעלען־חברה פון זיין מלאָכה פאַר׳ן געזעלען געהאַט די איינענע בעדייטונג, ווי מען וואָלט איהם אויסשליסען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. אין דער געזעלען־אָרגאַניזאַציאָן פון אַ וועלכער עס איז פּראָפעסיאָן פלעגען דעריבער אַריינגעהן אַלע געזעלען פון דיזער פּראָפעסיאָן. פון אַ אינדוסטריעלע רעזערווע אַרמעע האָט מען נאָך דעמאָלט אַזוי גוט ווי ניט געוואוסט, צוציהען אַרבייטער פון פרעמדע פּראָפעסיאָנען איז אוממעגליך געווען צוליעב די פערשיעדענסטע טעמים; עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די פּועלים זענען לפי ערך געווען אונאָבהענגיג פון די מייסטערס. וואַרפען די אַרבייט און אַרויפלעגען אַ חרם — סטרייקען און בּאָיקאָטען — דאָס זענען געווען די כלי־זין, מיט וועלכע זיי האָבען זיך בענוצט אין זייער קאַמפף. און דיזע כלי־זין האָבען זיי ניט געשאַנעוועט. ביי די ליעבהאָבער פון די אַלטע צייטען, וועלכע עס פאַנטאַזירען צוריק איינצופיהרען דעם מיטעלאַלטערליכען האַנדווערק, און וועלכע האָפען, אַז דורך דעם וועט זיך ווידער איינפיהרען אַ שלום צווישען די אַרבייטער און זייערע עקספּלואַטאַטאָרען, וואָלט זיך די האָר שטעלען קאַפּויר, ווען אין אונזערע צייטען וואָלטען, לפי ערך נאָך דער איצטיגער פעה־ברייטונג פון דער אינדוסטריע, פאָרגעקומען אַזעלכע אָפטע און איינגעשפּאַרטע סטרייקען, ווי אין די וויכטיגערע האַנדווערקען אין דעם משך פון 15־טען און 16־טען יאָהר־הונדערט.

ערשט די אויפגעקומענע איצטיגע מלוכה־מאכט איז געווען אימשטאנד אויסצולערנען די געזעלען גוטע מדות. האלטען די ארבייטער אין צוים — דאס איז געווען די ערשטע גוטפריינדשאפט, וועלכע די מלוכה האט געוויזען דער בורזשואזיע און דאס איז נאך עד־היום געבליעבען איינע פון איהרע הויפט־אויפגאבען. עס האט זיך אנגעהויבען א צייט פון שכירות־טאקסעס (דאס הייסט, די בעשטימונג פון דעם העכסטען מאס פון די שכירות), א צייט, ווען מען האט פערבאטען אדער לכל־הפחות פאליציילין אונטערדריקט אלע ארגאניזאציעס פון שכירות־ארבייטער. פונדעסטוועגען האט זיך דער מלוכה אויך ניט איינגעגעבען אין גאנצען פארטיג צו ווערען מיט די געזעלען. זיי האבען אויך אזוי גוט ווי זייערע געגנער געוואוסט, וואס פאר א מאכט זיי האבען, ווען זיי פעראייניגען זייערע קרעפטען, און, פערקעהרט, ווי אונבעשיצט זיי זענען אהן אנארגאניזאציאן. און זיי פלעגען זיך אומעטום סטארען אויפ'ן איינגעשפארטסטען אופן זיך צו האלטען פאר זייערע ארגאניזאציאנען. וואו מען פלעגט זיי פערשטערען דעם וועג צו לעגאלע ארגאניזאציאנען, פלעגען זיי גרינדען געהיימע, אונלעגאלע. די שרעקליכסטע שטראפען און פייניגונגען האט מען דערפאר אויף זיי געשאטען, אבער דאס האט ניט געקענט אבשוואכען זייער איינינקייט. די צרות און ליידען, וועלכע דער סאציאליסטען־געזעץ *) האט געבראכט דעם דייטשען פראלעטאריאט, זענען געווען, דאכט זיך, גענוג שלעכט, אבער אין פערגלייך מיט דעם, וואס די ארבייטער האבען געהאט אויסצושטעהן אין עטליכע לענדער אין דעם משך פון די לעצטע יאהר־הונדערטען ביז צום מיטען פון 19־טען יאהר־הונדערט זענען א קינדער־שפיעלכעל. און דאך האבען די ארבייטער מיט א גרויסען נצחון בייגעשטאנען געגען אלע פערפאלגונגען.

די ארבייטער פון דער נאר וואס אויפגעקומענער קאפיטאליסטישער מאנופאקטור האבען דאס רוב ניט געהאט די גלייכע ווידערשטאנדס־קראפט, ווי די געזעלען פון האנדווערק. די ארבייט, וועלכע עס איז נויטיג אויף אויסצוארבייטען א גאנצען פראדוקט,

*) אין 1888 יאהר האט מען אין דייטשלאנד ארויסגעגעבען א געזעטץ געגען די סאציאליסטען, וועלכער האט פערבאטען פאליטישע ארגאניזאציאן, פאליטישען פערזאמלונגען א. ז. וו. דער געזעטץ האט זיך געהאלטען גאנצע 12 יאהר.

ווערט אין דער מאנופאקטור, ווי מיר האבען שוין בעמערקט, פונאנדערגעטיילט צווישען פערשיעדענע ארבייטער, פון וועלכע יעדערן קומט אויס אויסצופיהרען איינע אדער עטליכע לפי ערך פשוט'ע האנד־ארבייטען; די לערנצייט פון דעם ארבייטער ווערט דורך דעם פערקירצט, די ארבייט פון פרויען און קינדער הייבט שוין אן ביסלעכווייז אריינצוגעהן אין דער מאדע. אחוץ דעם געפינען מיר אין דעם מאנופאקטור־משך אין די אינדוסטריעלע שטעדט גרויסע ארבייטער־ארמייען; דא איז שוין אונמעגליך, אז די ארבייטער זאלען פערזענליך קענען איינע די אנדערע, ווי דאס איז במילא פארגעקומען אין די מיטעלאלטערליכע קליינע שטעדטליך צווישען די געזעלען. אמת, פון דער ענטוויקלונג פון די גרויסע שטעדט האבען אויך די האנדווערק־געזעלען נישט ווייניג געליטען, אבער ניט אזוי שטארק, ווי די ארבייטער פון דער מאנופאקטור, ווארים אין דעם זעלבען ערך אין וועלכען עס פלעגט זיך פערגרעסערען די צאהל פון די געזעלען, פלעגט אויך וואקסען די צאהל און דערמיט די אונאיינגקייט פון זייערע געגנער, פון די מייסטערס. פערקעהרט, אין די קאפיטאליסטישע בעטריעבען שטעהען איינע אנטקעגען די אנדערע א גאנצע מחנה ארבייטער און ווייניג אונטערנעהמער, וועלכע קענען זיך לייכט צווישען זיך צונויפרעדען.

דערצו האט נאך די הערשאפט פון די צעכען געשטערט דער ענטוויקלונג פון די מאנופאקטורען אין די אלטע שטעדט. די מאנופאקטורען האט מען געמוזט עפענען אויסערן תחום פון די צעכען, דאס רוב אין דערפער, וואו מען האט אויף די ארבייטער געקענט לייכטער אכטונג געבען, וואו די ארבייטער האבען ניט געפונען קיין שטיצע צווישען די אנדערע שיכטען פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג, וואו זיי האבען אנדערש־וואו ניט געקענט קריגען קיין שום ארבייט, אחוץ ווי נאר אין דער מאנופאקטור.

ענדליך אבער האט מען ביי די ארבייטער שטארק פערקירצט די פרייע צייט, וואס זיי האבען געהאט אויף צונויפצוקלייבען זיך, און מיט דערמיט האט מען ביי זיי צוגענומען דעם וויכטיגסטען מיטעל פון פעראייניגונג און פון אהדות'דיגע טהעטיגקייט, וועלכע וואקסט ארויס פון דער פעראייניגונג; דאס איז פארגעקומען דורך דעם, וואס מען האט מבטל געווען די מיטעלאלטערליכע ימים־טובים.

אמת, די מאנופאקטור פעראייניגט ביי דער ארבייט היבשע

אַרבייטער־מאַסען און צווינגט זיי צו דער געמיינזאַמער אַרבייט, צו דער קאָאָפּעראַציאָן. אָבער דער געווינס, וואָס האָט געזאָלט דער־פון אַרויסקומען פאַר די אַחדות פון די אַרבייטער, איז צום טייל פערלאָרען געגאַנגען ערשטענס דורך דעם, וואָס די אַרבייטער פון דער מאַנופאַקטור פלעגען זיך רעקרוטירען פון די פערשידענסטע בעפעלקערונגס־שיכטען, און צווייטענס דורך דעם, וואָס פאַר די פער־שידענע האַנד־אַרבייטען פלעגט מען בעקומען זעהר פערשידענע שכירות; די אַרבייטער זענען דאָ צוטיילט אין העכערע און נידריגערע מדרגות, אַקוראַט ווי די בעדיענער פון אַ גרויסער גביר'ישער הויז. אמת, דאָס וואָס דער אַרבייטער האָט געהערט צו דער אָדער יענער מדרגה האָט זיך געווענדט דער עיקר אָן דעם, ווי ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער פּראָדוקציאָן, און ניט אָן דעם, צי ער פלעגט זיך קענען אונטער'הנפ'ענען צו דעם בעל־הבית. די צוטיילונג פון די אַרבייטער אין מדרגות האָט אין זיי אַלזאָ ניט אויסגעאַרבייט קיין לאַקעאישען כאַראַקטער, אָבער זי פלעגט דאָך בעשאַפען אַזעלכע גרויסע פערשידענהייטען אין די אינטערעסען פון די איינצעלנע אַר־בייטער־גרופען פון דער זעלבער אונטערנעהמונג, אַז פאַר זיי פלעגט ניט זיין לייכט צו קומען צום בעוואוסטזיין, אַז זיי האָבען אַלע די זעלבע אינטערעסען.

נאָר די לאַגע פון די אַרבייטער אין דער מאַנופאַקטור האָט נאָך פונדעסטוועגען אַ גרויסע מעלה: הגם זייער לערנצייט איז פיעל קירצער איידער אין האַנדווערק, פאָדערט דאָך זייער אַרבייט אַ גע־וויסע געניטקייט, אַ געוויסע אומנות, וועלכע מען קען בעקומען נאָר איינאַרבייטענדיג זיך אַ לענגערע צייט. זיי איז דעריבער ניט לייכט צו פערבייטען דורך אַנדערע, און ווי גרויס עס איז ניִשט געווען אויף דער ענטוויקלונגס־מדרגה, וועגען וועלכער מיר רעדען דאָ, די צאָהל פון די אַרבייטסלאָזע, פון די אַרבייט־זוכענדע פּראָלעטאַריער, האָבען זיך דאָך צווישען זיי געפונען וועניג געניטע מאַנופאַקטור־אַרבייטער. די אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע האָט נאָך בכלל גע־האַט אַ קליינע בעדייטונג פאַר די אַרבייטער פון דעם מאַנופאַקטור־משך.

ערשט די מאַשין האָט דאָס געענדערט; זי האָט די גאַנצע מאַסע אַרבייטסלאָזע געשטעלט אונטער דער הערשאַפט פון דער אינ־דוסטריע, און האָט געוואָרפען אויף גאַנצע מחנות פרויען און קינדער

פון די פּראָלעטאַריער אויף דעם אַרבייטס־מאַרק. וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס האָט געהאַט אויף דער ווידערשטאַנדס־קראַפט פון די אַרבייטער — האָבען מיר שוין געזעהען.

זינט מען האָט אין דער פּראָדוקציאָן איינגעפיהרט מאַשינען, האָט דער פּראָצעס פון דעם איבערגאַנג פון דער גאַנצער אינדוסטריע אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אָנגעהויבען צו געהען מיט ריזיגע טריט. אָבער ניט אַלע פּראָדוקציאָנס־געביעטען ווערען אויפ׳ן שטעל פון די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען פאַבריקען, אויף וועלכע מען אַרבייט מיט מאַשינען. די מאַנופאַקטור האָט זיך אין עטליכע געביעטען צ. ב. אין דער זעצעריי נאָך ביז איצט איינגעהאַלטען. עס זענען פאַראַנען אַפילו אַזעלכע אינדוסטריע־צווייגען, אין וועלכע עס קען זיך איינהאַלטען אַ לאַנגע צייט פּראָדוקציאָנען אויפן׳ בעל־מלאכה׳שען שטייגער אויך אין קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, ווי צ. ב. ש. אין דער שניידעריי, ווי ווייט מען פּראָדוצירט דאָרט נישט אין גרויסע מאַסען פאַר׳ן מאַרק, געוועהנליך אָבער פיהרט די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן אין אַזאַ פאַך, וועלכער געפינט זיך נאָך אויף דער מדרגה פון דעם האַנדווערק, צו דער קאַרליקענער הויז־אינדוסטריע, און ניט צום גרויס־בעטריעב. די אַרבייטער פון דער הויז־אינדוסטריע זענען אָבער אין קאַמפּף מיט די עקספּלואַטאַטאָרען די שוואַכסטע צווישען אַלע.

אין דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן האַלט זיך אַיין אויך אַפילו אונטער דער הערשאַפט פון דער גרויס־אינדוסטריע, וואָס אַרבייט מיט מאַשינען, אַ סך אינדוסטריע־צווייגען (אמת, זיי ווערען וואָס ווייטער אַלץ ווייניגער), וועלכע קענען ניט אויסקומען אָהן געלערנטע אַרבייטער, וואָס זאָלען האָבען אַ געוויסע אומנות, אַ געוויסע געניטקייט אין דער אַרבייט. די גרויס־אינדוסטריע אַליין בעשאַפט אַ סך נייע אַרבייטס־צווייגען, אָדער פערגרעסערט די שוין עקזיסטירענדע וועלכע פאָדערען פון דעם אַרבייטער אַ בעזונדערע קראַפט אָדער אומנות, אָדער בעזונדערע קענטעניסען, און וועלכע האָבען ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר דער קאָנקורענץ פון ניט געלערנטע אַרבייטער אָדער פון פרויען און קינדער. אַזוי איז דאָס געוועזען איז אַזוי איז נאָך דאָס רוב איצטער אויך צ. ב. ש. אין עטליכע פון די צווייגען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט דער אויסגראָבונג און בעאַרבייטונג פון מעטאַלען.

דאָס אַרבייטענדע פּראָלעטאַריאַט טיילט זיך דעריבער אין צוויי גרויסע שיכטען: איינע, וועלכע שטעהט העכער, וועלכע געפינט זיך אין פיעל פּרטים אין אַ בעסערע לאַגע — דאָס זענען די אַרבייטער, וועלכע האָבען אַ אומנות אין האַנד, די אויסגעלערנטע אָדער קוואַליפיצירטע אַרבייטער; די צווייטע, נידעריגערע שיכט בעשטעהט פון דער גרויסער און פון טאָג צו טאָג וואַקסענדער מאַסע אַרבייטער, וועלכע זענען פערנומען אין אַזעלכע בעשעפטיגונגען, וואָס פאָדערען ניט קיין בעזונדערע קענטענישען, אָדער אומנות, אָדער פעהיגקייטען אויף אויסצולערנען זיך די אַרבייט; ווי געניט, אָדער געלערנט, אָדער פעהיג אַנדערע פון דיזע אַרבייטער זאָלען ניט זיין — זיי געהערען צו דער אָבטיילונג פון די ניט-געלערנטע, ניט געניטע, אָדער ניט קוואַליפיצירטע אַרבייטער, וועלכע עס איז לייכט צו פערבייטען דורך אַנדערע, פאַר וועלכע מען דאַרף קיין אָבשיי ניט האָבען, און וועמעס ווידערשטאַנדס-קראַפט איז זעהר קליין.

די בעסער געשטעלטע, די קוואַליפיצירטע אַרבייטער — זיי איז אויסגעקומען צו זיין די ערשטע אין קאַמפף פאַר דער אויפהייבונג פון דעם אַרבייטער-קלאַס. זיי האָבען געבילדעט דעם מעכטיגסטען עלעמענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, זיי זענען מעהר ווי אַלע געוועזען אים שטאַנד אַרויסצוטרעטען געגען דעם קאַפּיטאַל און זיי האָבען פיעל מאָל אַרויסגעוויזען זייער פעהיגקייט צום קאַמפף.

זייער לאַגע איז אין פיעל פּרטים געוועזען ענהליך צו דער לאַגע פון די האַנדווערקס-געזעלען, וואָס האָבען געהערט צו די צעכען; די טראַדיציאָנען פון האַנדווערקס-געזעלען זענען אָפט איבערגעגאַנגען צו זיי, זייערע אָרגאַניזאַציאָנס-און קאַמפפס-מעטאָדען האָבען זיי געדיענט פאַר אַ מוסטער. די נייע עקאָנאָמישע קאַמפף-אָרגאַניזאַציאָן פון די אַרבייטער, קודם כל, נאָר פון די קוואַליפיצירטע אַרבייטער, — פּראָפעסיאָנעלע בונדען זענען צייטענווייז געוועזען דער דירעקטער המשך פון די אַלטע געזעלען-אָרגאַניזאַציאָנען, און אָפט, לכל-הפּחות, אין אָנהייב פון דער פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג, זענען זיי אויסגעוואַקסען פון די טראַדיציאָנען, וועלכע די צעכאָווע געזעלען האָבען איבערגעלאָזען בקבלה די שכירות-אַרבייטער.

די פריהערדיגע קרובה-שאַפט פון דער פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג מיט דער צעכאָווער געזעלען-בעוועגונג ווייזט זיך אַרויס ניט

בלויז אין דעם הידעשטאַנדס־גייסט און אין דער ווידערשטאַנדס־קראַפט פון די פּראָפעסיאָנעלע בונדען. אַנ׳אַנדערס מאָל קען מען אויך אין זיי בעמערקען דעם גייסט פון די אַמאָליגע צעכען, די טענדענץ זיך אָבצוטיילען אין בעזונדערע כּתות, צו שטעהען נאָר פאַר די ענגע אינטערעסען פון זייער פּראָפעסיאָן, גאָר ניט רעכענענדיג זיך מיט די אַלגעמיינע אַרבייטער־אינטערעסען. ביי געוויסע בעדינגונגען קען דאָס אַזוי ווייט געהן, אַז די פּראָפעסיאָנעלע בונדען פון די קוואַליפיצירטע אַרבייטער זאָלען ניט נאָר אַרויסלאָזען פון זינען די אַחדות מיט׳ן גאַנצען אַרבייטער־קלאַס, נאָר אַז זיי זאָלען פאַר זיך זוכען אַ נוץ, אַפילו ווען פאַר דער איבעריגער אַרבייטערשאַפט וועט דערפון אַרויסקומען אַ היזק — זיי, למשל, דורך דער פאָדערונג צו בעגרענעצען די צאָהל פון לעהרנ־יונגלעך אין זייער פאַך. דורך דעם פערקלענערען זיי אַפילו דעם אָנבאָט פון די אַרבייטס־קרעפטען אין זייער אייגענער פּראָפעסיאָן, אָבער נאָר אויפ׳ן חשבון פון די אַרבייטער פון אַנדערע אַרבייטס־צווייגען, וועלכע האָבען ניט די קראַפט דורכצופיהרען אַזעלכע פאָדערונגען, און צו וועלכע עס וועלען זיך דעריבער מוזען ווענדען אַ סך מעהר אַרבייטס־קרעפטען.

צייטענווייז געפינען זיך נאָר איינצעלנע פאַכען, אין וועלכע די אָרגאַניזירטע אַרבייטער טיילען זיך אָב פון דעם „המון" אַלס „אַריסטאָקראַטען" פון דער אַרבייט, און שטרעבען זיך אויפצוהייבען, שטעלענדיג זיך אויף די פּלייצעס פון די איבעריגע אַרבייטער; אַזוי איז צ. ב. ש. אין דייטשלאַנד געווען מיט אַ קורצער צייט צוריק ביי דעם גרעסטען טייל פון די שריפטזעצער. אין ענגלאַנד אָבער האָט זיך די גאַנצע מאַסע פון די קוואַליפיצירטע אַרבייטער אָבגעזונדערט פון די ניט־קוואַליפיצירטע. צו זיי זענען נאָך צוגעשטאַנען די אַרבייטער פון די אַרבייטס־צווייגען, וועלכע עס שטעהען אונטער דער השגחה פון דעם פאַבריק־געזעץ, וועלכע זענען דורך איהם געקומען צו אַ בעסערער לאַגע. דיזע אַלע בעסער־געשטעלטע אַרבייטער האָבען ביז ניט־לאַנג געבילדעט — און בילדען נאָך צום טייל איצטער אויך — אַנ׳„אַרבייטער־אַריסטאָקראַטיע", וועלכע איז אָבגעזונדערט פון דער גרויסער מאַסע פון דעם שכירות־פּראָלעטאַריער.

וואו די פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג טראָגט אַריין דעם גייסט פון יחוס, וואו זי פיהרט צו דער אַריסטאָקראַטישער אָבזונדערונג פון די בעסער־געשטעלטע אַרבייטער, דאָרטען ניט נאָר וואָס זי נוצט

גאָר נישט אויף פאַר דער אויפהייבונג פֿון דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט, אַלס קלאַס, נאָר, פֿערקעהרט, זי איז נאָך אַפילו אים שטאַנד צו שטערען און אָבצוהאַלטען דיזע אויפהייבונג. און אין דעם פּרט ווירקט זי פיעל שטאַרקער, איידער די אונזיניגע און אַכזריישע אונטערדריקונגס־מיטלען, וועלכע די הכמי־המלוכה האָבען פֿון דור דורות ליעב אָנצווענדען געגען די אַרבייטער. די רדיפות, וועלכע זיי ווענדען אָן געגען די קאַמפף־אָרגאַניזאַציעס פֿון דעם אַרבייטער־קלאַס זענען, פֿערקעהרט, דער בעסטער מיטעל צו פֿעראייניגען די קוואַלי־פיצירטע אַרבייטער מיט די ניט־קוואַליפיצירטע, כדי אַרויסצוטרעטען אין איינעם געגען דער אונטערדריקונג.

און אין דער אמת'ן קענען זיך איצטער נאָר נאָך די אונ־וויסענדטסטע און טעמפּסטע פֿון די מלוכה־פֿיהרער איינשמועסען, אַז דורך רדיפות איז מעגליך איינצוהאַלטען דעם פּראָלעטאַריאַט אין צוים. די געפֿעהרליכסטע שונאים פֿון פּראָלעטאַריאַט זענען, פֿערקעהרט, יענע, וועלכע טרעטען אַרויס ניט אַלס זיינע געגנער, נאָר אַלס זיינע גוטע פֿריינד, און ווילען איהם צושפּאַלטען דורך אַזאַ פּראָפּעסיאָנעלע בעוועגונג, ווי מיר האָבען נאָר וואָס בעשריבען, און סטאַרען זיך זיינע מעכטיגסטע טיילען איבערצומאַכען פֿון קאָרקעמפּפער — איך אונטערדריקער פֿון זיינע שלאַפֿע טיילען. דיזע פֿאַלשע פֿריינד פֿון דעם אַרבייטער־קלאַס טרייבען אויך אין דייטשלאַנד זייער עסק; אמת, ביז אַהער דאָס רוב נאָר אין די אוניווערסיטעטען. אָבער זיי פּרובירען זיך צו קריגען אַ ווירקונג אויך אויף די אַרבייטער גופא. צום גליק זענען אָבער די הערשענדע פּאַרטייען צו קורצזיכטיג, די דייטשע אַרבייטער צו פֿערשטענדיג, און די עקאָנאָמישע בעדינגונ־גען צו ווייט ענטוויקעלט, אַז דיזע הערען זאָלען קענען ברייגען אַ דויערענדען שאָדען.

ווי גרוים עס זאָל זיך ניט האַלטען אַן'אַרבייטער־שיכט, וועל־כע געפֿינט זיך אין אַ בעסערער לאַגע, ווי זי זאָל זיך ניט אָבשיידען פֿון דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער מאַסע, אויף אַ לאַנגע צייט קען זי נישט אויסמיידען די ווירקונג פֿון דער עקאָנאָמישער ענט־וויקלונג, וועלכע צווינגען איהר צו דער פֿעראייניגונג מיט דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס. לויט נאָך דער גייסטיגער ענטוויקלונג פֿון דיזער אַרבייטער־שיכט, לויט נאָך דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, צו וועלכער עס האָט דערגרייכט זייער פֿאַך און נאָך דער ראָלע, וועלכע ע־

שפּיעלט אויף דעם אינעווייניגסטען מארק און אויף דעם וועלט־מאַרק, קען דאָס קורצער אָדער לענגער געדויערען, ביז אידרע אַריסטאָ־קראַטישע טענדענצען ווערען געבראָכען, אָבער פריהער אָדער שפּע־טער קומט עס דערצו ביי אַלע אַזעלכע אַרבייטער־שיכטען.

קיין פאַך איז ניט בעוואָרענט, אַז ער זאָל ווען עס איז ניט פערכאַפּט ווערען פון דער טעכנישער רעוואָלוציאָן, וועלכע פער־בייט דעם געלערנטען אַרבייטער דורך דעם אונגעלערנטען, און וועל־כע בעשאַפט פאַר'ן מאַן די קאָנקורענץ פון פרוי און קינד. עס ווערט גרעסער די צאָהל פון יענע געלערנטע אַרבייטער, וועלכע קע־נען ניט אַריין אין דער אָרגאַניזאַציאָן צוליעב דעם, וואָס זייער פער־דיענסט איז צו קליין, און מיט וועלכע די קאַפּיטאַליסטען קענען זיך בענוצען געגען די אָרגאַניזירטע אַרבייטער. אפילו די אַרבייטער, וועלכע זענען אויפ'ן בעסטען אופן אָרגאַניזירט און האָבען די רייכ־סטע מאַסען, מוזען אויך וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערשטעהן, אַז בייצושטעהן געגען די אַראָבדריקענדע ווירקונגען פון דעם קאַפּיטאַ־ליזמוס, מען רעדט שוין ניט — זיי בייצוקומען, איז אַזאַ אויפ־גאַבע, וועלכע עס איז ניט נאָך די כחות נאָך, פון די אָבגעזונדערטע פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציאָנען. זיי מוזען פערשטעהן, אַז וואָס שוואַ־כער עס איז דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט, אַלץ שוואַכער זענען זיי, וואָס שטאַרקער ער איז, אַלץ שטאַרקער זענען זיי; זיי מוזען אָנ־הייבען צו פערשטעהן, אַז עס איז אַ שלעכטע פּאָליטיק זיך צו סטאַ־רען אַרויפשטייגען אין דער הויך, שטעלענדיג זיך אויף די פּליי־צעס פון אַזעלכע מענשען, וועלכע פערזינקען אין זומפּ, און וועל־כע מען שטופּט נאָך טיעפער אַראָב דורך דעם, וואָס מען שטעלט זיך אַרויף אויף זיי. זיי מוזען טראַכטען וועגען דעם, ווי צו קריגען אַ פעסטען גרונט אונטער די פיס, אויב זיי ווילען נאָר דערגרייכען צו אַ העכערע מדרגה און זיך דאָרטען איינהאַלטען. דאָס קענען זיי אָבער ניט, וואו זיי זאָלען ניט העלפען די נידעריגערע שיכטען, וועלכע שטעהען אונטער זיי, זיך אויפצוהייבען פון דעם זומפּ.

און אַזוי קומען די „אַריסטאָקראַטישע" אַרבייטער־שיכטען איי־נע נאָך די אַנדערע דערצו, אַז זיי הויבען אָן צו בעטראַכטען זייער קאַמפּף געגען דער עקספּלואַטאַציאָן ניט ווי אַ בעזונדערען קאַמפּף פאַר זייערע בעזונדערע אינטערעסען, נאָר ווי אַ טייל פון דעם גרוי־

סען קלאסען־קאמפף, וועלכען עס פיהרט דער גאנצער פראלעטאריאט. זיי קומען צום פערשטאנד, אז דער קאמפף פון די אנדערע פראלעטאריער־שיכטען האט ניט קיין קליינע בעדייטונג פאר זיי אויך, אז דיזער קאמפף איז אויך זייער זאך שטארק נוגע, אז זיי וועגען דעריבער מחויב וואו נאר זיי קענען אונטערשטיצען און צו העלפען די איבעריגע ארבייטער־שיכטען אין זייער קאמפף. זיי קומען צום פערשטאנד, אז זיי דארפען פערהיטען וואו עס איז נאר מעגליך אויך די אינטערעסען פון יענע פראלעטאריער־שיכטען, וועלכע וועגען נאך ניט אים שטאנד זיך צו בעשיצען מיט די אייגענע כחות, וועלכע וועגען נאך ניט אריינגעצויגען געווארען אין דעם שטראם פון דער ארבייטער־בעוועגונג.

אין דער אייגענער צייט הייבט זיך אבער אויך אויף פון די רייהען פון די ניט־קוואליפיצירטע ארבייטער איין שיכט נאך דער אנדערער. שוין דער אנבליק אליין פון דעם גרויסען קאמפף, וועלכען עס פיהרען די קוואליפיצירטע ארבייטער, וועקט אויף און גיט צו מיט פיעלע פון זייערע „ניט־קוואליפיצירטע" ברידער. וועגען דער עהנליכער ווירקונג, וועלכע עס ברייננט דער קאמפף פאר דעם ארבייטער־שוץ, האבען מיר שוין גערעדט. נאך א סך אנדערע אורזאכען וועגען דא, וועלכע עס פיהרען ביי א גליקליכען צוזאמענטרעפען פון געוויסע בעדינגונגען צייטענווייז דערצו, אז די אדער יענע פראלעטאריער־שיכט שטעהט צי צו דער גרויסער מחנה פון דעם קעמפפענדען פראלעטאריאט.

די עקאנאמישע פערבעסערונגען, צו וועלכע די ניט־קוואליפיצירטע ארבייטער דערשלאגען זיך דירעקט דורך זייער קאמפף, וועגען בכלל גאנץ קליין. זייער געשיכטע איז „א לאנגע רייהע מפלות, צווישען וועלכע עס טרעפען זיך ווייניגע איינצעלנע נצחונות" (ענגעלס). אבער אקוראט ווי דער ריעז אנטעאוס פון דער גריכישער לעגענדע, שעפען די פראלעטאריער נייע קרעפטען אויך פון זייערע מפלות. ווי דער קאמפף זאל זיך ניט אויסלאזען, ער גופא הייבט אויף די ארבייטער מאראליש, רופט ארויס און ענטוויקעלט אין זיי יענע אלע מעלות, וועלכע מיר האבען בעצייכענט, אלס האראקטעריסטישע פאר'ן פראלעטאריאט; ער גופא פערגיכערט די מאראלישע און געזעלשאפטליכע ניי־געבורט פון פראלעטאריאט אפילו אויך דאן,

ווען ער פערבעסערט אויף אַ האָר ניט זיין עקאָנאָמישע לאַגע, ווען ער פערערגערט איהר נאָך אֶפשר.

אַזוי בילדעט זיך ביסלעכווייז פון די קוואַליפיצירטע און ניט-קוואַליפיצירטע פּראָלעטאַריער די שיכט פון דעם אַרבּייטער-קלאַס, וועלכע געפינט זיך אין דער בעוועגונג — עס בילדעט זיך די אַרבּייטער-בעוועגונג. דאָס איז דער טייל פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קעמפפט פאַר די אַלגעמיינע אינטערעסען פון זיין קלאַס: דאָס איז זיין קעמפפענדער חיל. דיזע שיכטע פערגרעסערט זיך אי אויפ'ן חשבון פון די „אַריסטאָקראַטען" פון דער אַרבּייט, וועלכע קוקען אויף זיך מיט גדלות און וועלכע וועגען פערזונקען אין דעם ענגען עגאָאיזמוס, אי אויף דעם חשבון פון דעם טעמפּען „המון", פון די אונטערע שיכטען פון דעם שכירות-פּראָלעטאַריאַט, וועלכע קומען איבער אַבּיזוי דעם לעבען אָהן האָפנונגען און אָהן קרעפטען צום קאַמפף. מיר האָבען געזעהען, אַז דאָס אַרבּייטענדע פּראָלעטאַריאַט האַלט אין שטענדיגען וואַקסען; מיר ווייסען אויך, אַז וואָס ווייטער האָט ער אַלץ אַ גרעסערע ווירקונג אויף די אַנדערע אַרבּייטענדע קלאַסען, אויף זייערע לעבענס-בעדינגונגען, אויף זייער פיהלען און דענקען; איצט זעהען מיר, אַז אין דיזער שטענדיג-וואַקסענדער מאַסע ווערט דער קעמפפענדער טייל גרעסער ניט נאָר אַבּסאָלוט, נאָר אויך אין פערגלייך מיט דער איבעריגער מאַסע. ווי גיך עס וואַקסט ניט דאָס פּראָלעטאַריאַט, זיין קעמפּפענדער טייל האַלט נאָך אין גיכערען וואַקסען.

דאָס קעמפּפענדע פּראָלעטאַריאַט איז אָבּער דער וויכטיגסטער און פרוכטבּאַרסטער געביעט, פון וועלכען עס רעקרוטירט זיך דער עיקר די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. זי איז בעצם ניט מעהר, ווי דער ציעל-בעוואוסטער טייל פון דעם קעמפפענדען פּראָלעטאַריאַט; און די ענטוויקלונג פיהרט דערצו, אַז דאָס קעמפפענדע פּראָלעטאַריאַט און די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זאָלען בעדייטען איינס און דאָס זעלבּע. אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך זענען זיי דאָס אין דער אמת'ן געוואָרען.

## 9. דער פּאָליטישער קאַמפּף.

אַקוראַט ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט זײַנע ערשטע קאַמפּף־אָרגאַניזאַציאָנען נאָכגעמאַכט נאָך דעם מוסטער פון די געזעלען־אָרגאַניזאַציאָנען, אַזוי זענען אויך זײַנע ערשטע קאַמפּפס־מיטלען אומעטום, וואו ער טרעט אַרויס אין געשלאָסענע מאַסען, די זעלבע, וועלכע די האַנדווערקס־געזעלען פלעגען אָנווענדען: באָיקאָט, בעזונדערס אָבער דער סטרייק.

דער פּראָלעטאַריאַט קען אָבער בײַ דיזע קאַמפּפס־מיטלען ניט פלײַבען שטעהען. וואָס מעהר די איינצעלנע שיכטען, פון וועלכע ער בעשטעהט, שליסען זיך צונויף אין איין איינהייטליכען אַרבייטער־קלאַס, אַלץ מעהר מוז זײַן קאַמפּף אָננעהמען אַ פּאָליטישען כאַראַקטער, וואָרים, ווי עס שטעהט שוין אין דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט, יעדער קלאַסען־קאַמפּף איז אַ פּאָליטישער קאַמפּף.

שוין די בעדערפניש פון דעם רײַן־פּראָפעסיאָנעלען קאַמפּף צווינגען די אַרבייטער אַרויסצושטעלען פּאָליטישע פאָדערונגען. מיר האָבען געזעהען, ווי די איצטיגע מלוכה רעכענט עס פאַר איהרע הויפּט־אויפגאַבען בנוגע צו די שכירות־אַרבייטער, צו מאַכען פאַר זיי אונמעגליך זיך צו אָרגאַניזירען. די געהיימע אָרגאַניזאַציאָנען איז אָבער שטענדיג נאָר אַ שלעכטער סוראָגאַט פון דער אָפענער, און דיזער כלל איז אַלץ ריכטיגער, וואָס גרעסער עס זענען די מאַסען, וועלכע עס דאַרפען זיך פעראייניגען אין איין אָרגאַניזמוס. וואָס מעהר דאָס פּראָלעטאַריאַט ענטוויקעלט זיך, אַלץ נויטיגער איז פאַר איהם די פרייהייט זיך צו פעראייניגען, די קאָאַליציאָנספרייהייט.

אָבער דיזע פרייהייט אַליין איז נאָך ניט גענוג, אַז דאָס פּראָלעטאַריאַט זאָל זײַן אים שטאַנד ווי ווייט מעגליך פאָלשטענדיג צו ענטוויקלען זײַנע אָרגאַניזאַציאָנען און ווי ווייט מעגליך צוועקמעסיג זיי אָנצוווענדען. מיר האָבען שוין דערויף אָנגעוויזען, ווי לײַכט עס איז געווען פאַר די פּועלים זיך צונויפצוקומען. אין יעדער שטאָדט האָבען אין איין פאַך לפי ערך געאַרבייט אַזוי וועניג פּועלים, און נאָך דערצו צונויפגעפּרעסט אַלע אין איין גאַס, אַז זיי זענען כמעט אַלע שטענדיג געווען פערזענליך פערבונדען איינע מיט די אַנדערע. איין איינציגער

שיינק האָט דאָס רוב געקלעקט אויפצונעהמען אַלע פּועלים פון אַ גאַנצער מלאָכה. יעדע שטאָדט האָט אָבער געפיהרט מעהר אָדער ווייניגער אַ פער־זיך־דיגען ווירטשאַפטליכען לעבען. די וועגען זענען געוועזען שלעכט, און דער פערקעהר צווישען די שטעדט איז געוועזען זעהר קליין. די איינצעלנע פּועלים, וועלכע פלעגען אַרומוואַנדערען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער, זענען ביי אַזעלכע בעדינגונגען געוועזען געניג, אום אַיינצוהאַלטען, ווי דער סדר איז, די פערבינדונג צווישען די געזעלען־אָרגאַניזאַציאָנען פון די איינצעלנע שטעדט.

היינט אַרבייטען אין די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערן טויזענדער אַרבייטער, פון וועלכע יעדערער בעזונדער איז פערזענליך פערבונדען נאָר מיט עטליכע ווייניגע גענאָסען, אָבער ניט מיט דער גרויסער מאַסע פון זיינע חברים צונויפבינדען צווישען זיך דיזע מאַסען, וועקען אין זיי דעם בעוואוסט־זיין פון זייער אינטערעסען־אַחדות, און צוציהען זיי צו די אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע בעשיצען זייערע אינטערעסען — צו דערצו דאַרף מען האָבען די מעגליכקייט צו קענען פריי רעדען צו גרויסע מאַסען — צו דערצו איז נויטיג די פרייהייט פון פ ע ר ז א מ ל ו נ ג ע ן און פון דער פ ר ע ס ע. די האַנד־ווערק־געזעלען האָבען די פרעסע ניט געדאַרפט; ביי די קליינע פערהעלטניסען אין וועלכען זיי האָבען געלעבט, איז גענוג געוועזען זיך מינדליך צו־אויפצורעדען. פעראייניגען אין אָרגאַניזאַציאָנען די מוראָ'דיגע מאַסען פון דעם איצטיגען שכירות־פּראָלעטאַריאַט און ערציהען זיי, אַז זיי זאָלען אַלע קעמפּפען האַנד ביי האַנד, איז אָהן דער הילף פון דער פרעסע פשוט אונמעגליך.

און די פרעסע איז אַליין מעהר נויטיגער פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט, וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך די איצטיגע פערקעהרס־מיטלען. דיזע פערקעהרס־מיטלען זענען אַ וויכטיגער כלי־זין פאַר די קאַפּיטאַליסטען אין זייער קאַמפּף מיט די אַרבייטער. זיי גיבען זיי צ. ב. די מעגליכקייט צו ברייננגען אויף גיך גרויסע אַרבייטער־מאַסען פון ווייטע ערטער; קומט ביי זיי פאָר אַ סכסוך מיט זייערע אַרבייטער קענען זיי זיי לייכט פערבייטען דורך ניט־היגע אַרבייטער, אויב די לעצטע זענען ניט פערבונדען מיט די היגע אַרבייטער. די ענטוויקלונג פון דעם פערקעהר מאַכט דעריבער וואָס ווייטער, אַלץ נויטיגער צו פעראייניגען די איינצעלנע אָרטיגע בעוועגונג פון די אַרבייטער פון פערשידענע פאַכען אין איין איינהייטליכע בעוועגונג, וועלכע זאָל

אַרימנעהמען די גאַנצע קעמפּפענדע אַרבייטערשאַפט פון גאַנצען לאַנד און אַפילו, סוף כל סוף, פון אַלע אינדוסטריעלע לענדער. דיזע נאַציאָנעלע און אינטערנאַציאָנעלע פעראייניגונג פון די שׂכירות־אַרבייטער דאַרף אָבער נאָך נויטיגער האָבען די פּרעסע, איידער די אָרטיגע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט.

און אַזוי זעהען מיר טאַקי, אַז אומעטום, וואו דער אַרבייטער־קלאַס הייבט זיך אָן צו רירען, אומעטום, וואו ער מאַכט די ערשטע טריט צום קאַמפּף פאַר די דערגרייכונג פון אַ בעסערער עקאָנאָמישער לאַגע, שטעלט ער אַרויס נעבען רײן־עקאָנאָמישע פאָדערונגען אויך פּאָליטישע, דער עיקר, די פאָדערונגען פון פרייהייט פון פערזאַמלונגען, פעראייניגונג און פון דער פּרעסע. דיזע פרייהייטען האָבען פאַר'ן אַרבייטער־קלאַס די גרעסטע בעדייטונג; דאָס געהערט צו זיינע לעבענס־בעדינגונגען, אָהן וועלכע ער קען זיך בשום אופן ווייטער ניט ענטוויקלען. זיי בעדייטען פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט ליכט און לופט, און ווער עס צוקאַלעטשעט איהם דיזע פרייהייטען אָדער דערלאָזט איהם ניט צו זיי, אָדער ווער עס וויל אָבהאַלטען די אַרבייטער פון דעם קאַמפּף פאַר די דערגרייכונג און פערברייטערונג פון דיזע פרייהייטען, יענער געהערט צו די ערגסטע שׂונאים פון פּראָלעטאַריאַט, ער מעג צו איהם פיהלען, אָדער זיך נאָר מאַכען, אַז ער פיהלט בלומר'שט די גרעסטע ליעבע, ער מעג זיך רופען אַנאַרהיסט אָדער קריסטליך־סאָציאַל, אָדער ווי ער וויל זיך. ער ברייננגט דעם פּראָלעטאַריאַט ניט קיין קלענערע רעה, ווי זיינע אָפענע שׂונאים. און צו ער טהוט עס פון רשעות אָדער נאָר פון אונוויסענהייט — אַלץ איינס, מען מוז געגען איהם אַקוראַט אַזוי שטאַרק קעמפּפען, ווי געגען די בעוואוסטע געגנער פון פּראָלעטאַריאַט.

מען פלעגט צייטענווייז אָבטיילען דעם פּאָליטישען קאַמפּף פון דעם עקאָנאָמישען און ערקלערען, אַז דאָס פּראָלעטאַריאַט מוז זיך אָבגעבען נאָר מיט איינעם פון זיי ביידע: מיט דעם פּאָליטישען אָדער מיט דעם עקאָנאָמישען קאַמפּף. אין דער אמת'ן קען מען זיי ביידע ניט אָבשיידען איינעם פון דעם אַנדערן. דער עקאָנאָמישער קאַמפּף פאָדערט די איבערענדערמאָנטע פּאָליטישע רעכטען, — דיזע רעכטען פאַלען אָבער ניט אַליין פון הימעל, זיי פאָדערן צו זייער דערגרייכונג און איינהאַלטונג די ענערגישסטע פּאָליטישע טהעטיג־קייט. דער פּאָליטישער קאַמפּף גופא איז אָבער אין דער אונטערשטער

שורה אויך אַנ'עקאָנאָמישער קאַמפּף, אָפּט איז ער טאַקי דירעקט אַנ'עקאָנאָמישער, צ. ב. ביי אַזעלכע ענינים, וואָס געהערען צו דער געזעצגעבונג וועגען אָבצאָהלונגען אויף אַריינפיהרען סחורות, וועגען אַרבייטער־שוץ און נאָך אַזעלכע זאַכען. דער פּאָליטישער קאַמפּף איז נאָר אַ בעזונדערע, די ברייטעסטע און דאָס רוב אויך די ענטשלאָסענסטע פאָרם פון עקאָנאָמישען קאַמפּף.

ניט נאָר די געזעצען, וועלכע זענען דירעקט שטאַרק נוגע דעם אַרבייטער־קלאַס, נאָר אויך דער גרעסטער טייל פון אַלע איבריגע געזעצען בעריהרען מעהר אָדער וועניגער זיינע אינטערעסען. ווי יעדער אַנדער קלאַס מוז דעריבער אויך דער אַרבייטער־קלאַס זיך ציעלען צו האָבען אַ פּאָליטישע ווירקונג און אַ פּאָליטישע מאַכט, אויסצופיהרען, אַז די געוואַלט פון דער מלוכה זאָל דיענען זיינע אינטערעסען.

דערצו זענען דאָ אין דער איצטיגער מלוכה צוויי וועגען: ערשטענס די פּערזענליכע ווירקונג אויף דעם ראש־המלוכה (הויפּט־פיהרער פון דער מלוכה). אין דערינען איז בעשטאַנען (און בעשטעהט איצטער אויך) אין די מלוכות, וואו עס הערשט דער אַבסאָלוטיזמוס, די איינציגע מעגליכקייט צו ווירקען אויף דער רעגירונג פון לאַנד. אין איהר זענען פּעראינטערעסירט יענע קלאַסען, וועלכע האָבען אַ פּערזענליכען צוטריט צום ראש־המלוכה, און וועלכע זענען אים שטאַנד צו קריגען ביי איהם חן, צו מאַכען איהם אָבהענגיג פון זיך, אָדער איהם נוצליך צו זיין. דיזע קלאַסען — דער הויף־אַדעל, די העכערע גייסטליכע, די פּני פון דער אַרמעע און פון דער ביוראָקראַטיע, ווי אויך ענדליך די גרויסע מלוים די געלד־זעק, זענען דעריבער די נאַטירליכע מליצים פון דער אַבסאָלוטער רעגירונגס־פאָרם.

אַלע אַנדערע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג קענען אין דער איצטיגער גרויסער מלוכה קריגען אַ ווירקונג אויף דער רעגירונג נאָר דורך אַ פּאַרלאַמענט, וועלכען זיי זאָלען אַליין אויסקלייבען, דורך אַ פּאַרלאַמענט, וואָס זאָל בעשטימען די בעדינגונגען, ביי וועלכע די קלאַסען, וועלכע ער שטעלט פאָר, זענען מרוצה צו צאָהלען שטייערן אויף די הוצאות פון דער מלוכה. דאָס רעכט און די מעגליכקייט זיך אָבצוזאָגען פון צאָהלען שטייערן, דאָס איז דער פונדאַמענט, אויף וועלכען עס האָבען זיך ענטוויקעלט די רעכטען אַרויסצוגעבען אָדער מבטל צו זיין געזעצען און אַראָבצו־

פּאַרטעיען, מיניסטערען, רעכטען, וואָס געהערען יעדען פּאַרלאַמענט, וועלכער פּערדיענט ווירקליך צו רופען זיך מיט דיזען נאָמען, וועלכער איז מעהר, איידער — ווי מען האָט זיך אויסגעדריקט — אַ „פֿייגען־בלאַט“ פֿאַר דעם אַבסאָלוטיזמוס.

וועגען דער דירעקטער געזעצגעבונג פֿון פֿאָלק איז דאָ ניט נויטיג צו רעדען. זי קען אין גאַנצען ניט פּערבייטען דעם פּאַרלאַמענט, לכל־הפּחות, אין די איצטיגע גרויסע מלוכות, און נאָר וועגען אַזעל־כע רעדען מיר דאָ. זי קען העכסטענס נאָר אין איינצעלנע פֿעלען ווירקען נעבען דעם פּאַרלאַמענט, פּערריכטענדיג זיינע פֿעהלערען. אַז די גאַנצע געזעצגעבונג פֿון לאַנד זאָל דירעקט בעזאָרגט ווערען דורך די פֿאָלקס־געזעצגעבונג — דאָס איז לחלוטין אונמעגליך, און אַקוראַט אַזוי ווייניג איז מעגליך, אַז די זאָל קאָנטראָלירען די רעגירונג און זאָל איהר אָנווייזען ווען עס איז נויטיג, ווי און וואָס צו טהון. כל זמן עס עקזיסטירט די איצטיגע גרויסע מלוכה וועט דער מיטעל־פּונקט פֿון דער פּאָליטישער טהעטיגקייט שטענדיג ליעגען אין איהר פּאַרלאַמענט.

דער לעצטער רעזולטאַט פֿון פּאַרלאַמענטאַריזמוס איז די פּאַר־לאַמענטאַרישע רעפּובליק; צו עס האַלט זיך נאָך איין אין אַזאַ רע־פּובליק דער קעניגטהום, ווי אַ „ציערונג“, ווי דאָס איז אין ענג־לאַנד, אָדער ניט, דאָס איז אַלץ איינס. אין דער אמת'ן ווערען אין אַ לאַנד, וועלכע עס ווערט ווירקליך פּאַרלאַמענטאַריש רעגיערט, אַלע ענינים פֿון דער מלוכה אין גאַנצען אָבהענגיג פֿון דעם פּאַרלאַמענט, וועלכער עס האַלט ביי זיך אין די הענד דעם געלד־זאַק, דאָס הייסט די נשמה פֿון דער איצטיגער מלוכה, ווי פֿון יעדער איצטיגער אונטער־נעהמונג. און אַ מלך אָהן געלד איז היינט נאָך ערגער, איידער אַ מלך אָהן אַ לאַנד.

אַלע קלאַסען, וועלכע פֿיהרען אַ זעלבסטשטענדיגען און ענער־גישען פּאָליטישען לעבען און וועלכע האָבען ניט די האָפֿנונג גיכער צו קומען צום ציעל דורך דער פּערזענליכער ווירקונג אויפֿ'ן ראש־המלוכה, ציעלען זיך אין דער איצטיגער מלוכה פֿון איין זייט צו פּער־מעהרען די מאַכט פֿון פּאַרלאַמענט, און פֿון דער אַנדער זייט, צו פּערמעהרען זייער אייגענע מאַכט אין פּאַרלאַמענט. די מאַכט פֿון פּאַר־לאַמענט הענגט אָב פֿון דער קראַפֿט און דער מוטה פֿון די קלאַסען, אויף וועלכע ער שפּאַרט זיך אָן און פֿון דער קראַפֿט און דעם מוט

פון די קלאַסען, וועלכע אִיהם קומט אויס צו צווינגען זיך אונטערצוגעבען אונטער זײַן רצון. די מאַכט פון אַ קלאַס אין פּאַרלאַמענט הײַנגט אָב קודם־כּל פון דער פאָרם פון וואַהלרעכט. קלאַסען, וועלכע האָבען קיין וואַהלרעכט ניט, קענען, פערשטעהט זיך, ניט האָבען אין פּאַרלאַמענט קיין פאָרשטעהער. זי הײַנגט אָבער אויך אָב פון דער מאַכט און ווירקונג, וועלכע דיזער קלאַס קען האָבען אויף די אויסקלײַבער און, ענדליך הײַנגט זי אָב דערפון, אויף ווי פיעל דער אָדער יענער קלאַס איז פעהיג צו דער פּאַרלאַמענטאַרישער טהעטיגקײַט.

די ערשטע צוויי פונקטען איז ניט נויטיג צו ערקלערען, נאָר וועגען דעם לעצטען וועלען מיר זאָגען אַ פּאָר ווערטער. ניט יעדער מענש קען זיך נעהמען פאַר דער פּאַרלאַמענטאַרישער טהעטיגקײַט. זי פאָדערט אַ געוויסע געניטקײַט, וועלכע מען בעקומט נאָר דורך אַ לאַנגער, ספּעציעל דורך אַ רעדנערישער טהעטיגקײַט אין געזעלשאַפטליכען לעבען. זי פאָדערט ווײַטער אַ טיעפערע השׂגה, אַ בליק, וועלכער איז אים שטאַנד אַרומצונעהמען פראַגען, וואָס האָבען אַ וויכטיגע אַלגעמײַנע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע בעדײַטונג. דער בויערליכער בעפעלקערונג, פעהלען דיזע בעדינגונגען, וועלכע זענען פון פאָראויס נויטיג, כּדי צו נעהמען אַנ'אַנטהייל אין דעם פּאַרלאַמענטאַרישען לעבען. מיר האָבען געזעהען, אַז דיזע אַלע קרײַזען זענען אין גאַנצען אַרײַנגעטהון אין דער אַרבײַט צוליעב חיונה. די אַרבײַט אָבער איזאָלירט זיי, טהיילט אָב איינעם פון דעם אַנדערען און ברײַנגט דערצו, אַז יעדער פון זיי האָט צו טהון נאָר מיט אַ קליינעם קרײַז מענשען. זייערע השׂגות מוזען זײַן זעהר קליינע, און פראַגען, וועלכע האָבען אַנ'אַלגעמײַנע בעדײַטונג מעסטען זיי אויך מיט דער מאָס פון זייערע פּערזענלכע אָדער העכסטענס אָרטיגע אויגענבליקליכע בעדערפנישען. זייערע לעבענסבעדינגונגען ניט נאָר וואָס זיי שטערען דער ענטוויקלונג פון דער פּאַרלאַמענטאַרישע פּאָליטיקער צווישען זיי, נאָר זיי שטערען אויך, אַז דיזע קלאַסען זאָלען זיך צוזאַמענשליסען אין פעסטע נאַציאָנאַלע (ד. ה. אַזעלכע, וועלכע זאָלען אַרומנעהמען אַ גאַנצען קלאַס פון דער גאַנצער נאַציאָן) פּאַרטייען. זיי בעשטעהען פון פאַרנאַנדערגעטהיילטע מאַסען, אָבגעריסענע איינע פון די אַנדערע, וועלכע האָבען אין זינען נאָר די אינטערעסען פון דער מינוט; זיי זענען ניט נאָר ניט אים שטאַנד צו שיקען פון זייער אייגענעם קלאַס פּערטרעטער אין פּאַרלאַמענט, נאָר זיי זענען אויך ניט אים שטאַנד ווי

געהעריג צו קאנטראלירען די מענשען, וועלכע זיי קלייבען אויס. א בעל־מלאכה אדער גאר אן עכטער בויער איז אין א פארלאמענט א אויסנאמס־זאך. ווען די בויערען אדער די קליין־בורזשואזיע ווילען האבען אין פארלאמענט זייערע פארשטעהער, דאן קלייבען זיי אויס ניט א מענשען פון זייער גלייכען, נאר אן אדוואקאט אדער א פראפעסאר — ווען זיי זענען ליבעראל, א גרויסען ערד־בעזיצער, א גייסטליכען אדער א העכערען בעאמטען — ווען זיי זענען קאנסערוואטיוו. עס איז קלאר, אז אזא מין דעפוטאט קען ניט זיין דער ריכטיגער פארשטעהער פון די אינטערעסען פון די בעלי־מלאכות אדער בויערן, אפילו ווען ער זאל האבען די בעסטע כונה. אבער זעהר אפט איז ער גאר ניט אזא בעל־יושר — און איז ער שוין אין פארלאמענט — קען ער טהון וואס ער וויל; זיינע אויסקלייבער האבען קיין שום מיטלען ניט צו האבען אויף איהם א ווירקונג. זיי קענען העכסטענס אראבווארפען דעם פערדעטער ביי די קומענדיגע וואהלען, כדי אויסצוקלייבען אויף זיין ארט... אן אנדער פערדעטער.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואס די בויערן און די קליין־בורזשואזיע האלטען גאר ניט פון דעם פארלאמענטאריזמוס. גאנץ אנדערש איז דאס מיט דער בורזשואזיע. אין איהרע הענד געפינען זיך אלע מאטעריעלע און גייסטיגע מיטלען צו פערהיטען איהרע אינטערעסען סיי ביים וואהל־קאמפף, סיי ביים קאמפף אין פארלאמענט גופא — ניט נאר וואס זי קען זיך בענוצען מיט גרויסע געלד־מיטלען, נאר צווישען איהר געפינען זיך אויך א סך געבילדעטע מענער, וואס האבען א ידיעה אין דער וועלט, מענער, וועלכע זענען געוואהנט צו פיהרען גרויסע געזעלשאפטליכע ארגאניזאציאנען, מענער, פאר וועלכע די ידיעה אין געזעצען און אפילו דאס רעדען גופא איז א פראפעסיאן: אדוואקאטען און פראפעסארען. קיין אנדער קלאס האט זיך אין דעם פרט ביז אהער ניט געקענט פערגלייכען מיט דער בורזשואזיע; און דעריבער האט זי ביז דער לעצטער צייט געהערשט אין פארלאמענט. דער פארלאמענטאריזמוס האט זיך ארויסגעוויזען פאר א מיטעל, וועלכער פאסט אם בעסטען צו איהר עצם־כאראקטער, פאר דעם קרעפטיגסטען מיטעל צו זיכערען פאר איהר די הערשאפט אין דער מלוכה און אבצוגעבען אין איהר רשות די פאליטישע קראפט פון די אונטערשטע קלאסען.

דער ראדיקאלער קליין־בורזשוא, וועלכער וואלט העלען מאכען א תל פון דעם קאפיטאליזמוס, איז דעריבער קאפאבעל צו זעהען

אין דעם פארלאמענטאריזמוס די עיקר־סבה, וועלכע עס האלט אויף אייביג איין די קנעכטשאפט פון די אונטערשטע קלאסען. ער וויל פון פארלאמענטאריזמוס גאר ניט וויסען און איז איבערצייגט, אז נאר ווען מען וועט איהם אין גאנצען מבטל זיין, וועט מען קענען אראבווארפען דעם יאך פון דער בורזשואזיע. א טהייל פון זיי ווילען אין גאנצען פערביטען דעם פארלאמענט דורך די דירעקטע פאלקס־געזעצגעבונג; אנדערע געהען נאך ווייטער; אזוי ווי זיי זעהען, אז אין דער איצטיגער מלוכה איז פאליטיק אויפ׳ן שטארקסטען אופן פערבונדען מיט דעם פארלאמענטאריזמוס, זענען זיי איבערהויפט מחרים יעדע פאליטישע טהעטיגקייט. דאס מעג אויסווייזען אפילו זעהר רעוואלוציאנער, אין דער אמת׳ן בעדייט דאס אבער ניט קיין אנדער זאך, ווי די ערקלערונג פון פאליטישען באנקראט פון די אונטערשטע קלאסען.

דאס פראלעטאריאט געפינט זיך בנוגע צום פארלאמענטאריזמוס אין א בעסערער לאגע, איידער די בויערן און די קליין־בורזשואא. מיר האבען שוין געזעהען, ווי דער היינטיגער פראדוקציאנס־אופן הייבט אויף דעם פראלעטאריאט איבער די קליינע השגות פון די בעל־מלאכה, ווי ער וועקט אויף אין איהם דעם דארשט צו וויסען, צו פערשטעהען די גאנצע ארומיגע וועלט, די גרויסע פראגען, וועלכע האבען אנ׳אלגעמיינע בעדייטונג. שוין דורך דעם אליין ווערט ער א בעסערער פאליטיקער, איידער דער קליין־בורזשואא אדער דער בויער. איהם איז לייכטער צו פערשטעהען פארטיי־פרינציפען, ער איז מעהר גענייגט צו א פרינציפיעלער פאליטיק און לאזט זיך ניט פערבלענדען די אויגען דורך די געפיהלען פון דער איצטיגער רגע, דורך די פערזענליכע א׳ער ארטיגע אינטערעסען. די לעבענס־בעדינגונגען, אין וועלכע ער געפינט זיך, צווינגען איהם אבער אויך פון זיינע פיהרער, אקוראט ווי מען פאדערט איהר פון איהם. און די טהעטיגקייט פאר דער ענטוויקלונג פון די פראלעטאריער־ארגאניזאציאנען, ווי אויך די טהעטיגקייט אין זיי גופא, איז אנ׳אויסגעצייכענטע פארלאמענטארישע שוהלע; זי געוואהנט צו צו די פארלאמענטארישע פארמען, בילדעט רעדנער, מענשען וואס זענען גענים און ארגאניזאטארען.

דאס פראלעטאריאט איז דעריבער אים שטאנד— און ער האט דאס שוין בעוויזען, ווי מען קען דאס זעהען אין דייטשלאנד— צו בילדען אנ׳איינענע פארטיי, וועלכע איז אינאבהענגיג פון די איבעריגע קלאסען, וואס עס האט זיך ביז אהער ניט איינגעגעבען און וועט זיך שוין

מסתמא, ווײַטער אויך אין ערגעץ ניט אײַנגעגעבען ניט די בויערן און ניט די קלײַנ־בורזשואַ; ער ווײַס אויך זעהער גוט, ווי צו קאָנטראָלירען זײַנע פֿאָרשטעהער, אַז זיי זאָלען טרײַ דינען זײַנע אינטערעסען*). ער געפינט ענדליך צווישען זיך גופא אַלץ מעהר מענשען, וועלכע זענען פעהיג און פאַסען פאַר דער ראָלע פון דעפּוטאַטען אין פאַרלאַמענט.

װאו דאָס פּראָלעטאַריאַט נעהמט אַנ'אַנטהייל אַלס אַ זעלבסט־בעוואוסטער קלאַס אין דעם קאַמפּף פאַר דעם פאַרלאַמענט (דער עיקר אין דעם וואַהל־קאַמפּף) און אין פאַרלאַמענט גופא, דאָרטען הייבט זיך אויך אָן צו ענדערען דער עצם־כאַראַקטער פון דעם פריהערדיגען פאַרלאַמענטאַריזמוס. ער הערט אויף צו זײַן נאָר אַ הערשאַפטס־מיטעל פון דער בורזשואַזיע. גראַדע דיזער קאַמפּף ווײַזט זיך אַרויס אַלס דער מעכטיגסטער מיטעל אויפצומונטערען יענע פּראָלעטאַריער־שיכטען, וועלכע זענען נאָך געבליבען גלײַכגילטיג, אָנצוצינדען אין זיי בטחון און האָפנונג. ער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר דעם מעכטיגסטען מיטעל צו בעהעפטען וואָס ווײַטער אַלץ פעסטער די פערשידענע פּראָלעטאַריער־שיכטען אין איין אײַנהײַטליכען אַרבײַטער־קלאַס; ענדליך אויך פאַר דעם מעכטיגסטען פון אַלע מיטלען, וואָס געפינען זיך איצט בײַם פּראָלעטאַריאַט אין די הענד, צו ווירקען אויף דער מלוכה־מאַכט פון זײַן איינענער טובה־וועגען און אַרויסצורײַסען בײַ איהר אַלע יענע נאָכגעבונגען, וועלכע עס איז דערווײַלע איבערהויפּט מעגליך זיך פון איהר צו דערשלאָגען, לויט נאָך די עקזיסטירענדע בעדינגונגען. קורץ, דיזער קאַמפּף געהערט צו די מעכטיגסטע מיטלען אויפצוהייבען דעם פּראָלעטאַריאַט פון זײַן עקאָנאָמישער, געזעלשאַפטליכער ערנידערונג.

דער אַרבײַטער־קלאַס האָט דעריבער ניט נאָר קיין שום אורזאַ־

---

*) כדי דאָס אָבצולייקענען וועט מען אונז אָפשר אָנווייזען אויף די ענגלישע „ארבייטער־דעפּוטאַטען, וועלכע האָבען אַזוי אָפט אָבגענאַרט אין פּאַרלאַמענט דעם ענגלישען אַרבייטער־קלאַס. דיזע הערען האָבען אָבער זייער אויסקלייבונג אין פּאַרלאַמענט צו פֿערדאַנקען ניט דער ווירקונג פון דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס, נאָר דער ווירקונג פון דער אָבגעזונדערטער „אַרבייטער־אריסטאָקראַטיע”, וועלכע קוקט אויף'ן פּראָלעטאַריאַט מיט גדלות און וועלכע וויל זיך אויפהייבען איבער איהם. די הערען כראָהערסט און נאָך אַזעלכע האָבען אין פּאַרלאַמענט שטענדיג געהאַט אין זינען די אינטערעסען פון דיזער אַרבייטער־אַריסטאָקראַטיע.

בען ניט אויסצומיידען דעם פּאַרלאַמענטאַריזמוס, נאָר פּערקעהרט, צוליעב אַ סך טעמים מוז ער אומעטום ענערגיש אַרויסטרעטען דערפאַר, אַז דער פּאַרלאַמענט זאָל האָבען וואָס מעהר מאַכט אַנטקעגען דער רעגירונג, און אַז זיינע פּאָרשטעהער זאָלען האָבען וואָס מעהר מאַכט אין פּאַרלאַמענט. נעבען דעם קאָאַליציאָנס־רעכט און דער פּרעס־פרייהייט, איז דער אַלגעמיינער וואַהל־רעכט אַ לעבענס־בעדינגונג פאַר דער געהעריגער ענטוויקלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

## 10. די ארבייטער פּאַרטיי.

ניט אין אַלע לענדער האָט שוין דער אַרבייטער־קלאַס דיזע לעבענס־בעדינגונגען און כמעט אין קיין לאַנד איז ער אין דעם פּרט פּאָלשטענדיג ניט בעפריעדיגט. כמעט אומעטום ציעלט מען זיך וויעדער אָבצונעהמען, וואָס ער האָט שוין דערגרייכט. נאָר דורך אַ לאַנגען קאַמפּף, וואָס קאָסט פיעל קרבנות, קען זיך דער אַרבייטער־קלאַס דערשלאָגען צו די נויטיגע פּאָליטישע רעכטען און זיי איינהאַלטען.

אין די ערשטע צייטען פון זיין פּאָליטישען קאַמפּף ווערט אַנ'אַנדערש מאָל דעם פּראָלעטאַריאַט פערגרינגערט אויסצופיהרען זיין אויפגאַבע דורך דעם קאַמפּף, וואָס קומט פאָר צווישען די פערמעגענדע קלאַסען גופא. צווישען די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען, די סוחרים, די ערד־בעזיצער, די הויפ־אַריסטאָקראַטישע, אַבסאָלוטיסטישע קלאַסען און ז. וו. פערפיהרען זיך אָפט די גרעסטע מהלקות. ביי אַזעלכע אומשטאַנדען זוכט יעדער פון זיי פאַר זיך אַ שותף אין קאַמפּף, וועלכען ער בעמיהט זיך צוצוציהען אויף זיין צד דורך אַ קליינער נאָכגעבונג. אָפט בשעת מען קומט צו דער הלוקה נאָך דעם דערגרייכטען נצחון, נאַרט מען דעם שותף אין גאַנצען אָב, און ער בלייבט ביי גאָרנישט; פון דער אַנדערער זייט האָט אָבער אויך אָפט פּאַסירט, אַז אַ פּאָליטישע פּאַרטיי האָט געפונען פאַר נויטיג, צו געבען איינעם פון די ניעדעריגע קלאַסען וויכטיגע פּאָליטישע רעכטען, כדי ער זאָל דורך דעם ווערען אים שטאַנד זיי געהעריג אויסצוהעלפען דיזער פּאַרטיי אין איהר קאַמפּף. די הערשענדע פּאַרטייען האָבען זיך געטוג אָפט געווענדעט צום

פּראָלעטאַריאַט, זיי אַליין האָבען איהם אָפט אַרויסגעפיהרט אויפ'ן פעלד פון פּאָליטישען קאַמפף. כל זמן ער האָט נאָך ניט דערגרייכט צו אַ זעלבסטשטענדיגער פּאָליטיק, האָבען זיי איהם געהאַלטען בלויז פאַר אַ „שטים־בהמה", וועלכע מען קען אויסנוצען אַקוראַט ווי די בויערן און קליין־בורזשואַ, דערצו, אַז זיי זאָלען דיענען פאַר אַ כלי־זין אין די הענד פון זייערע אייגענע עקספּלואַטאַטאָרען. און אין אמת'ן, גאַנץ אָפט האָט טאַקי דאָס פּראָלעטאַריאַט דערצו געדיענט.

אָבער די אינטערעסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט און די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע זענען נאָך זייער עצם נאָך צו פיינדליך איינע צו די אַנדערע, אַז די פּאָליטישע שטרעבונגען פון די ביידע קלאַסען זאָלען זיך לאָזען פעראייניגען אויף אַ לאַנגע צייט. נעהמט דער אַרבייטער־קלאַס אַנ'אַנטהייל אין דער פּאָליטיק, מוז דאָס אין יעדער לאַנד מיט אַ קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן פריהער אָדער שפּעטער פיהרען דערצו, אַז ער זאָל זיך אָבטהיילען פון די בורזשואַזנע פּאַרטייען און בילדען אַ זעלבסטשטענדיגע פּאַרטיי — די אַרבייטער־פּאַרטיי. דאָס ליעגט אין דער טבע פון די איצטיגע געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען, און נאָך דעם, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען די אינטערעסען, שטרעבונגען און מיינונגען פון די ביידע קלאַסען, איז דאָס איבעריג ווייטער צו ערקלערען.

דער מאָמענט, ווען דאָס פּראָלעטאַריאַט פון אַ וועלכען עס איז לאַנד קומט דערצו צו מאַכען דיזען וויכטיגען טריט, צו צורייסען, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען, דעם נאַפּעלשנור, וועלכער פערקניפּט איהם פּאָליטיש מיט דער בורזשואַזנער געזעלשאַפט, אין וועמעס שויס ער איז אויסגעוואַקסען, דיזער מאָמענט הענגט אָב קודם כל פון דער מדרגה פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון דיזען לאַנד, דורך וועלכער עס ווערט הויפּטזעכליך בעשטימט די גרייס, די קראַפט און די געשלאָסענהייט פון פּראָלעטאַריאַט. זיכער עס זענען דאָ נאָך אַסך אַנדערע בעדינגונגען, וועלכע ווירקען אויף דעם פריהערען אָדער שפּעטערען אָנהייב פון דער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם אַרבייטער־קלאַס. בעזאָנדערס דאַרף מען דאָ דערמאָנען צוויי: ווי ווייט דער אַרבייטער־קלאַס פערשטעהט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעדינגונגען און ווי עס פערהאַלטען זיך צו איהם די בורזשואַזנע פּאַרטייען. ביידע בעדינגונגען זענען אין דייטשלאַנד ביז אַהער געווייזען בעזאָנדערס גוטע פאַר דער פּאָליטישער

אָבּטײַלונג פון די אַרבײַטער פון דער בורזשואַזיע, פיעל בעסער אײַ-
דער אין אַ װעלכער עס איז אַנדערער פון די גרױסע אינדוסטריעלע
מלוכות; אָט פאַר װאָס די דײַטשע אַרבײַטער-בעװעגונג שטעהט נאָך
איהר זעלבּסטשטענדיגקײַט און אונאַבּהענגיגקײַט פון די בורזשואַזנע
פּאַרטײַען פיעל העכער אײדער די אַרבײַטער-בעװעגונגען פון אַנדערע
לענדער.

אָבּער װי פערשיעדען עס זאָל אונטער דער װירקונג פון פער-
שיעדענע בעדינגונגען ניט זײַן דער מאָמענט, אין װעלכען די אַר-
בײַטער-בעװעגונג פון די אײנצעלנע לענדער, װאו עס הערשט דער
קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן, קריסטאַליזירט זיך אויס אין
אַ בעזונדערע אַרבײַטער-פּאַרטײַ — אין יעדערער פון דיזע לענדער
פיהרט די עקאָנאָמישע ענטװיקלונג דערצו מיט דער נויטװענדיגקײַט פון
אַ נאַטור-געזעץ.

יעדע פּאָליטישע פּאַרטײַ מוז זיך אָבּער שטעלען פאַר אַ ציעל,
צו דערגרײַכען די פּאָליטישע הערשאַפט, זי מוז שטרעבען דערצו,
אַז די מלוכה-מאַכט זאָל דיענען איהר, ד. ה., די אינטערעסען פון
דעם קלאַס, װעלכען זי שטעלט פאָר; זי מוז זיך ציעלען צו װערען
די הערשענדע פּאַרטײַ אין דער מלוכה. דערמיט, װאָס דער אַר-
בײַטער-קלאַס אָרגאַניזירט זיך אַלס אַ זעלבּסטשטענדיגע פּאַרטײַ,
שטעהט פאַר איהם נאַטור-נויטװענדיג דיזער ציעל, און אַקוראַט אַזוי
נאַטור-נויטװענדיג פיהרט די עקאָנאָמישע ענטװיקלונג צו דער דער-
גרײַכונג פון דיזען ציעל. אַקוראַט װי בײַ דער אָבּטײַלונג פון די אַר-
בײַטער פון די בורזשואַזנע פּאַרטײַען, הײַנגט אויך דאָ אָבּ די צײַט,
װען דאָס װעט פּאַסירען, ניט נאָר פון דער מדרגה פון דער אינ-
דוסטריעלער ענטװיקלונג פון לאַנד אַלײַן, נאָר דערבײַ װירקען אויך
אַ סך אַנדערע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע פערהעלטניסען.
אויך דער אופן, אויף װעלכען דאָס קומט פאָר, קען זײַן זעהר
פערשיעדען. אָבּער פאַר יעדערן, װער עס איז בעקאַנט מיט דער
עקאָנאָמישער און פּאָליטישער ענטװיקלונג פון דער הײַנטיגער גע-
זעלשאַפט, דער עיקר אין דעם משך פון לעצטען יאָהר-הונדערט,
איז קײן שום ספק ניט, אַז סוף כל סוף מוז דאָס פּראָ-
לעטאַריאַט נאַטור-נויטװענדיג מנצח זײַן. אין דער
צײַט װען דאָס פּראָלעטאַריאַט װערט אַלץ גרעסער, װען זײַן מאָראַ-
לישע און פּאָליטישע קראַפט האַלט אין שטענדיגען װאַקסען, װען

פאַר דער געזעלשאַפט ווערט ער עקאָנאָמיש אַלץ נויטיגער און נוי־
טיגער; אין דער צייט ווען דער קלאַסען־קאַמפּף ערציהט איהם צו
אַחדות און דיסציפּלין און פערברייטעט זיינע השׂגות; אין דער צייט
ווען זיינע אָרגאַניזאַציאָנען ווערען אַלץ גרעסער און געשלאָסענער;
אין דער צייט ווען ער ווערט אין דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־
אופן וואָס ווייטער אַלץ מעהר דער וויכטיגסטער און סוף כל סוף
דער איינציגער אַרבייטענדער קלאַס, פון וועמענס טהעטיגקייט עס
העננט אָב די גאַנצע געזעלשאַפט, — אין דער זעלבער צייט ווערען
די קלאַסען, וועלכע שטעהען פיינדליך צום פּראָלעטאַריאַט, אַלץ
קלענער נאָך זייער צאָהל, פערלירען פון טאָג צו טאָג פון זייער מאָ־
ראַלישער און פּאָליטישער קראַפט און ווערען ניט נאָר איבריג, נאָר
ביז צו אַ געוויסער גראַד אַ מניעה פאַר דעם ווייטערען גאַנג פון דער
פּראָדוקציאָן, וועלכער פערפלאָנטערט זיך אונטער זייער פיהרונג וואָס
ווייטער אַלץ מעהר אין שרעקליכע אונאָרדנונגען און ברייננט פאַר
דער געזעלשאַפט אַלץ אונערטרעגליכערע צושטאַנדען.

ווען מען בעטראַכט דאָס אַלץ, קען נאָר קיין ספק נישט בלייי־
בען, אויף וועמענס צד עס וועט סוף כל סוף אויספאַלען דער נצחון.
שוין פון לאַנג אָן האָבען די פערמעגענדע קלאַסען אָנגעהויבען צו
ציטערען פאַר זייער סוף, וועלכער עס ווערט אַלץ נעהענטער. זיי
ווילען פון זיך אַליין פערבאָרגען, אַז זיי שטעהען אין סכנות, זיי
בעמיהען זיך דאָס אָבצולייקענען און זיך מאַכען פרעהליך. זיי מאַכען
זיך בלינד, כדי ניט צו זעהען דעם תהום, צו וועלכען זיי ווערען אַלץ
נעהענטער, און בעמערקען ניט, אַז דורך דעם, וואָס זיי פערבלענדען
זיך אַליין די אויגען, פערניכערען זיי און מאַכען נאָך שרעקליכער
זייער מפּלה.

דאָס פּראָלעטאַריאַט, אַלס דער אונטערשטער פון די עקס־
פּלואַטירטע קלאַסען — דאָס לומפּען־פּראָלעטאַריאַט, ווערט ניט עקס־
פּלואַטירט, עס געהערט אַליין צו די פּאַראַזיטען — קען אָבער די הער־
שאַפט, צו וועלכער ער וועט זיך דערשלאָגען, ניט בענוצען, ווי אַנ־
דערע קלאַסען האָבען עס פריהער געטהון, אַזוי, אַז ער זאָל אַרויס־
וואַרפען דעם יאָך פון דער עקספּלואַטאַציאָן אויף אַנדערע פּליי־
צעס און מאַכען זיך אַליין פאַר אַן עקספּלואַטירענדען קלאַס. ער
מוז איהר בענוצען דערצו, צו מאַכען אַ סוף פון זיין עקספּלואַטאַציאָן
און דערמיט אָבער פון יעדער עקספּלואַטאַציאָן אין דער בורזשואַזנער

געזעלשאַפט. דער וואָרצעל פון זיין עקספּלואַטאַציאָן איז אָבער דער פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. דאָס פּראָלעטאַריאַט קען פערניכטען די עקספּלואַטאַציאָן נאָר דאַן, ווען ער וועט בטל מאַכען דעם פּריוואַט־אייגענטום. אויב דער אומשטאַנד, וואָס דאָס פּראָלעטאַריאַט האָט אַליין קיין אייגענס ניט, מאַכט עס פאַר מעגליך, אַז ער זאָל שטעהען פאַר דער אָבשאַפונג פון פּריוואַט־אייגענטום, צווינגט איהם אָבער זיין עקספּלואַטאַציאָן דורכצופיהרען דיזע אָבשאַפונג און איינצופיהרען אַנשטאָט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן — די גענאָסענשאַפטליכע.

מיר האָבען אָבער געזעהען, אַז די גענאָסענשאַפטליכע פּראָדוקציאָן קען ניט ווערען די אַלגעמיינע פּראָדוקציאָנס־פאָרם, כּל־זמן עס עקזיסטירט די סחורה־פּראָדוקציאָן. די גענאָסענשאַפטליכע פּראָדוקציאָן קען אַנדערש נישט פערנעהמען אין גאַנצען דעם אָרט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, ווען אין דער זעלבער צייט זאָל אַנשטאָט דער פּראָדוקציאָן פאַר'ן מאַרק — דער סחורה־פּראָדוקציאָן — ניט איינגעפיהרט ווערען די פּראָדוקציאָן פאַר דער געזעלשאַפט און אונטער דעם קאָנטראָל פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. דעם נצחון פון פּראָלעטאַריאַט מוז אַלזאָ נאַטור־נויטווענדיג בריינגען די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן. ווען דאָס פּראָלעטאַריאַט וואָלט בעוואוסטערהייט ניט בענוצען זיין הערשאַפט אין דער מלוכה, כּדי צו ווערען מיט דער הילף פון דער מלוכה־מאַכט דער בעל־דעה איבער די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, און איינצופיהרען אַנשטאָט דער קאַפּיטאַליסטישער סחורה־פּראָדוקציאָן די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן, וואָלט סוף כּל סוף די לאָגיקע פון לעבען אַליין בריינגען דערצו — אמת, אפשר ערשט נאָך פיעל בלאָנדזשעניש, טעות'ן און איבריגע קרבנות, נאָך דעם ווי עס וואָלט גע'פטר'ט געוואָרען פיעל קרעפטען און צייט. אָבער קומען וועט און מוז די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן. איהר נצחון איז אונפערמיידליך, ווי באַלד דער נצחון פון פּראָלעטאַריאַט איז אונפערמיידליך געוואָרען. דאָס פּראָלעטאַריאַט מוז זיך ציעלען אויסצונוצען זיין נצחון צו דער פערניכטונג פון זיין עקספּלואַטאַציאָן, און ער קען דיזען ציעל אַנדערש ניט דערגרייכען, ווי נאָר דורך דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן. די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענטוויקלונג אַליין בעשאַפט אין די גרויסע אונטערנעהמונגען, אין די קאַרטעלען, אין דער מלוכה־ווירטשאַפט דעם אויסגאַנגס־פּונקט

פֿאַר'ן סאָציאַליזמוס; און יעדעס מאָל, ווען דאָס פּראָלעטאַריאַט פֿון אַ װעלכער עס איז לאַנד װעט נאָך זײַן נצחון זיך פּרוּװען צו גײן אין אַן אַנדער ריכטונג, װעט זי דערצו נישט דערלאָזען, און אַזוי וועט ער סוף כל סוף אַלײן מוזען אַרויף אויפ'ן וועג פֿון סאָציאַליזמוס, אַפּילו ווען ער וועט פֿון אָנהײב שטעהען פֿײַנדליך צו איהם.

מען קען אָבער בשום אופן ניט ערוואַרטען, אַז דאָס פּראָלעטאַריאַט פֿון אַ װעלכער עס איז לאַנד זאָל אויף אַזוי פֿיעל אַראָב פֿון ריכטיגען וועג, ווען ער וועט דערגרײכען צו דער הערשאַפֿט. דאָס וואָלט אײנעטליך געהײסען, אַז ער איז אין זײַן בעוואוסטזײַן און זײַן וויסען געבליבען בײ'ם קינדערשען שכל, אין דער צײַט ווען עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און מאָראַליש איז ער אויף אַזוי פֿיעל אויסגעוואַקסען, אַז ער האָט די קראַפֿט און די פֿעהיגקײט בײַצוקומען זײַנע מעכטיגע שונאים און די צו צווינגען זיך אונטערצוגעבען אונטער זײַן רצון. אַזאַ אונגלײַכע ענטוויקלונג איז אָבער גראַדע בײ'ם פּראָלעטאַריאַט העכסט אונגלויבליך. מיר האָבען שוין אָפּט אויף דערויף אָנגעוויזען, ווי עס ענטוויקעלט זיך אַ דאַנק דער מאַשין און פּראָלעטאַריאַט, ווי נאָר ער הײבט זיך אויף פֿון דער ערנידערונג, אין װעלכער ער געפֿינט זיך פֿון אָנהײב, אַ טעאָרעטישען פֿערשטאַנד, אַ אינטערעס צו פֿראַגען און ציעלען, וואָס זענען העכער פֿאַר די אינטערעסען פֿון דער רגע, אַ אינטערעס, װעלכען מיר וואָלטען אומזיסט געזוכט בײַ די אַנדערע אַרבײטענדע און געשעפֿט-פֿיהרענדע קלאַסען, װעלכע זענען געווען פֿאַר איהם און װעלכע שטעהען איבער איהם. אין דער זעלבער צײַט קומט אָבער פֿאָר די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פֿון דער הײַנטיגער געזעלשאַפֿט אַזוי גיך און זי ווײַזט זיך אַרויס אין מאַסען ערשײַנונגען, װעלכע וואַרפֿען זיך אויף אַזוי שטאַרק אין די אויגען, אַז אַפּילו אַ ניט-געלערנטער מענש קען איהר אויך דערקענען, ווי באַלד מען האָט איהם נאָר אײנמאָל אויף דערויף אָנגעוויזען. און אָנגעוויזען האָט מען אויף דערויף גענוג, וואָרים אין דער אײגענער צײַט האָט מען אָנגעהויבען אָהן אַנ'ערך טיעפֿער און ברײטער צו פֿערשטעהן דעם גאַנג פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג און פֿון דעם גאַנצען ווירטשאַפֿטליכען מעכאַניזמוס, אַ דאַנק דעם, וואָס קאַרל מאַרקס האָט ווײַטער ענטוויקעלט די עקאָנאָמישע וויסענשאַפֿט, װעלכע די בורזשואַזנע קלאַסישע עקאָנאָמיע האָט אָנגעהויבען.

די גאַנצע ענטוויקלונג פֿיהרט דערצו, אַז דאָס קעמפֿפֿענדע

פּראָלעטאַריאַט זאָל גאָר גרינג פאַרשטעהען און איבערנעהמען די סאָציאַליסטישע לעהרען. דער סאָציאַליזמוס איז פאַר איהם ניט קיין שלעכטע בשורה, נאָר אַ פרעהליכע בשורה, אַ נייע תורה. די הערשענדע קלאַסען קענען דעם סאָציאַליזמוס ניט אָננעהמען, ווייל פאַר זיי וואָלט דאָס הייסען זיך אַליין מאָראַליש טייטען. דאָס פּראָלעטאַריאַט שעפּט פון איהם נייעם לעבען, נייע קרעפטען, בעגייסטערונג און האָפנונג. קען ער דען אויף לאַנג בלייבען צו אַזאַ לעהרע גלייכגילטיג, אָדער זיך אָבקעהרען פון איהר?

וואו עס קומט דערצו, אַז די אַרבייטער בילדען אַ זעלבסטשטענדיגע פּאַרטיי, אַן אַרבייטער־פּאַרטיי, דאָרטען מוז די נאַטור־נויטווענדיג פריהער אָדער שפּעטער אָננעהמען סאָציאַליסטישע טענדענצען, ווען זי האָט זיי פון אָנהויב אָן ניט געהאַט, דאָרטען מוז זי סוף כל סוף ווערען אַ סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי: אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

איצטער זעהען מיר קלאָר דעם בעשטימטען געביעט, פון וואַנען עס רעקרוטירט זיך הויפּטזעכליך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. קורץ גערעדט, איז דער רעזולטאַט פון אונזערע לעצטע בעטראַכטונגען אַזאַ: די קעמפפענדע שיכטען פון דעם אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט, די, וועלכע זענען דערגאַנגען צום פּאָליטישען זעלבסט־בעוואוסטזיין — דאָס זענען די טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. וואָס מעהר אָבער עס וואַקסט די ווירקונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אויף די געזעלשאַפטליכע שיכטען, וועלכע שטעהען נאָהענט צו איהם, וואָס מעהר ווירקונג עס האָט אויף זייערע געדאַנקען און געפיהלען, אַלץ מעהר ווערען זיי אויך אַריינגעצויגען אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג.

דער קלאַסען־קאַמפּף פון דעם פּראָלעטאַריאַט מוז זיך על פּי טבע שטעלען פאַר אַ ציעל די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן. ער קען זיך נישט ענדיגען, וואו ער וועט איהר ניט דערגרייכען, אַזוי ווי עס איז געוויס זיכער, אַז דאָס פּראָלעטאַריאַט מוז סוף כל סוף ווערען דער הערשענדער קלאַס אין דער מלוכה, אַזוי איז אויך זיכער דער נצחון פון סאָציאַליזמוס.

---

## 11. די אַרבייטערבעוועגונג און דער סאָציאַליזמוס.

די סאָציאַליסטען האָבען פריהער ניט פערשטאַנען די ראָלע, װעלכע עס איז בעשערט צו שפּיעלען דעם קעמפפענדען פּראָלעטאַריאַט אין דער סאָציאַליסטישער בעװעגונג. זיי האָבען עס נאַטירליך נישט געקענט בערשטעהן, כל־זמן עס איז ניט געװען קיין קעמפּפענדער פּראָלעטאַריאַט. דער סאָציאַליזמוס איז עלטער, איידער דער קלאַססענ־קאַמפּף פון דעם פּראָלעטאַריאַט. ער איז אויפגעקומען, באַלד װי דאָס פּראָלעטאַריאַט איז געװאָרען אַ גרויסע געזעלשאַפטליכע שיכט. אין דעם פּראָלעטאַריאַט איז אָבער אַ לאַנגע צייט ניט געװען קיין שום סמן פון אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען. דער ערשטער און דעמאָלט דער איינציגער קוואַל פון סאָציאַליזמוס איז געװען דער ר ח מ נ ו ת, װעלכען די פילאַנטראָפּען פון די העכערע קלאַססען האָבען געפיהלט צו די אָרעמע און עלענדע. די סאָציאַליסטען זענען געװען די ענערגישסטע און זייטזיכטיגסטע פון דיזע מענשען־פריינד; זיי האָבען קלערער איידער אַלע געזעהען, אַז דער װאָרצעל פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז דער פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, און זיי האָבען ניט מורא געהאַט אָפּען אַרויסצוזאָגען, װאָס עס דאַרף זיין דער פּועל־יוצא פון דיזען אמת, װעלכען זיי האָבען דערגאַנגען. דער סאָציאַליזמוס איז געװען דער טיעפסטער, גרויסאַרטיגסטער און מוטיגסטער אויסדרוק פון דער בורזשואַזנער פילאַנטראָפּיע. עס איז דעמאָלט ניט געװעזען קיין קלאַססענ־אינטערעס, אויף װעלכען די סאָציאַליסטען זאָלען קענען בויען דעם קאַמפּף פאַר זייערע ציעלען; זיי האָבען זיך געקענט װענדען נאָר צו די התלהבות און צו די געפיהלען פון רחמנות פון די אידיאַליסטען צװישען די העכערע קלאַססען. און זיי האָבען זיך געסטאַרעט זיי צוצוציהען אויף זייער צד ערשטענס, דורך פּראַכּטיגע בילדער פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, און צװייטענס דורך איבערצייגענדע בעשרייבונגען פון דעם עלענד, װאָס הערשט אויף דער װעלט. ניט קעמפּפען, נאָר מיט גוטען דאַרף מען איבער־ריידען די רייכע און מעכטיגע, אַז זיי זאָלען פערשאַפען די מיטלען צו דער גרינדליכער היילונג פון עלענד, צו דער איינפיהרונג פון דער אידעאַלער געזעלשאַפט. די סאָציאַליסטען פון דיזען משך האָבען,

ווי עס איז בעקאַנט, אומזיסט געוואַרט אויף די מיליאָנערען און פירסטען, האָפענדיג, אַז זייער גוטהערציגקײַט וועט ברײנגען אַ ישועה פאַר דער מענשהײַט.

אין די ערשטע צעהנדליגער יאָהרען פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט האָט מען בײַ דעם פּראָלעטאַריאַט געקענט בעמערקען אַ אָנהײב פון אַ זעלבסט־שטענדיגען לעבען. אין די דרײַסיגער יאָהרען געפינען מיר אין פראַנקרײַך און בעזונדערס אין ענגלאַנד אַ שטאַרקע אַרבײטער־בעוועגונג.

די סאָציאַליסטען האָבען דיזע בעוועגונג נישט פערשטאַנען. זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר אונמעגליך, אַז די אָרימע, אונוויסענדע און פערנרעבטע פּראָלעטאַריער זאָלען ווען עס איז קענען דערגרייכען אַזאַ הויכע מאָראַלישע מדרגה און אַזאַ געזעלשאַפטליכע מאַכט, וועלכע זענען נויטיג צו דער דורכפיהרונג פון די סאָציאַליסטישע ציעלען. אָבער ניט נאָר וואָס זיי האָבען ניט געהאַט קיין צוטרויען צו דער אַרבײטער־בעוועגונג, זי איז פאַר זיי אויך געוואָרען אונבעקוועם. שוין צוליעב דעם טעם, ווײַל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז די אַרבײטער־בעוועגונג זאָל ניט שאַטען דעם סאָציאַליזמוס. וואָרים די בורזשואַזנע סאָציאַליסטען האָבען נאָר דעמאָלט געקענט האָפען, אַז דער גוטהערציגער בורזשואַ וועט פערשטעהן די נויטיגקײַט פון דעם סאָציאַליזמוס, ווען עס וואָלט זיך זיי אײַנגעגעבען איהם צו בעווײַזען, אַז דאָס איז דער אײנציגער מיטעל צו פערקלענערען האָטש אויף ווי פיעל עס איז דעם עלענד, אַז יעדע אַנדערע סגולה אָבצושוואַכען דעם עלענד, אויפצוהײבען די אונפערמעגענדע אין דער הײַנטיגער געזעלשאַפט ברײנגט קיין שום פעולה ניט, און אַז די פּראָלעטאַריער זענען ניט אימשטאַנד זיך אויפצוהײבען מיט אײגענע קרעפטען. אָבער די כּללים, פאַר וועלכע עס האָט זיך געהאַלטען די אַרבײטער־בעוועגונג, זענען געוועזען פונקט דער היפּך פון דיזען געדאַנקען־גאַנג. דערצו איז צוגעקומען נאָך אַן אַנדער מאָמענט. דער קלאַסען־קאַמפּף צווישען פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע האָט, פערשטעהט זיך, אויפגערייצט די בורזשואַזיע געגען די קעמפפענדע פּראָלעטאַריער. אין די אויגען פון דעם בורזשואַ איז פון די פּראָלעטאַריער, אויף וועלכע עס איז כּדאַי געוועזען רחמנות צו האָבען, וועלכע מען האָט געמוזט אויסהעלפען, גאָר מיט אַמאָל געוואָרען אַן אויסגעלאַסענע, פונאַנדערגעלאָזענע חברה, וועלכע מען האָט געמוזט דערשטיקען און האַלטען

אין צוים. דער הויפט־וואָרצעל פון סאָציאַליזמוס אין די בורזשואַזנע קרייזען, דער רחמנות אויף די עלענדע און אָרימע, האָט אָנגעהויבען איינצודאַרען. די סאָציאַליסטישע לעהרען גופא האָבען שוין פאַר דער דערשראָקענער בורזשואַזיע ניט אויסגעוויזען ווי אַ קינדער־שפיעל, נאָר ווי אַ העכסט געפעהרליכער כלי־זין, וועלכער עס איז אַריינגעפאַלען אין די הענד פון המון, און וועלכער האָט דורך דעם געקענט אָנטהון די שרעקליכע צרות. קורץ, וואָס שטאַרקער עס איז אויסגעוואַקסען די אַרבייטער־בעוועגונג, אַלץ שווערער איז געוואָרען צו פיהרען די סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע צווישען די הערשענדע קלאַסען, אַלץ אַ גרעסערע שנאה האָבען זיי אָנגעהויבען אַרויסצוווייזען צום סאָציאַליזמוס.

כל־זמן די סאָציאַליסטען האָבען גערעכענט, אַז נאָר די העכערע קלאַסען קענען פערשאַפען די מיטלען צו דערגרייכען די סאָציאַליסטישע צילען, האָבען זיי געמוזט ניט נאָר וועניג וואָס האַלטען פון דער אַרבייטער־בעוועגונג, נאָר אָפט אַפילו טראָגען צו איהר די שטאַרקסטע שנאה, זיי האָבען געמוזט קומען צו דער מיינונג, אַז קיין זאַך שאַדט ניט אַזוי דעם סאָציאַליזמוס, ווי דער קלאַסען־קאַמפף.

דער אומשטאַנד, וואָס די בורזשואַזנע סאָציאַליסטען האָבען זיך אָבגעקעהרט פון דער אַרבייטער־בעוועגונג, האָט, פערשטעהט זיך, געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דעם פערהעלטעניש פון דער אַרבייטער־בעוועגונג צום סאָציאַליזמוס. ווען דער שטרייטענדער טייל פון פראָלעטאַריאַט האָט אין זיין קאַמפף ניט נאָר ניט געפונען קיין שום שטיצע ביי דיזע סאָציאַליסטען, נאָר ער האָט נאָך, פערקעהרט, ניכער געזעהען פון זייער זייט אַ ווידער־שטאַנד, ווען זייערע לעהרען האָבען זיך איינגענטליך געציעלט אָבצושוואַכען זיין מוט אָנשטאָט צו פערגרעסערען זיין בעגייסטערונג, דאַן האָט זיך אין פראָלעטאַריאַט געמוזט איינוואָרצלען אַ ניט־צוטרוי און שנאה צו די סאָציאַליסטישע לעהרען בכלל, ניט נאָר צו זייער אָנווענדונג אויף דעם טעגליכען קאַמפף. דערצו האָט נאָך געהאָלפען די אונגעבילדעטקייט און געדאַנקען־פוסטקייט וועלכע עס האָבען געהערשט אויך אין די מאַסען פון דעם קעמפפענדען פראָלעטאַריאַט אין אָנהייב פון דער אַרבייטער־בעוועגונג, צוליעב זייערע קליינע השגות איז זיי שווער געווען צו בעגרייפען, דעם ענדע־ציעל פון דעם סאָציאַליזמוס. און, אַ חוץ דעם, האָט זיי נאָך געפעהלט אַ טיעפער און קלאָרער בע־

וואוּקסטזײַן פוּן דער געזעלשאַפטליכער לאַגע און פון די אויפגאַבען פון זייער קלאַס; זיי האָבען געהאַט נאָר אַנ'אוּנבעוואוּסטען קלאַסען־אינסטינקט, וועלכער עס האָט זיי געלערנט קיין שום זאַך ניט צו געטרויען, וועלכע עס האָט געשטאַמט פון דער בורזשואַזיע, אַלזאָ אויך דעם דאַמאָלסדיגען סאָציאַליזמוס, ווי דער בורזשואַזנער פילאַנטראָפיע בכלל.

אַנדערע אַרבייטער־שיכטען, בעזונדערס פון ענגלאַנד, האָבען דעמאָלט פערלאָרען אויף אַ לאַנגע צײַט דעם גאַנצען צוטרוי צום סאָציאַליזמוס. דערמיט ערקלערט זיך ביז צו אַ געוויסען גראַד (עס זענען דאָ פיעל אַנדערע אורזאַכען), פאַר וואָס די ענגלישע אַרבייטער זענען אַזוי גוט ווי גאַנץ גלייכגילטיג צו די סאָציאַליסטישע ציעלען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער נײַערער סאָציאַליזמוס קוקט אויף דער אַרבייטער־בעוועגונג גאָר אַנדערש, איידער דער סאָציאַליזמוס פון די בורזשואַזנע אוטאָפּיסטען.

אָבער פונדעסטוועגען, ווי גרויס עס איז צײַטענווייז ניט געוואָרען דער תהום צווישען דעם קעמפפענדען פּראָלעטאַריאַט און דעם סאָציאַליזמוס, פאַסט דאָך דער סאָציאַליזמוס אויף אַזוי פיעל צו די בעדערפנישען פון דעם טיעפער דענקענדען פּראָלעטאַריער, אַז אַפילו דאָרטען, וואו די מאַסען האָבען אַרויסגעטרעטען פײַנדליך געגען דעם סאָציאַליזמוס, האָבען זיך אויך די בעסטע קעפּ פון דעם אַרבייטער־קלאַס מיט השק געווענדט צו איהם, ווי ווײַט זיי האָבען נאָר געהאַט די געלעגענהײַט בעקאַנט צו ווערען מיט זײַנע לעהרען. דורך זייער ווירקונג האָבען זיך די מיינונגען פון די בורזשואַזנע סאָציאַליסטען אויף זעהר אַ סך געענדערט; זיי האָבען ניט געדאַרפט, ווי דיזע סאָציאַליסטען, שאַנעווען די בורזשואַזנע, וועלכע זיי האָבען געהאַסט און מיט וועלכער זיי האָבען געפיהרט אַ ביטערען קאַמפף; דער פריעדליכער סאָציאַליזמוס פון די בורזשואַזנע אוטאָפּיסטען, וועלכער עס האָט געהאָפט צו ברייננגען אַ ישועה פאַר דער מענשהײַט דורך דעם, וואָס וועלען זיך אַרײַנמישען די בעסטע עלעמענטען פון די העכערע קלאַסען, איז אַריבער געגאַנגען בײַ די אַרבייטער אין אַ געוואַלטהעטיגען „רעוואָלוציאָנערען" סאָציאַליזמוס, וועלכער האָט געדאַרפט דורכגעפיהרט ווערען מיט דער הילף פון די פּראָלעטאַריער־פויסטען.

אָבער אויך דיזער עלעמענטאַר־קראַפטיגער (סטיכיגער) אַרבייטער־סאָציאַליזמוס האָט ניט פערשטאַנען די בעדייטונג פון דער

אַרבּייטער־בּעוועגונג; ער האָט זיך אויך פּיינדליך געהאַלטען צום קלאַסען־קאַמפּף, לכל הפּחות, צו זיין העכסטער פאָרם — צו דער פּאָליטישער. עס פערשטעהט זיך, צוליעב אַנדערע טעמים, ווי די בּורזשואַזנע אוטאָפּיסטען. וויסענשאַפטליך איז איהם אונמעגליך געוועזען אַריבּערצושטייגען איבּער דעם אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזמוס. דער פּראָלעטאַריער קען אין בּעסטען פאַל דערגרייכען נאָר אַ טהייל פון די וויסענשאַפטליכע ידיעות, צו וועלכע די בּורזשואַזנע געלעהרטע זענען דערגאַנגען, און איבּעראַרבּייטען דיזע ידיעות לויט נאָך זיינע צוועקען און בּעדערפניסען, אָבּער עס פעהלען איהם — כל זמן ער בּלייבּט אַ פּראָלעטאַריער — די פריינע צייט און די מיטלען זעלבּסטשטענדיג אויפצוהייבּען די וויסענשאַפט אויף אַ העכערע מדרגה, איידער די, צו וועלכער די בּורזשואַזנע דענקער האָבּען דערגרייכט. אַזוי האָט אויך דער עלעמענטאַר־קראַפטיגער אַרבּייטער־סאָציאַליזמוס געמוזט האָבּען אין זיך אַלע וויכטיגסטע סמנים פון דעם אוטאָפּיזמוס: ער האָט קיין שום פאָרשטעלונג ניט געהאַט פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, וועלכע עס בּעשאַפט די מאַטעריעלע עלעמענטען פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציאָן, און וועלכע ער ערציהט און ענטוויקעלט דורך דעם קלאַסען־קאַמפּף יענעם קלאַס, וועלכען עס איז בּעשערט איינצונעהמען דיזע מאַטעריעלע עלעמענטען און צו ענטוויקלען פון זיי אַ נייע געזעלשאַפט. אַקוראַט ווי די בּורזשואַזנע אוטאָפּיסטען, אַזוי האָבּען אויך דיזע פּראָלעטאַריער גערעכענט, אַז אַ געזעלשאַפטליכע פאָרם איז אַ בּנין, וועלכען מען קען אויפבּויען ווי מען וויל נאָך אַ בּעשטימטען פון פריהער אויס־גערעכענטען פּלאַן, ווען מען האָט נאָר דעם פּלאַץ און די מיטלען דערצו. און די אַקוראַט אַזוי מוטהיגע און ענערגישע ווי נאַאיווע פּראָ־לעטאַרישע אוטאָפּיסטען האָבּען זיך שוין פערלאָזען אויף זיך, אַז זיי האָבּען די קרעפטען אויף אויפצובּויען דעם בּנין, דער עיקר איז געוועזען זיי נאָר צו פערשאַפען דעם נויטיגען פּלאַץ און די נויטיגע מיטלען; זיי האָבּען נאַטירליך ניט געוואַרט אויף אַ מיליאָנער אָדער אַ פירשט, וועלכער זאָל זיי דאָס אַלץ פערשאַפען; די רעוואָלוציאָן האָט געדאַרפט ליפערען אַלע מאַטעריאַלען, וועלכע עס זענען געווען נויטיג צום נייען בּנין. זי האָט געדאַרפט פאַרנאַנדערוואַרפען דעם אַלטען בּנין. האָט געדאַרפט צושמעטערען די אַלטע געזעלשאַפטליכע קרעפטען און איבּערגעבּען דעם ענטדעקער, אָדער דער קליינער גרופּע ענטדע־קער, וועלכע עס האָבּען אויסגעקלערט דעם פּלאַן פאַר דעם נייען בּנין, —

די דיקטאַטור, דורך וועלכע דער נייַער משיח האָט געדאַרפט בעקומען די מעגליכקייַט אויפצוריכטען דעם בנין פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אין דיזען געדאַנקען־גאַנג איז פאַר'ן קלאַסען־קאַמפף קיין אָרט ניט געבליבען. די פראָלעטאַרישע אוטאָפּיסטען האָבען צו ביטער גע־פיהלט דעם עלענד, אין וועלכען זיי האָבען געלעבט, אַז זיי זאָלען ניט אונגעדולדיג וועלען איהם פערניכטען אויפ'ן שטעל. אַפילו, ווען זיי וואָלטען געהאַלטען פאַר מעגליך, אַז דער קלאַסען־קאַמפף זאָל זיין אים שטאַנד ביסלעכווייַז אויפצוהייבען דעם פראָלעטאַריאַט און איהם פעהיג צו מאַכען ווייטער צו ענטוויקלען די געזעלשאַפט, וואָלטען זיי אויך גערעכענט, אַז דאָס איז צו אַ לאַנגע געשיכטע. זיי האָבען אָבער נאָר ניט געגלויבט אין דיזער אויפהייבונג. זיי האָבען געלעבט אין דער צייַט, ווען די אַרבייטער־בעוועגונג האָט זיך ערשט נאָר וואָס אָנגעהויבען; די שיכטען פון פראָלעטאַריאַט, וועלכע האָבען אין איהר גענומען אַנטהייל, זענען געווען קליין, און צווישען דיזע וועניגע קעמפפענדע פראָלעטאַריער האָבען זיך געפונען נאָר אייַנצעלנע מענשען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט גרעסערע ציעלען, איידער די בעשיצונג פון די אינטערעסען פון דער איצטיגער מינוט. עס האָט זיך געדוכט, אַז עס איז קיין האָפנונג ניטאָ, צוצוציהען די גרויסע מאַסען פון דער בעפעל־קערונג צום סאָציאַליזמוס. די אייַנציגע זאַך, וואָס מען האָט גע־קענט וואַרטען פון דיזער מאַסע, איז געווען נאָר דאָס, אַז איהר ביטערע לאַגע וועט איהר טרייַבען צו אַ מרידה, אין וועלכער זי וועט צושטערען די עקסיסטירענדע אָרדנונג און דורך דעם עפענען אַ פרייען וועג פאַר די סאָציאַליסטען. וואָס ערגער עס איז געגאַנגען דער מאַסע, אַלץ ניכער האָט געמוזט קומען דער מאָמענט — אַזוי האָבען גערעכענט די עלעמענטאַר־קראַפטיגע אַרבייַטער־סאָציאַליסטען — ווען איהר לאַגע וועט ווערען פאַר איהר אַזוי אונערטרעגליך, אַז זי וועט הרוב מאַכען דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען בנין, וועלכער עס דערשטיקט איהר. פיהרען אַ קאַמפף, כּדי ביסלעכווייַז אויפצוהייבען דעם אַרבייַטער־קלאַס, דאָס איז געווען נאָך דער מיינונג פון דיזע סאָציאַליסטען ניט נאָר אַ קאַלטע סגולה, נאָר אויך פּשוט שעדליך, ווייַל די קליינע פערבעסערונגען, צו וועלכע מען קען זיך דורך אַזאַ קאַמפף אויף אַ קורצער ווייַלע דער־שלאָגען, מאַכט ערטרעגליכער די עקסיסטירענדע אָרדנונג פאַר די מאַסען און ציהט אָב דורך דעם דעם מאָמענט פון זייער אויפשטאַנד און

פון דער מפלה פון דער עקסיסטירענדער אָרדנונג, און דערמיט אָבער אויך דעם מאָמענט, ווען מען וועט אין גאַנצען אויסגעלייזט ווערען פון דעם עלענד. יעדע פאָרם פון קלאַסענקאַמפף, וועלכע האָט ניט געשטרעבט אין גאַנצען און באַלד אויפ'ן שטעל חרוב צו מאַכען די עקסיסטירענדע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, דאָס הייסט אַלזאָ יעדע ערנסטע און ווירקליך ווירקענדע פאָרם פון קלאַסען-קאַמפף, האָט אין די אויגען פון דיזע סאָציאַליסטען געהייסען — *פערקויפען די אינטערעסען פון דער מענשהייט*.

עס איז שוין מעהר ווי אַ האַלבער יאָהר-הונדערט, זינט דיזער געדאַנקענגאַנג, וועלכען *ווייטלינג* האָט אויסגעדריקט אין דער גאונ'ישסטער פאָרם, איז אויפגעקומען צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט. ער איז נאָך הײַנט אויך ניט אויסגעשטאָרבען. צו איהם איז גענייגט יעדע פּראָלעטאַריער-שיכט, וועלכע הייבט ערשט אָן צוזושטעהען צו דער מהנה פון דעם קעמפפענדען פּראָלעטאַריאַט. ער בעווייזט זיך אין יעדער לאַנד, אין וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט הייבט ערשט אָן צו פערשטעהען זיין שפל'דיגע און אונערטרעגליכע לאַגע און זיך אָנצוזאַפּען מיט סאָציאַליסטישע שטרעבונגען ניט האָבענדיג קיין קלאָרען בעגריף וועגען די געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען, קיין צוטרוי צו זיינע איינענע קרעפטען אויף צו פיהרען אַ ענערגישען קלאַסען-קאַמפף. און אַזוי ווי שטענדיג הייבען זיך אויף אַלץ נייע פּראָלעטאַריער-שיכטען פון דעם זומפּ, אין וועלכען עס שטופּט זיי אַראָב די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג און אַזוי ווי דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן פערנעהמט שטענדיג אַלץ נייע לענדער, וועלכע עס ווערען פּראָלעטאַריזירט, קען דיזער געדאַנקען-גאַנג פון די עלעמענטאַר-קראַפטיגע אוטאָפּיסטישע אַרבייטער-סאָציאַליסטען, שטענדיג ווידער פון דאָס ניי אַרויס-שווימען. ער איז אַ קינדער-קראַנקהייט, וועלכע עס קען אויף זיך האָבען יעדע יונגע פּראָלעטאַריש-סאָציאַליסטישע בעוועגונג, וואָס האָט נאָך ניט איבערגעוואַקסען דעם אוטאָפּיזמוס.

דיזען מין סאָציאַליסטישע מיינונגען רופט מען איצטער — *אַנאַרכיזמוס*, ער מוז אָבער ניט זיין דוקא פערבונדען מיט איהם. אַזוי ווי ער שטאַמט ניט פון אַ קלאָרען פערשטאַנד, נאָר פון אַ אינסטינקטיווער שנאה צו דער עקסיסטירענדער אָרדנונג, קען מען איהם צונויפפאָרען מיט די פערשידענסטע טהעאָרעטישע שטאַנד-פונקטען. פונדעסטוועגען קען מען אין דער לעצטער צייט בעמערקען נאָר אַ בע-

זונדערע קרובת'שאַפט צווישען דעם אונבעוואוסטען און געוואַלט-טהעטיגען סאָציאַליזמוס פון די נאַאיווע פּראָלעטאַריער און דעם לייכט-פיהלענדען, סאַנטימענטאַלען און פריעדליכען אַנאַרכיזמוס פון דעם אויסגעאיידעלטען קליין-בורזשואַ; דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס ניט קוקענדיג אויף אַלע טיעפע אונטערשיידען צווישען זיי, געהען זיי זיך דאָך צונויף אין איין פּונקט: אין דער פערמיאוסונג, נאָך מעהר, אין דער שׂנאה צו דעם איינגעשפּאַרטען קלאַסען-קאַמפף און בעזאָנדערס צו זיין העכסטער פאָרם — צום פּאָליטישען קאַמפף.

אַקוראַט אַזוי וועניג ווי דער בורזשואַזנער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזמוס האָט אויך דער פּראָלעטאַרישער ניט געקענט גובר זיין דעם היפך צווישען סאָציאַליזמוס און אַרבייטער-בעוועגונג. אמת, אַני-אַנדערש מאָל זענען די פּראָלעטאַרישע אוטאָפּיסטען דורך די אַרומיגע בעדינגונגען געצוואונגען געווען צו נעהמען אַנ'אַנטהייל אין דעם קלאַסען-קאַמפף; אָבער אַזוי ווי זייער סאָציאַליזמוס איז אויף קיין טהעאָרעטישען יסוד ניט געשטאַנען, האָט דיזער אַנטהייל אין דעם קלאַסען-קאַמפף ניט געפיהרט סוף כל סוף צו דער פערבינדונג פון דעם סאָציאַליזמוס מיט דער אַרבייטער-בעוועגונג, נאָר ער פלעגט זיי נאָר בריינגען דערצו, אַז זיי פלעגען זיך אָבקעהרען פון דעם סאָציאַליזמוס צוליעב דער אַרבייטער-בעוועגונג. עס איז בעקאַנט, אַז די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג (ווען מיר זאָלען דאָ אונטער דיזען וואָרט פערשטעהען דעם פּראָלעטאַרישען אוטאָפּיזמוס) האָט זיך אומעטום, וואו זי איז געוואָרען אַ מאַסען-בעוועגונג, אַ ווירקליכער קלאַסען-קאַמפף, פריהער אָדער שפּעטער שטענדיג געענדיגט, ניט קוקענדיג אויף איהר כלומר'שדיגען ראַדיקאַליזמוס, מיט דער שטרעבונג צו צעכאָווער נאָר פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג.

## 12. די סאָציאַלדעמאָקראַטיע — די פעראייניגונג פון אַרבייטער בעוועגונג און סאָציאַליזמוס.

כדי עס זאָל ווערען אַ שלום צווישען דער סאָציאַליסטישער און דער אַרבייטער-בעוועגונג, און כדי זיי זאָלען זיך צונויפגיסען אין איין איינהייטליכער בעוועגונג, האָט מען דעם סאָציאַליזמוס געמוזט

אויפהייבען איבער דער אוטאָפּיסטישער געדאַנקען־וועלט. די דורכפיהרונג פון דיזער אויפגאַבע בילדעט דעם היסטאָרישען פערדיענסט פון קאַרל מאַרקס און פריעדריך ענגעלס, וועלכע האָבען אין 1847 יאָהר אין זייער „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ אויפגעבויט די וויסענשאַפטליכע יסודות פון דעם נייעם, איצטיגען סאָציאַליזמוס, אָדער ווי מען זאָגט היינט, פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. זיי האָבען דערמיט דעם סאָציאַליזמוס אַוועקגעשטעלט אויף אַ פעסטען יסוד, פון אַ שיינעם חלום פון עטליכע גוטהאַרציגע פאַנטאַזיאָרען, ווי ער איז געווען ביז אַהער, האָבען זיי איהם איבערגעמאַכט אין אַנ'ערענסטען קאַמפף־ציעל און האָבען בעוויזען, אַז ער איז אַ נאַטור־נויטווענדיגער רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. דעם קעמפפענדען פּראָלעטאַריאַט אָבער האָבען זיי פערשאַפט אַ קלאָרען בעוואוסטזיין פון זיינע היסטאָרישע אויפגאַבען און האָבען איהם געבראַכט אין דער לאַגע ווי וויים מעגליך געשווינד און מיט לפי ערך ווענין קרבנות צו געהען צו זיין גרויסען ציעל. די סאָציאַליסטען האָבען איצטער שוין מעהר ניט די אויפגאַבע אויסצוקלערען נאָך דער אייגענער פאַנטאַזיע די נייע געזעלשאַפט, זיי דאַרפען נאָר ענטדעקען איהרע עלעמענטען אין דער עקסיסטירענדער געזעלשאַפט. זיי דאַרפען איצט שוין מעהר ניט בריינגען דעם פּראָלעטאַריאַט פון אויבען די ישועה פון זיין עלענד זיי דאַרפען נאָר אונטער־שטיצען זיין קלאַסען־קאַמפּף דורך די פערמעהרונג פון זיין פערשטאַנד און די פערשטאַרקונג פון זיינע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען, כדי ער זאָל גיכער און מיט ווענינער שמערצען דערגרייכען צו דער צייט, ווען ער וועט זיין אים שטאַנד זיך אַליין צו בעפרייען. מאַכען דעם קלאַסען־קאַמפּף פון דעם פּראָלעטאַריאַט ווי ווייט מעגליך ציעל־בעוואוסט און צוועקמעסיג — דאָס איז די אויפגאַבע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דאָ איז ניט נויטיג וויטער צו ערקלערען דעם געדאַנקען־גאַנג פון מאַרקסעס און ענגעלסעס לעהרע, וואָרום דיזער גאַנצער בוך איז אויף זייער לעהרע געבויט. אין איהם האָבען מיר נאָר איבערגעגעבען און ענטוויקעלט זייער געדאַנקען־גאַנג.

דער קלאַסען־קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט בעקומט דורך דיזע לעהרע אַ נייעם כאַראַקטער. כל זמן ער שטעלט זיך ניט פאַר אַ בעוואוסטען ציעל די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן, כל זמן די שטרעבונגען פון דעם קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט געהען ניט אַריבער די גרענעצען

פון דעם עקסיסטערענדען פראָדוקציאָנס־אופן — בעװעגט זיך דער קלאַסען־קאַמפף, װי עס דוכט זיך, אין אַ קרײַז, אַקוראַט װי אַ װעװערקע אין ראָד, און רוקט זיך אײן טריט ניט װײַטער, און דער ראַנגלען פון פראָלעטאַריאַט פאַר אַ בעסערע לאַגע װײַזט אויס װי אַ סיזיפוס־אַרבײט. װאָרים די אַראָבדריקענדע טענדענצען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פראָדוקציאָנס־אופן װערען ניט פערניכטעט דורך דעם קלאַסען־קאַמפף און דורך די פערבעסערונגען, װעלכע ער ברײנגט, אין בעסטען פאַל װערען זײ נאָר עטװאָס אָבגעשװאַכט. אָהן אַנ׳אויפהער געהט די פראָלעטאַריזירונג פון די מיטעלע שיכטען פון דער געזעלשאַפט; אָהן אַנ׳אויפהער װערען אײנצעלנע מיטגליעדער אין גאַנצע שיכטען פון די אַרבײטענדע קלאַסען אַרײנגעשלײדערט אין לומפּען־פראָלעטאַריאַט; אָהן אַנ׳אויפהער האַלט די יאָגעניש פון די קאַפּיטאַליסטען נאָך ריוה אין סכנות אַלע פערבעסערונגען, צו װעלכע די בעסערגעשטעלטע אַרבײטער האָבען זיך דערשלאָגען. יעדע פערקירצונג פון דער אַרבײטס־צײַט, צו װעלכער די אַרבײטער דערשלאָגען זיך, סײַ דורכ׳ן עקאָנאָמישען, סײַ דורכ׳ן פּאָליטישען קאַמפף, רופט אַרויס די אײנפיהרונג פון מאַשינען, װעלכע פערשפּאָרען אַרבײט, רופט אַרויס אַ שטאַרקערע אָנשטרענגונג פון די אַרבײטער; אויף יעדער פערבעסערונג פון די פראָלעטאַריער־אָרגאַניזאַציאָנען ענטפערען די קאַפּיטאַליסטען מיט אַ פערבעסערונג פון זײערע אָרגאַניזאַציאָנען א. ז. װ. און דערבײַ װאַקסט די אַרבײטס־לאָזיגקײַט, די קריזיסען װערען אַלץ טיעפער און ברײטער, און די אונזיכערהײַט פון יעדערען עקסיסטענץ װערט אַלץ גרעסער און שמערצליכער. די אויפהײבונג פון אַרבײטער־קלאַס, װעלכע עס ברײנגט מיט דער קלאַסען־קאַמפף, איז מעהר אַ מאָראַלישע, אײדער אַן׳עקאָנאָמישע. די עקאָנאָמישע לאַגע פון פראָלעטאַריער בכלל פערבעסערט זיך דורך דעם קלאַסען־קאַמפף און זײנע נצחונות זעהר װעניג און לאַנגזאַם — אויב זי פערבעסערט זיך איבערהויפּט. דערפאַר אָבער װערען די פראָלעטאַריער אַלץ העכער אין זײערע אויגען און אין די אויגען פון די אַנדערע געזעלשאַפטליכע קלאַסען. זײ הײבען זיך אָן צו פיהלען גלײַך מיט די, װעלכע פערנעהמען דעם אויבען־אָן אין דער געזעלשאַפט; זײ הײבען אָן צו פערגלײַכען זײער גורל מיט׳ן גורל פון די העכערע קלאַסען; זײ הײבען אָן צו פערלאַנגען מעהרער פון זיך, פון זײער װאָהנונג און קלײדונג, פון זײער בילדונג, פון דער ערציהונג פון זײערע קינדער א.

ז. וו., זיי פערלאַנגען צו האָבען אַ חלק אין אַלין, צו וואָס די איצטיגע קולטור איז דערגאַנגען. און זיי הייבען אָן אַלץ שטאַרקער צו פיהלען יעדע ערניעדערונג און אונטערדריקונג.

דיזע מאָראַלישע אויפהייבונג פון פראָלעטאַריאַט בעדייטעט די אויפוואַכונג און דעם שטענדיגען וואוקס פון זיין „זעלבסטשטענדיגקייט". און זי וואַקסט פיעל גיכער, איידער עס קענען זיך פערמעהרען די פערבע־סערונגען פון זיין עקאָנאָמישער לאַגע, וועלכע זענען מעגליך ביי די היינטיגע בעדינגונגען פון דער עקספּלואַטאַציאָן. דיזע אַלע פערבע־סערונגען, פון וועלכע אייניגע האָפען און אַנדערע האָבען פערקעהרט מורא, אַז זיי וועלען צופריעדען שטעלען די אַרבייטער, מוזען אַלע מאָל אָבשטעהען פון די פאָדערונגען פון פראָלעטאַריאַט, וועלכע וואַקסען נאַטור־נויטווענדיג אַרויס פון זיין מאָראַלישער אויפהייבונג. דער קלאַסען־קאַמפף קען דעריבער שטענדיג נאָר פערגרעסערען די אונצו־פריעדענהייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט מיט זיין גורל; אַ אונצופריע־דענהייט, וועלכע פיהלט זיך נאַטירליך שטאַרקער ווי אומעטום דאָר־טען, וואו די עקאָנאָמישע אויפהייבונג פון פּראָלעטאַריאַט שטעהט אָב מעהר ווי אומעטום פון זיין מאָראַלישער אויפהייבונג, וועלכע מען קען אָבער אין ערגעץ ניט אָבהאַלטען אויף אַ לאַנגע צייט. און אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז דער קלאַסען־קאַמפף, האָט קיין שום צוועק ניט און ברייננט קיין שום פעולה ניט, ווען ער שטעלט זיך ניט אַזעלכע צילען, וועלכע עס געהען אַריבער די גרענעצען פון דעם עקזיסטי־רענדען פּראָדוקציאָנס־אופן. וואָס העכער ער הייבט אויף דעם פּראָלע־טאַריער, אַלץ מעהר זעהט דער פּראָלעטאַריער, ווי ווייט ער איז פון ציעל פון זיינע שטרעבונגען: דערגרייכען אַ רעכטען לעבען, וועלכער זאָל שטימען מיט זיינע מיינונגען וועגען מענשענווערדע.

ערשט די כאַציאַליסטישע פּראָדוקציאָן קען פערניכטען דעם היפך צווישען די פאָדערונגען פון די אַרבייטער און די מיטלען צו זייער בעפריעדיגונג דורך דעם, וואָס זי וועט מבטל זיין די עקספּלואַטאַציאָן און דעם קלאַסען־אונטערשייד; זי וועט דערמיט פערניכטען יענע שטאַר־קע סבה פון דעם אַרבייטערס אונצופריעדענהייט מיט זיין גורל, וועלכע עס רופט אַרויס דער ביישפּיעל פון דעם לוקסוס פון די עקספּלואַטאַ־טאָרען. איז דיזע סבה בטל געוואָרען, דאַן וועלען די פאָדערונגען פון די אַרבייטער במילא ניט אַריבערשטייגען די מיטלען, וועלכע עס וועלען עקזיסטירען פאַר דער בעפריעדיגונג פון זיינע בעדערפנישען. ווי

שטאַרק די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן וועט פּערמעהרען דיזע מיט־לען — דאָס האָבען מיר שוין געזעהען.

דיזע שטענדיגע אונצופרידענהייט, די „זשעדנעקייט" איז נאָר ניט בעקאַנט אין די קאָמוניסטישע געזעלשאַפטען. פּערקעהרט אָבער מוז זי על פּי טבע אויסוואַקסען פון דעם קלאַסען־היפּך און פון דער עקספּלואַטאַציאָן, דאָרטען, וואו די עקספּלואַטירטע פיהלען זיך מאָ־ראַליש גלייך אָדער נאָך העכער, איידער די עקספּלואַטאָרען. ווען אַן עקספּלואַטירטער קלאַס איז שוין איין מאָל אַזוי ווייט דערגאַנגען, דאַן וועט שוין זיין „זשעדנעקייט" ניט איינגעשטילט ווערען, ביז ער וועט ניט מאַכען אַ סוף פון זיין עקספּלואַטאַציאָן.

אויף אַזאַ אופן זעהען מיר, אַז כל־זמן דער קלאַסען־קאַמפף פון פּראָלעטאַריאַט איז געשטאַנען פיינדליך צום סאָציאַליזמוס, כל־זמן ער האָט זיך ניט געשטעלט קיין אַנדער ציעל, ווי נאָר צו דער־גרייכען פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט דורך פערבעסערונגען אין דער איצטי־גער געזעלשאַפט אַזאַ לאַגע, מיט וועלכער ער זאָל זיין צופרידען, איז נאָר אונמעגליך געווען, אַז ער זאָל קומען צו זיין ציעל. עס איז געווען אַ מעשה אָהן אַ סוף. נאָר אַנדערש איז עס געוואָרען, זייט די סאָציאַליסטישע בעוועגונג האָט זיך פערייניגט מיט דער אַרביי־טער־בעוועגונג: איצטער האָט די אַרבייטער־בעוועגונג אַ ציעל, צו וועל־כען זי קומט אַליין נעהענטער, איצטער בעקומען אַלע זייטען פון קלאַ־סענקאַמפף אַ בעדייטונג, אַפילו אויך יענע, וועלכע ברייננגען ניט די־רעקט קיין פּראַקטישען נוצען, אויב זיי פערגרעסערען נאָר דעם זעלבסט־בעוואוסטזיין און די בעדייטונג פון פּראָלעטאַריאַט, פערשטאַרקען אין איהם דעם געפיהל פון אַחדות און זיין דיסציפּלין. איצטער איז יעדער קאַמפף, וועלכען מען האָט אַפילו, דאַכט זיך, פערלאָרען — אַ נצחון; יעדער פערלאָרענער סטרייק, יעדער פּראָיעקט פון אַ געזעץ, וועלכער ס'האָט געזאָלט פערהיטען די אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט, אַפילו ווען ער איז ניט דורכגעגאַנגען, ברייננגט אונז איצטער אויך אַליין נע־העטער צום גרויסען ציעל, — זיך צו דערשלאָגען צו לעבענס־בעדינ־גונגען, וואָס זאָלען פּאַסען פאַר דער מענשליכער ווערדע. פון איצטער אָן קענען מיר זעהען, אַז אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע תקנות, וועל־כע האָבען אַ שייכות צום פּראָלעטאַריאַט, ברייננגען איהם אַ טובה — זיי מעגען אין זיך האָבען טענדענצען, וואָס זאָלען זיין צו איהם פיינדליך אָדער פריינדליך, זיי מעגען זיך איינגעבען אָדער ניט — אויף ווי פיעל

זיי פירהרען נאָר צו זייַן אויפגעקוקונג, צו זייַן מאָראַלישער אויפהייבונג; פון איצטער אָן איז דער קאָמפּפענדער פּראָלעטאַריאַט מעהר שוין ניט גלייך צו אַנאַרמעע, וועלכע עס ריהרט זיך ניט פון אָרט, און וועלכע עס האַלט איין מיט גרויס מאַטערניש און דורך פיעל קרבנות די לאַגע, צו וועלכער זי האָט זיך פריהער דערשלאָגען; איצטער וועט ביסלעכוויז אויך דעם קורצזיכטיגסטען מענשען קלאָר ווערען, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז אַנ׳איינגעהמער, וועלכען מען קען בשום אופן ניט גובר זיין, אַז קיין זאַך קען ניט אָבהאַלטען זיין נצחון.

## 13. דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע.

דער נייער, פון מ אַ ר ק ס און ע נ ג ע ל ס בעגרינדעטער סאָציאַליזמוס, שטאַמט פון ד ײַ ט ש ל אַ נ ד. זיינע ביידע בעגרינדער זענען געווען דײַטשען, דײַטשען זענען געווען זייערע ערשטע תלמידים, די ערשטע ביכער אין וועלכע עס איז איבערגעגעבען געוואָרען זייער לעהרע, זענען אַרויס אויף דײַטש. שוין דאָס אַליין ערקלערט — הגם דאָס איז בשום אופן ניט די איינציגע אורזאַכע — פאַר וואָס אין ד ײַ ט ש לאַ נ ד האָט זיך די אַרבייטער־בעוועגונג פריהער ווי אומעטום פעראייניגט מיט׳ן סאָציאַליזמוס, פאַר וואָס אין ד ײַ ט ש ל אַ נ ד האָט זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פריהער ווי אומעטום איינגעוואָרצעלט — אונטער ד ײַ ט ש ל אַ נ ד דאַרף מען דאָ פערשטעהן ניט די דײַטשע מדינה, נאָר יעדער געביעט, וואו עס וואָהנען אַ היבשע צאָהל אַרבייטער, וועלכע רעדען אויף דײַטש.

אָבער די פערברייטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אויף ד ײַ ט ש ל אַ נ ד אַליין ניט געבליבען שטעהן. די בעגרינדער פון דעם איצטיגען סאָציאַליזמוס האָבען פון אָנהייב אָן דערקענט דעם אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער, וועלכען די היינטיגע אַרבייטער־בעוועגונג שטרעבט אָנצונעהמען, און האָבען זיך דעריבער פון אָנהייב אָן געסטאַרעט צו געבען זייער פּראָפּאַגאַנדע אַנ׳אינטערנאַציאָנאַלען יסוד.

דער אינטערנאַציאָנאַלער פערקעהר איז בטבע פערבונדען מיט

דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. די ענטוויקלונג פון די־זען פּראָדוקציאָנס־אופן פון דער איינפאַכער סחורה־פּראָדוקציאָן איז דורך און דורך פערבונדען מיט דער ענטוויקלונג פון דעם וועלט־מסחר. דער וועלט מסחר איז אָבער אַנדערש ניט מעגליך, וואו די איינצעלנע נאַציאָנען זאָלען ניט לעבען בשלום איינע מיט די אַנדערע; כדי ער זאָל זיך פאָלשטענדיג ענטוויקלען איז נויטיג, אַז דער פרעמ־דער סוחר זאָל אין דעם לאַנד, וואו ער האַנדעלט, אויך אַזוי גע־שיצט ווערען ווי אין דעם איינענעם. די ענטוויקלונג פון דעם וועלט־מסחר האָט אָבער אויך אויפגעהויבען דעם סוחר אויף אַ סך אַ העכערע מדרגה אין דער געזעלשאַפט. זיין אַרט דענקען הייבט אָן שטאַרק צו ווירקען אויף דעם אַרט דענקען פון דער געזעלשאַפט אי־בערהויפּט. דער סוחר איז אָבער קיינמאָל ניט געזעסען אויף איין אָרט. זיין כלל איז פון לאַנג אָן געוועזען: ubi bene, ibi patria, וואו עס גערט מיר גוט, וואו איך קען בעקומען ריוח, דאָרטען איז מיין פאַטערלאַנד.

אין דעם זעלבען ערך, אין וועלכען עס פערברייטערען זיך דער וועלט־מסחר און דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, ענט־וויקלען זיך אַלזאָ אויך אין דער בורזשואַזנער געזעלשאַפט קאָסמאָ־פּאָליטישע טענדענצען, דער פערלאַנגען, אַז צווישען די נאַציאָנען זאָל זיין אַן אייביגער שלום, אַז די פעלקער זאָלען ווערען ברידער.

אָבער דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן בעשאַפט די וואונדערליכסטע הפכים; אַזוי ווי ער האָט אין זיך גלייכצייטיג טענ־דענצען צו פערמעהרען די גלייכהייט און די אונגלייכהייט, אַראָבצודרי־קען דעם פּראָלעטאַריאַט ביז צו דער טיעפסטער פערדאָרבענהייט און אויפצוהייבען איהם ביז ער זאָל ווערען דער הערשענדער קלאַס אין דער געזעלשאַפט, צו פערשאַפען דעם איינצעלנעם מענשען די פאָל־שטענדיגע פרייהייט און צו מאַכען איהם פאַר אַ קנעכט, אַזוי גערט אויך האַנד אין האַנד מיט דער טענדענץ צו פערברידערען די פעל־קער, די טענדענץ צו פערשאַרפען און פערשטאַרקען די נאַציאָנאַלע געגענזאַצען. פאַר'ן פערקעהר איז נויטיג דער שלום, אָבער די קאָנ־קורענץ רופט אַרויס די מלחמה. אַקוראַט ווי אין יעדער לאַנד קומט פאָר אַ אייביגע מלחמה צווישען די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען און צווישען די פערשידענע קלאַסען, אַזוי האַלטען אויך שטענדיג צווישען זיך מלחמה די איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען און די קאַפּיטאַליסטען־קלאַ־

סען פון פערשיעדענע נאַציאָנען. יעדע נאַציאָן זוכט צו פערברייטערן דעם מאַרק פאַר איהרע פּראָדוקטען און צו פעריאָגען פון איהם די איבעריגע נאַציאָנען. וואָס מעהר עס איז ענטוויקעלט דער וועלט-פער־קעהר, וואָס נויטיגער עס איז דער שלום אויף דער וועלט, אַלץ ווילדער איז די קאָנקורענץ-קאַמפּף, אַלץ גרעסער איז די סכנה פון פיינדליכע סכסוכים צווישען די איינצעלנע נאַציאָנען. וואָס גרעסער עס איז דער אינטערנאַציאָנאַלער פערקעהר, אַלץ שטאַרקער איז די שטרעבונג צו נאַציאָנאַלע אָבגעזונדערטקייט. וואָס נויטיגער מען דאַרף שלום, אַלץ נעהענטער הייגגט איבער'ן האַלז די סכנה פון מלחמה. דיזע אין פלוג גאָר משונה'דיגע הפכים שטימען דורכאויס מיט דעם כאַראַקטער פון קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן. זיי געפינען זיך שוין פערבאָרגענערהייט נאָך אין דער איינפאַכער סחורה-פּראָדוקציאָן, אָבער ערשט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן ענטוויקעלט זיי ביז צום העכסטען גראַד און מאַכט זיי אונערטרעגליך. דאָס, וואָס ער פערשטאַרקט די טענדענצען צו מלחמות אין דעם זעלבען ערך, אין וועלכען ער מאַכט פאַר נויטיג דעם שלום — דאָס איז נאָר איינער פון די פיעלע הפכים, וועלכע מוזען איהם ברייגגען צו זיין מפּלה.

דאָס פּראָלעטאַריאַט נעהמט ניט קיין שום אַנטייל אין דעם פערהעלטניש, וועלכער איז פול מיט הפכים, און אין וועלכען עס פאַלען אריין, אַ דאַנק די הפכים פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוק־ציאָנס-אופן, אַלע איבעריגע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. וואָס מעהר ער ענטוויקעלט זיך און ווערט אַ זעלבסטשטענדיגער קלאַס, אַלץ קלאָ־רער קען מען זעהען די ערשיינונג, אַז פון יעדערע צוויי פונקט פער־קעהרטע טענדענצען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן בעריהרט איהם נאָר איינע פון זיי, די אַנדערע ווירקט אויף איהם וואָס ווייטער, אַלץ ווייניגער. אַזוי בעשאַפט צ. ב. דער היינטיגער פּראָדוקציאָנס-אופן גלייכצייטיג אי די טענדענץ צו פעראייניגען די פּראָ־דוצענטען אין גרויסע בינדען, אַז זיי זאָלען ווירקען צוזאַמען, אי די טענדענץ צום בלוטיגען קאַמפּף פון אַלע (פּראָדוצענטען) נעגען אַלע. אין דעם פּראָלעטאַריאַט הערט אויף צו ווירקען די צווייטע טענדענץ. אָנשטאָט דעם היפך צווישען מאַנאָפּאָל און קאָנקורענץ, וועל־כער עס עסט אויף און צושפּאַלט די בורזשואַזיע, זעהען מיר דאָ וואָס ווייטער, אַלץ מעהר נאָר די ווירקונג פון דער ערשטער טענדענץ, וועלכע פיהרט צו דער פערשטאַרקונג פון דער פּראָלעטאַרישער אַה־

דות. אַ נאַטירליכער רעזולטאַט פון דיזער „אײנזאַמקײט" איז אויך דאָס, וואָס אויף די פּראָלעטאַריער פון פערשידענע קולטור־לענדער ווירקט וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער נאָר די טענדענץ צו דער פעסטער אינטערנאַציאָנאַלער פעראײניגונג, אין דער צײַט ווען די טענדענץ צו נאַציאָנאַלער אָבגעזונדערטקײַט און נאַציאָנאַלען קאַמפּף פערליִרט יעדע ווירקונג אויף זיי.

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן האָט דורך דעם, וואָס ער האָט דעם אַרבײטער אָבגעשלאָגען פון אײגענס, צוריסען די קייטען, וועלכע עס האָבען איהם פריהער צוגעבונדען צו אַ בעשטימטען אָרט. ער האָט מעהר ניט קײן שטענדיגע הײם און דעריבער אויך קײן שטענדיג פאָטערלאַנד. אַקוראַט ווי דער סוחר, אַזוי האָט ער אויך איבערגענומען דעם כלל: ubi bene, ibi patria, וואו איך געפין די בעסטע אַרבײטס־בעדינגונגען, דאָרטען איז מײַן פאָטערלאַנד. שוין די האַנדווערקס־געזעלען האָבען אָנגעהויבען אַ סך צו וואַנדערן איבער פרעמדע לענדער און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען דער אָנהײב פון אַ אינטערנאַציאָנאַלער פערבינדונג, אויף וועלכער מיר האָבען שוין אָנגעוויזען. אָבער וואָס זענען יענע וואַנדערונגען אין פערגלײַך צו די איצטיגע, וועלכע די ענטוויקלונג פון דעם הײַנטיגען פערקעהר מאַכט מעגליך! און דער האַנדווערקס־געזעל איז אַרומגעפאָהרען, האָבענדיג בדעה זיך אומצוקעהרען אַ הײם, דער איצטיגער פּראָלעטאַריער לאָזט זיך אין וועג מיט ווײַב און קינד, כדי צו בלײַבען דאָרטען, וואו ער קען דערגרײכען די בעסטע אַרבײטס־בעדינגונגען. ער איז ניט קײן רײַזענדער, ער איז אַ אײביגער נע־ונד'ניק.

אַקוראַט ווי דער פּראָלעטאַריער, זוכט אויך דער סוחר, לכל הפחות, דער, וואָס האָט צו טהון מיט דעם וועלט־מסחר, צו ווערען אונאַבהענגיג פון אַ וועלכען עס איז בעשטימטען אָרט און זיך צו בעזעטצען דאָרטען, וואו ער קען אַם בעסטען פיהרען זענע געשעפטען. אָבער ער פערליִרט ניט דורך דעם די פערבינדונג מיט זײַן פאָטערלאַנד, ווארום זײַן אָנגעזעהענקײַט אין אויסלאַנד, זײַן לאַגע, די מעגליכקײַט צו מאַכען געשעפטען אונגעשטערט אין אַרײַנצונאַרען זײַנע פרעמדע הבריִם אין זאַק, דאָס אַלץ ווענדט זיך זעהר פיעל אָן דער מאַכט און בעדײַטונג פון דער מלוכה, צו וועלכער ער געהערט, וועלכע עס בעשיצט איהם. דער סוחר, וואָס לעבט אין אויסלאַנד, בלײַבט אַלזאָ אַ נאַציאָנאַליסט; על פּי כלל זענען דיזע לײַט די גרעסטע אַתּה־בחרתנו'קעס

(שאָווינִסטען); זיי פֿיהלען גיכער ווי אַלע, וואָס פֿאַר אַ בעדייטונג עס האָט די מאַכט פֿון זייער פֿאָטערלאַנד פֿאַר זייער געלד-בייטעל.

אַנדערש איז מיט דעם פּראָלעטאַריער. ביי זיך אין לאַנד איז ער אויך ניט זעהר צופֿריעדען געוואָרען, אַז די מלוכה זאָל בעשיצען זיינע אינטערעסען. אין אויסלאַנד, לכל־הפּחות אין די קולטור־לענדער, דאַרף ער געוועהנליך אויך ניט דעם שוטץ פֿון זיין פֿאָטערלאַנד. פֿערקעהרט, ווען ער זוכט אויס אַ פֿרעמדע לאַנד, קלויבט ער דאָס רוב אויס אַזאַ, אין וועלכען די געזעטצען און די רעגירונג פֿערהיטען מעהר דעם אַרבייטערס אינטערעסען, איידער זיין פֿאָטערלאַנד. און זיינע נייע מיטאַרבייטער זענען גאָר ניט פֿעראינטערעסירט אין דעם, אַז די געזעטצען זאָלען איהם ניט פֿערהיטען אין דעם פֿאַל, ווען דאָס איז פֿאַר איהם מעהר ווי אַלע מאָל נויטיג, ד. ה. געגען זיין עקספּלואַטאַטאָר; פֿערקעהרט, גיכער דאַרפֿען זיי צוליעב זייערע אינטערעסען זאָרגען דערפֿאַר, אַז עס זאָל וואַקסען זיין פֿעהיגקייט ביישטעהען אַנטקעגען זיין עקספּלואַטאַטאָר.

דער איצטיגער פּראָלעטאַריער ווערט אויף אַזאַ אופֿן אָבגעריסען פֿון אַ יעדען עס איז בעשטימטען אָרט גאָר אויף אַ׳ן אַנדער אופֿן, איידער דער אַרומפֿאָהרענדער האַנדווערקס־געזעל פֿון דער צעכען־צייט אָדער דער סוחר. ער ווערט אַ׳ן אמת׳ער וועלט־בירגער, די גאַנצע וועלט איז זיין פֿאָטערלאַנד.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז פֿון דיזען קאָסמאָפּאָליטיזמוס לאָזט זיך אויס אַ רעה און אַ׳ן אַנדערש מאָל אפֿילו אַ סכנה פֿאַר די אַרבייטער פֿון יענע לענדער, אין וועלכע עס עקסיסטירען העכערע לעבענסבעדערפֿנישען און בעסערע אַרבייטס־בעדינגונגען און אין וועלכע עס פֿאָהרען צוליעב דעם אַריין פֿיעל מעהר אַרבייטער, איידער עס פֿאָהרען פֿון דאָרטען אַרויס. וואָרום מען קען ניט אָבלייקענען, אַז די קאָנקורענץ פֿון די אַריינגעפֿאָהרענע אַרבייטער, וועלכע האָבען נידעריגערע בעדערפֿנישען און זענען מעהר אונטערטהעניג, שטערט דעם קלאַסען־קאַמפּף פֿון דיזע העכער־שטעהענדע אַרבייטער.

ביי געוויסע אומשטאַנדען קען דיזע קאָנקורענץ, אַקוראַט ווי די קאַפּיטאַליסטען פֿון פֿערשיעדענע נאַציאָנען, פֿערשאַרפֿען דעם נאַציאָנאַלען געגענזאַטץ, די נאַציאָנאַלע שנאה פֿון היימישע אַרבייטער צו די אַריינגעפֿאָהרענע פֿרעמדע. אָבער דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף,

וועלכער איז צווישען דער בורזשואזיע א שטענדיגע ערשיינונג, קען צווישען די פראלעטאריער לאנג ניט געדויערן.

וואָרום פריהער אָדער שפּעטער מוזען זיי קומען צום שׂכל,— דורך דער ביטערער ערפאהרונג, אָדער ווי עס איז אנדערש — אז דאָס אריינפאָהרען פון וועלוועלערע ארבייטס־קרעפטען פון די עקאָנאָמיש אָבגעשטאנענע לענדער אין די העכער ענטוויקעלטע געגענדען איז אקוראט אזוי פעסט פערבונדען מיט דעם עצם־ כאראקטער פון קאפּיטאליסטישען פראָדוקציאָנס־אופן, ווי די איינפיהרונג פון מאשינען און די קאָנקורענץ פון פרויען־ארבייט אין דער אינדוסטריע, און אז עס איז אקוראט אזוי ווענינ מעגליך דאָס צו פערניכטען ווי די מאשינען און פרויען־ארבייט.

נאָך אויף אַ'ן אנדער אופן ווערט געשעדיגט די ארבייטער־בעװעגונג פון א מעהר ענטוויקעלטען לאנד דורך דעם, וואָס די ארבייטער פון די פרעמדע לענדער זענען אָבגעשטאנען אין זייער ענטוויקלונג; דער גראד פון דער עקספּלואטאציאָן אויף וועלכען דיזע ארבייטער ווערען מרוצה, איז פאר די קאפּיטאליסטען פון די מעהר ענטוויקעלטע לענדער א גוטער אויסרייד, און אַ'ן אנדערש מאָל טאקי א אמת'ער גרונד, צו קעמפּפען דורך דער געזעטצגעבונג אָדער דורך'ן „פרייען" אָבמאך נעגען די בעשטרעבונגען פון די ארבייטער צו פערבעסערען זייערע ארבייטס־בעדינגונגען.

אויף דעם, צי אויף יענעם אופן — אָבער פאר די ארבייטער, וועלכע בלייבען אין אייגענעם לאנד, ווערט קלאר, ווי אָבהענגיג עס זענען די פאָרטשריטען פון זייער קלאסען־קאמפּף פון די פאָרטשריטען פון דעם ארבייטער־קלאס אין אנדערע לענדער. זיי מענען אויף א קורצער צייט טראָגען דערפאר א שׂנאה צו די אויסלענדישע ארבייטער, סוף כל סוף הייבען זיי אָבער דאָך אָן צו פערשטעהן, אז ס'איז פאראן נאָר איין ווירקענדער מיטעל צו פערניכטען די שטערונגען, וועלכע עס ברענגט זיי די אָבגעשטאנענע ארבייטער־בעװעגונג אין אויסלאנד: פּערניכטען די דאָזיגע אָבגעשטאנענקייט גופא. די דייטשע ארבייטער האָבען געטהון אורזאכען צו פערלאנגען און אויך צו טהון וואָס נאָר זיי קענען, אז די סלאווישע און איטאליענישע ארבייטער זאָלען זיך דערשלאָגען אין דער פרעמד, ווי אויך ביי זיך אין לאנד, העכערע שׂכירות און קירצערע ארבייטס־צייט; פּונקט אזוי זענען אויך

פערא̇ינטערעסירט די ענגלישע ארבייטער, אז די דייטשע און אנ־דערע ארבייטער זאָלען זיך דערשלאָגען צו בעסערע ארבייטס־בע־דינגונגען, די אמעריקאנישע זענען פערא̇ינטערעסירט אין דעם וואָל־בען בנוגע צו אלע אייראָפּעאישע ארבייטער אין אלגעמיין.

די שטארקע אָבהענגיגקייט, אין וועלכער עס געפינט זיך דער קלאַסען־קאַמפף פון פראָלעטאריאט אין א וועלכען עס איז לאנד פון דעם קלאַסען־קאַמפף אין די אנדערע לענדער, פיהרט נאטירליך צו דער פעסטער צוזאַמענבינדונג פון די קעמפפענדע פראָלעטאריער־שיכטען פון די פערשידענע לענדער.

אלץ מעהרער פערשווינדען די רעשטען פון דער נאַציאָ־נאלער אָבזונדערונג און נאַציאָנאלער שנאה, וועלכע דאָס פּראָלע־טאריאט האָט איבערגענומען ביי דער בורזשואזיע, אלץ מעהר בע־פרייט ער זיך פון דעם „אתה בחרתנו״, אלץ מעהרער געוועהנט זיך דער ארבייטער צו זעהן און צו שעצען אין דעם פרעמדען אר־בייטס־גענאָסע -- אויף וועלכער שפּראַך ער זאָל ניט רעדען — א חבר אין זיין קאַמפף.

די שטארקסטע אינטערנאציאָנאלע אחדות מוז זיך נאטיר־ליך ענטוויקלען צווישען יענע פּראָלעטאריער־שיכטען פון די פער־שידענע נאַציאָנען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט די זעלבע ציעלען און וועלכע זוכען זיי צו דערגרייכען מיט די זעלבע מיטלען.

די מחברים פון דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט האָבען פון אנהויב אָן פערשטאַנען, ווי נויטיג עס איז די אינטערנאציאָנאלע צוזאַמענבינדונג פון דעם פּראָלעטאריאטס קלאַסען־קאַמפף, כדי זיין ציעל, קראַפט און גרויס זאָלען ניט בלייבען שטעהן אין די ענגע ד׳ אמות. דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט ווענדעט זיך צו די "פּראָ־לעטאריער פון אלע לענדער" און ענדיגט זיך מיט דעם אויפרוף: „פערא̇ייניגט אייך!" און די אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט אָנגענומען די פּרינציפּען פון מאַניפעסט און אין וועלכערס נאָמען זיי האָבען איהם אַרויסגעלאָזען, איז אויך געוועזען אַן אינטער־נאַציאָנאלע, דער „בונד פון די קאָמוניסטען".

די דערשטיקונג פון די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען פון 1848 און 1849 יאָהרען האָט געמאַכט א סוף פון דעם דאָזיגען בונד. אָבער ווי נאָר די ארבייטער־בעוועגונג האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אויפצוהאַפּען אין אָנהויב פון די זעכציגער יאָהרען, איז זיך ווידער

אויפגעקומען אין דער „אינטערנאציאָנאלער אַרבייטער־אַסאָציאַציאָן“ (געגרינדעט אין 1864 יאָהר), וואו מארקס איז ווידער געוואָרען דער בעלעבענדער גייסט. זי האָט געהאַט די אויפגאַבע ניט נאָר אויפצווועקען אין די פּראָלעטאַריער פון די פערשידענע לענדער דאָס געפיהל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַחדות, נאָר אויך זיי צו געבען אַנ'אַלגעמיינעם ציעל און זיי צו פיהרען צו איהם מיט דעם זעלבען וועג. די ערשטע אויפגאַבע האָט זי גוט אויסגעפיהרט, איבער דער צווייטער איז זי צו'ם טייל אונטערגעגאַנגען. די „אינטערנאַציאָנאַלע“ האָט געזאָלט אין אַלע לענדער דורכפיהרען די פערייניגונג פון דעם קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט מיט דעם איצטיגען סאָציאַליזמוס. זי האָט ערקלערט, אַז די בעפרייאונג פון די אַרבייטענדע קלאַסען קען דערגרייכט ווערען נאָר דורך זיי אַליין; אַז די פּאָליטישע בעוועגונג איז בלויז נאָר אַ הילפס־מיטעל צו דעם דאָזיגען ציעל, אַז די בעפרייאונג פונ'ם פּראָלעטאַריאַט איז אונמעגליך, כל זמן ער איז אָבהענגיג פון די מאָנאָפּאָליסטען פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וועלכע זענען דער קוואַל פון לעבען. קעגען די דאָזיגע הויפּט־פּרינציפּען האָט זיך אין דער „אינטערנאַציאָנאַלע“ אויפגעהויבען אַנ'אָפּאָזיציאָן, וועלכע איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער, וואָס קלערער ס'איז געוואָרען, אַז זייער רעזולטאַט איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אַלע אָנהענגער פון דעם בורזשואַזנעם, קליין־בורזשואַזנעם און עלעמענטאַר־פּראָלעטאַרישען אוטאָפּיזמוס, וועלכע זענען געוועזען לפי ערך זעהר פערברייטערט מיט 30, 20 יאָהר צוריק, ווי אויך די פאַרשטעהער פון דער נאָר־פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג מיט די צעהאָוועס אינטערעסען פון אַנאַרביטער־אַריסטאָקראַטיע, האָבען זיך אָבגעשפּאָלטען פון דער „אינטערנאַציאָנאַלע“, באַלד ווי זיי האָבען בעמערקט, צו וואָס זי ציעלט זיך. דער אונטערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע (אין יאָהר 1871) און די רדיפות פון די רעגיערונגען פון די פערשידענע אייראָפּעאישע לענדער האָבען פערגיכערט איהר סוף.

אָבער דאָס בעוואוסטזיין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַחדות, וואָס זי האָט אויפגעוועקט, האָט מען ניט געקענט דערשטיקען.

פון דאַמאָלס אָן האָט דאָס קעמפּפענדע פּראָלעטאַריאַט פון גאַנץ אייראָפּאַ (און פערשידענע פּראָלעטאַריער־שיכטען אויסער אייראָפּאַ) אָנגענומען די אידעען פון דעם קאָמוניסטישען מאַ־

ניפּעסט; אומעטום איז די פּעראייניגונג פון דעם קלאַסען־קאַמפּף מיט'ן היינטיגען סאָציאַליזמוס אָדער שוין פאַרגעקומען, אָדער זי קומט פאָר זעהר גיך. די יסודות, די ציעלען און די מיטלען פון פּראָ־לעטאַרישען קלאַסען־קאַמפּף ווערען אומעטום, וואָס ווייטער אַלץ מעהר די זעלביגע. דערפון איז ממילא אַרויסגעקומען וואָס ווייטער אַלץ אַ נעהענטערע קרובת'שאַפט צווישען די סאָציאַליסטישע אַר־בייטער־בעוועגונגען פון די פערשידענע לענדער, דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער בעוואוסטזיין איז אין זיי געוואָרען אַלץ מעכטיגער. מען האָט נאָר געדאַרפט אַ וועלכע עס איז סבה, אַז דער דאָזיגער פאַקט זאָל קלאָר אַרויסטרעטען פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט.

דאָס איז געשעהן, ווי עס איז בעקאַנט, אויפ'ן אינטער־נאַציאָנאַלען קאָנגרעס אין פּאַריז (1889 יאָהר), אין דעם טאָג, ווען ס'איז געוואָרען הונדערט יאָהר, זייט מען האָט איינגענומען באַס־טיליען. די שפּעטערע קאָנגרעסען פון בריסעל (1891), ציריך (1893), לאָנדאָן (1896) און פּאַריז (1900) האָבען גע־געבען די געלעגענהייט ווידער צו פערשטאַרקען די אינטערנאַציאָ־נאַלע פערבינדונג פון'ם קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט, וועלכע ווייזט זיך, אויסער דעם, קלאָר אַרויס אַלע יאָהר אין דעם מאַי־יום־טוב. אויף די דאָזיגע קאָנגרעסען קומען זיך צונויף, ניט ווי אויף די בור־זשואַזנע שלום־קאָנגרעסען, אָבגעזונדערטע, איינצעלנע דענקער און פאַנטאַזיאָרען, וועלכע זייער אייגענער קלאַס האַלט פאַר בעלי־ הלומות, נאָר פאָרשטעהער און פיהרער פון הונדערט־טויזענדער, פון מי־ליאָנען אַרבייטענדע מענער און פרויען. יעדער מאַי־יום־טוב בע־ווייזט אויפ'ן קלאָרסטען אופן, אַז אַלע צענטרען פון פּאָליטישען אוןווירטשאַפטליכען לעבען, אין אַלע קולטורעלע לענדער, איז דאָס בעוואוסטזיין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אחדות פון'ם פּראָלע־טאַריאַט שטאַרק ענטוויקעלט צווישען די מאַסען פון דער אַר־בייטער־בעפעלקערונג, אַז זיי פּראָטעסטירען געגען מלחמה און ער־קלערען, אַז די נאַציאָנאַלע קאָנטראַסטען, ווי מען רופט זיי, זע־נען באמת ניט קיין קאָנטראַסטען צווישען פעלקער, נאָר מעהר ניט, ווי קאָנטראַסטען צווישען די עקספּלואַטאַטאָרען פון די פעל־קער.

די וועלט־געשיכטע האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, אַז די איינצעלנע נאַציאָנען זאָלען אויף אַזוי פיעל אַריבערטרעטען דעם

תהום, וואָס ליעגט צווישען זיי, אַז די ברייטסטע מאַסען פון פער־שיעדענע פעלקער זאָלען זיין צווישען זיך אַזוי פערבונדען. און די דאָזיגע ערשיינונג איז נאָך גרויסאַרטיגער, ווייל זי קומט פאָר אין אַזאַ צייט, ווען דער פאָליטישער הימעל איז בעדעקט מיט אַזעל־כע וואָלקענס פון מלחמה, וועלכע קענען פון זייער זייט אַרויסרופען אַ טראַגעדיע, פון וועלכער די וועלט־געשיכטע האָט נאָך ביז אַהער ניט געוואוסט, און וואָס קען ברענגען אין אײראָפּאַ די שרעק־ליכסטע פערוויסטונגען.

ביי אַזאַ לאַגע איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין צווייען מחויב׳ ווי ווייט מעגליך זיך פעסטער צו האַלטען פאַר איהר אינטערנאַציאָ־נאַלען שטאַנדפונקט.

## 14. ד סאָציאַלדעמאקראַטיע און דאָס פאָלק.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז פון אָנהויב אָן נאָך איהר עצם־האַראַקטער נאָך אַנ׳אינטערנאַציאָנאַלע פּאַרטיי. זי האָט אָבער אין דער וועלבער צייט אויך די טענדענץ אַלץ מעהר צו ווערען אַ נאַ־ציאָנאַלע פּאַרטיי, ד. ה. אַ פאָלקס־פּאַרטיי אין דעם זינען, וואָס זי ווערט די פאָרשטעהערין ניט נאָר פון די אינדוסטריעלע שכירות־אַרבייטער, נאָר אויך פון אַלע אַרבייטענדע און עקספּלוּ־אַטירטע שיכטען אין אַלגעמיין, מיט אַנדערע ווערטער, פון דעם גרעסטען טייל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג, פון דעם טייל, וועל־כען מען רופט געוועהנטליך מיט דעם נאָמען „פאָלק". מיר האָבען שוין געזעהן, אַז דאָס אינדוסטריעלע פּראָלעטאַריאַט האָט די טענ־דענץ צו ווערען סוף כל סוף דער איינציגער אַרבייטענדער קלאַס. מיר האָבען שוין אויך אָנגעוויזען אויף דערויף, אַז די אַנדערע אַר־בייטענדע קלאַסען ווערען וואָס ווייטער, אַלץ מעהר ענליך צו׳ם פּראָלעטאַריאַט, סיי אין זייער לאַגע, סיי אין זייערע אַרבייטס־בע־דינגונגען; ענדליך ווייסען מיר שוין, אַז דאָס אַרבייטענדע פּראָ־לעטאַריאַט איז דער איינציגער קלאַס צווישען אַלע אַרבייטענדע קלאַ־סען, וואָס זייער קראַפט, אינטעליגענץ און ציעל־בעוואוסטזיין האַל־טען אין איין וואַקסען, אַז ער ווערט וואָס ווייטער, אַלץ מעהר

דער מיטעל־פונקט, אַרום וועלכען עס גרופּירען זיך די אַלע קלענערע ווערענדע רעשטען פון די אַנדערע אַרבייטענדע קלאַסען. זיין פּיהלען און דענקען בעקומען וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערע ווירקונג אויף דער גאַנצער מאַסע „קליינע מענשען“.

אין דעם ערך, אין וועלכען די שכירות־אַרבייטער ווערען די פּיהרער פון פאָלק, ווערט די אַרבייטער־פּאַרטיי אַ פאָלקס־פּאַרטיי. באמת, ווי באַלד דער זעלבסטשטענדיגער אַרבייטער פונ׳ם קליין־בעטריעב הייבט אָן צו קוקען אויפ׳ן לעבען ווי אַ פּראָלעטאַריער, ווי באַלד ער דערקענט, אַז ער, אָדער אַמוועניגסטענס, זיינע קינדער קענען ניט ניצל ווערען פונ׳ם גורל פון פּראָלעטאַריאַט, אַז פאַר איהם איז ניטאָ מעהר קיין אַנדערע ישועה, ווי נאָר די בעפרייאונג פון פּראָלעטאַריאַט — פון דעם מאָמענט אָן מוז ער זעהן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע די נאַטירליכע פאָרשטעהערין פון זיינע אינטערעסען.

מיר האָבען שוין אין פאָריגען קאַפּיטעל געזאָגט, אַז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר דעם נצחון פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַז דער דאָזיגער נצחון איז, פערקעהרט, אויך נוגע זיינע אינטערעסען, וואָרום ער בעדייטעט די דורכפיהרונג פון אַזאַ געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, וועלכע וועט פערשאַפען פאַר אַלע אַרבייטער, — ניט נאָר פאַר די שכירות־אַרבייטער, נאָר אויך פאַר די זעלבסטשטענדיגע אַרבייטער פונ׳ם קליין־בעטריעב — די בעפרייאונג פון עקספּלואַטאַציאָן און אונטערדריקונג, די זיכערהייט פון זייער עקסיסטענץ און אַ גוטען מעמד.

אָבער די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטעהט פאַר די אינטערעסען פון אַלע „קליינע מענשען“ ניט נאָר אין דער צוקונפט, נאָר אויך שוין אין דער איצטיגער געזעלשאַפט. אַזוי ווי דאָס פּראָלעטאַריאַט איז די אונטערשטע פון די עקספּלואַטירטע שיכטען, קען עס זיך ניט בעפרייען פון דער עקספּלואַטאַציאָן און אונטערדריקונג, וואו עס זאָל ניט מאַכען אַ סוף פון יעדער עקספּלואַטאַציאָן און אונטערדריקונג. דעריבער איז עס זייער אייביגער פּיינד, אין וועלכער פאָרם זיי זאָלען זיך ניט אַרויסווייזען, עס איז דער פאָרקעמפּפער פון אַלע עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע.

מיר האָבען אויבען גערעדט וועגען דער „אינטערנאַציאָנאַלע“. עס איז מערקווירדיג, אַז די געלעגענהייט צו איהר גרינדונג האָט

געגעבען אַ דעמאָנסטראַציאָן פון פראָלעטאַריער, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען זייער סימפאַטיע צו דעם אויפשטאַנד פון די פּאָליאַקען געגען דעם יאָך פון מלוכה. אַז דאָס ערשטע שרייבען, וועלכען די „אינטערנאַציאָנאַלע" האָט אַרויסגעלאָזען נאָך דעם, ווי זי האָט זיך געגרינדעט, איז געווען אַ גליק־וואונש־שרייבען צום פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַטען, לינקאָלן, אין וועלכען די אַרבייטער־געזעלשאַפט האָט אויסגעדריקט איהרע סימפּאַטיען צו דער שקלאַפען־בעפרייאונג, און ענדליך, אַז די „אינטערנאַציאָנאַלע" איז געווען די ערשטע אָרגאַניזאַציאָן אין ענגלאַנד מיט ענגלישע מיטגליעדער, וועלכע איז אויפ'ן ענערגישסטען אופן אַרויסגעטרעטען געגען דער אונטערדריקונג פון אירלאַנד דורך די הערשענדע קלאַסען פון ענגלאַנד. ניט די אירלענדישע, ניט די פּוילישע בעוועגונג און ניט די שקלאַפען־בעפרייאונג האָבען דירעקט ניט געהאַט קיין שום שייכות צו די קלאַסען־אינטערעסען פון די שכירות־אַרבייטער.

אַזעלכע ביישפּיעלען קען מען טוצענדווייז געפינען אין דער געשיכטע פון יעדער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־בעוועגונג.

מיר הערען אָפט אַזאַ טענה. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בויט אויף דעם ווייטערען גאַנג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג; כדי עס זאָל מעגליך ווערען איינצופיהרען די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן, מוז פריהער דער גרויס־בעטריעב ווי ווייט מעגליך מעהר איינשליגען דעם קליין־בעטריעב, די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דעריבער פּער־אינטערעסירט אין דעם אונטערגאַנג פון די קליין־בעטריעבען, אין דעם אונטערגאַנג פון די קליינע בעלי־מלאכות, קליינע הענדלער און קליינע בויערן; זי מוז זעהען בערגיכערען זייער מפלה און קען דעריבער אויף קיין שום אופן ניט האָבען עס איז טהון פאַר זייערע אינטערעסען.

אויף דערויף קען מען אָט וואָס ענטפערן: די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מאַכט ניט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג; די פעריאָגונג פון דעם קליין־בעטריעב בעזאָרגט אויפ'ן גרונדליכסטען אופן דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס אָהן איהר הילף. אמת, זי האָט קיין אורזאַכע ניט, צו שטערען דיזע ענטוויקלונג. אָבער שטרעבען אָבצוהאַלטען די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, הייסט נאָך בשום אופן ניט פערהיטען די ווירקליכע אינטערעסען פון די קליין־בויערן און קליין־בורזשואַ. וואָרים אַלע תקנות, וועלכע עס ציעלען זיך צו שטערען דער עקאָנאָמישער

ענטוויקלונג, קענען קיין שום ממשות ניט האָבען, זיי קענען ברינגען זיי ווייט זיי האָבען איבערהויפּט אַ וועלכע עס איז ווירקונג, נאָר אַ שאָדען, ניט קיין נוצען. צוזאָגען די בעלי־מלאכות און בויערן אַזעלכע תקנות, וועלכע זאָלען מאַכען זייערע קליין־בעטריעבען פאַר לעבענספעהיג, הייסט נאָך בשום אופן ניט פערהיטען זייערע אינטערעסען, דאָס וואָלט גיכער הייסען — אויפוועקען אין זיי אַזעלכע פאַנטאַזיעס, וועלכע וועלען קיין מאָל ניט מקוים ווערען, און וועלען זיי אַראָפּפיהרען פון רעכטען וועג, ווי בעסער צו פערהיטען זייערע אינטערעסען.

אָבער אויב אַפילו דער אונטערגאַנג פון דעם קליין־בעטריעב איז אונפערמיידליך, איז נאָך בשום אופן ניט אונפערמיידליך, אַז דיזען אונטערגאַנג זאָלען דוקא בעגלייטען יענע אַלע שרעקליכע ערשיינונגען, מיט וועלכע ער איז היינט געוועהנליך פערבונדען. מיר האָבען געזעהען, אַז דאָס פערשווינדען פון אַ קליין־בעטריעב איז נאָר דער לעצטער אַקט פון אַ לאַנגער טראַגעדיע, וואו אין די ערשטע אַקטען קומט קיין אַנדער זאַך ניט פאָר, ווי נאָר דער לאַנגזאַמער און שמערצליכער אונטערגאַנג פון דעם זעלבסטשטענדיגען קליינעם פּראָדוצענט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז ניט נאָר אויך אַ האָר ניט פעראינטערעסירט אין דעם, אַז די קליין־בורזשואַ און די בויערן זאָלען בעדאַרבען ווערען, זי איז, פערקעהרט, אויפ'ן שטאַרקסטען אופן פעראינטערעסירט, אַז דאָס זאָל ניט פאָרקומען. וואָריום וואָס מעהר עס וועלען פערדאָרבען די שיכטען, פון וועלכע עס רעקרוטירט זיך דאָס פּראָלעטאַריאַט, אַלץ שווערער איז אויפצוהייבען דיזע רעקרוטען אויף אַזוי פיעל, אַז זיי זאָלען פעהיג ווערען און זאָלען וועלען צושטעהען צו דער מחנה פון דעם קעמפּפענדען פּראָלעטאַריאַט. די גרויס און די קראַפט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווענדט זיך אָבער אָן דעם, ווי גרויס עס איז דאָס קעמפּפענדע פּראָלעטאַריאַט, און ניט דאָס פּראָלעטאַריאַט איבערהויפּט. וואָס קלענער עס זענען די בעדערפנישען פון דעם בויער און בעל־מלאכה, וואָס מעהר עס איז געוואָהנט צו אַרבייטען אָהן אַ שיעור, אַלץ אונטערטעהניגער ווייזט ער זיך אַרויס, ווען ער פאַלט אַריין אין פּראָלעטאַריאַט, אַלץ מעהר לאָזט ער זיך עקספּלואַטירען, אַלץ מעהר שאָדען ברייננט ער דורך זיין קאָנקורענץ די העכער־שטעהענדע אַרבייטער. די זעלבע אורזאַכען, וועלכע עס רופען אַרויס די אינטערנאַציאָנאַלע אחדות פון די אַרבייטער,

פִיהרעֶן אויך בִּיז צוּ אַ געֶוויִסעֶן גראַד צוּ דעֶר אַחדות פוּן דעֶם פּראָלעֶ־
טאַריאַט מִיט דִי קלאַסעֶן, פוּן וועֶלכעֶ עֶר רעֶקרוּטִירט זִיךְ; הגם דִיזעֶ
אַחדות האָט בִּיז אַהעֶר געֶוועֶהנלִיךְ געֶפִיהלט און אַרויסגעֶוויִזעֶן נאָר אַיין
צד, דִי פּראָלעֶטאַריעֶר.

פעֶרשטעֶהט זִיךְ, וועֶן דִי אונטעֶרגעֶהעֶנדעֶ קלייִן־בּויעֶרן און
קלייִן־בּוּרזשואַ זוּכעֶן צוּ פעֶרבּעֶסעֶרעֶן זייִער שלעֶכטעֶ לאַגעֶ אויפ'ן
חשבון פוּן דִי פּראָלעֶטאַריעֶר, ווִי אַנ'ערךְ דוּרךְ אָהן אַ שיעור גרויסעֶר
עֶקספּלואַטאַציאָן פוּן דִי לעֶרנ־אִינגלעֶך אָדעֶר דוּרךְ דעֶם, וואָס זִיי דעֶר־
לאָזעֶן נִיט זייִערעֶ שׂכירות־אַרבּייִטעֶר זִיךְ צוּ אָרגאַניזִירעֶן, דאַמאָלסט
העֶלעֶן זִיי שטעֶנדִיג בּעֶגעֶגעֶנעֶן דעֶם עֶנעֶרגִישעֶן ווִידעֶרשטאַנד פוּן
פּראָלעֶטאַריאַט אָדעֶר פוּן דעֶר סאָציאַל־דעֶמאָקראַטיעֶ. פעֶרקעֶהרט
אָבּעֶר, שטעֶהט דִי סאָציאַל־דעֶמאָקראַטיעֶ אויפ'ן עֶנטשלאָסעֶנסטעֶן
אופן פאַר אַ סךְ תקנות, וועֶלכעֶ עֶס פִיהרעֶן צוּ וויִכטִיגעֶ פּ עֶ ר בּ עֶ ס עֶ־
ר וּ נ ג עֶ ן און פּ עֶ ר ג ר י נ ג עֶ ר וּ נ ג עֶ ן פאַר דִי קלייִן־בּויעֶרן און קלייִנ־
בּוּרזשואַ, נִיט בּרייִנגעֶנדִיג קייִן רעה פאַר דעֶם פּראָלעֶטאַריאַט און נאָךְ
גִיכעֶר פעֶרבּעֶסעֶרעֶנדִיג זייַן לאַגעֶ.

זִי צִיעֶלט זִיךְ אויפצוּהייִבּעֶן דעֶם מעמד פוּן דִי קלייִנעֶ לייַט
און אַראָבּצוּנעֶהמעֶן פוּן זִיי אַ שווערעֶ משׂא דוּרךְ דעֶר אָבּשאַפוּנג
פוּן דִי נִיט־דִירעֶקטעֶ שטייַערן, דוּרךְ דעֶר אַרִיבּעֶרלייִגוּנג פוּן דעֶר
גרעֶסטעֶר שטייַעֶר־לאַסט אויף דִי רייַכעֶ מִיט דעֶר הִילף פוּן אַ פּראָגרעֶ־
סִיוועֶן שטייַעֶר אויף הכנסה*), דוּרךְ דעֶר אָבּשאַפוּנג פוּן דעֶם שטעֶהעֶנ־
דעֶן חַיִל, דוּרךְ דעֶר פעֶרנִיכטוּנג פוּן דִי מלוכה־חובות, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן אויפ'ן
שטאַרקסטעֶן אופן פעֶרבּוּנדעֶן מִיט דעֶם איצטִיגעֶן מִילִיטאַרִיזמוּס, און
ז. וו. אִין אייִן צייַט מִיט דעֶר פעֶרגרִינגעֶרוּנג פוּן זייִער עֶקאָנאָמִישעֶר
לאַגעֶ, צִיעֶלט זִי זִיךְ ג ייַ ס ט י ג אויפצוּהייִבּעֶן דִי קלייִנעֶ לייַט, פאָרדעֶ־
רעֶנדִיג נִיט נאָר אַ אומזִיסטעֶ פאָלקס־שוּלעֶ, וועֶלכעֶ זאָל בּעֶפרִיעֶדִיגעֶן
אַלעֶ פאָדעֶרוּנגעֶן פוּן דעֶר הייַנטִיגעֶר קוּלטוּר, נאָר אַז מעֶן זאָל אויך
געֶבּעֶן דִי שוּל־קִינדעֶר אומזִיסטעֶ לעֶהר־מִיטלעֶן און מעֶן זאָל זִיי אויס־
האַלטעֶן אויפ'ן קהל'שעֶן חשבון. נאָר דִי סאָציאַל־דעֶמאָקראַטיעֶ אַלייִן
וויִל פעֶרשאַפעֶן דעֶם „קלייִנעֶם מעֶנשעֶן" אומזִיסטעֶ מעֶדִיצִינִישעֶ הִילף
און בּקור־חולים, אומזִיסטעֶן געֶרִיכט (סוד) און אומזִיסטעֶ אַדוואָקאַטעֶן.

*) ד. ה. וואָס גרעֶסעֶר עֶס איז וועֶמעֶנס עֶס איז הכנסה, אַלץ אַ
גרעֶסעֶרן פּראָצענט פוּן איהר דאַרף עֶר אָפּגעֶבּעֶן אויף שטייַער.

נאָר אַזעלכע תקנות, וועלכע קענען בעפרידיגען דיזע פאָרדערונגען, זענען אים שטאַנד צו פערבעסערען אין דער היינטיגער געזעלשאַפט די לאַגע פון די זעלבסט־שטענדיגע אַרבייטער פון קליינבעטריעב אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דאָס איז איבערהויפּט מעגליך. העלפען די בעלי־מלאכות און בויערן אַלס פּראָדוצענטען, איינהאַלטענדיג זייערע אָבגעשטאַנענע בעטריעבס־פאָרמען, דאָס וואָלט הייסען געהען געגען דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג און דאָס קען איבערהויפּט ניט אויסגעפיהרט ווערען. אַקוראַט אַזוי איז אונמעגליך זיי אַלעמען, אָדער אַפילו נאָר אַ היבשען טהייל פון זיי צו מאַכען פאַר קאַפּיטאַליסטען. דער מאַסע פון דיזע „קליינע מענשען" קען מען נאָר נאָך אַלס קאָנסומענטען ווי עס איז אויסהעלפען. אָבער גראַדע יענע פּאַרטייען, וועלכע זענען, ווי עס דוכט זיך, די בעסטע גוטע פריינד פון די בעלי־מלאכות און בויערן, בעלאַסטען זיי דאָס רוב אַלס קאָנסומענטען. דיזע בעלאַסטונג קומט טאַקי ווירקליך פאָר און זי פיהלט זיך זעהר שטאַרק; פערקעהרט, די אויפהייבונג פון די קליינבעטריעבען, וועלכע עס האָט כלומרשט געדאַרפט מיט איהר געהען האַנד ביי האַנד, ווערט וואָס ווייטער, אַלץ מעהר נאָר אַ פּוסטער שווינדעל, מיט וועלכען מען וויל, זיי פערבלענדען די אויגען.

פערבעסערען די לאַגע פון די קליין־בורזשואַ און קליינע בויערן אַלס קאָנסומענטען — דאָס שטעהט ניט אויפ'ן וועג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, פערקעהרט, דאָס פערגיכערט נאָך איהר גאַנג. ניט נאָר וואָס דיזע פערבעסערונג איז דעריבער מעגליך, נאָר שוין צוליעב דעם אויבענדערמאָהנטען טעם אַליין דאַרף מען איהר פערלאַנגען; שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם, וואָס עס איז פאַראַנען דערצו נאָך אַ סך אַנדערע טעמים, וועלכע עס שטאַמען צום טהייל פון לאָגישע בעטראַכטונגען, צום טהייל — פון דעם געפיהל פון רחמנות צו די אָרעמע אונטערגעהענדע בויערן און קליין־בורזשואַ. וואָס בעסער עס איז זייער לאַגע אַלס קאָנסומענטען, וואָס העכער עס איז זייער מעמד, וואָס גרעסער עס זענען זייערע מאַטעריעלע און גייסטיגע בעדערפנישען, וואָס גוט־געהאַלטענער זיי זענען, אַלץ פריהער וועלען זיי אויפהערען צו פיהרען דעם קאַמפּף געגען דעם גרויס־בעטריעב דורך דער הונגער־קאָנקורענץ, אַלץ גיכער וועלען זיי אויפהערען זיך אומזיסט צו ראַנגלען און וועלען פערשטאַרקען די רייהען פון פּראָלעטאַריאַט: אָבער ניט די רייהען פון זיינע שפּלידיגע, אונטערשטע שיכטען וואָס

האָבּען זייער קליינע בּעדערפנישען און זענען ניט פעהיג צום קאַמפף, זיי וועלען גלייך צושטעהען צו דער מחנה פון די קעמפפענדע, „וְשאַרגע", ציעל־בּעוואוסטע פּראָלעטאַריער און וועלען דערמיט דערנעהנטערען דעם מאָמענט פון זייער נצחון.

ניט שפלות און דלות וועלען בּריינגען צו דיזען נצחון, זיי אַנדערע האָבּען גערעכענט; ניט די שפלות און דלות פון די קליינבּורזשואַ און בּויערן, ניט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דורכאויס פּעראינטערעסירט אַקוראַט אַזוי ענערגיש צו ווירקען געגען דער פערארמונג פון די קליינבּורזשואַ און בּויערן, זיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און זי טהוט עס אויך ווי ווייט איהרע כּחות דערלאָזען דאָס. צו פערשטאַרקען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — דאָס איז נוגע ניט נאָר די אינטערעסען פון די שכירות־אַרבּייטער אַליין, נאָר אויך די אינטערעסען פון אַלע אַנדערע מיטגליעדער פון דער בּעפעלקערונג, וועלכע לעבּען פון זייער אַרבּייט און ניט פון דער עקספּלואַטאַציאָן.

זינט עס עקזיסטירט די היינטיגע מלוכה זענען די קליינבּורזשואַ און די בּויערן קיין מאָל ניט געווען אים שטאַנד אַליין ווי עס געהער צו זיין צו פערהיטען זייערע אינטערעסען אין דעם קאַמפף מיט די אַנדערע קלאַסען. היינט קענען זיי דאָס וועניגער, ווי ווען עס איז פריהער. כּדי צו פערהיטען זייערע אינטערעסען, מוזען זיי זיך פערבּינדען מיט איינעם אָדער מיט עטליכע אַנדערע קלאַסען. זייערע אינסטינקטען, וועלכע זענען אין זיי ערצויגען דורך דעם פּריוואַט־אייגענטום, טרייבּען זיי אין דער מחנה פון די בּורזשואַזנע פּאַרטייען, ד. ה. צו דער פערבּינדונג מיט איינער פון די פערשיעדענע גרופּען פון די העכערע פערמעגענדע קלאַסען. די בּורזשואַזנע פּאַרטייען גופא זוכען דיזע פערבּינדונג — ערשטענס צוליעב ריין פּאַרטיי־פּאָליטישע בּעדערפנישען, ווייל זיי קוקען אויף די „קליינע מענשען" ווי אויף „שטימבהמות", וועלכע עס זענען פאַר זיי נוטיג, און צווייטענס צוליעב טיעפערע טעמים. וואָרים זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער פּריוואַט־אייגענטום פון די קליינבּויערן און קליין בּורזשואַזיע איז נאָך עד־היום דער שטאַרקסטער אָנשפּאַרס־פּונקט פון פּריוואַט־אייגענטום איבּערהויפּט, דערמיט אָבּער אויך פון דער עקספּלואַטאַציאָן, אויף וועלכער עס האַלט זיך די בּורזשואַזיע. פאַר'ן מעמד פון דעם קליינעם מענשען זאָרגען זיי גאַנץ וועניג. איהם צו בּעלאַסטען אַלס קאָנסומענט

זענען זיי שטענדיג קאַפּאַבעל. ער מעג פערדאַרבען ווערען פון רחקות, אַבי עס זאָל נאָר אין גאַנצען ניט פערשווינדען זיין קליין־בעטריעב, וועלכער שמידט איהם צו ווי מיט קייטען צום פּריוואַט־אייגענטום. אָבער אין דער וועלבער צייט זענען דיזע אַלע פּאַרטייען פּעראָינטערע־סירט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָן זאָל וואַקסען, מיט אַנדערע ווערטער, אַז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג זאָל געהען אַליין ווייטער. זיי ווילען טאַקי איינהאַלטען דעם בויער און בעל־מלאכה, און זיי זאָגען איהם דאָס אויך צו, אָבער אין דער אמת'ן טהוען זיי אַליין וואָס זיי קענען נאָר, כדי צו פערברייטערען די הערשאַפט פון דעם גרויס־בעטריעב און צו דערשטיקען די מלאכה און די בויערליכע פּראָ־דוקציאָן.

גאַנץ אַנדערש איז דער פערהעלטניש צווישען די זעלבסט־שטענדיגע אַרבייטער פון דעם קליין־בעטריעב און דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אמת, די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קען ניט שטרעבען איינצוהאַלטען דעם קליין־בעטריעב, אָבער אין דער אמת'ן האָט ער ניט וואָס פאַר איהר מורא צו האָבען. ניט די פּראָלעטאַריער, נאָר די קאַפּיטאַליסטען און גרויסע ערד־בעזיצער עקספּראָפּריאירען די בעלי־מלאכות און בויערן. דער נצחון פון פּראָלעטאַריעט איז, פער־קעהרט, ווי מיר האָבען געזעהען אין פאָריגען קאַפּיטעל, דער איינציגער מיטעל צו מאַכען אַ סוף פון דיזער עקספּראָפּריאַציאָן. אַלס קאָנ־סומענטען האָבען אָבער די זעלבסט־שטענדיגע אַרבייטער פון די קליין־בעטריעבען די איינענע אינטערעסען ווי די פּראָלעטאַריער. דעריבער איז פאַר זיי די גלייכסטע זאַך צו פערהיטען זייערע אינטערעסען דורך דעם, וואָס זיי זאָלען זיך פערבינדען מיט די פּראָלעטאַריער, דאָס הייסט צושטעהען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

מען קען געוויס ניט ערוואַרטען, אַז דיזער בעוואוסטזיין זאָל זיך צווישען זיי גיך פערברייטערען. אָבער אַ סך קליין־בורזשואַ און בויערן האָבען שוין פאַרט אָנגעהויבען צו פערלאָזען די מחנה פון די בורזשואַזנע פּאַרטייען; און דאָ זעהען מיר אַזאַ מערקווירדיגע ערשיי־נונג, אַז הוקא די ענערגישסטע און קאַמפּס־פעהיגסטע וואַרפען די ערשטע זייער געוועהר, ניט כדי צו ענטלויפען פון מלחמה, נאָר כדי איבערצוגעהען פון אַ קאַמפּף פאַר קליינינקייטען, פון אַ קאַמפּף פאַר אַ לעבען אין רחקות און צרות צום גרויסען וועלט־בעוועגענדען קאַמפּף פאַר דער העררייכונג פון אַ נייער געזעלשאַפט, וועלכע עס וועט עפּע־

נען פאַר איהרע מיטגליעדער דעם וועג צו די גרויסע פאָרטשריטען פון דער איצטיגער קולטור, צום קאַמפף פאַר דער בעפרייאונג פון דער גאַנצער קולטור־מענשהייט, נאָך מעהר, פון דער גאַנצער מענשהייט בכלל, פון אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער זי ווערט דערשטיקט.

וואָס אונערטרעגליכער עס ווערט דער היינטיגער פּראָדוק־ציאָנס־אופן, וואָס דייטליכער עס ווערט, אַז ער געהט צו זיין באַנ־קראָט, און וואָס מעהר עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די הערשענדע פּאַר־טייען זענען ניט פעהיג צו פערניכטען די מורא'דיג וואַקסענדע געזעל־שאַפטליכע צרות, וואָס שוואַכער עס ווערען דיזע פּאַרטייען און וואָס מעהר זיי פערלאָזען יעדען פּרינציפּיעלען שטאַנד־פּונקט, איבער־געהענדיג וואָס ווייטער אַלץ מעהר אין באַנדעס פּאָליטיקער, וועלכע האָבען אין זינען נאַר זייערע פּערזענליכע אינטערעסען, אַלץ מעהר מיטגליעדער פון די ניט־פּראָלעטאַרישע קלאַסען וועלען צושטעהען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און האַנד אין האַנד מיט דעם אָהן אַנ־אָבהאַלט זיך פאָרווערטס־בעוועגענדען פּראָלעטאַריאַט וועלען זיי געהען אונטער איהר פאָהן צום נצחון און טריאומף.



# עס דרוקען זיך:

1) ק. מארקס און פר. ענגעלס—דער מאַניפעסט פון דער קאָמו־
ניסטישער פּאַרטיי
2) ד. פינסקי—אין משוגעים־הויז (מאָנאָלאָג)
3) ק. קאַוטסקי—קלאַסען אינטערעסען
4) ק. קאַוטסקי—פרידריך ענגעלס (לעבענס באַשרייבונג)
5) *** —א מעשה פון פיער ברידער
6) ק. קאַוטסקי—די סאָציאַלע רעפאָרמען און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן
7) ק. קאַוטסקי—אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן
8) ***—צו דער געשיכטע פון דער בעלגישער אַרבייטער־בעוועגונג
9) פּאָל לאַפאַרג—רעליגיאָן פון קאַפּיטאַל
10) מ. טערמאַן—רעליגיאָן און קלאַסען־אינטערעסען
11) א. טהון—די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין
רוסלאַנד
12) פּאָל לאַפאַרג—קאַרל מאַרקס. פּערזענליכע ערינערונגען
13) אַנרי—די קרבנות פון דער קאָמונע
14) נעמאַנסקי—די פּאַריזער קאָמונע פון 1871 יאָהר
15) א. בעבעל—די פרוי און דער סאָציאַליזמוס

די אדרעס פון פערלאג:

Книгоиздательство „ДИ ВЕЛЬТЪ", Вильна.

